פֿאַר מײַן מוטער און פֿאָטער

דער נעכטן איז מײַנער, ווייס איך דעם מאָרגן.
פּאַפּירוס פֿון דער פּטאָלאָמייער־דינאַסטיע

# צו דער פּובליקאַציע פון בוך אויף ייִדיש

נאָך דעם ווי דאָס דאָזיקע בוך איז דערשינען אויף ענגליש און פראַנצייזיש, אויף דײַטש און איטאַליעניש, יאַפּאַניש און העברעיִש, און אַ סך אַנדערע שפּראַכן, האָט עס ניט געקאָנט געמאָלט זײַן ניט צו פּובליקירן דאָס בוך אויף ייִדיש. מײַן פֿעטער, אלעזר סוכאָוואָלסקי, פון תּל־אָביב, וואָס האָט אונטערגענומען די גרויסע אַרבעט פון איבערזעצן דעם מאַנוסקריפּט און האָבן די השגחה אויף דער אויסגאַבע, האָט עס געפילט אפשר שטאַרקער פון מיר.

דער פאַקט, אַז די צאָל ייִדיש־לייענערס איז, לײַדער, געוואָרן אײַנגעשרומפּן, האָט אים ניט אָפּגעשלאָגן דעם מוט. פאַרקערט, דאָס האָט אים אָנגעשפּאַרנט צו אַ גרעסערן אָנשטרענג און גרעסערער אחריות, ווי יעדער וואָרט אין בוך וואָלט געווען הייליק, ווי איטלעך צײַטל וואָלט געווען אַ מצבה פאַר אונדזער אומגעבראַכטער משפּחה, פאַר אונדזער אָפּגעמעקטער שטאָט, פאַר זײַנע לערערס און חברים פון דער העברעיִשער גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן. פּונקט ווי דורכן איבערזעצן אויף מאַמע־לשון די אויסטערלישע אָדיסייע פון זײַן פּלימעניק — דער איין און איינציק לעבן־געבליבענער פון זײַן ענגערער משפּחה — וואָלט ער צו נישט געמאַכט אַ טיילעכל פון דער נאַציסטישער פאַרלענד־מלאכה איבער אונדזער פאָלק.

פאַר מיר, ווי פאַר אים, איז דאָס אַרויסגעבן דאָס בוך אויף ייִדיש אַדורכגע־דרונגען מיט האַרציקער ליבשאַפט. נאָך אַלעמען איז דער פריִיקער טייל פון מײַן עקסיסטענץ — סײַ מײַנע גליקלעכע קינדער־יאָרן, סײַ מײַן אַגאָניזירנדיקע יוגנט — געווען געלעבט אויף ייִדיש. און מײַנע טײַערסטע וואָס איך האָב פאַרלוירן אינעם נאַצישן גיהנום, האָבן געלעבט און געליטן אויף ייִדיש.

מײַן גורל האָט מיך שפּעטער פאַרוויקלט אין קאָנטאַקטן מיט אַנדערע שפּראַכן און קולטורן אין די גלאַנצפולע אוניווערסיטעטן און רײַשיקע הויפּטשטעט פון דער וועלט. פון דעסטוועגן זענען מײַנע ייִדישע וואָרצלען געבליבן שטאַנדהאַפטיק. מיט אַ רויִקן געוויסן קאָן איך זאָגן, אַז איך רעד הײַנט ייִדיש אַזוי גוט און גערן ווי אַ מאָל אין דער היים מיט מײַנע עלטערן, באָבעס און זיידעס, אין דעם אומיקאָלן אוניווערס וועלכן יצחק באַשעוויס־זינגער האָט אַזוי מײַסטערהאַפט באַשריבן, און וועלכן סטאַלין און היטלער האָבן פולשטענדיק חרוב געמאַכט.

אויפצוהאַלטן בײַם לעבן די ייִדישע קולטור מיט איר רײַכער ליטעראַטור, אייגנאַרטיקן הומאָר און מעלאָס איז ניט אַזוי פּשוט. דערפֿאַר מאַקע האָב איך זיך באַמיט, אַז מײַן דערציילן זאָל זײַן, ווי ווײַט מעגלעך, הײַנטצײַטיק און זאָל איבער־געבן אויף אַ לעבעדיקן אופֿן ניט נאָר מײַן טרויעריקע איבערלעבונג פֿון אַמאָל, נײַערט אויך מײַן פֿולע פּאַראַנטמערעסירונג און אָבסערוואַציע פֿון דער איצטיקער קאָנקרעטער וואָר מיט אירע נײַע סכנות און ריזיקע מעגלעכקייטן, וואָס ליגן אויפֿן האָריזאָנט. בקיצור, כ׳האָב געוואָלט דאָס בוך זאָל זיך באַקומען אי ייִדיש, אי אוניווערסאַל, און דאָס ייִדיש־לשון זאָל זײַן אי לעבעדיק, אי דינאַמיש.

אַז אַן אַלץ וואַקסנדיקע צאָל יונגע מענטשן איז פֿאַראינטערעסירט צו לערנען און אויפֿלעבן די שפּראַך, וואָס זייערע אָבות האָבן גענוצט אין די תּפֿוצות הונדערטער יאָרן, האָב איך זיך איבערצײַגט בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, בעיקר ווען כ׳פֿלעג אויפֿטרעטן אויף ייִדישע פֿאַרזאַמלונגען אין אַמעריקע, אייראָפּע, אויסטראַליע און ישׂראל. אָפֿט, פֿאַרן אָנהייבן אַ רעדע אויף ענגליש, פֿראַנצייזיש אָדער אַן אַנדער שפּראַך, פֿלעגט אַ געשריי זיך דערהערן פֿון עולם: „צו ערשט אַ ביסל ייִדיש!״ ווייניקע פֿון עולם האָבן געקאָנט פֿאַרשטיין, אָבער ס׳האָט זיי ניט געאַרט. זיי האָבן געוואָלט פֿילן. פֿילן דעם ווייטיק און די פֿרייד פֿון ייִדיש.

דאָס בוך איז געווידמעט זיי, סײַ ווי אַ דערציילונג וואָס האָט אַ שײַכות צו זייערע לעבנס, סײַ ווי אַן אינסטרומענט וואָס זאָל זיי העלפֿן אויפֿהאַלטן בײַם לעבן זייער ירושה. ס׳איז אויך געווידמעט מײַנע קרובים אין מעלבורן: מײַן מומע רחל בורשטין, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר פֿאַרשטאָרבענעם מאַן, נחמן סוכאָוואָלסקי ע״ה — אַ פֿאַרברענטער ייִדישיסט — געהאָלפֿן מיך צוריקברענגען צום פֿיזישן און גײַסטיקן געזונט; זייערע קינדער, שׂמחה וואָלסקי און עטל קרש, וואָס גיבן אָפּ אַ סך צײַט צו לערנען קינדער ייִדיש אין דער זונטיק־שול, און זייערע אייניקלעך נחמן, ניקי און נאַדיאַ, וואָס אַלע קענען זיי גוט ייִדיש; בענעק קויפֿמאַנס אַלמנה, בעבקאַ, זייערע קינדער פּאָול קויפֿמאַן און מאָלי סעבאַק, און אירע אייניקלעך נאַטאַלי און רפֿאל, וואָס ווערן דערצויגן אין אַ שטרענג ייִדישער סביבה; און מײַנע אַלע אַנדערע לעבן געבליבענע קרובים אין אויסטראַליע, אַמעריקע, אַרגענטינע, סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און ישׂראל, וואָס אַ סך פֿון זיי רעדן נאָך ייִדיש.

פּאַריז, פֿרילינג 1984.

ש מ ו א ל  פּ י ס אַ ר

פֿאַרגליווערט ווי אַ סטאַטוע, שטיי איך אַנטקעגן די שווײַגנדיקע פֿאַר־זאַמלטע — פּרעזידענטן, מיניסטאָרן, גענעראַלן, אַמבאַסאַדאָרן און אַנדערע פּערזענלעכקייטן — און שפּיר, אַז מײַנע ווונדן עפֿענען זיך ווידער. נאָר אַ בליק אויף יהודיתן — איר רויִקייט, איר שײַנקייט אויפֿן פּאָן פֿון דעם גרויליקן אָרום — באַפֿרײַען מיך פֿון דאָזיקן געפֿיל און פֿאַרזיכערן, אַז איך בין געזונט און פֿרײַ, האָב אַ וואַרעמע משפּחה, אַ זיכערע פּאָזיציע אין לעבן און בין אויסער וועלכער ניט איז סכּנה.

דער פּרעזידענט פֿון פֿראַנקרײַך, פֿון מײַן רעכטער זײַט, רעדט פֿאַמעלעך, באַדאַכט: „דאָ, אין דער פֿרידלעכער לאַנדשאַפֿט, איז די שיף פֿון דער מענטשהייט אונטערגעגאַנגען... מיר מוזן אײַנלערנען מיט דער יוגנט פֿון דער וועלט די אַכזריות פֿון אָט דער אַכזריות.‟

לינקס פֿון מיר שטייט דער מנהיג פֿון פּוילן, שטייט שטײַף, אויף אַכטונג. דעמאָקראַטן, קאָמוניסטן, רעליגיעזע מענטשן און פֿרײַדענקערס, אַלע זענען מיר געאייניקט אויף אַ קורצער ווײַלע דורך דעם זעלבן שטומען וויײטיק.

„לאָמיר ניט פֿאַרגעסן, אַז אין די אויסראָט־לאַגערן האָבן זיך מיזרח און מערבֿ צום ערשטן מאָל באַגעגנט. אין זעלבן קאַמף, פֿאַר די זעלבע צילן האָט די סאָוועטישע אַרמיי באַפֿרײַט אוישוויץ, בעת די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט באַפֿרײַט דאַכאַו.‟

יאָ, איך זע עס ווידער: אַ ריזיקער „שערמאַן‟־טאַנק מיט אַ שײַנענדיקן ווײַסן שטערן באַוועגט זיך שווער איבער אַן אויסגעהאַקטן פּלאַץ אין אַ וואַלד. אַ דערשראָקן יינגל שפּרינגט אַרויס פֿון זײַן באַהעלטעניש און לויפֿט דורכן פֿײַער פֿון קוילן־וואַרפֿערס צום האַרמאַט, וואָס איז אַנגעצילט אויף זײַן ברוסט. מיט די לעצטע כּוחות פֿון זײַנע באַשעדיקטע לונגען ריטשעט ער אַזש אויס די געציילטע ווערטער אויף ענגליש, וואָס זײַן מאַמע האָט אים געלערנט: „גאָט בענטש אַמעריקע!‟, און אַ הויכער, שוואַרצער, געפּאַנצער־

טער גואל שלעפּט אים אַרײַן דורך עפּעס אַן עפענונג — צו זיכערקייט און פרײַהייט. יאָ, איך וויל איצט אויסשרײַען, מען זאָל וויסן: די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט מיך באַפרײַט!

די באַראַקן, די קוימענס, די שטעכלדראָטן — דאָס אַלץ איז דאָ קאָנ־סערווירט, געבליבן ניט־געענדערט. אָבער פאַר וואָס בין איך דאָ? איך, וואָס האָב געטאָן אַ נדר קיין מאָל ניט קוקן אויף צוריק, און אַז אַ נײַע, געזונטע, שאַפערישע עקסיסטענץ, פעסט פאַראַנקערט אין אַ בעסערער וועלט, וועט זײַן מײַן נקמה, מײַן נצחון איבערן עבר... בין איך עס טאַקע אין דער אמתן דער, וואָס שטייט דאָ הײַנט? און בין איך באמת צווישן פרײַנד? בין איך טאַקע געווען אַ סקעלעט מיט אַן אָפּגעראַזירטן קאָפּ און אײַנגע־זונקענע אויגן, וואָס האָט זיך באַמיט אויפצוהאַלטן אַ שוואַכן פונק פון לעבן אין דעם פון גאָט פאַרלאָזטן אָרט? צי האָט די אויסטערלישע אָדיסעע וואָס האָט מיך גענומען צום אָפּגרונט און דערנאָך צו די שפּיצן פון מענטשלעכן נסיון, געקאָנט האָבן געדויערט נאָר איין לעבן?

„איינער פון די יינגסטע לעבן־געבליבענע, וואָס איז דאָ מיט אונדז הײַנט, האָט געהאַט געזאָגט, אַז בויען בריקן איבער דעם אָפּגרונט וואָס צעטיילט אונדז, איז אַ שווערע מלאָכה, אָבער אונדזער בשותּפותדיקער אינטערעס און קיום פאָדערן אָנצוגיין מיט דעם.”

כ׳דערקען די ווערטער, ווײַל זיי זענען מײַנע. מיט אַ ציטער כאַפּ איך זיך, אַז דער רעדנער האָט געענדיקט. אַ שווערע שטילקייט דריקט אויף אונדז, אָבער דער היפּנאָטישער טראַנס וואָס האָט מיך געהאַט באַהערשט מיט אַ מינוט צוריק, כאַפּט מיך ווידער אַרום. איך בלאָזן זונשײַן היפּערן פאַרנעפּלטע בילדער פאַר מײַנע אויגן. די טונקעלע קאָסטיומען פון די אַלע וואָס געפינען זיך דאָ, ווערן פאַרטושט דורך דעם תּפיסה־הילוך, וואָס איך און מײַנע חברים האָבן געטראָגן טאַקע דאָ, אין אוישוויץ, הינטער דעם טויער, אויבן מיט דעם געמיינעם לאָזונג „אַרבעט מאַכט פרײַ”. דער עולם חשובע לײַט אַרום מיר ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ צונויפקום פון סקעלעטן, באַצויגענע מיט הויט. מיר זענען אויף דעם צענטראַלן פּלאַץ, אויסגעשטעלט דורך אונדזערע היטערס, צו דער צערעמאָניאַלער קאָפּציילונג, דעם „אַפּעל”, אין די לאַגערן און גולאַגס...

כ׳מוז זיך באַהערשן. דורך טעלעוויזיע־קאַמערעס אָבסערווירן אונדז מיליאָנען מענטשן. אין מײַן האַנט דריק איך אַ קורצע רעדע, געשריבן אין פראַנצייזיש. מײַנע ליפּן באַוועגן זיך שטיל, לויטן ריטעם פֿון קדיש.

„זיך צוריקקערן צום מזבח פֿון חורבן, ווו איך בין, נאָך אַ ייִנגל, גע־שטאָרבן מיט אַזוי פֿיל טויטן און האָב איבערגעלעבט אַזוי פֿיל עינוים און דערנידעריקונגען; ווו אַלץ וואָס כ׳האָב אַ מאָל ליב געהאַט, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש — איז אַן איבערלעבונג, וואָס טרייסלט אויף די נשמה. ס׳איז אָבער אויך אַ וועג — פֿון דער טראַגעדיע צום נצחון.״

„פֿון דאַנען רעדן מיר צו דורות, צו פֿעלקער, צו גלויבנס, צו שוואַרץ און ווײַס, צו רײַך און אָרעם, צו יונג און אַלט, ווײַל דאָס אָרט אויף וועלכן מיר שטייען, איז די טיפֿסטע וווּנד, וואָס איז ווען ניט איז געמאַכט געוואָרן אויפֿן מענטשלעכן כּלל; דאָס אָרט ווו אײַכמאַן האָט געשטעלט אין שאָטן דאַנטעס וויזיע פֿונעם גיהנום. אויף דעם ברעגנג איך אײַך דאָס עדות־זאָגן פֿון איינעם פֿון די ווייניק לעבן־געבליבענע און, לויט די אַרכיוון פֿון גיהנום, אפֿשר דער ייִנגסטער לעבן־געבליבענער.״

צי קאָן איך ממשיך זײַן? אומבאַשרײַבלעכע זכרונות קומען מיר אויף אין געדאַנק אין אָט דער מאָדנער הימישער סביבה, אָבער איין אומפֿאַר־געסלעך בילד טיילט זיך אויס. דאָס איינציקע וועגן וועלכן איך מוז זיך צווינגען זאָגן אַ וואָרט.

„אַנטקעגן אָט די קוילן־וואָרפֿער־טורעמס איז דעמאָלט געזעסן און גע־שפּילט דער יחיד־במינודיקער סימפֿאָנישער אָרקעסטער. צוזאַמענגעשטעלט איז ער געווען פֿון ווירטואָזן פֿון וואַרשע און פּאַריז, פֿון קיִעוו און אָסלאָ, פֿון בודאַפּעשט און רוים. די טײַערע פֿידלען וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אויף זייער לעצטן וועג, זענען געווען אונטערגעשריבן פֿון סטראַדי־וואַריוס, גוואַרנערי און אַמאַטי. צו אַקאָמפּאַנירן די טאָג־טעגלעכע תּליות און דערשיסונגען בעת די גאַזקאַמערן און קרעמאַטאָריעס האָבן געשפּיגן מיט פֿײַער און רויך, האָט מען די איידעלע מוזיקערס געצוווּנגען שפּילן מאָצאַרטן — דעם מאָצאַרט, פֿאַר וועלכן איר און איך האָבן אַזאַ ייִראת־הכּבֿוד. אויב אַזעלכע אַכזריותן זעען אויס צו זײַן הײַנט רעלעוואַנט, איז עס דערפֿאַר וואָס מיר טאָרן ניט פֿאַרגעסן, אַז דער עבֿר קאָן אויך זײַן אַ

פּראָלאָג — אינעם אַש פון אוישוויץ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַ ספּעקטאַר פון דער אַפּאָקאַליפּסיס, אַ וואָרענונג פאַר דער מענטשהייט וועגן דעם, וואָס עס קאָן נאָך קומען אין דער צוקונפט. צו אָט די שטעכלדראָט־צוימען מוז דעריבער קומען דער מענטש, בכדי צו בייגן זײַן קאָפּ און מעדיטירן וועגן שלום, וועגן גערעכטיקייט, וועגן טאָלעראַנץ, וועגן מענטשנרעכט, וועגן נײַע מאָראַלישע ווערטן, וואָס זאָלן קאָנען צוריקברענגען צו דער וועלט די יוגנט, וואָס איז אָפּגעפרעמדט פון איר.״

„אין דאָזיקן פאַרשאָלטענעם און הייליקן אָרט שטייט איר פּנים־אל־פּנים מיט אײַער גרעסטער אוידיטאָריע. אין איר נאָמען און מיט דעם רעכט פונעם אויסגעברענטן נומער אויף מײַן אָרעם זאָג איך אײַך, אַז אויב זיי וואָלטן געקאָנט רעדן, וואָלטן זיי אויסגעשריִען: „קיין מאָל ניט מער!״

ס׳איז געענדיקט. כ׳בין אויסגעשעפּט און אַנטוישט. כ׳האָב דאָך ניט באַוויזן אויסצודריקן אין ווערטער די גאַנצע קראַפט פון מײַן מורא, אַז דאָס איראַציאָנעלע, דער שגעון וואָס כ׳האָב זײַענדיק אַ יִינגל איבערגעלעבט אין מײַן גוף און נשמה אויף דעם בלוטיקסטן רציחה־שטח פון דעם יאָר־הונדערט, לויערט ווײַטער אויף אונדז אין אַ סך פאַררעטערישע פאָרמען און שטויסט אונדז צו אַנצאָליקע קאַטאַסטראָפעס אין גלאָבאַלן מאַשטאַב.

*

זומער 1975 האָט מיך זשיסקאַר ד׳עסטען, מיט וועמען איך בין שוין לאַנג געווען באַפרײַנדט, פאַרבעטן צו באַגלייטן אים קיין אוישוויץ, ווו ער קלײַבט זיך עולה־רגל צו זײַן בעת מלוכישן וויזיט אין פּוילן. כ׳האָב אויפגעציטערט. זינט איך בין געוואָרן אַ פרײַער מענטש, אין עלטער פון 16 יאָר, און אָנגעהויבן מײַן פאַמעלעכן און שווערן קלעטערן צוריק צום לעבן, האָב איך זיך אָפּגעקערט פון עבר. כ׳האָב שטענדיק אָפּגעזאָגט דאָס אומקערן זיך צו די ערטער, ווו כ׳האָב געזען ווי מײַן וועלט, מײַן פאָלק, מײַן משפּחה, מײַנע שול־חברים, מײַן אידענטיטעט זענען סיסטעמאַטיש פאַרטיליקט געוואָרן; ווו איך אַליין האָב זיך קוים געראַטעוועט פון פיזישן אומקום, ווי אַ געפאַנגענער פון דער סאָוועטישער אימפּעריע און אַן „אונ־טערמענטש״ אינעם דריטן רײַך. פונקט מיט אַ קורצער צײַט צוריק, ווען איך

בין געקומען קיין ווארשע ווי אַ פּאַרזיצער פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנ־פערענץ וועגן עקאָנאָמישער קאָאָפּעראַציע, אַ פאַרשטייער פון מערב, האָט די פּוילישע רעגירונג מיר פאַרגעלייגט צו לייגן אַ קראַנץ אויף דעם אוישוויץ־דענקמאָל. כ׳האָב עס אָן וואַקלעניש אָפּגעזאָגט און געבעטן אַנשטאָט דעם צו נעמען מיך אויף אַ קאָנצערט אין שאָפּענס געבוירן־אָרט.

און דאָך, ווען כ׳האָב אָבסערווירט איין שאָק־כוואַליע נאָך דער אַנדערער, וואָס האָט געשליידערט די מענטשהייט צו נייע קאַטאַסטראָפעס; ווען כ׳האָב געזען ווי אַמעריקע, וואָס איר ווייסער שטערן האָט מיר געגעבן די פרייהייט, איז אַליין געווען אין צעלייגונג, פאַרקראָכן אין אַן אַזיאַטישער מלחמה אָן אַ זינען; איר יוגנט — צעבונטעוועט, אירע אינסטיטוציעס — אין אַ צעמי־שעניש, איר עקאָנאָמיע — אויפגעטרייסלט; ווען כ׳האָב אָבסערווירט דעם מאָרד פון אירן אַ פּרעזידענט, געזען ווי אירער אַ צווייטער פּרעזידענט איז ניט בכוח צו רעגירן, אַ דריטער — אַראָפּגענומען פון אַמט, און דער צוטרוי צו דער פּאָליטישער אָנפירונג פון דער מדינה איז אונטערגעבראָכן; ווען כ׳האָב אָבסערווירט אַט דעם אַבסורד־טעאַטער, איז אין מיר געוואַקסן דאָס געפיל, אַז דער גרויליקער עבר איז ווידער געוואָרן אַקטועל.

אַלץ מער און מער האָב איך זיך אַריינגעטראַכט אין אַט דעם עבר, כדי צו דערגיין, פאַר וואָס מיין וועלט האָט זיך געהאַט אַ מאָל צוזאַמענגעבראָכן, און ווי אַזוי די וועלט אין וועלכער מיינע קינדער לעבן איצט, קאָן אָפּגעהיט ווערן פון אַ צוזאַמענבראָך.

ס׳איז מיר געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער צו כאָווען די דערמוּ־טיקנדיקע אילוזיע, אַז היטלער איז סתם געווען אַן אַבעראַציע, אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע; אַז דייטשלאַנד איז געוואָרן אויף אַ ווײַלע משוגע. דער אמת איז געווען מער דערשיטערנדיק. היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אויף אַ נאָרמאַלן דעמאָקראַטישן אופן. איינס פון די צומערסט פאַרגעשריטענע פעלקער אויף דער ערד, דאָס פאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט גוטענבערגן, געטען און בעטהאָווענען, האָט באַזייטיקט די פירערס וואָס האָבן ניט געקאָנט רעגירן, און מיטן אייגענעם ווילן געלייגט צו היטלערס פיס אַן אומבאַ־גרענעצטן מאַנדאַט צו הערשן. דאָס איז געווען אַ פּועל־יוצא פון אַן עקאָנאָ־מישער דעפּרעסיע, פון אַ צעבושעוועטער אינפלאַציע, פון אַ גרויסער אַר־

בעטסלאַזיקייט און אַ סאָציאַלן כאַאָס. אוישוויץ איז געווען דער לאַגישער פּראָדוקט פון די אויפברויזן און פון דער גיפטיקער שינאה וואָס די דאָזיקע דערשײַנונגען רופן אומפאַרמײַדלעך אַרויס.

פּלוצעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז פאַר מיר איז דער חורבן ניט מער געווען בלויז אַ קלאַג. נײַערט אַז כ׳האָב געדאַרפט זיך אומקערן צו מײַן קאָשמאַר, קומען צו אַן אויסגלײַך מיט אים, כּדי כ׳זאָל קאָנען אויסקוועטשן זײַן סם און זיך לערנען אים צו באַנוצן ווי אַ וואָרענונג און אַ רפואה. און דאָס האָט באַטײַט, אַז אַ תּחית־המתים אויפגעשטאַנענער שמואל פיסאַר, אָנגעטאָן אין בכּבֿודיקן לבֿוש פון אַן אַמעריקאַנער בירגער, אינטערנאַציאָנאַלער אַדוואָקאַט און געלערנטער, האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן אין דער עפנטלעכקייט און זיך מודה זײַן, אַז אַ מאָל, פּאַקטיש ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק, איז ער געקראָכן אויף אַלע פיר אין יסורים, אין שמוץ און דערנידעריקונג אין פּאַבריקן פון טויט.

ס׳איז געווען שווער, אָבער מ׳האָט עס געמוזט מאַכן. דעריבער טאָקע בין איך אַרויס פון די רויִקע קאָרידאָרן פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מאַכט, וווּ כ׳האָב געפירט מײַן פּראָפעסיאָנעל לעבן, כּדי זיך צו פאַרמעסטן מיט דעם גרויל אָנגעפילטן עבֿר. איצט ווייס איך, אַז כ׳האָב געזוכט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל העלפן מיר און אַנדערע צו פאַרשטיין אונדזער איצטיקייט און דער עיקר — וואָרענען וועגן די גרויסע סכּנות וואָס לויערן אויף אונדזער צוקונפט.

*

מאָדנע, ווי אַן איין מאָל געמאַכטע פאַרבינדונג קאָן זיך אומבאַמערקט אַנטוויקלען אין דײַן פּסיכיק, ביז אין אַ געוויסן טאָג בלײַבסטו שטיין און וווּנדערסט זיך, ווי אַזוי דו האָסט פריִער קיין מאָל ניט באַנומען דאָס, וואָס איז איצט פאַר דיר אַזוי קלאָר. זינט מײַן עולה־רגל זײַן אין אוישוויץ, איז מײַן באַנעמען די מוראַדיקע פּראָבלעמען וואָס אַלאַרמירן הײַנט די וועלט, געוואָרן פאַרשאַרפט דורך די פון לאַנג דערשטיקטע זכרונות פון מײַנע איבערלעבונגען אין דער פריִער יוגנט. דער מהות פון די פּראָבלעמען וואָס דראָען צו פאַרטיליקן אונדז אַלעמען אָן קיין אויסקוק אויף אַ לייזונג, אונטערשיידט זיך ניט פון דעם, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען און איבערגעלעבט.

די מורא, דער יִיאוש, די לײַדן, דער וואַקסנדיקער צאָרן וואָס וואָרצלען אין די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, און וואָס ווערן, לײדער, אַזוי גלײַכ־גילטיק דעבאַטירט דורך דיפּלאָמאַטן, עקאָנאָמיסטן און פּאָליטיקער, שטעלן אין סכּנה די רעשטן פון אונדזער פרײַהייט און פון שלום. איך פיל זײ אין מײַנע ביינער — די מורא, דעם יִיאוש, די לײַדן און דעם וואַקסנדיקן צאָרן. זיי אַלע האָבן זיך גוט געלאָזט פילן אין דעם גרויליקן מיקראָקאָסמאָס, אין וועלכן איך בין אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרן.

דער קריזיס פון ענערגיע? אָן ספק אַן אַלאַרמירנדיקער עקאָנאָמישער פאַקט. אָבער צי איז עס ניט, ראשית־כּל, אַ דראַמע פאַר די רײַכע? די אומפעיִקייט פון דעם מערב־קאָנסומענט צו קאָנטראָלירן זײַן אומגעזעטיקטן אַפּעטיט צו נאַפט און גאַז ביז צו אַ ניוואָ, וואָס זײַן מדינה קאָן זיך דערלויבן, אַ צופּאַסונג, וואָס וועט נאָר רעדוצירן דעם דרוק פונעם פאַרקער אויף די וועגן און פאַרקלענערן די טעמפּעראַטור אין די איבערגעהייצטע וווינונגען — זעט אויס אין גאַנצן אַנדערש בײַ אײנעם, וואָס האָט געדאַרפט דורכלעבן ניט איין ביטערן ווינטער אין אַ לאַגער — אָן באַלײַכטונג, אָן באַהייצונג, כּמעט אָן אַ דעקע און אָן בגדים.

טעראָר? די מעטאָדן פון די הײַנטיקע טעראָריסטן זענען ניט קיין סך אַנדערש פון די „גרונטגעזעצן”, וואָס האָבן געהערשט אין די געטאָס און אין די קאַצעטן, ווו מען האָט גענומען ערובניקעס און זיי סיסטעמאַטיש דערשאָסן, כּדי צו זייען שרעק און פּאַניק. דער מינדסטער אָפּנייג, די קלענסטע אָפּווײַ־כונג פון רוטין האָט בײַ אונדזערע תּליונים אויסגעזען ווי אַ סכּנה פאַר דער אײַנגעשטעלטער „אָרדענונג” און געדאַרפט באַשטראָפט ווערן מיט טויט. צווישן די אַסירים גופא האָט געהערשט אַן ענלעכער אומברחמנותדיקער טעראָר — צי ווי אַ פּראָדוקט פון סאַדיזם, צי מחמת דעם ווילן צו בלײַבן לעבן פאַר יעדן פּרײַז.

הונגער? דער נאָגנדיקער הונגער, וואָס ציט אַרויס דעם מאַרך פון די ביינער בײַ צוויי דריטל פון דער מענטשהייט און ברענגט גאַנצע קאָנטינענטן צו פּאָליטישע און סאָציאַלע אויפטרייסלונגען, איז ניט קיין אַבסטראַקטער באַגריף פאַר אַזאַ אײנעם ווי איך, וואָס האָט דורכגעמאַכט טאָג־אײַן, טאָג־אויס אין משך פון יאָרן דעם געראַנגל צו דערהאַלטן זיך בײַם לעבן. ווי קאָן מען

איבערגעבן מענטשן, וועמענס מיסטקאַסטנס ווערן אָנגעפילט מיט טויגעוו־דיקע צום עסן פּראָדוקטן, ווי קאָן מען זיי איבערגעבן דאָס געפיל פון הונגער, דעם אָן אויפהער נאָגנדיקן, מיט האַלוצינאַציעס באַגלייטן זוכן וואָס ניט איז צו עסן, וואָס טייט אָפּ די חושים און דעם געדאַנק?

אַרבעטסלאָזיקייט? דאָס שיקן מענטשן אין לאַגערן איז געווען אַ לאָ־גישער און ווירקעוודיקער מיטל צו לייזן דאָס פּראָבלעם. ווען מען האָט אונדז ניט געגעבן קיין קאַטאָרזשנע אַרבעט ביז פולער אויסשעפּונג און טויט, ווי אַ רוי־מאַטעריאַל וואָס מ׳ענדיקט אויס, האָט מען אונדז געצוווּנגען אויס־צופירן פאַרשיידענע לעכערלעכע און דערנידערנדיקע טועכצן. מען האָט אונדז, למשל, געלאָזט מאַרשירן שעהענלאַנג, כּדי אויסצופּרובירן די לאַנג־דויערדיקייט פון דײַטשישע אַרמיי־שטיוול, און ווער ס׳האָט ניט געמאַרשירט צום טאַקט, האָט באַקומען אַ קלאַפּ מיט אַ פּרענט, וואָס האָט געקאָנט שפּאַלטן דעם קאָפּ.

שמוץ? מעדיצינישע באַהאַנדלונג? טאָג און נאַכט אין משך פון יאָרן האָבן מיר געלעבט אין שמוץ און געשטאַנק, אָנגעפּאַקט אין איבערפולטע באַראַקן מיט מענטשן, וואָס האָבן פאַרלאָרן די צורת־אנוש, און בלויז ווי שאָף געוואָרט, מען זאָל זיי קומען נעמען אין שעכטהויז אַרײַן. אָן היגיענע, אָן מעדיקאַמענטן, אָן דאָקטוירים, איז אונדזער איינציקער קאָנטאַקט מיט דער מעדיצין געווען די פּערספּעקטיוו פאַרוואַנדלט צו ווערן אין עקספּערימענט־קראָליקעס פאַר ד״ר מענגעלע, דעם „מלאך פון טויט״, אָדער פאַר די אַנדערע „וויסנשאַפטלערס״ וואָס האָבן געמאַכט עקספּערימענטן אויף הילפלאָזע קרבנות.

מענטשנרעכט? איך בין געווען אַן עד־ראיה, ווי אומשולדיקע, אין די טויזנטער, זענען געוואָרן פאַרמישפּט דערהרגעט צו ווערן אויפן אָרט; משפּחות זענען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן; מיידלעך האָט מען פאַרגוואַלדיקט; פרויען, קינדער און זקנים — געשיקט אין די אויוונס אַרײַן. אַרבעטפעיִקע מענער זענען פאַרשפאַרט געוואָרן אין לאַגערן, זייער טויטאורטייל איז נאָר אָפּגע־לייגט געוואָרן. „האַבעאַס קאָרפּוס״, מישפּט דורך געשווירענע, דאָס רעכט צו אַפּעלירן און אַלע אַנדערע גאַראַנטיעס פון אונדזער קאָנסטיטוציע און אונדזערע געזעצן — זענען אַ הייליקע כּישוף־קראַפט פאַר מיר. יעדער

אַקט פֿון בייזוויליקער אומגערעכטיקייט טוט פֿאַר מיר אַנטפּלעקן דעם וועג צוריק צום אָפּגרונט.

די דריטע וועלט? די איבערצײַגונג, אַז מיר מוזן זען אין די מענטשן פֿון די ניט־פּריווילעגירטע לענדער אונדזערע ברידער, וועלכע מען דאַרף שטיצן אין נאָמען פֿון דער מענטשהייט, און ניט קיין אַנאָנימע מאַסן, וועלכע מען דאַרף לאָזן זינקען אין זייער אייגענער אָרעמקייט; די איבערצײַגונג, אַז נאָר מיט אַזאַ וויזיע, פֿאַרוואַנדלט אין אַ דרײַסטער פּאָליטיק פֿון האַנדל און הילף, קאָנען די גרויסע דעמאָקראַטיעס איבערלעבן די קומענדיקע עפּאָכע פֿון גלאָבאַלן מאַנגל, אָן אַ פֿאַטאַלן פּאָליטישן שאָדן פֿאַר זייער קיום — צו אַזעלכע איבערצײַגונגען קומט לײַכט אַזאַ איינער, וואָס האָט אַ מאָל אַליין געהערט צו די באַעוולטע און דיסקרימינירטע.

שֶׁפֿע? נאָך עטלעכע יאָרהונדערטער פֿון עקאָנאָמישער הערשאַפֿט, שטייען מיר אין מערב פּנים־אל־פּנים פֿאַר אַ נײַער ביטערער וואָר. מיר זענען ניט מער די בעלי־בתּים, די לאָרדן אויף דער ערד. אַנדערע פֿעלקער, לאַנג באַטראַכטע פֿאַר נידעריקערע, הייבן אָן אונדז איבערצושטײַגן. די מיליאָנען פֿון אַזיע, און אַלץ מער און מער אויך פֿון אַנדערע קאָנטינענטן, ווײַזן זיך אַרויס אַז זיי זענען פֿלײַסיקער, דערפֿינדערישער, פּראָדוקטיווער פֿון אונדז און זענען ווייניקער אויסגעשטעלט אויף נויט און דחקות. צי וועט די ראָד פֿון גורל, וואָס דרייט זיך פּאַוואָליע און אָן רחמים, מיט דער צײַט אונדז פֿאַרוואַנדלען אין אָרעמע, „אָפּגעשטאַנענע" פֿעלקער פֿון דער צוקונפֿט?

דיקטאַטור? מיליטאַריזם? איך הער דאָס געקלאַפּ פֿון שטיוול אויף איין קאָנטינענט און אויפֿן צווייטן. דעם גורל האָט זיך פֿאַרוואָלט מיך אַרײַנצוּוואַרפֿן אין סאַמע צאַרטסטן עלטער, ניט צו איין טיראַן, נײַערט צו גאַנצע צוויי, היטלער און סטאַלין, ווען זייערע אַרמייען האָבן אַהין און צוריק געמאַרשירט דורך מײַן היימשטאָט. צוזאַמען מיט מײַן משפּחה האָב איך איבערגעלעבט אויסזידלונג, מיליטערישע געריכטן, טאָג־טעגלעכן אַרויסגאַנג־פֿאַרבאָט און די אימה פֿאַר אַ קלאַפּ אין טיר אין מיטן דער נאַכט. די איינציקע פֿרײַהייטן פֿון וואָרט און פֿון צוזאַמענקומען זיך זענען געווען די מאַקאַברישע אַפּעלן פֿאַר טאָג און אין אָוונט און דאָס רעכט אויסצורופֿן „אָנוועזנד".

דעמאָקראַטיע? צי האָט נאָך די דעמאָקראַטיע דעם ווילן און כּוח פֿון

קיום, אָדער איר עקסיסטענץ באַשטעטיקן בלויז עטלעכע שײַנענדיקע פונקען, ווי פון אַ טויטן שטערן, וואָס פלאַמט אויף אַ רגע בײַם סוף פון זײַן טראַקט? אַ גאַלאָפּירנדיקע אינפלאַציע צי אומענדלעכע קריזיסן און דעפּרעסיעס זענען עלול אויפצוטרייסלען אונדזערע עקאָנאָמיעס און קאָנען ווידער ברענגען דערצו, אַז פאַרצווייפלטע מערהייטן זאָלן, מיט גוטע כּוונות, איבערגעבן די פּאָליטישע מאַכט אין הענט פון טאָטאַליטאַרע פירערס. מיר וואָלטן ווידער געוואָרן באַהערשט פון דעספּאָטישן „געזעץ און אָרדענונג”, ווי ס׳האָט בעת אַ פּריוואַטן אָונטבערויט אין זײַן פּרעכטיקן הויז זיך געפּלײַסט פאַר מיר מיט דער אויסטערלישער שלווה פון זײַן שטאָט דער שטאָט־פּרעזידענט פון מאָסקווע.

און שלום? איך ווייס ווי שלום קאָן ווערן גאַרגיט אַזוי געוווּנטשן. מלחמה קאָן צעמישן די קאָרטן, קאָן אָפּראַמען דעם גאַנצן ווירוואַר פון שווערע פּראָבלעמען, וואָס לאָזן זיך כּאילו ניט לייזן; זי קאָן פאַרפּרירן אַלע קעגנזײַטיקע פאָדערונגען, אַלע חובות, אַלע דיספּוטן. נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה קאָן מען מאַכן אַ פרישן אָנהייב. אַ נײַ חיות קאָן מען אײַנשפּריצן אין עקאָנאָמישן סיסטעם: חרוב געוואָרענע שטעט און אינדוסטריעס ווערן צוריק אויפגעבויט און מאָדערניזירט, אונטערנעמערס מיט ענערגיע און איניציאַטיוו מאַכן נײַע קאַריערעס און וועלן אָנזאַמלען נײַע פאַרמעגנס. אַ געזעלשאַפט דאַרף ניט זײַן חסר־דעה, כּדי אירע פאַרשטייערס זאָלן אַדאָפּטירן אַ פּאָליטיק פון משוגעת. אַ נײַער שטראָם פון אומדערוואַרטע, אַלאַרמירנדיקע און שלעכט פאַרשטאַנענע געשעענישן קאָן עפענען די טויערן צו דער מאַכט פאַר מענטשן און כּוחות, וועמענס אמתע כּוונות זענען ניט פאַרשטאַנען געוואָרן צו דער געהעריקער צײַט. ווי נאָר סטאַביליזירט, גייען די נײַע הערשערס אָן מיט אַ פאַראַנאָיִשן אימפּעט, וואָס איז צו שטאַרק פאַר דער מדינה, זי זאָל קאָנען זיך אים אַנטקעגנשטעלן; באַלד באַהערשן זיי די לאַגע און זענען בײַם רודער. אַזוי איז עס געשען אין דײַטשלאַנד מיט היטלערן. לייגט זיך אויפן שׂכל, אַז אַזוינס זאָל געשען אין אַמעריקע, אין ענגלאַנד, אין פראַנקרײַך?

*

איך וואָלט געקאָנט ממשיך זײַן. אויף שריט און טריט זע איך אַזעלכע סכּנות, זע זיי אַבסאָלוט קלאָר אַ דאַנק מײַן פּערזענלעכן נסיון, אַ דאַנק

יענע וויזיעס, וואָס גייען אַדורך די פּריזמע פון מײַן אייגנאַרטיק לעבן.

די גרעסטע סכּנה פאַר דער וועלט, אַ סכּנה וואָס מיך האָט זי שיִער ניט אומגעבראַכט: דאָס באַוואָפענונג־געיעג. די חסר־דעהדיקע קאָנקורענץ צווישן די גרויסמאַכטן אין אַנסופיקן פאַרקויפן געווער צו די זיך אַנטוויקלענדיקע לענדער און דער ספּיראַליש וואַקסנדיקער אַרסענאַל פונעם קאָנווענציאָנעלן און אַטאָמישן וואָפן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, דאָס אַלץ מאַלט אויס פאַר מײַנע אויגן גיגאַנטישע גאַזקאַמערן פון דער צוקונפט.

אוישוויץ איז געווען אַ מאָנומענט פאַר לאָגיק, בעת דער נאַצישער באַפעל אָפּצורייניקן די וועלט פון ייִדן און אַנדערע „נידעריקע ראַסן״ איז אַקצעפּטירט געוואָרן ווי אַ ראַציאָנעלער ציל. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן וואַקסנדיקן רעזערוו פון געווער אויף דער יבשה, אין דער לופט און אונטערן וואַסער, ווי נאָר מ׳נעמט אָן די מיינונג, אין מערב צי אין מיזרח, אַז די פּירערס פון דער אַנדערער זײַט זענען וואַ־באַנק־שפּילערס און היצקעפּ, גרייט אָנצוגיין מיט אַ נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד פאַרן פּרײַז פון באַהערשן די וועלט. איך נעם ניט אָן די דאָזיקע מיינונג; די קלוגע פון צווישן די אַמעריקאַנער און די רוסן, וועלכע איך האָב באַקענט, אַקצעפּטירן זי אויך ניט; און דאָך גייט כּסדר אָן דער פיבערדיקער וואָפן־געיעג, אָנגערעגט דורך נײַע טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען.

מיר שטייען קאָלטבלוטיק ערב פאַרניכטונג. דער קלענסטער קאָנפליקט קאָן אין פאַרלויף פון שעהען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גיהנום־פײַער, וואָס וועט קאָסטן די לעבנס פון מיליאָנען. כּדי צו זײַן כּלומרשט זיכער, אַז מיר האָבן גענוג מיטלען פאַר אַן „ענדלייזונג״, זענען מיר אויך פאַרנומען מיט אַנטוויקלען די וויסנשאַפט פון אַ כעמישער מלחמה. די נאַציס זענען געווען אַנגאַזשירט אין אַן אינטענסיווער פאָרשונג צו געפינען דעם מערדערישסטן און ביליקסטן גאַז, אויסגערעכנט פּראָ געטייטן מענטש. הײַנט האָבן מיר איבערגענומען די דאָזיקע מלאָכה מיטן אונטערשייד, וואָס דאָס מאָל הייסט די משוגעת — „וואָרענונג״.

אין טרעבלינקע, מײַדאַנעק און אוישוויץ האָבן די אומשולדיקע קרבנות, וואָס מ׳האָט פאַרשפּאַרט אין די גאַזקאַמערן — איך האָב עס געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן — געהאַט נאָר דרײַ מינוט צו לעבן, ווי נאָר די טירן

האָבן זיך פֿאַרמאַכט. פֿון דעסטוועגן האָבן זיי געפֿונען גענוג צייט און כּוח אויס־צוקריצן מיט די נעגל אויף די ווענט די ווערטער „פֿאַרגעסט ניט קיין מאָל!"

האָבן מיר שוין פֿאַרגעסן?

מײַן אינטויִטיוו מורא, אַז דער דאָזיקער איראַציאָנעלער מצב וועט אונדז פֿאַרטראָגן צו נײַע אומגליקן, נעמט זיך פֿון דער מוראדיקער אימה, וואָס איך האָב זי איבערגעלעבט.

אפֿשר איז באַשערט אַ מענטשן, וואָס האָט אָפּגענאַרט דעם טויט, ווי איך, און געגאָסן פֿון פֿאַרשיכּורנדיקן לוקסוס פֿון דער פֿרײַהייט, צו אָנגיין ווײַטער מיטן לעבן אָן אַן אויסערלעכער הויט. אָבער צו מאָל, אין מאָמענטן פֿון אַ שלעכט פֿאַרגעפֿיל, זע איך אין די אימאַזשן פֿון פּאָליטישער אָנמאַכטיקייט, מאַסן־היסטעריע, רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם, ראַסן־טעראָר, פּליטים־שיפֿלעך און שוואָמען־וואָלקנס — די וויזיע פֿון אַ גלאָבאַלן אוישוויץ. אין אַזעלכע מאָ־מענטן פֿיל איך, קעגן מײַן בפּירושן ווילן קלאָר און מיושבדיק צו דענקען, קעגן מײַן ליבע צום לעבן, קעגן מײַן צוטרוי צום מענטש, פֿיל איך ווי אין יענעם פּעריאָד ווען אַ פֿון אַ מענטש אַרויסגערופֿענער הוראַגאַן האָט חרוב געמאַכט מײַן וועלט, מײַן קיום און מײַן נשמה און האָט מיך אַראָפּגענידערט מער ווי צו אַ שקלאַף פֿון די אוראַלטע מצרים און בבל, פֿיל איך, אַז כ׳האָב איבערגעלעבט דאָס, וואָס קאָן קומען.

האָבנדיק איבערגעלעבט אַן אויספּרווו־לאַבאָראַטאָריע צו פֿאַרטיליקן די מענטשהייט, ווייס איך, אַז דאָס אומלאָגישע איז מעגלעך, און אַז ס׳איז פּונקט אַזוי רעאַליסטיש צו דערוואַרטן, אַז אַ מענטש זאָל אָפּטאָן דאָס סאַמע ערגסטע, פּונקט ווי מען קאָן דערוואַרטן ער זאָל טאָן דאָס בעסטע. כ׳האָב ניט קיין גרייטן פּעקל וווּנדער־מיטלען צו פֿאַרבעסערן די לאַגע, כ׳האָב אָבער אַ וואַכעוודיקן חוש וואָס פֿילט סכּנות. מוז דען יעדער איינער דורכמאַכן אַן אוישוויץ בכדי עס צו פֿילן? און אפֿשר קאָנען אויך אַזעלכע וואָס האָבן געלעבט אַ נאָרמאַל לעבן, פֿאַרשטיין, אַז די געפֿאָדערטע קרבנות בײַם פֿאַרמעסטן זיך מיט אַ טייל פֿון די וועלט־פּראָבלעמען זענען אַ סך קלענער אין פֿאַרגלײַך צו די סכּנות, פֿאַרבונדענע מיטן איגנאָרירן וועלכע ניט איז פֿון זיי, און פֿאַרשטיין, אַז די דאָזיקע סכּנות זענען אָן אַ שיעור גרעסער, ווי זיי שטעלן זיך פֿאָר.

צי קאָן אַ מענטש און צי קאָן איך איבערגעבן אַנדערע די אמתע משמעות פון די דאָזיקע סכּנות, זייער מוראדיקע אַקטועלקייט פאַר אונדזער וועלט? און וואָס פאָדערט זיך — די איינשטעלונג פון געדאַנק און אַן אָנשטרענג פון ווילן — זיך צוצופּאַסן און בייצוקומען?

*

בעת איך שרייב די דאָזיקע שורות אין דער געבענטשטער פּראָווינץ פון ניי־ענגלאַנד, ווו דעמאָקראַטיע און ווילטאָג זענען שוין לאַנג געוואָרן נאַטירלעך, ווו איך בין אַ מאָל פון ס'ניי געבוירן געוואָרן און ווידער מסוגל געווען צו דענקען און ליב האָבן, בעת איך לעב ווידער איבער די צייט, ווען געשיכטע האָט מיך צעקייט און אויסגעשפּיגן אויפן קריטישסטן שיידוועג פון דעם יאָרהונדערט, פיל איך, ווי מיינע הויך־אַנטוויקלטע אינסטינקטן פון אַמאָל קומען צוריק צום לעבן, אינסטינקטן וואָס זענען אַ טייל פון דעם אייביקן געראַנגל פאַר קיום.

כ'האָב קיין מאָל ניט געהאַט דעם מינדסטן ווונטש צו ריִען זיך אין די לאַנג שוין פאַרהיילטע ווונדן פון מיין יוגנט. אויב האָב איך איצט באַשלאָסן צו לאָזן רעדן מיין זכּרון, צו באַשרייבן דאָס בלוט, די טרערן, דעם ווייטיק, דעם תּענוג פון פרייַנדשאַפט און דעם באַוווסטזיין, וואָס האָט געשפּייזט מיין גלויבן אין דער פעיִקייט פון דער מענטשהייט בייצושטיין דעם נסיון און בויען, שאַפן, איז עס דערפאַר, וואָס אונדזער הייַנטיקע אידעאַליסטישע און צעטומלטע יוגנט דאַרף עס וויסן. זי דאַרף זיך באַוואָרענען קעגן די טראַגעדיעס און פאַרברעכערישקייט, קעגן די פאַלשע געטער פון דער געשיכטע.

דאָס זענען אונדזערע קינדער וואָס איך האָב זיי אין זינען בעת שרייבן דאָס בוך, אַ בוך וואָס איז נישט אַזוי וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, נייערט וועגן דער צוקונפט, די צוקונפט וואָס געהערט צו זיי.

ערשטער טייל

# פונאַנדערפאַל פון אַ וועלט

אַ מענטש איז אַן עלאַסטישע באַשעפעניש,
אַ בריאה וואָס ווערט צו אַלץ צוגעוווינט.
דאָסטאָיעווסקי

# 1

מיר זענען געווען באַגײַסטערט, מײַנע שול־חברים און איך, ווען מיר האָבן געהערט, אין יאָר 1938, אַז דער שוואַרצער באָקסער דזשאָ לוּיִס האָט אין דער וועלט־מײַסטערשאַפט פון שווערגעוויכט געשלאָגן מיט אַ „נאָקאַוט" דעם נאַצי מאַקס שמעלינג. אַזאַ בזיון פאַר דער „הערן־ראַסע"!

הגם נאָר אַכט־ אָדער נײַן־יאָריקע, האָבן מיר שוין געזען זאַכן און באַנומען פּאָליטישע באַגריפן מיט אַ פריִיקער צײַטיקייט, וואָס איז געקומען פון דער שווערער צײַט אין וועלכער מיר האָבן געלעבט, און פון דער ספּעציעלער לאַגע פון אונדזער געבוירן־שטאָט. ביאַליסטאָק, פאַרן קריג מיט אירע 120,000 אײַנוווינערס, איז געווען דער זעלבער ברויזנדיקער צענטער פון ייִדישן קולטור־לעבן, ווי זי איז געווען כּמעט אין משך פון דרײַ יאָרהונדערטער, און דער צווייטער גרעסטער טעקסטיל־צושטעלער אין פּוילן — אַ רוישיקע קאָמערציעלע קנופּסטאַציע, מיט פּאָליטישע באַוועגונגען — סאָציאַליסטישע, ציוניסטישע און פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג — האָבן קאָנקורירט מיט די געזעצן פון דער תּורה און זיך געמישט אין קהלשן לעבן פון שטאָט. דער איבערוועגנדיקער רוב פון דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט געלעבט אין מער ווייניקער גוטער שכנות מיט די אָרטיקע פּופּציק טויזנט פּאָליאַקן, ווײַסרוסן און אוקראַיִנער. די פּאָליטישע ווינטן וואָס האָבן צעפּאָכעט דעם נאַצישן האַקנקרייץ, האָבן מיר געפילט אינטענסיוו, ווי די מערהייט מענטשן פון דער אויסערלעכער וועלט. אין שול האָבן מיר איבערגעחזרט די דעבאַטעס, געהערטע אין אונדזערע היימען, פּונקט ווי זיך באַשעפטיקן מיט אַזעלכע ענינים וואָלט געווען נאָרמאַל פאַר אונדזער עלטער. אין קלאַס פון געאָגראַפיע האָבן מיר גערעדט וועגן אַזיע און די אומענדלעכע גרענעץ־קאַמפן צווישן די כינעזער און יאַפּאַנער, און אויך וועגן אַפריקע און באַוווּנדערט דעם מוט פון קייזער הײַלע סעלאַסיע זיך אַנטקעגנצושטעלן מוסאָליניס אינוואַזיע אויף אַביסיניע. מיר האָבן גערעדט וועגן ביאַליסטאָקער

העלדן, וואָס זענען פרײַוויליק אַוועק קעמפן אין שפּאַניע קעגן פאַשיזם און וועגן די עלטערע ייִנגלעך און מיידלעך פון אונדזער שול, וואָס זענען אַוועק קיין ארץ־ישׂראל צו לעבן אין אַ קיבוץ און באַאַרבעטן די ערד.

אין קינאָ האָבן מיר געקוקט מיט אומגלויבן אויף דער נײַעס־כראָניק, וואָס האָט געוויזן ווי די נאַצי־זעלנער, אין שטאָלענע קאַסקעס, מאַרשירן אַרײַן מיטן פּרײַסישן גענדזנטראָט אין רור־געביט, דערנאָך אין ווין, לסוף אין פּראָג. געוויזן די מאַסן דערוואַקסענע מענטשן — אויפן סטאַדיאָן פון די בערלינער אָלימפּישע שפּילן אָדער אויף די פּאָליטישע מיטינגען אין נירנ־בערג, ווי זיי שטייען אַלע מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און שרײַען: „הײַל היטלער, הײַל היטלער, הײַל היטלער!"

*

מײַן מאַמע האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן אייראָפּע כּל־זמן ס'איז נאָך מעגלעך געווען. אירע ברידער, נחמן און אלעזר, וואָס האָבן עמיגרירט קיין אויסטראַליע, האָבן געדריקט אויף אונדז, מיר זאָלן קומען צו זיי אַהין. נאָך בעסער, ס'איז געווען אַמעריקע ווו קרובים פון ביידע זײַטן פון דער משפּחה, פון די ערשטע שטראָמען פון דער מאַסן־עמיגראַציע, זענען געווען גרייט אונדז אויפצונעמען. מיט איר כאַראַקטעריסטישער דעצידירטקייט האָט מײַן מאַמע זיך גענומען לערנען ענגליש. פאַרן גיין שלאָפן פלעגט זי מיר לייענען אויפן קול „האָקלעבעררי פין" און פון „דוד קאָפּערפילד", איבער־זעצנדיק אויסצוגן אויף ייִדיש אָדער פּויליש. איך געדענק, ווי כ'האָב אַ מאָל ניט געקאָנט זיך באַהערשן פון וויינען בײַ אַ באַזונדערש רירנדיקער סצענע פון בוך „דאָס געצעלט פון אָנקל טאָם". זי פלעגט רעדן וועגן דעם, וואָס אונדזער דערוואַרט אין דער נײַער וועלט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען זיכער, אַז איך אַ געוויסן טאָג וועלן מיר דאָרטן זײַן, און די פראַזע „גאָט בענטש אַמעריקע" איז אָפט געווען אויף אירע ליפּן.

די מאַמע איז געווען אַ שיינע, שטאַלטנע, מאָדערנע פרוי, מיט ביבלישע פּנים־שטריכן און פול מיט לעבן. זי איז אויך געווען אַן אויסגעצייכנטע שיסערין פון אַ ביקס, און כ'האָב געזען ווי זי טרעפט מיט גרויס פּרעציזקייט אין אַ פּושקע שוועבעלעך פון אַן אומגלייבלעך ווײַטער דיסטאַנץ. זי האָט געהאַלטן, אַז איך בין פעיִק צו מוזיק, און געוואָלט כ'זאָל ווערן אַ פידל־

שפּילער. כ׳האָב ליב געהאַט צו הערן זי זינגען רוסישע וויגלידער פאַר מײַן שוועסטערל, פריידל, און לידער פון די קלאַנגפילמען מיט די סטאַרן זשאַנעט מאַקדאָנאַלד און נעלסאָן עדי. די מעלאָדיעס קלינגען אין מײַנע אויערן ביזן הײַנטיקן טאָג און זענען אויף ניט אָפּצומעקן אײַנגעקאַרבט אינעם בילד פון מײַן גליקלעכער קינדהייט.

מײַן טאַטע האָט ניט געוואָלט הערן וועגן פאַרלאָזן פוילן. דער געדאַנק צו ווערן אַ פּליט אין אַ פרעמד לאַנד איז אים ניט געווען צום האַרצן. ביאַ־ליסטאָק איז געווען די היים פון זײַן משפחה זינט דורות. זײַן טאַטע, לייב פּיסאַר, אַן אויסערגעוויינטלעכער מענטש, ווי כ׳האָב געלייענט נאָך דער מלחמה אין דער ניו־יאָרקער יידישער פּרעסע, איז געווען פאַררעכנט אין ביאַליסטאָק פאַר אַ קלוגן מענטש און אַ זײַל פון דער קהילה.

אין בלוטיקן פּאָגראָם פון 1906, ווען די שטאָט איז נאָך געווען אַ טייל פון דער צאַרישער אימפּעריע, האָט ער געראַטעוועט יידן, אַ דאַנק זײַן פרײַנד־שאַפט מיטן בישאָף פון אָרטיקן רוסיש־אָרטאָדאָקסישן קלויסטער. מײַן זיידע איז געשטאָרבן ווען איך בין נאָך געווען צו יונג אים צו געדענקען. כ׳האָב אָבער געהערט זייער אַ סך וועגן אים פון אונדזער הויזוועכטער, אַנטאָן — זײַנעם אַן איינצײַטלער. אַנטאָן, וועמען מיר האָבן גערופן מיט ליבע אַנטאָנושקאַ, און זײַן ווײַב, אַנטאָנאָוונאַ, זענען געווען אַן אַלטע רוסישע פּאָר. זיי האָבן געהאַקט האָלץ, פאַרקערט דעם הויף, באַאַרבעט דעם גאָרטן און געטאָן אַנדערע אַרבעטן פאַר דער משפחה. זיי האָבן געהאָלפן האָדעווען מײַן פאָטער און זײַן עלטערן ברודער, שמואל, און זענען געווען צו מיר ווי זיידע־באָבע.

מײַן פעטער, שמואל פּיסאַר, וואָס איז געשטאָרבן איידער איך בין געבוירן געוואָרן, איז געווען באַוווּסט מיט זײַן אויסערגעוויינטלעכן כּוח. ווען דער צירק האָט גאַסטראָלירט אין שטאָט, פלעגט אַ „באָרעץ״ — אַ גיבור — צודריקן ביידע הענט צו זײַן קאָפּ און אַרויסרופן זעקס מענטשן פון עולם, וואָס זאָלן זיי אָוועקנעמען. דרײַ מענער פון יעדער זײַט פלעגן דאָס פּרובירן טאָן און ניט געקאָנט. אַן אויסרוף פלעגט דעמאָלט קומען פון עולם: „שמואל, שמואל!״. מײַן פעטער איז געווען אַ שעמעוודיקער, אָבער צײַטנווײַז פלעגט ער מסכּים זײַן זיך צו פאַרמעסטן מיטן שטאַרקן מאַן און אים אָוועק־

לייגן אויפן דיל. דאָס איז, וויניקסטנס, די דערציילונג וואָס כ׳האָב געהערט. ייִדן אין מיזרח־אייראָפּע האָבן פאַרגעטערט אַזעלכע גברן, קוקנדיק אויף זיי ווי אויף פאַרטיידיקערס אין אַ מאָמענט פון סכּנה.

מײַן טאַטע איז געווען באַוווּסט מער מיט זײַן געשיקטקייט ווי מיט זײַן פיזישן כּוח. אים האָט מען באַטראַכט ווי אַ פאַרטיידיקער אין זײַן אינטע־לעקטועלן זכות, און דאָס האָט אים באַשווערט זיך אָפּצורײַסן פון דער ייִדישער קהילה און אָנהייבן אַ נײַ לעבן ערגעץ אַנדערש ווּ. אויסער דעם, האָט ער געהאַט פאַרמעגן. ער און זײַנע דריי עלטערע שוועסטער האָבן געירשנט עטלעכע הײַזער, אין דעם, אַ גרויסן צוויי־עטאַזשיקן בנין, באַקאַנט אונטערן נאָמען „פיסאַרס זאַל״, וואָס איז געווען אַ שטאָטצענטער פאַר קאָנצערטן, לעקציעס, התוועדות און אַנדערע עפנטלעכע אונטערנעמונגען. דער פאָטער האָט אויך אָנגעהויבן די ערשטע שטאָטישע טאַקסי־באַדינונג, מיט אַ „רענאָ״ און אַ שעווראָלעט״. זײַן אייגענער אויטאָ, אַן אָפּענער „פאָרד״, איז געווען איינער פון די ערשטע אין ביאַליסטאָק. ער האָט זײַן מאַשין געהאַלטן מיט ליבע אין אַ הילצערנעם בײַדל אויף אונדזער אָפּגעצוימטן ריזיקן הויף, ווּ מײַנע מומעס, זייערע פילצאָליקע קינדער און אייניקלעך האָבן אויך געהאַט זייערע היימען, און ווּ מײַנע חברים און איך האָבן נאָך די לימודים געשפּילט זיך אין קאָובאָיען און אינדיאַנערס.

מײַן טאַטע איז געווען אַ הויכער, געלאַסענער מענטש, וועמענס ניכ־טערער שׂכל און קאָנטראָל איבער זיך זענען געווען אין קאָנטראַסט צו דער מאַמעס ראָמאַנטיש־עקספּאַנסיוון טעמפּעראַמענט. ער האָט ליב געהאַט זיך צו באַשעפטיקן מיט מאָטאָרן פון אויטאָס און מאָטאָציקלען — אַ נייגונג, אַנטוויקלט אין דער צײַט פון זײַן מיליטער־דינסט. איך געדענק, ווי כ׳פלעג אים באַוווּנדערן אין זײַן פּוילישער אַרמיי־אוניפאָרעם, מיט זײַן לאַנגער שווערד, ווען ער פלעגט אַוועקגיין אויף רעזערוו־דינסט אין דער צײַט פון אינטענסיווע צוגרייטונגען קעגן דער סכּנה פון אַן אָנגריף מצד נאַצי־דײַטש־לאַנד. איך געדענק אויך, ווי ער האָט מיך פאַרווײַלט מיט זײַנע קונצן אויף אַ וועלאָסיפּעד, פאָרנדיק אויף הינטערוויײַלעכץ אָדער אויף איין ראָד. זײַן געשיקטקייט מיט שפּילקאָרטן וואָס ער האָט געלערנט פון קאָזאַקישע רײַ־טערס, וואָס זענען אײַנגעשטאַנען אין אונדזער גרויסן הויף, האָט מיך ממש

פֿאַרכּישופֿט. כ׳פֿלעג אים אָבסערווירן שעהען גאַנצע, ווען ער האָט געשפּילט פּאָקער מיט זײַנע חברים, שטענדיק געווינענדיק ריזיקע הויפֿנס דײַטשישע, עסטרײַכישע און רוסישע באַנקנאָטן, וואָס האָבן נאָך דער אינפֿלאַציע אין גאַנצן פֿאַרלאָרן זייער ווערט. כ׳האָב אים אָפֿט געבעטן אויסלערנען מיך עטלעכע קונצשטיק. „אפֿשר שפּעטער״, פֿלעגט ער אַלץ זאָגן. „איך קען נאָך ניט דײַן כאַראַקטער, דו קאָנסט נאָך אַ מאָל זײַן גענייגט צו ניצן די קונצשטיק, שפּילנדיק מיט אמתן געלט. כ׳וועל דיך אויסלערנען, ווען איך וועל דיך בעסער קענען.״

ער איז געווען גאַנץ שטרענג צו מיר אָבער זעלטן געניצט די רוט. די שטראָף וואָס כ׳האָב באַזונדערש פֿײַנט געהאַט, איז געווען ווען ער פֿלעגט מיר נעמען זאָגן מוסר, נאָך דעם ווי מײַן שוועסטער פֿריידל האָט זיך באַ־קלאָגט, אַז איך האָב זי געריסן פֿאַר די צעפּלעך, אָדער ווען ער האָט מיך געכאַפּט רייכערן סיגאַרעטן־ענדן אין באָדצימער.

איין אָוונט האָט ער מיך געשיקט אַ גאַנג צו אַ שכן און אויסגעפֿונען, אַז כ׳האָב זיך געשראָקן פֿאַר דער פֿינצטערניש. ער האָט מיך גלײַך גענומען צום סאַמע ברעג פֿון גאָרטן און געהייסן אַליין געפֿינען דעם וועג אַהיים. ווען כ׳בין אַוועק, אַן אויפֿגעציטערטער, האָב איך כּסדר געשריִען: „פּאַפּאַ, ביסטו נאָך אַלץ דאָ? פּאַפּאַ, ביסטו נאָך אַלץ דאָ?״. ער האָט נישט געענטפֿערט. ווען איך בין אָנגעקומען אין שטוב, איז ער שוין דאָרטן געווען. ער האָט מיר געגלעט דעם קאָפּ און געזאָגט: „דו זעסט, מוליע, ניטאָ קיין שדים אין דער פֿינצטערניש״.

מײַנע עלטערן, ווי איך זע עס אַצינד, האָבן פֿערזאָניפֿיצירט די צוויי קעגנזעצלעכע שטריכן אין דער געשיכטע פֿון ביאַליסטאָק, זינט דער פּוי־לישער גראַף בראַניצקי האָט, אין זיבעצטן יאָרהונדערט, פֿאַרבעטן ייִדן צו קומען אין זײַן דאָרף אויפֿן טײַך ביאַלי צו בויען אַ גרויסע, בליִענדיקע שטאָט. ווען די אַרמייען פֿון דעם קייזערס דײַטשלאַנד, דעם צאַרס רוסלאַנד און נאַפּאָלעאָנס פֿראַנקרײַך האָבן געמאַרשירט אַהין און צוריק איבער דער מאַפּע פֿון פּוילן, איז דער ערשטער אינסטינקט, וואָס האָט זיך אויפֿגעוועקט אין די צײַטן פֿון דעפּרעסיע און פּאָגראָמען, געווען — זיך אַרויסרײַסן צו אַ פֿרײַערן און מער זיכערן לעבן ערגעץ אַנדערש ווו. הײַנט געפֿינען זיך, אין

ניו־יאָרק, לאָנדאָן, פּאַריז, מעלבורן, בוענאָס־איירעס, תּל־אָביב און אַנדערע שטעט, וויכטיקע קהילות וועלכע ציִען זייער ייִחוס פון די, וואָס האָבן עמיג־רירט פון ביאַליסטאָק אין סוף פון נײַנצעטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט. די מענטשן האָבן געגעבן אַן אינטערנאַציאָנאַל־אָנערקענטן בײַ־שטײַער, אויסער יעדער פּראָפּאָרץ צו דער גרייס פון זייער אָפּשטאַמשטאָט. פון ביאַליסטאָק האָט עס ד״ר לודוויג זאַמענהאָף געבראַכט זײַן אוניווערסאַלע שפּראַך, עספּעראַנטאָ; מאַקסים ליטווינאָוו, וואָס איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען סאָוועטישער אויסערן־מיניסטער, איז דאָרטן געבוירן געוואָרן. יגאל ידין, דער וועלט־באַרימטער אַרכעאָלאָג וואָס איז געווען גענעראַל־שטאַב־שעף פון דער ישׂראל־אַרמיי אין די ערשטע יאָרן פון איר אויפקום; ד״ר אַלבערט סייבין, דערפינדער פון דער איניעקציע דורכן מויל קעגן פּאָליאָ און לאָרד פּישער פון קאַמדען, פּרעזידענט פון דער ייִדישער קהילה פון די ענגלישע ייִדן — אַלע ציִען זיי זייער אָפּשטאַם פון דער בליִענדיקער שטאָט. די רשימה איז לאַנג און די „חברותא״ — וועלטבאַרימט.

אין הײַנטיקן ניו־יאָרק האָבן טויזנטער קינדער — שוואַרצע, פּוערטאָ־ריקאַנער, איטאַליענער און אירישע לויטן אָפּשטאַם — הנאה פון אַ געשמאַקן מאכל, וואָס זיי קריגן בײַ טראָטואַר־פּאַרקויפערס; וויפל פון זיי וויסן, פון וואַנען עס שטאַמט דאָס קוכעלע וואָס האָט אַלע טעמים, וועלכן זיי רופן „ביאַלי״?

דער ייִדישער טייל פון דער שטאָט, וואָס איז אַ מאָל געווען באַקאַנט מיט זײַן גאָלדן האַרץ, איז הײַנט ניט מער ווי אַ בית־עולם אָן מצבות.

דער צווייטער שטריך וואָס האָט כאַראַקטעריזירט ביאַליסטאָק און אונ־טערגעשטיצט מײַן טאַטנס אָפּזאָג צו עמיגרירן, איז געווען דער ווילן אויס־צוהאַלטן דעם קלעם, ביז עס וועלן קומען בעסערע צײַטן. אָן דער דאָזיקער אַנטשלאָסנקייט וואָלט די שטאָט ניט געקאָנט זיך אַנטוויקלען, ווי איינע פון די פּראַכטפולע קהילות פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום. נאָך 1919, ווען פּוילן האָט צוריקגעוווּנען איר אומאָפּהענגיקייט, איז די קללה פון אָפיציעלן אַנטיסע־מיטיזם געוואָרן שוואַכער און די פּערספּעקטיוו פאַר די ייִדישע קהילות אין דער נײַער מדינה האָט אויסגעזען צו זײַן אַ בעסערע. האָט מען דאָס אַלץ געדאַרפט פאַרלאָזן? דוד פּיסאַר איז ניט געווען אַ מענטש, וואָס גייט אָפּ

אין אַ זײַט וועגן מ׳ווערט אָנגעגריפן. ער האָט זיך געוואַקלט, איז ניט אַרײַנ־געפאַלן אין קיין פּאַניק, האָט ניכטער אָפּגעשאַצט די סימנים פון דער סכּנה און דעבאַטירט איבער דעם, צי די דײַטשן וועלן זיך דערוועגן אָנפאַלן אויף פּוילן, ריזיקירנדיק מיט אַ מלחמה מיט פּוילנס מערבֿדיקע פאַרבינדעטע — ענגלאַנד און פראַנקרײַך. ער האָט אָפּגעוואַרט צו זען, צי דער שוואַרצער וואָלקן אויפן האָריזאָנט וועט זיך פונאַנדערגיין.

דער שעף פון פּוילנס גענעראַל־שטאַב האָט געהאַט געמאָלדן, אַז די פאַרטיידיקונג פון דער מדינה איז אַזוי אומדורכדרינגלעך, ווי די מאַזשינאָ־ליניע. נעוויל טשעמבערליין און עדוואַרד דאַלאַדיע האָבן מודיע געווען דער וועלט, אַז נאָך דעם מינכען־פּאַקט מיט היטלערן איז פאַרזיכערט אַ גענעראַציע פון שלום. האָט ער, אַ געוויינטלעכער בירגער, געקאָנט וויסן בעסער פון די הויך־געשטעלטע און געניטע מלוכה־לײַט?

אויגוסט 1939. פריידעלע וועט קומענדיקן חודש אָנהייבן גיין אין שול. מוליענקע האָט אַ סך געלערנט במשך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. ס׳איז צײַט פאַר אַ רויִקער משפּחה־וואַקאַציע אויף דער פּראָווינץ.

*

יענע גורלדיקע דיסקוסיעס אין הויז פון מײַנע עלטערן האָבן ווידער אויפגעלעבט אין מײַן זכּרון פיר צענדליק יאָר שפּעטער, ווען אַ פאַרמעגלע־כער און חשובֿער פראַנצייזישער געשעפטס־מאַן האָט מיך געבעטן זיך מיט אים צו באַגעגענען מכּוח געשעפטלעכע ענינים. ער האָט גערעדט באַריכות וועגן דער באַומרויִקנדיקער סיטואַציע אין אייראָפּע. „אונדזערע דעמאָ־קראַטיעס זענען באַדראָט פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק", האָט ער געזאָגט. „מײַן אַחריות לגבי מײַן משפּחה צווינגט מיך אָנצונעמען געוויסע אַסעקוראַציע־מיטלען. כ׳האָב געמאַכט אַ פאַרגרעסערטע פאַרזיכערונג פון מײַן לעבן, פון מײַן געזונט, פון מײַן היים און אויטאָ. די איינציקע זאַך וואָס איך קאָן ניט פאַרזיכערן, איז מײַן פרײַהייט און די רויִקייט פון מײַן געמיט. צי קאָנט איר מיר העלפן צו באַקומען אַ פּערמאַנענטע וויזע, אַזוי, אַז מײַן משפּחה און איך זאָלן קאָנען צו יעדער רגע אַרײַנקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן? כ׳וואָלט וועלן זײַן זיכער, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה, אַן איבער־

קערעניש, אַ פאַרפאַלגונג, אָדער גאָט ווייסט וואָס, זאָלן מיר קאָנען נעמען דעם לעצטן עראָפּלאַן אָדער די לעצטע שיף.״

שוין אַ לענגערע צײַט, ווי פאַרמעגלעכע אייראָפּעער, אַ סך פון זיי — ייִדן, באַראָטן זיך מיט אַדוואָקאַטן אין מײַנע יוריסטישע ביוראָען אין ניו־יאָרק און פּאַריז, ווי אַזוי זאָלן זיי אײַנאָרדענען זייערע געשעפטן צו קאָנען שטיין מיט איין פוס אויף יענער זײַט פון אַטלאַנטיק. אַפילו די מעגלעכקייט פון דאַרפן צאָלן הויכע אַמעריקאַנער שטייערן, ווי דער דין איז פאַר פרעמדע בירגערס, האָט זיי ניט אָפּגעשראָקן.

אין דעם פאַל האָב איך זיך אַנטקעגנגעשטעלט מיט תּקיפות. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז ער טרײַבט איבער די סכּנה פון אַ סאָוועטישן מיליטערישן אַנגריף, אָדער אַ קאָמוניסטישן פאַרכאַפּן די מאַכט פון אינעווייניק, אָדער אַן אויפ־לעבונג פון פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם; אַז אויפגעבן יעדע אַחריות פאַר דער צוקונפט פון זײַן מדינה מיינט צו דערמוטיקן דאָס אַלץ, פאַר וואָס ער ציטערט. „געשיכטע דאַרף ניט אומפאַרמײַדלעך זיך איבערחזרן,״ האָב איך צוגעגעבן. „און ווען אַפילו די סכּנות זענען דאָ, איז אַנטלויפן פון זיי ניט קיין לייזונג.״

„קלערט עס איבער,״ מײַן הער. „אַמעריקע איז הײַנט ניט זיכערער, ווי יעדער אַנדער קאָנטינענט. ביז איצט האָט זי אויסגעמיטן דעם גורל פון מלחמה אויף איר ערד. אָבער אַפילו דער אַטלאַנטיק און דער פּאַציפיק קאָנען זי ניט מער שיצן קעגן דער טעכנאָלאָגיע פון אַ מאָדערנער מלחמה, און וואָס שייך עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אויפטרייסלונגען אין לעצטן צענדליק יאָר, מיטן פאַלן פון דאָלאַר און דעם אויפשטאַנד פון די יונגע, האָט עס געוויזן, אַז אַזעלכע זאַכן קאָנען געשען אין אַמעריקע אויך.״

מיט אַ מאָל האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן. אַ מאַן איז געקומען זיך באַראָטן, ווי אַזוי צו אַנטלויפן, און איך האָב אים גאָר געזאָגט מוסר.

נאָך דער באַגעגעניש האָב איך זיך ניט געקאָנט באַפרײַען פון אַ שווער אומרו־געפיל: זײַנע קינדער האָבן זיך איצט צוגעהערט צו די זעלבע באַומ־רויִקנדיקע שמועסן, וועלכע איך האָב געהערט בײַם עסטיש מיט פערציק יאָר צוריק. וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך געהאַט אים צו זאָגן, אַז וואָס ס׳איז געשען, קאָן מער ניט געשען, אַפילו אויב כ׳האָב געהאַלטן אַז זײַן ווענדונג

צו מיר איז געווען ניט־רעאַליסטיש און דיקטירט פון אַ פּאַניק־שטימונג; ספּעציעל איך, ווען מען גאַנצע משפּחה האָט פאַרשפּעטיקט דעם לעצטן עראָ־פּלאַן, די לעצטע שיף?

אָט דער געוויינטלעכער פאַל וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פּונקט פערציק יאָר נאָך דעם פאַרראַט פון מינכען, וואָס האָט צוגעזאָגט אַ דור פון שלום, האָט מיר דערמעגלעכט טיפער איינצוזען די נייע פּחדים, וואָס מאַטערן די מוחות פון מיושבדיקע מענטשן, מערער, ווי די סאַמע איבערגעקליגלטע פּאָליטישע טעאָריעס. דאָס האָט באַשטעטיקט אַן אַנדער איבערלעבונג, וואָס כ'האָב געהאַט מיט עטלעכע טעג צוריק.

כ'בין פּונקט געווען צוריקגעקומען פון מעקסיקע, ווו פאַר אַן אוידיטאָריע פון עטלעכע הונדערט פאַרוואַלטערס פון די גרעסטע בענק אין דער וועלט, האָב איך דעבאַטירט מיט הענרי קיסינדזשער וועגן דער פאַרערגערטער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע — אַ דעבאַטע וואָס כ'האָב ניט אָנגענומען אָן אַ ציטער. דער צוועק פון דער דעבאַטע איז געווען פון פאַרשיידענע שטאַנד־פּונקטן צו אַנאַליזירן פאַר אַ פלעיאַדע פינאַנסיעלע אָנפירערס, וואָס צוזאַמען קאָנטראָלירן זיי איבער צוויי דריטל פון די טאָטאַלע געלט־דעפּאָזיטן אין דער וועלט — די אַלץ מער געפערלעך ווערנדיקע אינטערנאַציאָנאַלע באַ־דינגונגען, אין וועלכע זיי וועלן איצט דאַרפן קאַלקולירן זייערע אינוועס־טיציעס און אָננעמען באַשלוסן.

ווען דייוויד ראָקפעלער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דער אוידיענץ, האָט ער געמאַכט, צו מיין איבעראַשונג אַן אַלוזיע ניט נאָר אויף די ביאָ־גראַפישע פאַקטן פון מיין ניינעם לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר אויך אויף מיין אוישוויץ־הינטערגרונט און ווייל קיסינדזשער און איך זענען געווען עמיגראַנטן פון פאַרפאָלגונג, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער וויל אָנווייזן, אַז מיר זענען עכטע אַמעריקאַנער אין דעם טראַדיציאָנעלסטן זינען.

קיסינדזשער און איך האָבן זיכער עפּעס געוווסט וועגן רדיפות און וועגן דער טראַגישער זייט פון דער געשיכטע, וואָס דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער, הי געבוירענער, האָט ניט געוווסט. אונדזער קוק אויף דער צוקונפט איז געווען באַפאַרבן דורך עפּעס מער ווי דאָס, וואָס מיר האָבן ביידע געהאַט געלערנט פון אונדזערע שטודיעס און פאָרשונגען אין האַרוואַרד,

אָדער פון אונדזער פּראַקטיק אין וואַשינגטאָן — מײַן פּראַקטיק, פאַרשטייט זיך,
אויף אַ ניווא וועלכן מען קאָן ניט פאַרגלײַכן מיט זײַנעם. אָבער אין מעקסיקע
בין איך געווען דערשטוינט דערפון, וואָס מײַן גלאָבאַלער איבערבליק האָט
גענומען ווערן אַנדערש ווי זײַנער. ער האָט געזען די וועלט אין קלאַסישע
געאָפּאָליטישע באַגריפן און כוחות־פאַרהעלטענישן. איך האָב מער אַכט
געלייגט אויף די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און הומאַניטאַרע פּראָבלעמען, וואָס
פּרעסן דעם מערב פון אינעווייניק: אָפּהענגיקייט פון ענערגיע־מקורות, אינ־
פלאַציע, אַרבעטסלאָזיקייט, פאַרקלענערונג פון פּראָדוקציע, דאָס פאַלן פון
דאָלאַר. ער האָט אונטערגעשטראָכן רוסלאַנדס וואַקסנדיקן מיליטערישן כוח.
איך האָב אָבער געפילט, אַז ער האָט ניט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט רוסלאַנדס
קאַרדינאַלע שוואַכקייטן: די אומפעיִקייט צו שפּײַזן איר פאָלק, די הינטער־
שטעליקייט פון איר ציווילער אינדוסטריע און טעכנאָלאָגיע, די גרייס פון
דעם חוב אירן אין האַרטער וואַלוטע, די אומצופרידנקייט פון אירע קאָנסו־
מענטן, אינטעלעקטואַלן און עטנישע גרופּעס, די ספקדיקע לאָיאַלקייט פון
אירע סאַטעליטן. ער האָט געגעבן אַן איבערוועגנדיקע פּריאָריטעט די פאַר־
טיידיקונגס־בודזשעטן פון אַמעריקע און נאַטאָ. כ'בין מסכּים געווען מיט
זײַן שטאַנדפּונקט, אַז מיר מוזן שטיין אויף דער וואַך און זײַן שטאַרק, כּדי
צו זײַן זיכער. אָבער אויטענטישע קראַפט איז אַ מער קאָמפּליצירטער, אַ מער
סובטעלער ענין ווי אַ פאַרבײַגייענדיקער געיעג נאָך מיליטערישער איבער־
מאַכט. איך האָב געהאַלטן, אַז זיכערקייט קאָן ניט ווערן געמאָסטן נאָר מיט
געווער, און אַז אונדזער פרײַהייט און זיכערקייט זענען פּונקט אַזוי געווען
באַדראָט דורך אינערלעכע שוואַכקייטן און דורך דער דעזאָרגאַניזאַציע פון
אונדזערע אַליאַנסן און אונדזער עקאָנאָמיע, ווי דורך פּאָטענציעלע אויס־
לענדישע שונאים. קיין פאָלק, אַפילו ניט די פאַראייניקטע שטאַטן אָדער דער
סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט ניט די מיטלען אומענדלעך צו קעמפן אויף צוויי
פראָנטן, אָן אָפּצוגיין מיט בלוט: כּסדר גרייטן אַלץ טײַערער ווערנדיקע
מיליטערישע אַרסענאַלן און צו גלײַך אָנווענדן די נייטיקע רעסורסן צו לייזן
די ברענענדיקע פּראָבלעמען אין דער היים און צו פאַרמינערן די דחקות
און דעם גרימצאָרן אין דער דריטער וועלט. און אויב אַפילו איין צד זאָל זיך
אײַנגעבן צו באַקומען אַ טאָטאַלן איבערוואָג אינעם געווער־געיעג, אָדער

אין אַרויסרופן אינטערנאַציאָנאַלע אויפברויזן, אומדערטרעגלעכע פאַרן צווייטן צד, — קאָן נאָך אַלץ דער אַנדערער פראָנט זיך צוזאַמענברעכן און אַרײַנ־ברענגען אונדז אַלעמען אין אַ וועלט פון לאַגערן און גולאַגס.

פאַרן גרויסן חורבן האָט העברי קיסינדזשער געהאַט מזל — ער און זײַן משפחה האָבן באַוויזן צו נעמען די לעצטע שיף, איידער די שטאָק פינצטערע נאַכט האָט פאַרכאַפּט מײַן משפחה און מיך. זײַן פאָטער האָט ריכטיק אָפּגע־שאַצט די לאַגע. מײַנער — ניט. אָבער הײַנט זענען ניטאָ קיין „זיכערע פּלעצער״, וווּ מען קאָן זיך ראַטעווען: דער קאַמף פאַרן קיום מוז זיך אָנהייבן אין דער היים.

*

ערב דעם דײַטשישן אָנגריף אויף פּוילן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן גאַזמאַסקעס פאַר אַלע קינדער פון אונדזער געגנט, און מ׳האָט אונדז טעגלעך אײַנגעלערנט, ווי זיך אויפצופירן בעת אַ לופטאָנגריף. אָבער ווען די ערשטע באָמבעס האָבן צעשטערט די ביאַליסטאָקער באַנסטאַציע, האָט מען די סירענעס, וואָס האָבן אַזוי אָפּט געוויינט אין דער צײַט פון אונדזערע געני־טונגען, אַפילו ניט געהערט, און מיר זענען קיין מאָל ניט אַראָפּ אין די שוצקעלערן. דער טאַטע איז מאָביליזירט געוואָרן צווישן די ערשטע און צוליב זײַן באַהאַוונטקייט אין אויטאָס, האָט מען אים איבערגעשיקט אין גענעראַל־שטאַב. אין דער בהלה, ווען די עלעגאַנטע פּוילישע קאַוואַלעריע האָט זיך געוואָרפן קעגן דײַטשישע פּאַנצער־דיוויזיעס, און די נאַציס האָבן פאַרנומען דאָס לאַנד אין געציילטע טעג, האָט ער באַוויזן אַריבערצופעקלען עטלעכע גענעראַלן איבער דער גרענעץ קיין ליטע — אַן אויפטו פאַר וועלכן ער האָט באַקומען אַ מעדאַל פאַר מיליטערישער דרייסטקייט. דערנאָך איז ער געקומען צוריק אַהיים. עס זענען אַרײַן די רוסן. אין דער צעטיילונג פון פּוילן לויטן שטילן אָפּמאַך צווישן היטלערן און סטאַלינען, איז די ביאַ־ליסטאָקער געגנט באַשטימט געוואָרן פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד און די רויטע אַרמיי האָט אַרײַנגעמאַרשירט צו נעמען איר חלק אינעם מלחמה־רויב. וואָס כ׳האָב דעמאָלט געזען, האָט שוין די וועלט שפּעטער געזען זיך אָפּשפּילן אין בודאַפּעשט, אין פּראָג, אין קאַבול. אַפילו אַזוי האָבן די פּיסאַרס געהאַט מזל, און מיר האָט ניט געאַרט. וואָס כ׳האָב געדאַרפט אָפּגעבן מײַן שלאָף־

צימער פֿאַר אַ משפּחה פֿון ייִדישע פּליטים פֿון וואַרשע, וואָס איז געווען אַנטלאָפֿן פֿון דער נאַצישער בעסטיאַלישקייט.

כּמעט צוויי יאָר האָבן מיר געלעבט אונטער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע. דערנאָך, דעם 22סטן יוני 1941, איז דאָס שלעכטע פֿאַרביטן געוואָרן אויף דאָס ערגסטע. פֿון דער העלער הויט איז געקומען דער דונער־געקנאַל פֿון דײַטשלאַנדס אָנגריף אויף רוסלאַנד. די רויטע אַרמיי, וואָס מען האָט גע־האַלטן, אַז מען קאָן זי ניט באַזיגן, איז זיך צעפֿאַלן אונטערן שטורעם פֿון דריטן רײַך, און צוליב דעם פֿאַרראַט, אומבאַהאָוונטקייט און גלײַכגילטיקייט צו דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע — פֿון אינעווייניק. כ׳האָב אָבסערווירט דעם עקלדיקן ספּעקטאַקל, ווי אַ ייִנגל, און צו דער דאָזיקער איבערלעבונג וועל איך זיך נאָך צוריקקערן.

די נאַצישע שטורעם־אַרמייען וואָס זענען אַרײַן אין ביאַליסטאָק, האָבן ניט פֿאַרלוירן קיין צײַט, כּדי צו רעאַליזירן דעם פּירערס ראַסיסטישע פּלענער. דעם ערשטן פֿרײַטיק פֿון דער אָקופּאַציע האָט מען איבער טויזנט ייִדן פֿאַר־שפּאַרט אין דער גרויסער שול, וואָס איז דערנאָך אונטערגעצונדן געוואָרן. דעם קומענדיקן שבת, נאָך אַ דורכגעפֿירטער זוכונג פֿון הויז צו הויז, זענען הונדערטער געזונטע און שטאַרקע מענטשן, צווישן זיי מײַנע קוזינס יצחק, גרישע און פּראַל צונויפֿגענומען געוואָרן. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין אַ ריי אויף אַ פֿעלד און דערשאָסן. דאָס איז געווען דער אָנהייב. האָבנדיק אײַנגעפֿירט די טעראָר־הערשאַפֿט, האָט די נאַצישע אָנפֿירונג אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז אַלע ייִדן זאָלן אַריבערגיין אין אַ באַשטימטן טייל פֿון אַן אָרעמקייט־קוואַרטאַל פֿון דער שטאָט, און די ניט־ייִדישע אײַנוווינערס פֿון דאָזיקן קוואַרטאַל זאָלן אַריבערגיין אין די פֿאַרלאָזענע ייִדישע היימען. דער באַפֿעל האָט געדאַרפֿט אויסגעפֿירט ווערן אין פֿיר און צוואַנציק שעה.

מיט אונדזערע פּעקלעך האָבן מיר זיך פֿאַרזאַמלט אין אונדזער אויפֿנעם־צימער. מײַן טאַטע, די מאַמע, מײַן שוועסטער, וואָס איז דעמאָלט געווען אַכט יאָר אַלט; מײַן מאַמעס ייִנגסטער ברודער, מעמל; מײַן באָבע, וואָס האָט געהאָפֿט זיך צו פֿאַראייניקן מיט אירע צוויי אַנדערע זין אין אויסטראַליע און פֿאַר איר זענען שוין געווען אָנגעקומען רײַזע־דאָקומענטן, צום באַדויערן צו שפּעט; און איך, צוועלף יאָר אַלט. דאָס איז איצט געווען די נאָענטסטע

משפחה. מײַן פֿאָטערס עלטערן זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

ס'איז געווען אַ הייסער זומערטאָג, אָבער דער טאַטע האָט געמאַכט אַ גרויסן פֿײַער אין קאַמין און גענומען וואַרפֿן אין אים די אונדז טײַערע חפצים — אָנדענקונגען, פֿאָטאָגראַפֿיעס, בריוו, משפחה־דאָקומענטן, זאַכן, וואָס מיר האָבן ניט געקאָנט נעמען מיט זיך און ניט געוואָלט זיי זאָלן אַרײַנ־פֿאַלן אין פֿרעמדע הענט. מיר זענען געשטאַנען אין אַ האַלבן קרײַז אַרום קאַמין, דער טאַטע, אָנגעטאָן אין אַ ווינטער־אַנצוג פֿון כאַקי, מיט אַ דיקן לעדערנעם פּאַס און הויכע רײַט־שטיוול. זײַן ענלעכקייט צו גאַרי קופּער, צוליב וואָס מײַן מאַמע פֿלעגט זיך שטענדיק רייצן מיט אים, איז געווען איצט קענטיקער ווי שטענדיק. דער געלער מגן־דוד וועלכן מיר האָבן געמוזט טראָגן אויף אונדזערע ברוסטן, האָט אים געמאַכט נאָך מער אויסזען ווי אַ שעריף פֿון אַמעריקאַנער ווײַטן מערב. „מיר לעבן אונדזערע לעצטע מינוטן אין אונדזער היים," האָט ער געזאָגט. „מיר ווייסן ניט ווען מיר וועלן צוריק־קומען. מיר ווייסן ניט ווער ס'וועט זיך דאָ אַרײַנקלײַבן נאָך אונדזער אַוועקגיין. יעדערער פֿון אונדז מעג טראָגן איין פּעקל. דאָס מיינט, אַז מיר קאָנען נעמען די סאַמע נייטיקסטע זאַכן, נאָר דאָס וואָס וועט אונדז העלפֿן זיך צו דערהאַלטן בײַם לעבן. אַלע איבעריקע זאַכן מוזן מיר איבערלאָזן."

„אָבער פּאַפּאַ," האָב איך פּראָטעסטירט. „און מײַן וועלאָסיפּעד? און מײַנע גליטשערס? און מײַן קאָלעקציע מאַרקעס? און מײַן..."

„וועלאָסיפּעדן זענען ניט דערלויבט. דײַנע גליטשערס וועלן זײַן אומ־נוציק. וואָס שייך דער קאָלעקציע מאַרקעס, נעם זי מיט. מיר וועלן עס אפֿשר קאָנען אויסבײַטן אויף שפּײַז. אָבער דאָס איז אַלץ."

מעכאַניש, אָן אַ צייכן פֿון עמאָציע, האָט ער געוואָרפֿן אין פֿײַער די זאַכן, איינע נאָך דער אַנדערער. ווען ער איז געקומען צו אַ קליינעם בוקעט פֿון ווײַסע, קינסטלעכע בלומען, וואָס מײַן מאַמע האָט געהאַלטן אין האַנט אין זייער חתונה־טאָג, שטייענדיק לעבן אים אונטער דער חופּה, האָט ער זיך געוואַקלט.

„דער בוקעט..." האָט ער אָנגעהויבן, און זײַן שטים האָט זיך אַ ביסל פֿאַרבראָכן. „יעדנפֿאַלס, אַרײַנוואַרפֿנדיק אים אין די פֿלאַמען, דאָ, אַזוי ווי מיר שטייען אַלע צוזאַמען, פֿאַראייביקן מיר אים. ווען פֿריידעלע וועט חתונה

האָבן," ער האָט געגלעט מײַן שוועסטערס האָר, „וועלן מיר איר געבן אַן אייגענעם בוקעט."

דער בוקעט איז פֿאַרשוווּנדן אינעם פֿײַערפֿלאַם. מײַן מאַמע האָט צוגע־קוקט רויִק און אָן שום אויסדרוק. נאָר די באָבע, געדענק איך, האָט געגעבן אַ שטילן קרעכץ. דער טאַטע האָט אַרויפֿגעלייגט זײַן אָרעם אויף דער מאַמעס אַקסלען.

„העלענאַ," האָט ער געזאָגט (איך געדענק ווי כ׳האָב זיך דערשראָקן פֿון דער פֿײַערלעכקייט, מיט וועלכער ער האָט גענוצט איר פֿולן נאָמען. כ׳האָב שטענדיק געהערט ווי ער רופֿט זי העלאַ), „סאיז צײַט צו גיין."

מיר האָבן אויפֿגעהויבן אונדזערע פּעקלעך און אַרויס פֿון שטוב — דורכן גרויסן הויף מיט זײַן אַלטן ברונעם, וווּ פּויערים וועלכע פֿלעגן ברענגען פּראָדוקטן פֿון די דערפֿער, פֿלעגן אָנטרינקען זייערע פֿערד און פֿאַרבײַ־גייענדיקע ציגײַנער האָבן געשפּילט אויף זייערע באַלאַלײַקעס און טאַמבורן; אַרויס דורכן פּרוכטגאָרטן, וווּ מאַלינעס, קאַרשן און עפּל זענען געוואַקסן בשפֿע. אַרויס אין דער באַטאַנישער גאַס, וווּ מײַן טאַטנס אַנדערע הײַזער זענען געווען. אַנטאָנושקאַ און אַנטאָנאָוונאַ זענען געשטאַנען בײַם טויער. זיי האָבן געוויינט און זיך געצלמט. גייענדיק אַזוי, צוגעדריקט איינער צום אַנדערן, האָבן מיר געזען גרופּעס פֿון פֿאַראָרעמטע מענער, פֿרויען און קינדער מיט וואַליזקעס, טאַשן אָדער רוקזעק. די אַלע גרופּעס האָבן געשאַפֿן אַן אויסגעברייטערטן שטראָם, וואָס האָט זיך געצויגן צו דער וואַנט, אויבן באַצויגן מיט שטעכלדראָטן, וואָס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן לויט אַ באַפֿעל פֿון בערלין, בכדי אָפּצוצוימען די געטאָ. באַמיִענדיק זיך ניט צו קוקן אויף די קוילן־וואַרפֿער־פּאָזיציעס, זענען מיר אַדורך די געטאָ־טויערן אין געטאָ אַרײַן.

*

לכתחילה האָט דאָס לעבן אין געטאָ ניט אויסגעזען צו זײַן אומדער־טרעגלעך. אין אַ הילצערן הײַזל האָט מען אונדז צוגעטיילט אַ קליינעם צימער מיט אַ קיך. איך בין געשלאָפֿן מיט מײַנע עלטערן, פֿריידל מיט דער באָבען, און פּעטער מעמל — אויף אַ טיר, וואָס ער פֿלעגט אַראָפּנעמען פֿון די שאַרנירן בײַ נאַכט און אַרויפֿטאָן צוריק אין דער פֿרי.

איינער פֿון די צוויי פֿענצטער איז אַרויס אויף אַ קליינטשינקן ערד־שטח, ווו מיר האָבן געקאָנט אײַנפֿלאַנצן אַ ביסל גרינס. איך געדענק, ווי כ׳בין געווען געריִרט, קוקנדיק ווי די פֿלאַנצן שפּראָצן אַרויס. די קליינע בלעטעלעך וואָס האָבן זיך אַרויסגעשטופּט פֿון דער בלאָטע, זענען פֿאַר מיר געווען אַן אָנזאָג פֿון לעבן. כ׳האָב נאָך געקאָנט לייענען ביכער, באַזוכן מײַנע פֿריִערדיקע שול־חברים, שפּילן אין פֿוטבאָל, לייזן שאָך־פּראָבלעמען, און ס׳איז געווען בענעק.

בענעק קויפֿמאַן איז געווען אַ ייִנגל פֿון אַן אָרעמער היים, וואָס איז געגאַנגען אין אַ שול מיט אַ קלענערער רעפּוטאַציע. מיר האָבן זיך באַקענט מיט אַ יאָר פֿריִער בײַם שפּילן פֿוטבאָל, ווי מיטגלידער פֿון די שול־מאַנ־שאַפֿטן. אין יענע טעג איז ספּאָרט געווען מײַן לײַדנשאַפֿט און פֿוטבאָל האָט געשאַפֿן אַ קאָנטאַקט צווישן מיר און דעם זייער צוריקגעהאַלטענעם ייִנגל מיט די בלויע אויגן און בלאָנדע האָר. זײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן, ווען ער איז נאָך געווען אַן עופֿעלע. ער האָט מיר אַרויסגעוויזן פֿרײַנדשאַפֿט, און איך האָב אים אויך אָנטקעגנגעטראָגן פֿרײַנדשאַפֿט. בענעק, הגם מיט אַ יאָר עלטער, איז געווען אַ ביסל נידעריקער פֿון מיר, אָבער פֿאַרהאַרטעוועט און היציק. אַן אָנגעהעריקער צו בית״ר, פֿלעגט ער זיך וואַרפֿן אויף יעדן קריסט־לעך ייִנגל, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען.

מײַנע עלטערן האָבן געמאַכט אַלע באַמיִונגען, כּדי אײַנצוהאַלטן אַן ענלעכקייט אויף אַ נאָרמאַלן לעבן. אַזוי ווי אין געטאָ איז קיין שול ניט געווען, האָט אַן אויסגעדאַרטער יונגערמאַן, וואָס האָט געלערנט צו זײַן אַ רבֿ, מסכּים געווען פֿאַר אַ שיסעלע זופּ אַ טאָג מיך צוגרייטן צו מײַן בר־מיצווה און מיך לערנען העברעיִש. ער האָט מיך אויך געלערנט פֿראַנצייזיש. מײַן מאַמעס עלטערן האָבן געהאַט געשיקט זייער זון אלעזר און זייער טאָכטער באַשע צו שטודירן אין פֿראַנקרײַך, און הגם אונדזער וועלט איז געזונקען פֿאַר אונדז אין די אויגן, האָט מען נאָך געהאַט אַזעלכע חלומות, ווי ס׳ווײַזט אויס, אויך פֿאַר מיר.

בענעק, וואָס האָט געלעבט צוזאַמען מיט זײַן מוטער און פֿיר שוועסטער, פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט זיך באַטייליקן אין די לעקציעס. מיר זענען געווען פֿאַרעקשנטע שילערס און דעם נעבעכדיקן רבי איז אָנגעקומען שווער צו

באַוויזן, אַז די וועלט ווערט ווײַטער געפירט אונטער דער השגחה פון אַ גערעכטן גאָט.

דער גרויסער מאַנגל אין אַלץ און די ברוטאַלקייט האָבן געבראַכט צו אַ מאָראַלישער פאַרדאָרבנקייט. צווישן די ערשטע צייכנס פון דעם איז געווען דאָס, וואָס אונדזער גרינס האָט מען געגנבעט בײַ נאַכט און פּונקט דעמאָלט, ווען מ׳האָט עס שוין געקאָנט אָראָפּנעמען. ווינטער 1941 האָט מען שטאַרק געליטן פון הונגער און פון אַ טאָטאַלן פעלן פון הייץ־מאַטעריאַל, עלעקטריע, טראַנספּאָרט־מיטלען און אַפילו פון ניט רעגולערער באַזאָרגונג פון טרינק־וואַסער. הונגער און קעלט האָבן אין גאַנצן צעשטערט דעם גײַסט פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אין איין פרימאָרגן האָבן מיר זיך אויפגעוועקט און דערזען, אַז אונדזער צוים איז אַוועק — צענומען געוואָרן אויף ברענהאָלץ.

וואָס שווערער דאָס לעבן איז געוואָרן, אַלץ מער זענען מענטשן געווען גענייגט צו זאָגן, אַז ערגער קאָן שוין ניט זײַן. ווען זיי וואָלטן אָבער געוווּסט... נאָר ווי אַזוי האָבן זיי עס געקאָנט וויסן? וואָס ס׳איז ווײַטער געשען, איז פריִער קיין מאָל ניט געטאָן געוואָרן צו בני־אָדם.

*

יעדן זונטיק אין דער פרי האָבן מיר געהאַט אַ מאָדנעם וויזיט. אַן אַלטער מאַן און אַן אַלטע פרוי, אָפּגעזונדערט פון אונדז דורך דעם שטעכלדראָט און די וועכטערס, פלעגן שווײַגנדיק שטיין אויף דער צווייטער זײַט און קוקן אין אונדזער ריכטונג. מיר פלעגן אַרויסגיין פון שטוב און קוקן שווײַגנדיק אויף זיי. דאָס זענען געווען אַנטאָנושקאַ און אַנטאָנאָוונאַ. מיט אונדזער אַוועק־גיין אין געטאָ, איז זייער וועלט אויך פונאַנדערגעפאַלן. זיך צלמענדיק און שאָקלענדיק מיט די קעפּ צום הימל, פלעגן זיי שטיין נאָך דער זונטיקדיקער מעסע — צו ווײַזן צו קאָנען אונדז זאָגן אַ וואָרט אָדער אַריבערוואַרפן אַ לעבל ברויט.

מײַן בר־מיצווה־פֿײַערונג איז פאָרגעקומען אין אַ חורבה בײַ דער וואַנט מיטן שטעכלדראָט. מ׳האָט געקאָנט זען די נאַצי־וועכטערס מאַרשירן הין און צוריק, מיט זייערע פינגער אויף די צינגלעך פון מאַשין־געווער. איך בין ניט געווען דורכגעדרונגען פון קיין גרויסער רעליגיעזער התלהבות, און אין דער היים האָבן די עלטערן אָפּגעמערקט די ימים־נוראָים, מער צוליב

דרך־ארץ פאַר זייערע עלטערן, ווי צוליב אַ טיפערן גלויבן. פאַרטיפנדיק זיך איצט, אין מײַן געפאַנגענשאַפט, אין דעם תנך, האָבן זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אמתן, וואָס האָבן געגאָלטן ביז אין דער אומענדלעכקייט אַרײַן. דער אויס־געדאַרטער רבי האָט מיר געשילדערט די אייביקע פאַרפאָלגונגען פון ייִדן דורך די פרעהס, די בבלים, די פערסער, די רוימער, די קרייצפאַרערס, דורך דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, די רוסישע צאַרן און אַצינד — היטלערס רײַך. איך האָב זיך געפילט נאָענט צו די אַלע משפחות, וואָס האָבן דורות־לאַנג געדאַרפט פֿײַערן אין באַהעלטעניש די בר־מיצוות פון זייערע זין, ניט וויסנדיק וואָס די צוקונפט קאָן ברענגען. כ׳האָב פאַרשטאַנען זייער אייביקן דראַנג נאָך פרײַהייט און וויסן, און ווי אַזוי די אומאויפהערלעכע לײַדן האָבן זיי אַלעמען צוזאַמענגעבונדן און געשמידט די אידענטישקייט פון אַ פאָלק. כ׳האָב זיך געשפירט פריווילעגירט צו געהערן צו דעם פאָלק, אין פריידן און אין לײַדן, אפשר דערפאַר וואָס די פאַרפאָלגונג איז איצט געווען אויף איר העכסטן פונקט. אין מײַן בר־מיצווה־דרשה זענען די ווערטער געקומען פון זיך אַליין. אָנווײַזנדיק דורכן פענצטער אויף דער וואַנט מיטן שטעכלדראָט, האָב איך געזאָגט: „ווי שטענדיק, לאָמיר ווענדן אונדזער תפילה אין דער ריכטונג צו ירושלים, אָבער הײַנט איז אונדזער כותל־מערבי פונקט דאָ.״

בענעק איז געווען דער ערשטער מיך צו באַגריסן מיטן ווערן אַ מאַן אין די אויגן פון גאָט. מײַנע געוועזענע שול־חברים האָבן מיך אַרומגענומען און געגעבן מתנות, אַזוי אײַנפאַלעריש אימפּראָווויזירטע פון די נישטיקע חפצים, וואָס זייערע משפחות האָבן באַוויזן אײַנצוהאַלטן. כ׳האָב ניט געוווּסט, אַז איך זע זיי צום לעצטן מאָל.

*

מײַן טאַטע, וואָס האָט פליסיק גערעדט דײַטש, האָט געאַרבעט אויף דער אַנדערער זײַט פון שטעכלדראָט. ער האָט זיך מטפל געווען מיט די אויטאָס פונעם נאַצישן הערשער פון שטאָט, און זיך פאַרנומען מיט זאַכן, וועגן וועלכע מען האָט קיין מאָל אין דער היים ניט גערעדט. יעדן פאַלס ניט אין מײַן בײַזײַן. דעם דײַטש האָט דער פאָטער אָפּגעגעבן דעם אַלבאָם מאַרקעס וואָס איך האָב געזאַמלט און פון וועלכן כ׳האָב איצט, נאָך אַ לאַנגן שמועס מיט מיר מסכּים געווען זיך צו שיידן. די מאַרקעס זענען געווען פון די בריוו

פון פעטער נחמן און פעטער אלעזר אין מעלבורן און אויף זיי זענען געווען אָנגעצייכנט לאַנגווײַדלדיקע אויסטראַלישע האַרף־פויגלען און קענגורוען; פון דער מומע באַשע אין פּאַריז זענען געווען מאַרקעס מיט בילדער פון דער באַסטיליע און דעם אייפל־טורעם; מאַרקעס פון קרובים אין באָסטאָן, ניו־יאָרק און קליוולענד האָבן געוויזן דזשאָרדזש וואַשינגטאָן אין אַ פּאַרוק און אַברהם לינקאָלן מיט אַ באָרד. יעדן אָוונט פלעגט דער טאַטע קומען צוריק אַהיים מיט שפּײַז־רעשטלעך, מאַכנדיק זײַן זון, דעם לײַדנשאַפטלעכן פילאַ־טעליסט, איבערגעטריבענע קאָמפּלימענטן פאַרן געבן אים די מעגלעכקייט צו שפּײַזן די משפחה.

אויספּרובירנדיק אויף די וועגן די אים אָנגעטרויטע אויטאָס, פלעגט דער פאָטער, בײַ אַ געלעגנהייט, אַרויספירן פון געטאָ קינדער, וועמענס עלטערן האָבן געוואָלט זיי אַרײַנגעבן אין פויערשע משפחות, האָפנדיק אַז דאָס וועט זיי שאַפן אַ בעסערן שאַנס איבערצולעבן. איין מאָל האָט מיר די מאַמע געזאָגט, אַז זי מיטן פאָטער האָבן געטראַכט אָוועקצוגעבן מײַן שוועסטער צו פויערים.

„איך האָף,״ האָב איך געזאָגט, „אַז איר האָט ניט געטראַכט אויך מיך אָוועקצוגעבן.״

„ניין,״ האָט זי געזאָגט, און איר בליק איז געווען אָנגעצויגן. „מיט אַ יינגל איז די זאַך קאָמפּליצירטער.״

כ׳האָב זיך דערמאָנט אינעם שמועס, נאָך דעם ווי כ׳האָב אָנגעהויבן שרײַבן דאָס בוך. כ׳האָב זיך אויפגעוועקט בײַ נאַכט אַ פאַרציטערטער. גאָט מײַנער, מײַנע עלטערן האָבן מיך געוואָלט אָוועקגעבן! אָבער נאָר, האָב איך דיסקוטירט מיט זיך אַליין, כּדי מיך צו ראַטעווען. יאָ, אָבער...

דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיך געפּלעפּט. אַזעלכע זכרונות האָבן אַן אומגעהײַערן כּוח צו ברענגען שאָדן.

איין פרימאָרגן האָט דער טאַטע זיך צעקושט מיט אונדז בײַם אָוועקגיין, און מער האָבן מיר אים שוין קיין מאָל ניט געזען. וואָס ס׳איז געשען האָב איך צונויפגעשטעלט פון די ביסלעך באַווײַזן, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען אין די קומענדיקע וואָכן. מ׳האָט אים געכאַפּט בײַ זײַן קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט. געשטאַפּאָ האָט אים געפּײַניקט און צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַנדערע

פאַרהאַלטענע דערשאָסן אין אַ וואַלד, עטלעכע קילאָמעטערס פון דער שטאָט.

מײַן מאַמע האָט אַלץ געהאַפט, אַז ער לעבט. פריִער, נאָך דעם ווי פוילן איז געפאַלן, האָט זי געהאַט געוואַרט וואָכן לאַנג אויף אַ ידיעה פון אים, און זיך דערוואַרט — ער איז צוריקגעקומען. איך האָב געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין זײַן דעמאָלטיקן אַהיימקומען. אַנטאָנושקאַ האָט מיך אַרויסגענומען פון שטוב ווען ס׳איז געוואָרן פינצטער, זאָגנדיק אַז מײַן טאַטע האָט געשיקט נאָך מיר און אַז כ׳זאָל עס קיינעם ניט זאָגן. כ׳האָב אים געפונען אין אַ גערטל איבער דער גאַס, דאַר, אויסגעשעפּט, ניט ראַזירט. זײַן אוניפאָרעם — שמוציק און צעריסן.

„גיי," האָט ער געזאָגט, „זאָג דער מאַמען, אַז ס׳וויל מיט איר רעדן איינער פון פּאַפּאַס אַרמיי־איינהייט. כ׳וויל זי צוגרייטן ביסלעכווײַז." כ׳האָב געטאָן וואָס ער האָט געהייסן. די מאַמע איז מיר פאַרזאָרגט נאָכגעגאַנגען ביז צום טויער פון גערטל. אַ הויכע פיגור איז אַרויס פון דער פינצטערניש.

זי איז געלאָפן פאָרויס. „גאָט מײַנער, דוד, דו לעבסט!"

און איצט, אין געטאָ, האָב איך פּרובירט זי שטאַרקן מיט ליגנס, אַז כ׳האָב גערעדט מיט איינעם, וואָס איז געווען אין דער געשטאַפּאָ־פעסטונג און האָט געהערט וועגן פּאַפּאַ; אַז איינער וואָס שטעלט צו שפּײַז אין דער תּפיסה האָט איבערגעגעבן, אַז ער האָט אים דאָרטן געזען... בענעק האָט מיר געהאָלפן מיט די אויסטראַכטענישן, אָבער זי האָט זיך געוויס פאַרשטאַנען אויף אונדזערע אײַנפאַלן, הגם זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי גלייבט אונדז. זייער גיך האָט זי אָבער פאַרלוירן אירע האָפענונגען און דער ווילן צו לעבן, אָן דעם מאַן, וועמען זי האָט ליב געהאַט מער ווי אַלץ אין דער וועלט, איז פון איר אַוועק. צײַטנווײַז פלעגט זי נאָך זינגען, גרייטנדיק אונדזערע מאָלצײַטן, אָבער נאָר די אויפגעקומענע בעת דער אָקופּאַציע מרה־שחורהדיקע מעלאָדיעס וועגן די, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן — „די דאָנערשטיקע, די פרײַטיקדיקע און די שבתדיקע" און אַזוי ווײַטער.

די געטאָ־באַפעלקערונג איז אַלץ קלענער און קלענער געוואָרן. יעדן פרימאָרגן פלעגט מען אויסגעדאַרטע קערפּערס אַוועקנעמען צו אַ נײַעם בית־עולם, ניט ווײַט פון אונדזער הויז. אויך די לעבעדיקע — משפּחות און גרופּעס — האָט מען אַוועקגעשלעפּט. יעדער איינער האָט געלעבט אין פּחד

פאַר דעם קומענדיקן עוואַקואַציע־פּאַטרול פון דער עס־עס. דער סוף האָט זיך דערנענטערט.

פון צײַט צו צײַט פלעגן די נאַציס נעמען ערובניקעס און פאַרלייגן צו באַפרײַען זיי פאַר אויסלייזגעלט. פון טיר צו טיר פלעגן פאַראַרעמטע קרובים גיין בעטן צירונג אָדער גאָלד, האָפנדיק צו קאָנען באַפרײַען אַ מאַן, אַ ברודער, אַ זון — כ׳האָב געזען מײַן מאַמען אַרײַנוואַרפן אירע אוירינגלעך אין אַ הוט.

איין טאָג האָבן די עס־עס גענומען מײַן באָבען און איר זון, דעם פעטער מעמל. ער, אַ פײַנער אַטלעט, וואָלט געקאָנט זיך ראַטעווען. איך מיין, אַז ער האָט ניט געוואָלט לאָזן אַליין זײַן אַלטע מאַמע אין איר שווערן נסיון. אין גיכן איז אויך בענעק פאַרשוווּנדן. אין אונדזער צימערל זענען מיר איצט געווען דרײַ — מײַן מאַמע, מײַן שוועסטער און איך. אונדזער שוואַכער רע־זערוו פון מעל און קאַרטאָפל האָט געהאַלטן בײַם אויסגיין. דורך אַ פרײַנד פון אונדזער משפחה האָב איך באַקומען אַרבעט בײַ אַ שלאָסער. ער האָט מיך געשטעלט מאַכן שליסלען. ווען כ׳האָב דערלאַנגט דער מאַמען דעם ערשטן לוין־קאָנווערט מיט די שפּײַז־ראַציאָנירונג־קופּאָנעס, האָט זי אַ קוש געטאָן מײַן פאַרשמוציקט פּנים און געזאָגט: „דו ביסט איצט אונדזער ברויט־געבער״.

*

ענדלעך איז די געטאָ געוואָרן אָפּגעמעקט. אומגלייבלעך, אַ סך יונגע ייִדן, מענער און פרויען, האָבן פּרובירט זיך אַנטקעגנשטעלן דעם מיליטער־רישן אָנגריף הרגענענדיק אַ הײַפל נאַציס. אומבאַוואָפנטע, איז זייער ווידער־שטאַנד געווען העלדיש און אָן האָפענונג. אַלע זענען געוואָרן צעשניטן. איינער, יצחק מאַלמעד, האָט געוואָרפן אַ פלאַש מיט שוועבל־זויער אין פּנים פון אַן עס־עס־אָפיציר, מאַכנדיק אים בלינד אויף אייביק. איך האָב געזען מאַלמעדס געהאָנגענעם קערפּער אין דער נאַכט, אין מיטן פון דער האַנדל־גאַס, די הויפּטגאַס פון געטאָ.

פון דעם רעשט וואָס איך געדענק, זענען פלאַמען אין דער נאַכט. מיר דרײַ לויפן פאַרבײַ ברענענדיקע הײַזער, לויפן איבער טויטע קערפּערס פון אַנ־דערגעוואָרפענע אויף די גאַסן, און באַהאַלטן זיך אויס דורכן טאָג. ווי עס איז, האָבן מיר זיך געפונען אין אַן אונטערערדישן־בונקער, ווו בײַ דרײַסיק

מענטשן זענען געווען פאַרשטעקט אין פאַרלויף פון טעג. בײַם שײַן פון אַ ליכט האָב איך דערקענט די שטריכן פון מײַן לערער פון לאַטײַן און געשיכטע, פּראָפעסאָר בערגמאַן, אַ דאַרער, גוטהאַרציקער מענטש, וויגנדיק זײַן עופעלע, באַמיִענדיק זיך אײַנצוהאַלטן זיין הוסט. אויף דער אַנדערער זײַט פון דער בונקערטיר, איבער אונדז, האָט מען געהערט די געשרייען פון דײַטשישע רעוויזיע־גרופּעס און דאָס בילן פון זייערע הינט. מיר זענען אַלע געוואָרן שטיל, נאָר דעם קינדס הוסט האָט ניט אויפגעהערט. „ששש," האָט געשעפּטשעט אַ מגושמדיקער מאַן בײַ דער טיר. דאָס קינד האָט אַלץ געהוסט. דער מאַן איז צוגעקראָכן און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף דעם קינדס מײַלעכל. דער הוסט האָט אויפגעהערט. עס זענען אַדורך מינוטן. דאָס קינד איז דערשטיקט אַראָפּגעזונקען צו דער ערד. די גאַנצע צײַט איז פּראָ־פעסאָר בערגמאַן געזעסן פאַרשטיינערט. כ'האָב געוווּסט, אַז קיין שרעקעוו־דיקער איז ער ניט געווען. כ'האָב שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז אויב ער איז בכלל געווען מסוגל צו טראַכטן אָדער פילן, האָט ער געוויגן איין לעבן קעגן דרייסיק, אַפילו אויב ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן לעבן פון זײַן איי־גענעם זון.

דעם קומענדיקן טאָג האָבן מיר געפונען שוץ אין אַ פּריוואַטן שפּיטאָל. זײַן דירעקטאָר, ה' קניאַזיעוו, איז געווען מײַן פעטער נחמנס בעסטער חבר. אויך אַנדערע אַנטלאָפענע האָבן געפאָדערט שוץ. ער האָט אונדז אַרײַנגעלאָזן, ווען ער האָט דערזען בײַם טויער די מאַמע. נאָך אַ נאַכט איז אַדורך. אין דער פרי האָט מען מודיע געווען, אַז די עס־עס וועט עוואַקוירן דעם שפּיטאָל־שטח. מען וועט אונדז אַריבערפירן אַנדערש ווו. די מענער, האָט מען אונדז געזאָגט, וועלן אָפּגעזונדערט ווערן פון די פרויען, קינדער און קראַנקע.

מיר זענען געלאָפן פון אונדזער צימער מיט אונדזער לעצט ביסל פאַר־מעג. איצט האָט מײַן מאַמע צונויפגעלייגט מײַנע זאַכן אַזוי רויִק און מעטאָדיש, ווי זי וואָלט מיך אַוועקגעשיקט אין אַ זומער־קאָלאָניע.

„ווי מיינסטו, וועסט טראָגן דײַנע קורצע הויזן אָדער דײַנע לאַנגע הויזן?" זי האָט געטראַכט אויפן קול.

זי האָט זיך געוואַקלט אַ רגע, געקוקט אויף מײַן שוועסטער, ווידער אויף מיר, און געזאָגט:

„אויב דו ביסט אַנגעטאָן אין קורצע הויזן, וועלן זיי דיר לאָזן גיין מיט פריידלען און מיט מיר. אויב וועסט טראָגן לאַנגע הויזן, וועלן מיר, ווײַזט אויס, זײַן אָפּגעזונדערט. דו וועסט גיין מיט די מענער. דו ביסט איצט אַ גרויס יינגל. אפשר וועט זײַן בעסער אויב...״

„און דו?״ האָב איך געפרעגט. „און פריידל?״

זי האָט ניט געענטפערט.

נאָר איין געדאַנק האָט געעגבערט מײַן מוח: „וואָס וועט זײַן מיט זיי, און וואָס וועט זײַן מיט מיר אָן זיי?״ אין מײַן פאַרצווייפלונג האָב איך אַפילו ניט געקאָנט אָנהייבן טראַכטן וועגן געפינען אַן ענטפער. כ׳האָב געציטערט פאַר דאָס ערגסטע. מיר האָבן געהאַט געלעבט חדשים־לאַנג אין דער אַט־מאָספער פון אַבסאָלוטן טעראָר. אַלע אַרום מיר האָבן גערעדט וועגן טויט, און כ׳האָב גוט געוווּסט וואָס דאָס באַטײַט. אָבער פאַר מײַן מאַמען, נאָך אַזוי יונג, פאַר מײַן שוועסטערקע, און פאַר מיר צו דאַרפן שטאַרבן, ניט האָבנדיק אויף אַן אמתן געלעבט, האָט זיך ניט געלייגט אויפן שׂכל.

ניט לייגנדיק קיין אַכט אויפן געקנאַל פון מאַשין־געווער אין דרויסן, האָבן מיר געגאָסן פון אונדזערע לעצטע מאָמענטן פון זײַן צוזאַמען — זעלטענע, סובטעלע מאָמענטן, פולע מיט צערטלעכקייט און אַפילו מיט אַ צופעליקן שמייכל.

די מאַמע איז געווען מאָגער און אָנגעשטרענגט, אָבער מיט איר בלאַסער הויט און לאַנגע האָר, האָט זי אויסגעזען שענער, ווי כ׳האָב זי פריִער ווען עס איז געזען. מײַן שוועסטער האָט זיך צו איר צוגעטוליעט און איז רויִק אײַנגעשלאָפן.

אין דער פרי האָבן זיך די עס־עס אַרײַנגעריסן. מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן האָבן זיי אַרויסגעטריבן יעדן איינעם, פאַרווונדיקט אָדער ניט, אין גאַס אַרײַן. אַ גרויליקע פיגור, מיטן סימבאָל פון אַ שאַרבן און איבער־געקרייצטע ביינער אויף זײַן קאַסקע, האָט זיך אַ שטעל געטאָן קעגן אונדז.

„איך וויל דאָס!״

„וואָס, הער?״ האָט די מאַמע געפרעגט.

„אַט דעם רינג אויפן פינגער.״

ס׳איז געווען איר קידושין־רינג — אַ קליינער דימענט, אַרומגערינגלט

מיט קליינטשיקע רובינען, אויסגעלייגט אין דער פֿאָרעם פון אַ האַרץ. זי האָט פּרובירט עס אַראָפּנעמען, אָבער אירע פינגער זענען געווען אָנגעקוואָלן פון שפּאַנונג און מידקייט. דער עס־עס־מאַן האָט אַרויסגעצויגן זײַן באַגנעט:

„שנעל, אויב ניט, גייט דער פינגער אַראָפּ מיט דעם.״

אין מײַן גרויל האָב איך זיך דערמאָנט אין אַ שטיקל זייף, וואָס די מאַמע האָט פּאַרפּאַקט אין מײַן וואַליזקע. כ׳האָב עס אַרויסגענומען, אַ שפּײַ געטאָן אויף איר פינגער און קרעפטיק אײַנגעריבן די זייף אינעם פלייש. דער רינג האָט זיך אַראָפּגעגליטשט. כ׳האָב עס דערלאַנגט דעם נאַצי:

„דאָ, מײַן הער.״

אין דעם מאָמענט האָב איך געפילט, ווי עפּעס האָט זיך בײַ מיר אינעווייניק אָפּגעריסן. כ׳מיין, אַז איך בין געוואָרן עמעצער אַנדערש...

נאָך באַפעלן האָט מען אָפּגעגעבן, און מיר זענען געוואָרן אָפּגעזונדערט אין צוויי גרופּעס: פרויען און קינדער — אין איינער, מענער — אין דער אַנדערער. אַ דאַנק די לאַנגע הויזן וואָס כ׳האָב געטראָגן, בין איך אָנגעגאַנגען פאַר אַ מאַן.

ס׳איז געקומען דער באַפעל אָפּצומאַרשירן. הילפלאָז האָב איך געקוקט אויף הינטן. די מאַמע און פריידל האָבן געמאַרשירט אין אַן אַנדערער ריכטונג. מײַנע אויגן זענען געווען צוגעקלעפּט צו די צוויי דערשעפּטע געשטאַלטן, ווען זיי האָבן זיך דערווײַטערט פון מיר. מיט איין האַנט האָט מײַן שוועסטער זיך געהאַלטן אין דער מאַמען; מיט דער צווייטער — האָט זי צוגעדריקט צו זיך איר באַליבטע ליאַלקע. איבער זייערע אַקסלען האָבן זיי אויך געקוקט צו מיר. דערנאָך זענען זיי פאַרשוווּנדן פון מײַן בליק.

צי האָט מײַן מאַמע אַזוי טיף געפילט — וויסן האָט זי דאָך ניט געקענט; קיינער פון אונדז האָט ניט געוווּסט, אַז אַ יונגער מענטש, פעיִק צו טאָן פיזישע אַרבעט פאַר די נאַציס, האָט געהאַט מער שאַנסן צו בלײַבן לעבן, ווי אַ קינד וואָס איז דורך זיי קלאַסיפיצירט געוואָרן פאַר אומנוציק, אומנייטיק, אַן איבעריק מויל צו שפּײַזן. צי האָט זי, אַוועקשטופּנדיק מיך פון זיך צו דער וועלט פון דערוואַקסענע, געהאָפט ווי משה׳ס מאַמע, אַז איר ערשטער געבוירענער וועט ווערן אַרויסגעצויגן פון נילוס און האָבן אַן אויסקוק לעבן צו בלײַבן, זאָל זײַן — איינער פון אַ מיליאָן? דער מאָמענט

ווען כ׳האָב זי געזען צום לעצטן מאָל, פאַרפאָלגט מיך ביזן היינטיקן טאָג מיט די אַלע פּיינען, מיט אַ שולדגעפיל און אומגעשטילטן צאָרן.

ווען די צוויי רייען געטריבענע האָבן זיך אָפּגעזונדערט, און כ׳האָב זיי מער ניט געקאָנט זען, האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין ברוסט אַן אויפברויז קעגן מענטש און גאָט. זיך שטיקנדיק מיט טרערן האָב איך אויפגעהויבן אַ פויסט צום הימל אין אַן אויסגעשריי פון חילול־השם קעגן דעם אַלמעכטיקן:

„גזלן! מאָנסטער! ווי דערוועגסטו זיך?!"

*

צוויי צענדליק יאָר שפּעטער, אין 1961, האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין ביאַליסטאָק. נאָכן באַטייליקן זיך אין איינער פון פּרעזידענט קענעדיס אַקטיוויסטן־גרופּעס בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע, בין איך געוואָרן אַ ראַט־געבער פון פאַראייניקטן עקאָנאָמישן קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער קאָנגרעס. מיט אַ גרופּע געזעץ־געבערס, אָנגעפירט דורכן סענאַטאָר יעקב יאַוועץ פון ניו־יאָרק, האָב איך וויזיטירט דעם גענעראַל־שטאַב פון נאַטאָ אין פּאַריז, כּדי צו דיסקוטירן מיט פּאַרלאַמענטאַריער פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך וועגן נייע מעטאָדן פון קאָאָרדינירן מערבדיקע הילף פאַר די צוריקגעשטאַנענע מדינות. מיר זענען אויך געפאָרן קיין וואַרשע, פּראָג און מאָסקווע אויסצופאָרשן מעגלעכקייטן פון האַנדל צווישן מערב און מיזרח. אין וואַרשע האָב איך, נאָכגעבנדיק אַן אימפּולס, באַשלאָסן צו מאַכן אַליין אַ זייטיקע נסיעה. ניט אָנגעבנדיק קיין דערקלערונג, האָב איך געזאָגט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, יעקב בים, וווּ איך וויל פאָרן, און ער האָט געשטעלט צו מיין דיספּאָזיציע אַ מאַשין מיט אַ שאָפער. אין אַ כמאַרנעם טאָג בין איך אָנגעקומען אין דער שטאָט, וואָס איז גאָר געווען אַ גרויער שאָטן פון איר פאַר־גאַנגענהייט. מיין ציל איז ניט געווען צו זוכן וואָרצלען; אַזעלכע זענען אין גאַנצן ניט געבליבן דאָרטן, וווּ איך בין געגאַנגען. מיינע וואָרצלען, מיינע צווייגן, מיינע קנאָספּן זענען איצט און אויף שטענדיק געווען אויף דער אַנדערער זייט פון אַטלאַנטיק. מער פון אַלץ האָב איך געוואָלט געפינען מיין פאָטערס קבר. אָבער וועמען פרעגט מען? פון די זעכציק טויזנט ייִדן אין ביאַליסטאָק איז געבליבן אַ הײַפל, געצײלטע — 9 ייִדן. און וואָס שייך די גויים, האָבן זיי ניט געהאַט קיין סיבה צו געדענקען. ווען איך בין אָנגעקומען בײַ

נאָכט אויסער דער שטאָט, נאָענט צום אָרט ווו כ׳האָב געוווּסט, אַז די עקזעקוציעס זענען דאָרטן פאָרגעקומען, בין איך שטיין געבליבן, כדי צו קריגן אָנווײַזונגען. אויף שטום־לשון. אין אַ פאַרשנייט פעלד, באַלויכטן דורך די פאָדערשטע ליכטער פון קאַדילאַק, האָב איך געפונען אַ מאָנומענט, אַ קרייץ־שטיין מיט אַן אויפשריפט, וואָס האָט געזאָגט, אַז הונדערטער מענטשן — ייִדן און ניט־ייִדן, גענומענע פון דער ביאַליסטאָקער געשטאַפּאָ־תּפיסה, זענען דאָ דערשאָסן געוואָרן. דער קרייץ, נאָענט צום אָרט, ווו אונדזער משפחה פלעגט פאַרברענגען אירע זומער־וואַקאַציעס, באַצייכנט, מיין איך, מײַן טאָטנס לעצט רואָרט.

אין דער שטאָט גופא זענען געבליבן געציילטע דערקען־צייכנס. דער גלאָקן־טורעם פון קאַטוילישן קאָשטשאָל, וואָס איז געווען אַזאַ הויכער אין די זכרונות פון מיינע קינדער־יאָרן, האָט איצט מיר אויסגעזען זייער באַשיידן. כ׳האָב געוויזן דעם שאָפער דעם וועג צו אונדזער הויז. קינדער האָבן איבער־געריסן זייער שפּילן זיך אויפן הויף און געלאָפן הינטער דעם לימוזין, ווען מיר זענען אַרײַנגעפאָרן אינעווייניק. דער הויף איז נאָך אַלץ געווען גרויס, אַפילו איצט, אין די אויגן פון אַ דערוואַקסענעם. דער פּרוכטסאָד, ווו מײַן טאָטע האָט מיך געלערנט ניט צו שרעקן זיך אין דער פינצטערניש, איז פאַרשוווּנדן. ס׳איז אָבער געווען דאָס בײַדל, ווו ער האָט געהאַלטן זײַן אַלטן פאָרד, די אַלעע ווו ער האָט מיך געלערנט פאָרן אויף אַ וועלאָסיפּעד, און דער באַסיין ווו פריידעלע פלעגט געבן עסן די קאַטשקעס. דאָס הויז האָט נאָך אויסגעזען סאָליד און באַוווינט. אַ דינער רויך איז געגאַנגען פון אַלטן קוימען.

„ווי לאַנג לעבט איר שוין דאָ?״ האָב איך זיך נאָכגעפרעגט בײַם קליינעם עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום מיר.

„זינט דער מלחמה.״

„וואָס האָט פּאַסירט מיט די פריִערדיקע לאָקאַטאָרן?״ האָב איך געפרעגט.

אַן אַלטער מאַן האָט פרײַוויליק געזאָגט:

„אַלע דערהרגעט דורך די נאַציס.״

„אַלע?״

„אַלע אויסער איינעם,״ האָט ער געזאָגט. „אַ קליין ייִנגל איז, זעט אויס,

געבליבן לעבן. ס׳איז געווען עפּעס וועגן דעם אין די צײַטונגען. ער אַרבעט אין וואַשינגטאָן, האָבן זיי געשריבן.״

איך האָב זיך אָפּגעקערט, באַמיִענדיק זיך צו באַהאַלטן מײַן עמאָציע. כ׳האָב ניט געקאָנט איבערטרעטן די שוועל פון שטוב, זיך נאָכגעבן, אַפילו אויף אַ מאָמענט צום ווייטיק וואָס כ׳האָב אַזוי זאָרגעוודיק באַהערשט יאָר נאָך יאָר...

אינסטינקטיוו האָב איך אָנגעטאַפּט דעם אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטישן פּאַספּאָרט אין מײַן בוזעם־קעשענע. ניט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, בין איך אַרײַן צוריק אין אויטאָ און געבעטן דעם שאָפער וואָס גיכער צו פאָרן קיין וואַרשע. איין מאָל בלויז האָב איך זיך אומגעדרייט צו געבן אַ לעצטן קוק אויף דעם אָרט. פון וואַנען אַלע מײַנע טײַערע זענען אַוועק פון דער וועלט.

# 2

ס׳איז שוין געווען כּמעט נאַכט, ווען די שווער־באַוואַכטע קאָלאָנע פֿון מענטשן — איך אין די לאַנגע הויזן, איינער פֿון זיי — איז אָנגעקומען צום ריזיקן פֿעלד, ווו מיר האָבן געדאַרפֿט בלײַבן איבער נאַכט. אַליין צווישן טויזנטער פֿרעמדע, בין איך אַרומגעקראָכן זוכנדיק אַ באַקאַנט פּנים. באַמערקנדיק אַ בכּבודיק אויסזעענדיקן מאַן, אויסגעצויגן אויף דער ערד, בין איך צו אים צוגעגאַנגען און געפֿרעגט:

„אַנטשולדיקט, וואָס איך שטער אײַך. צי וועט איר מיר דערלויבן זיך צו לייגן לעבן אײַך?״

באַלד האָב איך, אַ צעטומלטער, דערפֿילט, אַז מײַנע העפֿלעכקייט־מאַניערן פּאַסן זיך ניט אַרײַן אין דער נײַער סביבה, ווײַל דער מאַן האָט ניט געענטפֿערט. מיט גלעזערנע אויגן האָט ער כּסדר געקוקט אין חלל. כ׳האָב אַנידערגעלייגט מײַן וואַליזקע פֿאַר אַ צוקאָפּנס, זיך צוגעדעקט מיטן שווערן ווינטער־מאַנטל, וואָס די מאַמע איז צוגעשטאַנען, כ׳זאָל מיטנעמען, עס זאָל מיר זײַן וואַרעם, ווען ס׳וועט ווערן ווינטער, און האָב פֿאַרמאַכט די אויגן אין אַ פֿאַרצווייפֿלטן אָנשטרענג פֿאַרצושטעלן זיך איר פּנים.

ס׳איז נאָך געווען פֿינצטער ווען כ׳האָב זיך אויפֿגעוועקט, מיינענדיק אַ סעקונדע, אַז ס׳איז געווען אַ קאָשמאַר: „פּאַפּאַ ביסט נאָך אַלץ דאָ? מאַמאַ, ביסט נאָך אַלץ דאָ...?״ אָבער באַלד האָב איך זיך אין אַלץ דערמאָנט און געוואָרן אויפֿגעציטערט פֿון די געשרייען פֿון די וועכטערס און דעם בילן פֿון זייערע הינט. דאָס ערשטע מאָל איז צו מיר דערגאַנגען, אַז איך בין פֿול־שטענדיק און אומאָפּפֿרעגלעך אַליין, אַז איך האָב ניט קיינעם אויף וועמען אויסצורעכענען, אויסער זיך אַליין. הונדערטער זענען מיר געוואָרן אויסגעשטעלט אין גרופּעס, מיטן פּנים צום לאַנגן עשעלאָן פֿי־וואַגאָנען. זייערע טירן זענען געווען אָפֿן אונדז אַרײַנצונעמען. פֿרויען און קינדער זענען מיטן פּנים צום צוג געשטאַנען אָפּגעזונדערט לעבן די הינטערשטע וואַגאָנען.

נאָך אַ לאַנג וואַרטן, האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל, איין גרופּע נאָך דער אַנדערער, צו לויפן איבערן פעלד אין איין לאַנגער ריי צו אַ באַשטימטן וואַגאָן. ווען מיר זענען געלאָפן, האָבן עס־עס־מענער אין שוואַרצע אוניפאָר־מען, טראָגנדיק אייזערנע הענטשקעס, געהאַקט אין אונדז מיט פרענטן. איך האָב געזען ווי מענטשן פאַלן, פּרובירן זיך אויפשטעלן און פאַלן טויט אויף דער ערד.

פּלוצעם איז געקומען מײַן ריי. כ׳בין געלאָפן אײַנגעהויקערט, האַלטנדיק מײַן וואַליזקעלע מיט איין האַנט, שיצנדיק מײַן קאָפּ מיט דער צווייטער. כ׳האָב געפילט די קלעפּ אויף מײַן קאָפּ און מײַן פּלייצע און געשפּירט דאָס בלוט אויף מײַן פּנים. כ׳האָב ניט געקאָנט זען, אָבער געוווּסט, אַז איך דאַרף כּסדר לויפן, עס געמוזט פאַר יעדן פּרײַז, ווײַל אויב איך וועל פאַלן, וועט זײַן אויף אייביק. ווען כ׳האָב ענדלעך דערגרייכט די באַנראַמפּע, דעם וואַגאָן און אַרײַנגעקראָכן אינעווייניק, איז עס געווען אַ מקום־מיקלט.

דער וואַגאָן האָט זיך באַלד אָנגעפילט און די שווערע טיר איז צוגע־שטופּט געוואָרן, אַרײַנוואַרפנדיק אונדז אין אַ פולשטענדיקער פינצטערניש. פון דרויסן זענען צו אונדז דערגאַנגען געשרייען, קוויטשערײַען, און נאָך וואַגאָן־טירן האָבן זיך צוגעשטופּט. ס׳איז געוואָרן שטיל. דער געשטאַנק און די ענגשאַפט האָבן באַלד גענומען שטיקן און נאָר דורך צודריקן מײַנע נאָזלעכער צו אַ שפּאַלט, וועלכן כ׳האָב געפונען אין דיל, האָב איך געקאָנט אָפּכאַפּן אָטעם.

וווהין נעמען זיי אונדז? איך געדענק, אַז ס׳איז מיר אַדורכגעלאָפן די מחשבה, ווי שרעקעוודיק איך פלעג ווערן פון געדאַנק אַליין צו דאַרפן אַרי־בערגיין אין אַן אַנדערער סביבה, אין אַן אַנדערער שטאָט צי אַ שול. איצט האָב איך זיך געשפּירט אומדערשראָקן, אַזוי מאָדנע רויִק, די מענטשן אַרום מיר האָבן אַלץ מער און מער גענומען קרעכצן, זיך שטופּן, שרײַען איינער אויפן צווייטן. דאָס האָט קיין זינען ניט, האָב איך כּסדר געזאָגט צו זיך אַליין, מ׳דאַרף אײַנהיטן די כּוחות.

נאָך לאַנגע, אומענדלעך זיך ציִענדיקע שעהען, האָבן מיר דערהערט פײַפן און געשרייען פון דרויסן. דער צוג האָט זיך גענומען טרייסלען און באַוועגן. כ׳האָב אָנטפּלעקט אַ ליכטשטראַל בײַם סאַמע סוף פון וואַגאָן און

זיך דורכגערוקט צו אים דורך די געדיכט אָנגעוואַלגערטע קערפּערס. עמע־צער האָט געהאַט אונטערגעהויבן דעם דעקל פון קליינעם פענצטערל. זעענדיק מיך, אַ יינגל, קלענער און לײַכטער פון אַלע אַרומיקע, האָבן צוויי פון די מענער מיך אויפגעהויבן אויף זייערע פּלייצעס, כּדי איך זאָל קאָנען אַרויס־שטעקן דעם קאָפּ דורכן לופטשיק און איבערגעבן וואָס איך זע. אַ דאַנק גאָט, פרישע לופט! כ׳האָב אָנגעפּילט מײַנע לונגען.

מ׳האָט מיר געהייסן געבן אַ סיגנאַל, ווי נאָר מיר פאָרן דורך אַ וואַל־דיקער געגנט. בײַ יעדן אַזאַ סיגנאַל האָט מען מיך אַראָפּגעלאָזט, און איינער פון די מענער האָט אַרויפגעקלעטערט, דורכגעקראָכן דעם לופטשיק און אַראָפּגעשפּרונגען. כ׳האָב געזען אַז עטלעכע פון זיי זענען אַראָפּגעשפּרונגען און געקייקלט זיך אויף דער ערד צו דיביימער. ווען מ׳האָט מיך אַראָפּגעלאָזט דעם דריטן אָדער פערטן מאָל, האָב איך געזען, אַז דער וועלכן מ׳האָט דורכ־געשטופּט דורכן לופטשיק, איז געווען אַ יונגנטלעכער — אפשר מיט פינף יאָר עלטער פון מיר. ער האָט געטראָגן דעם זשאַקעט פון זײַן שול־אוניפאָרעם. זײַנע הענט האָבן אָנגעכאַפּט די ראַם פון לופטשיק און ער איז אַ ווײַלע געהאָנגען אין דער לופטן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואַקלט. דערנאָך האָט ער געגעבן אַ הייב זײַן קערפּער, זיך אָפּגעריסן און איז אַרויס. אַ געקנאַל פון מאַשין־געווער — פון די דעכער און די וואַגאָנען — האָט איבערגעהאַקט דאָס מאָנאָטאָן־ריטמישע קלאַפּן פון די רעדער אין די באַנרעלסן. ווען כ׳האָב ווידער אַרויסגערוקט דעם קאָפּ, האָב איך געזען אַז אַ סך פון די וואָס זענען געשפּרונגען פון די וואַגאָנען, זענען פאַרשניטן געוואָרן.

דאָ איז דער צוג געבליבן שטיין. מ׳האָט מיך ווידער אויפגעהויבן צום לופטשיק און כ׳האָב געזען, אַז מיר געפינען זיך אויף אַ ריזיקן קרייצוועג מיט אַ סך באַנליניעס, וואָס גייען זיך פונאַנדער אין פאַרשיידענע ריכטונגען. ס׳איז געווען קלאָר, אַז מיר געפינען זיך נאָענט צו אַ גרויסער שטאָט. כ׳האָב אָבער גאָרנישט ניט געזען אויסער אַ פעלד און אַ געדיכטן וואַלד אין דער ווײַט. עטלעכע הילצערנע צייכנס האָבן אָפּגעמערקט דעם פּלאַץ. אויף זיי איז געשטאַנען דאָס וואָרט „טרעבלינקאַ״. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט דער צוג זיך גענומען באַוועגן הין און צוריק, הין און צוריק. איך האָב אַרויסגע־רוקט דעם קאָפּ און געזען, אַז די הינטערשטע וואַגאָנען מיט די פרויען און

קינדער זענען געוואָרן אָפּגעטיילט; זיי זענען געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך אין דער גרינער שלווהדיקער לאַנדשאַפט, בעת דער רעשט פון צוג מיט אונדז, די מענער, איז אַרויס אין וועג.

*

די אַלע פּאַמעלעך זיך שלענגלענדיקע צוגן וואָס זענען פון גאַנץ אייראָפּע צונויפגעקומען אין די טויטלאַגערן — וויפל פון די, וואָס האָבן זיי געזען פאַרבײַגיין, וואָלטן געקאָנט זיך פאָרשטעלן, וואָס אין זיי איז געווען? אָפּגע־רוקטע אין אַ זײַט, מחמת אַ ציווילער פּולמאַן, אָדער אַ מיליטערישער קאָנוואָי האָט געהאַט די פּריאָריטעט, זענען זיי אויף זײַטיקע ליניעס געשטאַנען אומ־באַוועגלעך אין דער ברענענדיקער זון אָדער מוראדיקער קעלט — ווער וואָלט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זיי טראַנספּאָרטירן אַ לאַדונג וואָס וועט פאַר־טיליקט ווערן?

ווער וואָלט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די אויסגעמאַטערטע, פאַרפּײַ־ניקטע, אויסגעלאָשענע מענטשן, וואָס האָבן פאַרבראַכט די לעצטע שעהען פון זייער גסיסה הינטער די אײַזענע אָפּרוקטירן פון די באַוועגלעכע מתים־קאַסטנס, האָבן צוגעגרייט די גלענצנדיקסטע נצחונות, וואָס זענען געקומען נאָך זייער טויט. די שאַטנס אָן קברים, די מאַרטירערס פון גרעסטן חורבן אין דער געשיכטע שרײַען אויף הײַנט צו די, וואָס גייען ווײַטער אָן מיטן פּעלשן די באַשטימונג פון מענטש: טיראַנען, דורך שגעון; דעמאָקראַטן, דורך בלינדקייט! מדינת־ישׂראל איז געשאַפן געוואָרן דורך אָט די מאַרטי־רערס. זיי האָבן זי באַפּעלקערט, זיי האָבן זי באַוואָפנט, זיי האָבן זי פאַר־טיידיקט.

אין איינעם אָן אָוונט פון יוני 1967, ווען איך בין צוריקגעקומען אַהיים פון ביוראָ, האָב איך געזען אויף דעם טעלעוויזיע־עקראַן אַן אומגלייבלעך־אויסטערליש בילד: ישׂראלדיקע זעלנער אין ווײַסע טליתים, וואָס האָבן פאַרדעקט דאָס מאַשין־געווער אויף זייערע פּלייצעס, מיט שטאָלענע קאַסקעס אַנשטאָט יאַרמלקעס, האָבן געדאַוונט בײַם כּותל־מערבי! פּלוצעם האָב איך אויסגעבראָכן אין אַן אומקאָנטראָלירט געוויין; אַ געוויין, וואָס מײַנע קינדער האָבן קיין מאָל ניט געקלערט, אַז זייער פאָטער איז פעיִק אויף דעם. אַ געוויין פון דער טיפעניש פון מײַן גאַנצן מהות און פון די קוואַלן פון דער צײַט.

מײַן געדאַנק, מײַן בילדונג, מײַן נסיון און פּראַקטיק האָבן מיר געזאָגט, אַז די וויזיע וואָס כ׳האָב געזען, איז געווען פול מיט קאָמפּליקאַציעס. איך בין געווען וואַך דערצו, אַז כּדי געננוי נאָכצופאָלגן די השׂגות פון אַן אַלטן ספר ווענן דער קדושה פון דעם אָדער יענעם שטיקל ערד, וואָלט געווען אַ באַגאַטעליזירונג וואָס גרענעצט מיט פאַנאַטיזם. כ׳האָב געוווּסט, אַז די לעגיטימע רעכט און די דורות־לאַנגע לײַדנשאַפטן פון אַנדערע זענען אויך געווען פּאַרמישט אין דער אָ פּרשה. אָבער דער אָנדענק פון דעם וואָס כ׳האָב געהאַט דורכגעלעבט, פון דעם וואָס אַ גאַנץ פאָלק האָט געהאַט דורכגעלעבט אין משך פון טויזנטער יאָרן, האָט געבראַכן די עמאָציאָנעלע דאָמבע אין אָנבליק פון דעם אייביקן סימבאָל פון לײַדן און האָפענונג.

יאָ, אין דעם טאָג האָבן די צונגן, וואָס זענען געגאַנגען קיין טרעבלינקע, מײַדאַנעק, אוישוויץ, ענדלעך דערגרייכט זייער ענדציל.

*

יענע צונגן! יענע טראַנספּאָרטן! יענע ענדצילן!

דער פּרעמיער־מיניסטער פון ישׂראל, גאָלדע מאיר, האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע מידע אויגן אויפן צעקנייטשטן פּנים מיט זייער גאַנצער עקשנות־דיקער, דורכדרינגלעכער קראַפט, און זי האָט ווידער געגעבן אַ שטאַרקן ציִ פון איר אייביקן סיגאַרעט. צוהערנדיק זיך צו איר אין איר קלײנער באַשיידענער דירהלע לעבן תּל־אָביב, האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט געטראָגן די גאַנצע טראַגעדיע פון ייִדישן פאָלק אויף אירע שוואַכע, אײַנגעהויקערטע פּלייצעס.

אויף אונדזער ערשטן מיטינג, ווינטער 1972, האָט איר געהילף, אַמבאַ־סאַדאָר שׂמחה דיניץ, צוגעפירט מיך צו איר טיר וועלכע זי האָט אַליין געעפנט.

„וואָס? אַן אַ מאַנטל? איר קאָנט זיך פאַרקילן!"

גאָט מײַנער, האָב איך געטראַכט, פּונקט ווי מײַן באָבע. די פאַרקערפּע־רונג פון די אומצאָליקע באָבעס, וואָס כ׳האָב געזען אויסלאָדן פון די צוגן בײַ די טירן פון די גאַזקאַמערן.

„וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די אָרעמע מדינת־ישׂראל? וואָס איז דער מיין פון אונדזער אונטערנעמונג? וואָס איז דער זין פון אונדזערע קרבנות,

אויב די רוסישע ייִדן קאָנען ניט קומען אַהער לעבן אין פרײַהייט און כּבוד ?״ האָט זי אָנגעהויבן. איר שטים איז געווען פול מיט עמאָציע. „אײַערע מחשבות וועגן שלום, וועגן קאָ־עקסיסטענץ, וועגן האַנדל צווישן מיזרח און מערב — האָבן געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג. איר דאַרפט נאָך מער זיך אַרײַנטראַכטן וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס אַלץ קאָן העלפן אונדזער פאָלק.״

אירע הענט זענען אַצינד געווען צוזאַמענגעלייגט, ווי בעת אַ תּפילה, אַזוי ווי איך וואָלט אויך דורך דעם געדאַרפט איבערצײַגט ווערן, אַז וואָס זי זאָגט איז וויכטיק. דאָ האָט זי זיך פּלוצעם פאַרהאַלטן. „אַנטשולדיקט מיר, סאַמועל, כ׳האָב אויף אַ מאָמענט פאַרגעסן, ווער איר זענט. כ׳האָב אײַך פאַרמישט מיט די אַנדערע אויסלענדישע פּערזענלעכקייטן, וואָס קומען דיס־קוטירן מיט מיר וועגן זייערע אַבסטראַקטע טעאָריעס; וואָס ווילן איך זאָל באַהאַנדלען זאַכן דיפּלאָמאַטיש, אָבער זיי ווילן ניט געדענקען די בלוטיקע טראַגעדיעס, וואָס האָבן אַזוי פאַרפינצטערט אונדזער געשיכטע, לעצטנס און אַזוי אָפט אינעם עבר.״

פאַר איר איז יעדע זאַך וואָס האָט געהאַט אַ שײַכות צום קיום פון ייִדישן פאָלק, געווען אויסער פּאָליטיק, אויסער דיפּלאָמאַטיע, כּמעט אויסער יעט־וועדער לאָגיק. דער דאָזיקער קיום איז געווען געבונדן מיטן עצם זײַנען פון איר לעבן.

„קום, שמואל,״ האָט זי געזאָגט אויף העברעיִש, נוצנדיק איצט דעם העברעיִשן נאָמען פון נביא. „איך וועל דיר מאַכן אַ גלאָז טיי.״

קוקנדיק אויף איר, רעדנדיק מיט איר גאַנצע שעהען, הערנדיק אירע הומאָריסטישע דערציילונגען, וועלכע נאָר די וואָס האָבן געלייענט יצחק באַשעוויס־זינגער און שלום־עליכם אין דער ייִדישער מוטער־שפּראַך, קאָנען אָפּשאַצן, האָב איך פאַרשטאַנען, ווי אַזוי זי האָט באַוויזן צו האָבן אַזאַ השפּעה אויף אירע זין און טעכטער פון דער גאָרער וועלט. איך האָב פאַרשטאַנען ווי אַזוי זי האָט באַוויזן, ווען זי איז געגאַנגען צום דאַווענען יום־כּיפּור אין דער מאָסקווער שול נאָכן ווערן ישׂראלס ערשטער אַמבאַסאַדאָר אין ראַטן־פאַרבאַנד, אַרויסצורופן פון דער באַהעלטעניש טויזנטער רוסישע ייִדן. וואָס זענען געווען פאַררעכנט ווי פאַרלאָרענע צו אַן אַנדער קולטור און אַן אַנדער גלויבן. דאָס געמיש פון צאַרטקייט און אויטאָריטעט, דער פעלדז פון

מוט איז ניט געווען קיין בלינדער רעליגיעזער פאַנאַטיקער. זי איז פּשוט געווען דעצידירט פאַרצווזעצן דעם קאַמף ביז צו איר לעצטן אָטעם, כּדי צו פאַרזיכערן, אַז יענע צוגן וועלן מער קיין מאָל ניט קורסירן.

*

אַן לופט, אַן וואַסער, אַן שפּייַז. ווי לאַנג מיר זענען געווען פאַרמאַכט אין די פי־וואַגאָנען, ווייס איך באמת ניט. איך געדענק עמעצן וואָס האָט געזאָגט, אַז צוויי און זיבעציק שעה. מיר זענען געווען שרעקלעך דאָרשטיק. כ׳האָב געזען מענטשן מיט ממש בלויע פּנימער, וואָס האָבן געלעקט זייער אייגענעם שווייס; אורין, צואה איז געווען איבערן גאַנצן דיל, ווי אין אַן אָפּטרעט.

ווען דער צוג איז געבליבן שטיין און די טירן זענען געעפנט געוואָרן, האָט אַ פאַרבלענדיקער ליכטשטראָם באַלויכטן די נאַכט. אַ לאַנגע ריי עס־עס־מענער, יעדערער האַלטנדיק אַ ווילדן פּאָליציי־הונט אויף אַ קורצן רימען, איז געשטאַנען לענג־אויס דער ראַמפּע. אַ קורצער באַפעל: „אַלצדיגג אַרויס!” עטלעכע פון די גרויסע בעסטיעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין אונדזער וואַגאָן אַרייַן. אין פאַרלויף פון סעקונדעס זענען צוויי אָדער דרייַ פון די פאַרחלשטע ייִדן צעריסן געוואָרן אויף שטיקער. אויפגעציטערטע, האָבן די וואָס זענען געלעגן אויף דער ערד, מיט די לעצטע כּוחות זיך געשטעלט אויף די פיס און אַרויסגעקראָכן. די אַנדערע וואָס זענען געבליבן ליגן אויפן דיל, האָבן די הינט ניט אָנגערירט: זיי זענען געווען טויט. פון אַרום הונדערט מענטשן אין וואַגאָן, איז אַ גרויסער טייל אויסגעגאַנגען אויפן וועג.

אויף דער באַן־פּלאַטפאָרם האָט געהערשט אַ פּאַניק: קלעפּ, געשרייען און דאָס בייזע געביל פון די הינט. כ׳האָב געהאַלטן מייַן וואַליזקע אויף מייַן ברוסט פאַר אַ שוץ, טרעטנדיק איבער קערפּערס. איך געדענק אָבער ניט, כ׳זאָל האָבן געווען ספּעציעל אויפגעציטערט. ניט געקוקט אויף אַלעם דעם, וואָס איז געשען אין משך פון געציילטע טעג, האָב איך זיך געפילט מער זיכער מיט זיך, מער באַהערשט, ווי איך וואָלט פלוצעם עלטער געוואָרן מיט עטלעכע יאָר. וואָס איך געדענק גענוי, איז דאָס, אַז כ׳בין געווען אין גאַנצן פאַרטעמפּט און אַזוי דאָרשטיק, אַז כ׳האָב געמיינט אַז איך וועל שטאַרבן, אויב כ׳וועל ניט קריגן אַ ביסל וואַסער.

אין דעם כאַאָס בין איך צוגעגאַנגען צו אַ וועכטער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער אַנדערער זײַט פּונעם שטעכלדראָט, וואָס האָט אַרומגעצוימט די סטאַציע. ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זײַן געווער. כ׳האָב געעפֿנט מײַן וואַליזקע און אַרויסגענומען אַ פּעקעלע, וואָס מײַן מאַמע האָט געהאַט אַרײַנגעלייגט אין איר — מײַן טאַטנס קעשענע־זייגער מיט אַ לאַנגער גאָלדענער קייט. כ׳האָב געעפֿנט דאָס פּעקעלע און פֿאַרגעלייגט דעם דײַטש. דעם געדאַנק, מיין איך, האָט מיר אונטערגעזאָגט דער בײַט, וואָס מײַן טאַטע האָט געמאַכט מיטן נאַצי אין ביאַליסטאָק: מײַן קאָלעקציע מאַרקעס פֿאַר שפּײַז. דער וועכטער האָט באַקוקט דאָס פּעקעלע, ווי ער וואָלט זײַנע אייגענע אויגן ניט געגלייבט.

„פֿאַרבינד עס און וואַרף מיר צו.“

„וואַסער,“ האָב איך געזאָגט. „איך מוז האָבן וואַסער.“

„וואַרף עס מיר צו.“

„וואַסער,“ האָב איך איבערגעחזרט.

איך האָב פֿאַרשטייט זיך, געוווּסט אַז ער קאָן מיך שיסן. אָבער דעמאָלט וואָלט ער ניט געהאַט זײַן רויב, ווײַל ער איז געווען אויף דער אַנדערער זײַט פֿון די דראָטן. ער איז אַוועק. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַ פֿלאַש און זי דורכגעשטופּט דורך די דראָטן. איך האָב אַריבערגעוואָרפֿן מײַן פּעקעלע. איך האַלט עס אַצינד פֿאַר דער געלונגענסטער טראַנזאַקציע, וואָס כ׳האָב ווען עס איז דורכגעפֿירט, ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלער אַדוואָקאַט. זי האָט, ווײַזט אויס, געראַטעוועט מײַן לעבן. כ׳האָב צוגעטראָגן די פֿלאַש צו מײַנע ליפּן, געגעבן אַ לאַנגן שלוק, אַ צווייטן... איידער מײַן דאָרשט איז געשטילט געוואָרן, איז אַרום מיר געוואָרן אַ גערודער און אַ טוץ דעפּאָרטירטע האָבן זיך אויף מיר אַ לאָז געטאָן פֿון אַלע זײַטן. מישפּטנדיק לויט זייערע ווילדע געשרייען און פּנימער, האָב איך געמיינט, אַז זיי גייען מיך הרגענען. איך האָב אַרויסגעלאָזט די פֿלאַש און אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט. ווען אויסגעשטרעקטע הענט האָבן זיך געצויגן זי אָנצוכאַפּן, איז די פֿלאַש אַראָפּגעפֿאַלן און זיך צעבראָכן. די מענטשן זענען געפֿאַלן אויף די קני צו לעקן מיט זייערע אויסגעטריקנטע צינגער די פֿײַכטקייט, וואָס איז אײַנגעזאַפּט געוואָרן אין דער ערד.

*

אָבסערווירנדיק ווי די וועלט שטייט, אַזוי צו זאָגן, אויף די קני, פאַר אַ פעסל נאַפט, איז מיר צוריקגעקומען אין געדאַנק דער פאַרגעלייגטער פּלאַן פון וויליאַם און פאָול פעדדאַק, צוויי אַמעריקאַנער עקספּערטן אין דעם פּראָבלעם פון איבערבאַפעלקערונג. זייער געדאַנק איז געווען, אַז פאַרנעמענדיק זיך מיט די שוואַך אַנטוויקלטע מדינות, וואָס נייטיקן זיך אין הילף פון מערב, זאָלן מיר אָנגיין לויטן פּרינציפּ פון „קלאַסיפיקאַציע", הגם אַ פּשוטער וואָרט, ווי סעלעקציע, וואָלט געמיינט די זעלבע זאַך. בקיצור, די אינדוסטריעל אַנטוויקלטע לענדער דאַרפן באַשליסן, וועלכע פון די נויט־באַדערפטיקע מדינות זאָלן געהאָלפן ווערן אין זייער וועג צו אַנטוויקלונג, און וועלכע מ׳זאָל אָן סענטימענטן איבערלאָזן אויף הפקר. מיר וואָלטן זיך אידענטיפיצירט, לויט שטרענגע פּראַקטישע פּרינציפּן, מיט די מדינות וואָס זענען מער פעיִק ביַיצוטראָגן פאַר אונדזערע עקאָנאָמישע און סטראַטעגישע צוועקן. אַוודאי, איך האָב אַ געוויס געפיל פאַר אַ פאַרצווייפלט אָרעם פאָלק, וואָס מ׳הייסט זיך אים שטעלן אין דער ריי פאַר אַזאַ סאָרט סעלעקציע. וועט מען אײַנגעפינען, אַז אַזאַ פאָלק איז צו שוואַך אָדער נישט פּאַסיק צו קאָנען ברענגען נוצן דעם געבער, וועט מען אים הייסן אָפּגיין אין אַ זײַט און בלײַבן מיט זײַן אייגענעם גורל, אָדער דאָס פאָלק וועט באַטראַכט ווערן ווי גענוג שטאַרק און באַרעכטיקט געהאָלפן צו ווערן און אַזוי אָרום בלײַבן לעבן. מער ווי איין מאָל בין איך געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט דער אימה פון סעלעקציע.

*

דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען, ווען איך בין אַרויס פון יענעם צוג. איך האָב ניט געוווּסט, ווו מיר געפינען זיך. קיינער האָט ניט געוווּסט. מ׳האָט אונדז אָוועקגעפירט צו אַ פּלאַץ מיט אַ וואַנט, וועלכע כ׳האָב ניט געקאָנט גוט זען אין דער פינצטערניש, און מ׳האָט געגעבן אַ באַפעל זיך אויסטאָן, כּדי צו נעמען אַ דוש. דאָרטן האָב איך דערקענט דעם ד״ר קאַפּלאַן, אונדזער משפּחה־דאָקטער, וואָס איז געווען בײַ מײַן געבוירן ווערן. נאָך איידער כ׳האָב געהאַט אַ געלעגנהייט מיט אים צו רעדן, זענען מיר אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ ריי. באַקעטע. מיר זענען פאַרבײַגעגאַנגען אַן עס־עס־אָפיציר, וואָס

איז געזעסן הינטער אַ טיש און געוואָרפן אַ האַסטיקן בליק אויף יעדן איינעם און געגעבן איינעם פון די צוויי באַפעלן — „לינקס" אָדער „רעכטס". איך בין דערגאַנגען צום פונקט, ווו די ריי האָט זיך צעטיילט, און בין געווען פונקט הינטערן דאָקטער. אַ געבויגענער, קוים לעבעדיקער מאַן, פון אַ יאָר זעכציק, האָט געהאַלטן אין האַנט אַ לאַנגן, ברייטן עלאַסטישן באַנדאַזש.

„וואָס איז דאָס?"

„פאַר מײַן ברוך, הער."

דער אָפיציר האָט קאַלט געזאָגט:

„לאָזט עס דאָ און גייט לינקס. ווועט עס צוריקבאַקומען בײַם אַרויסגיין."

דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט איבערראַשונג:

„ווי אַלט ביסטו?"

„אַכצן יאָר. איך בין קליין פאַר מײַן עלטער, כ'בין אָבער שטאַרק."

„גיי רעכטס."

„קאָן איך ניט גיין מיטן ד"ר קאַפּלאַן?"

„רעכטס!" האָט ער שטרענג איבערגעחזרט.

און דאָס, ווי כ'האָב עס שפּעטער געוווּסט, איז געווען דער סוף פון ד"ר קאַפּלאַן, און אַ נײַער שאַנס פאַר מיר צו בלײַבן לעבן.

שפּעטער, אין אוישוויץ, בין איך געווען „סעלעקציאָנירט" דורך ד"ר יאָזעף מענגעלע אַליין.

וועט עס זײַן אויף רעכטס, אָדער אויף לינקס? דו אָבסערווירסט דײַן ריכטערס אויגן, זײַנע זשעסטן, זוכסט עפּעס וואָס וואָלט געקאָנט דיר געבן אַן אָנדײַט, צי דו האַלטסט ניט בײַם שטאַרבן. אַ צופעליקער בלאָז אויף זײַן סיגאַרעט וואָלט געקאָנט ברעכן דעם ריטעם פון שיקן אין איין ריכטונג אַנשטאָט אין דער צווייטער. ווער ס'איז דורכגעגאַנגען אַזעלכע סעלעקציעס, וואָס האָבן געדויערט געציילטע סעקונדעס, דער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער עליטע פון צווישן די קנעכט. עס זענען ניט געווען קיין אַלטע, אָדער שוואַכע, אָדער קרענקלעכע צווישן זיי. און זיכער ניט קיין פרויען און קינדער, און זיי האָבן געגאָסן פון אַ קורצן אורלויב אויף צו לעבן עטלעכע טעג, אָדער אַ פּאָר וואָכן, אָדער אַ פּאָר חדשים. פאַר אַ סך האָט עס מער טאָקע ניט געדויערט און איז געווען פאַרן רוב פון זיי אַ קאָרידאָר צום טויט.

*

גלײַך ווי אַלע אַנדערע ווען מ׳האָט געהייסן גיין אויף רעכטס צו נעמען אַ דוש, האָט מען אויך מיר צוגעטיילט אַ פּאָר הילצערנע סאַנדאַלן, אַ זשאַקעט און הויזן פֿון געשטרייפּטן באַוול־שטאָף, אַ קײַלעכיק היטל און אַ מעטאַלענעם טעפּעלע, וועלכן כ׳האָב שטענדיק גערדאַרפֿט טראָגן אויף מײַן פּאַסעק. אונדזערע אייגענע זאַכן און דאָס רעשטל פֿון אונדזער אייגנס — דאָס, וואָס וואָלט אונדז געקאָנט דערמאָנען אין אונדזער פֿריִערדיק לעבן און וואָס מ׳האָט אונדז געהאָט צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן עס צוריקקריגן נאָכן דוש — האָבן מיר קיין מאָל מער ניט געזען. מײַן קאָפּ איז געוואָרן אין גאַנצן אָפּגעראַזירט. אַ שאַרפֿן דיסאינפֿעקציע־מיטל האָט מען אַנגעשמירט צווישן מײַנע פֿיס, און איך בין באַשטימט געוואָרן צו אַ באַראַק. צוויי ברעטער, איינע איבער דער אַנדערער, זענען אַדורך פֿון ביידע זײַטן באַראַק, אַזוי ווי פּאָליצעס, מיט אַן אָפּשטאַנד צווישן זיי. אַ שורה קליינע עפֿענונגען בײַם דאַך האָט דורכגעפֿילטרירט אַ ביסל ליכט און לופֿט. די צענדליקער אַנדערע באַראַקן זענען געווען איינע און די זעלבע. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז מיר געפֿינען זיך אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער וואָס הייסט מײַדאַנעק. בײַם ערשטן פֿײַף האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי צו קריגן עסן. איך האָב געקוקט מיט עקל אויף דעם, וואָס מ׳האָט אַרײַנגעגאָסן אין מײַן טעפּעלע, טראַכטנדיק אַז כ׳וועל האָבן צײַט ערשט מאָרגן זיך נעמען צוגעוווינען צו מײַן נײַער דיעטע. אַן עלטערער מאַן וואָס איז געזעסן אַנטקעגן מיר אויף דער ערד, האָט אָנגעכאַפּט מײַן שוך־סאַנדאַל מיט זײַנעם:

„זון, הער אויס, דו ווילסט עסן די זופּ אָדער ווילסט שטאַרבן? קרים זיך ניט. דײַן מאַמע איז דאָ ניטאָ, דיר צו מאַכן בלינצעס. עס, אַניט גיב עס מיר.“

כ׳האָב מיט געוואַלט אַראָפּגעשלונגען די זופּ. דעמאָלט האָב איך נאָך ניט געוווּסט, ווי גערעכט ער איז געווען, און ווי דאָס לעבן און דער טויט אין מײַן אָפּגעשוואַכטן מצב זענען אָפּהענגיק פֿון איין דורכגעלאָזטן מאָלצײַט. כ׳האָב אַפֿילו ניט אָנגעהויבן וויסן, וואָס זײַנע ווערטער וועלן פֿאַר מיר באַטײַטן שפּעטער, און וואָס דאָס איז אַזוינס ווערן משוגע פֿון הונגער, און ווי אַ פּאַרציע פֿון אַ לעבלעכער פּליסיקייט אין אַ פֿאַרזשאַווערטער כּלי מאַכט

דעם אויסגעדאַרטן קערפּער ציטערן בײַם וואַרטן אויף דעם. דו וויגסט דײַן טעפּעלע מיט ליבע, זוכנדיק אַ רויִק אָרט, ווו דו זאָלסט קאָנען עסן אומגע־שטערט. מיט פאַרמאַכטע אויגן שלינגסטו אַראָפּ פונעם מאַכל איין לעפל נאָכן צווייטן. אויסציִענדיק אָט די גוטע מאָמענטן, אין וועלכע דו ווייסט, אַז דו באַמיסט זיך צו בלײַבן לעבן. דו לעקסט אויס ריין דאָס טעפּעלע, לעקסט אָפּ דײַנע ליפּן און דײַנע ציין, און ווי פאַוולאָווס אַ הונט הייבסטו אָן צו טראַכטן וועגן דער ווײַטער רגע, ווען ס׳וועט זיך ווידער דערהערן דער צייכן, אַז מ׳גיט עסן.

דער הונגער ווירקט אויף דער פּסיכיק. מאַכט משוגע, רופט אַרויס האַלוציניאַציעס. ס׳איז דאָס ערשטע געפיל בײַם אויפכאַפּן זיך אין פרימאָרגן, דאָס לעצטע פאַרן אײַנשלאָפן בײַ נאַכט. די אַלע אַנדערע געפילן, אַפילו דאָס געפיל פון ווייטיק, אָדער די מורא פאַרן טויט. ווערן צווייטראַנגיק און שליסן אויס יעדן קאָנצענטרירטן אָנשטרענג פון געדאַנק. דער חיִשער אינסטינקט צו עסן, ניט וויכטיק וואָס, ניט וויכטיק ווו, ניט וויכטיק ווען, ווערט די איינ־ציקע דאָמינירנדיקע וואָר. ווי אַזוי גיט מען אַ צווייטן צו פאַרשטיין דאָס טאָג־טעגלעכע זוכן שפּײַז פון די, וואָס לײַדן פון אַ פּערמאַנענטן הונגער אויף דער גאָרער וועלט, די מיט קינאה אויפגעבראַכטע מאַסן, אַזוי לײַכט צעהיצטע דורך יעדן פאַנאַטיקער, יעדן דעמאַגאָג, יעדן רעוואָלוציאָנער, וואָס ווײַזט אָן מיטן פינגער אויפן רײַכן? ווי אַזוי דערקלערט מען עס אונדזערע פירערס, אונדזערע פּאָליטיקערס, פאַר וועמען די גרעסטע דילעמע בנוגע שפּײַז ווערט אַרויסגעהויבן דורך אַ פאַרזאָרגטן קעלנער: „וואָלט איר וועלן אײַער ביפ־סטיק, מײַן הער, ניט־דערבאַקן, אָדער גוט צוגעברוינט?"

שטייענדיק אויף אַכטונג בײַם אַפּעל, האָבן מיר געקאָנט זען אַ קאָמפּלעקס פון געבײַדעס מיט ציגלנע קוימענס, וועלכע האָבן פון צײַט צו צײַט אַרויס־געלאָזט רויך. מיר האָבן נאָך ניט געהאַט פאַרבונדן דעם רויך מיט אונדזער אייגענעם גורל. מיר האָבן געזען גענוג מענטשן, דערהרגעטע דורך האַרמאַטן־פײַער און אויסגייענדיקע פון גוואַלדיקן פיזישן אָנשטרענג, און אויך געוווּסט, אַז מיר זענען אין אַ טויט־סכנה. אָבער די ידיעה וועגן קרעמאַטאָריעס און גאַזקאַמערן האָט זיך נאָך ניט געהאַט פאַרשפּרייט. אַפילו ווען זייער כוונה איז געוואָרן אָנספּקדיק קלאָר, האָבן אַ סך פון אונדז ניט געוואָלט גלייבן

אַז עמעצער, אַפילו די נאַציס, קאָן פאַרמישפּטן אַ גאַנץ פאָלק צו אויסראָט. אַ געוויסע צײַט איז אַדורך ביז כ'האָב אויסגעפונען, כמעט אויסער יעדן ספק, אַז די פרויען און קינדער, וועמענס וואַגאַנען זענען געוואָרן אָפּגעטיילט פון אונדזער צוג אין טרעבלינקע, זענען גענומען געוואָרן גלײַך אין די קרע־מאַטאָריעס אַרײַן.

אַזוי ווי מיר האָבן געשאַפן אין לאַגער קאָנטאַקטן מיט אַסירים פון אַנדערע באַראַקן, וואָס זענען שוין געווען אין לאַגער אַ געוויסע צײַט, און אַזוי ווי מיר האָבן געזען, ווי גרופּעס פון אונדזערע חברים פאַרשווינדן פּלוצעם און נײַע גרופּעס קומען אָן — זענען מיר דערגאַנגען, אַז מיר געפינען זיך אין אַן אָרט, וואָס איז אויפגעשטעלט נאָר בכדי אונדז פיזיש אומצו־ברענגען. פאַרנעפּלט האָב איך אָנגעהויבן באַנעמען, מיט וואָס פאַר אַ שׂונא כ'האָב צו טאָן, און אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז רוצחים האָבן אַ סך מער פאַנ־טאַזיע ווי זייערע קרבנות, און אַז וויפל כוח ס'איז מיר געבליבן און וויפל דורכגעטריבנקייט כ'האָב פאַרמאָגט, האָט עס געמוזט מאָביליזירט ווערן אויף אָפּצושטופּן מײַן אומקום.

אײן אָוונט, נאָך אַן אומענדלעך לאַנגן אַפּעל, איז אַרויס אַ באַפעל: אַלע שנײַדערס פון פאַך בלײַבן שטיין אויף אַכטונג, די אַנדערע פאַלן אַרויס.

אויב זיי דאַרפן שנײַדערס, האָב איך געטראַכט, וועט מען זיי אויפהאַלטן בײַם לעבן. דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט צו בלײַבן שטיין.

דער עס־עס־אָפיציר וואָס איז דורכגעגאַנגען די רייען, האָט מיך מיט אַ חוצפּהדיקן חוזק באַקוקט.

„דו גלייבסט, אַז ביסט אַ שנײַדער?"

„ניין, הער, איך בין ניט."

„איז דײַן טאַטע געווען אַ שנײַדער?"

„יאָ, הער, מײַן זיידע אויך. איך בין געווען אַ קנאָפּלאָך־מאַשיניסט."

„קנאָפּלאָך־מאַשיניסט, אַ? וואָס איז דאָס?"

„דער קנאָפּלאָך־מאַכער, הער, אויף אַ זייער גרויסער און קאָמפּליצירטער מאַשין. פּרובירט נייען קנאָפּלעכלעך מיט דער האַנט, געדויערט עס אַ סך צײַט. אויף דער קנאָפּלאָך־מאַשין נעמט עס נאָר אַ פּאָר סעקונדעס."

אויף דער גאַס ווו מיר האָבן געלעבט, איז געווען אַ שנײַדער־וואַרשטאַט,

און דאָרטן — אַ ריזיקע קנאַפּלאַך־מאַשין וואָס האָט מיך געהאַט ממש פֿאַרכּישופֿט. כ׳פֿלעג זיך אַרומדרייען אין וואַרשטאַט נאָך דער שול, און אַזוי ווי איך בין געווען דער זון פֿון בעל־הבית, פֿלעגט מיר דער מאַשיניסט לאָזן אָנדריקן אויפֿן פּעדאַל צום אויסקלאַפּן אַ פּאָר לעכלעך.

די לאָגיק פֿון מײַן דערקלערונג — אַז ווו נאָר מ׳דאַרף שנײַדערס, דאַרף מען אויך קנאַפּלאַך־מאַכערס — האָט, ווײַזט אויס, געמאַכט אויף דעם עס־עס־אָפֿיציר אַן אײַנדרוק, ווײַל ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף איין זײַט, די זײַט פֿון לעבן. צום צווייטן מאָל אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע וואָכן, ווי איך האָב געראַטעוועט מײַן לעבן. ס׳איז געווען עפּעס אין דעם, איך פֿיל עס אַצינד, פֿון דעם פֿאַרצײַטיקן אינסטינקט פֿאַרן קיום, וואָס גייט דורך אין דער געשיכטע פֿון די ייִדן, אַן אינסטינקט, וואָס איז פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן דורך אומאויפֿהערלעכע נאַציאָנאַלע טראַגעדיעס און קאַטאַקליזמען.

דעם זעלבן אָוונט, אויף מײַן געלעגער, האָב איך אין דער פֿאַנטאַזיע זיך געזען, ווי אַ יונגער דניאל, וואָס האָט דערזען דעם סוף אויף מלך בלשצרס מאָלצײַט און איז אַנטלאָפֿן אַ לעבעדיקער פֿון דער לייבן־נאָרע אין בבל. כ׳האָב אין דער פֿאַנטאַזיע זיך געזען ווי אַ יונגער יוסף, פֿאַרשלעפּט קיין מצרים דורך ישמעאלים, אַליין אין אַ גרוב, אימפּראָוויזירנדיק די מיטלען זיך צו ראַטעווען. פּרעה האָט חלומות וועגן זיבן מאָגערע קי און זיבן פֿעטע קי. איז דאָ אַזאַ איינער אין קיניגרײַך, וואָס קאָן אויסטײַטשן דעם חלום? יוסף ווערט אַ פּותר־חלומות און ראַטעוועט זײַן לעבן. ער האָט דערפֿונדן זײַן קנאַפּלאַך־מאַשין.

✶

אויפֿן צווייטן טאָג איז אונדזער גאַנצער קאָנטיגענט — די אַלע שנײַדערס אויף אַן אמתן — געוואָרן אַרײַנגעפּאַקט אין וואַגאָנען, און נאָך צוויי טעג פֿאָרן, האָט מען אונדז אויסגעלאָדן אויף אַן אָרט מיטן נאָמען בליזין. מײַנע גלידער זענען געווען פֿאַרשטײַפֿט און כ׳האָב זיך קוים געקאָנט רירן, ווען אַ באַפֿעל איז אַרויס זיך אויסצוטאָן נאַקעט און זיך וואַשן אין אַ געפֿרוירענעם זומפּ. מיר האָבן פֿרײַער אָפּגעאָטעמט זיך דערוויסנדיק, אַז ס׳איז ניט געווען קיין גאַזקאַמער, פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ דוש־אינסטאַלאַציע.

בליזין איז געווען אַן אַרבעט־לאַגער און געלעגן אין דעם מרה־שחורה־

דיקסטן אָרט, וואָס כ׳האָב ווען עס איז געזען. ווי דער רוב לאַגערן, איז ער געווען אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטן וואַלד. אָבער אינעווייניק, אינעם אָפּצוים פֿון שטעכלדראָט מיט די מאַשין־געווער־נעסטן יעדע פּאָר הונדערט פֿוס, איז ניט געווען קיין סימן פֿון דער נאַטור: קיין איין גרעזל, קיין פֿעלד־בלימל און נאָר שוואַרצע קראָען האָבן צײַטנווײַז אַרומגעקרײַזט איבערן קאָפּ, קיין מאָל ניט באַוויליקנדיק זיך אַראָפּצולאָזן. דער גאַנצער שטח איז געווען באַדעקט מיט זשוויר און שטיינער און איז רעגולער אויסגעקערט געוואָרן דורך מאַנשאַפֿטן פֿון סקעלעטן־אַרעסטאַנטן.

נאָכן געוויינטלעכן אויססאָרטירן די נײַ־אָנגעקומענע און באַשטימען צו באַראַקן, האָט מען אונדז גענומען צו אַ ריזיקער ציגלנער געביידע, אין וועלכער ס׳איז געווען אַ פֿאַבריק פֿון דײַטשישע אַרמיי־אוניפֿאָרמען. אין דער מאַגאַזין־אָפּטיילונג פֿון דער פֿאַבריק, וווּ מ׳האָט מיך געשטעלט צו דער אַרבעט, האָב איך דערזען אַ באַקאַנטע פֿיגור, אין אַ געשטרייפֿטן אַרעס־טאַנטסקן בגד, אַזוי ווי מײַנער. זײַן קאָפּ אָפּגעראַזירט, ווי מײַנער. ער איז געשטאַנען צו מיר מיטן רוקן, אָבער ס׳האָט קיין טעות ניט געקאָנט זײַן:

„בענעק!“

ער האָט זיך געגעבן אַ דריי איבער.

„מוליע!“

זײַנע אויגן זענען געווען גרעסער, ווי איך האָב זיי געהאַט געדענקט. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר עלטער אין משך פֿון אַ פּאָר חדשים. אַזוי ווי איך, האָט ער געהאַט דורכגעלעבט זאַכן און מינוטן, וואָס נאָרמאַל נעמען זיי יאָרן. ס׳האָט מיר אויסגעזען, אַז ער רעדט איצט ווי אַן עלטערער ייִנגל, און ער האָט מסתּמא געפֿילט דאָס זעלבע וועגן מיר. מיר האָבן זיך אַרומגענומען, קלאַפּנדיק איינער דעם אַנדערן אויף דער פּלייצע, און ביידע אָנגעהויבן גלײַכצײַטיק: „ווי אַזוי האָסטו...?“ און איבערגעריסן, אַרויספּלאַצנדיק מיט אַ געלעכטער.

בענעקן האָט מען געהאַט גענומען קיין בליזין דירעקט פֿון ביאַליסטאָק. אַזוי ווי איך, איז אויך ער אָפּגעריסן געוואָרן פֿון זײַן משפּחה אויף דער באַן־סטאַציע. ער האָט מיר מער קיין סך ניט געקאָנט זאָגן. אַן אויפֿזעער מיט אַ לאַנגער בײַטש האָט אונדז באַפֿוילן גיין צו דער אַרבעט. צוזאַמען

מיט די נײַ־געקומענע, האָט מען מיר געגעבן צו סאָרטירן אַלטע אוניפאָרמען, וועלכע האָבן געדאַרפט איבערגעניצעוועט און איבערגעגנייט ווערן.

בענעק האָט גוט געקענט דעם לאַגער און דעם זעלבן אָוונט האָט זיך אים אײַנגעגעבן אַרײַנצונעמען מיך אין זײַן באַראַק. אין דער פינצטער, נאָכן אַפּעל, האָבן מיר גערעדט, שעפּטשענדיק שעהען גאַנצע, אַרויפגעבראַכט זכרונות פון אונדזערע שוליאָרן, אונדזערע שול־חברים און וועגן אַלץ, וואָס איז געשען זינט זײַן פאַרשווינדן פון געטאָ.

די ימים־נוראים זענען אָנגעקומען נאָך דעם, ווי מיר זענען שוין געווען אין לאַגער עטלעכע חדשים. אונדזער באַראַק איז געוואָרן אַ געהיימע שיל. אין דער פינצטער, נאָך דער אַרבעט, אָן אַ חזן, אָן אַ ספר־תורה, אָן מחזורים, אָן ליכט, מיט די תפיסה־היטלען ווי יאַרמלקעס, איז יעדער איינער געשטאַנען אַנטקעגן זײַן געלעגער, מיטן פּנים צו ירושלים. יעדערער, אַ גלייביקער אָדער ניט, האָט געשטאַמלט אין דער שטיל, עס זאָלן אונדז חלילה ניט דערהערן די אַרומגייענדיקע וועכטערס מיט זייערע בייזע הינט פון דרויסן, — גע־שטאַמלט תפילות, וועלכע ער האָט נאָר געדענקט. יום־כיפור איז דאָס פאַסטן אָנגעקומען לײַכטער ווי תשובה טאָן.

✶

...די איבערצײַגונג אַז מײַן מאַמע און מײַן שוועסטער זענען אַוועק אויף אייביק, האָט מיך געפּײַניקט, ווען כ׳האָב געקוקט אויף דעם וויסטן שטח פון בליזין. און איצט, אין עלטער פון פערצן יאָר, האָב איך געוואָלט מיט זיי זיך פאַראייניקן. כ׳האָב געוואָלט שטאַרבן. דער טויט האָט אויסגעזען אַ גרויסע פאַרלײַכטערונג. האָב איך געפרעגט בענעקן, וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך צו לעבן, אויב מײַן טאַטע, מײַן מאַמע, און מײַן שוועסטער זענען טויט?

„אָבער,״ האָט בענעק מיך איבערגעריסן מיט כּעס, „אויב דײַן מאַמע און שוועסטער לעבן נאָך? אין דער אמתן האָסטו ניט דעם קלענסטן באַווײַז, אַז זיי זענען טויט!״

ער האָט זיך מיר פאַרטרויט, אויך ער האָט געוואָלט, ווי איך, שטאַרבן. אָבער איצט, האָט ער געזאָגט, דאַרפן מיר פאַרטרײַבן די דאָזיקע געדאַנקען. אויב אונדזערע מאַמעס און שוועסטער זענען צווישן די לעבעדיקע, איז אונ־

דזער חוב צו בלײַבן לעבן און צו דערלעבן דעם טאָג, ווען מיר וועלן ווידער זײַן צוזאַמען. ס׳איז נאָך פאַראַן די האָפענונג.

„אין אַ פוטבאָל־שפּיל,״ האָט ער געזאָגט, „הערסטו ניט אויף צו קעמפן, אויב אַפילו ביסט הינטערשטעליק מיט דרײַ גאָלן. ווייסט קיין מאָל ניט, וואָס די קומענדיקע צען מינוטן קאָנען ברענגען.״

איך האָב אײַנגעשטימט. ס׳וועט מער קיין רייד ניט זײַן פון זעלבסטמאָרד, פון פּאַסיוון אָננעמען דאָס ערגסטע. אין דער נאַכט ווען מיר זענען געוואָרן צעשיידט, האָט מײַן מאַמע מיר געגעבן ס׳לעבן אַ צווייטן מאָל. די צווייטע געבורט איז פאַר איר געווען אַ סך ווייטיקדיקער ווי די ערשטע. מײַן לעבן, האָב איך געפילט, געהערט ניט מער בלויז צו מיר אַליין. דער מאַמעס טייל און דער טייל פון די אַלע אַנדערע, וואָס אין מיר, וועלן דאַרפן ווײַטער אָנגיין מיטן לעבן. מעגלעך, אַז אין אַ געוויסן טאָג, אויב איך בלייב לעבן, וועל איך קאָנען נקמה נעמען, זאָגנדיק עדות אין אַמעריקע, אין אויסטראַליע, אין פראַנקרײַך, ווו נאָר מיטגלידער פון אונדזער משפחה וועלן בלײַבן, עדות וועגן דער אומענדלעכער טיפעניש, אין וועלכער אַ פאַרדאָרבענע וועלט איז אַראָפּ־געזונקען. ס׳איז געווען מײַן חוב אָנצוגיין מיטן קאַמף.

בענעק און איך האָבן געוווּסט, אַז מיר דאַרפן פאַררײַסן דעם קאָפּ, זײַן קאַלטבלוטיק און זיך אויפפירן ווי דערוואַקסענע. אין יעדער סיטואַציע געפינען אַן אויסוועג. די וועכטערס און אויפזעערס אויף דער אַרבעט זענען געווען אַ געפערלעכע באַנדע. אָבער מיר וואָלטן געקאָנט אַנדערע פון זיי באַאַרבעטן און אַזוי אַרום אַרויסקריגן פון זיי ברעקלעך צוגאָבשפּײַז, וואָס וואָלט אונדז געהאָלפן ווײַטער צו האַלטן זיך. בענעק האָט געפונען אַן אַלטע פאָר ברעזענטענע שיך; אפשר וואָלטן מיר געקאָנט צולקחנען אַן אַנדער פּאָר, כּדי ביידע זאָלן מיר האָבן עפּעס בעסערס ווי הילצערנע סאַנדאַלן. אויך מיטן אָנקום פון ווינטער וואָלטן מיר געדאַרפט געפינען שטיקלעך שטאָף, צונויפצושטוקעווען זיי אַזוי, אַז מיר זאָלן אין די קאַלטע נעכט שלאָפן ניט בלויז אויף הוילן שטרוי.

דײַטש וואָס מיר האָבן געלערנט אין שול ווי אַ צווייטע פרעמדע שפּראַך, איז געווען איצט ווי גאָטס גאָב, ווײַל דאָס האָט אונדז געהאָלפן אויפצוכאַפּן גיכער ווי די אַנדערע, וואָס עס געשעט אַרום. מיר האָבן געפונען מיט בענעקן

ווענן, ווי אַזוי צו בײַטן זיך מיט אונדזערע זאַכן, ווען מיר האָבן געאַרבעט באַזונדער בײַ טאָג און בײַ נאַכט, כּדי דער וואָס איז אין דרויסן אויף דער קעלט, זאָל ניט פֿרירן. מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז בײַם סאַמע אָנהייב אָדער בײַם סוף פֿון דער פֿאַרטיילונג איז דאָס געקעכטס געדיכטער און אויך איז עס געווען אָפּהענגיק דערפֿון, ווי טיף דער פֿאַרטיילער מאַניפּולירט אַרײַן מיטן שעפּלעפֿל. פֿלעגן מיר זיך סטאַרען צו זײַן אָדער פֿון די ערשטע אָדער פֿון די לעצטע אין ריי. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר דאַרפֿן זיך האַלטן ריין, אַפֿילו אויב מ׳האָט געמוזט זיך וואַשן מיט רעגן־וואַסער אָדער מיט שניי, אויפֿגעקליבענע פֿון דער ערד.

מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר האָבן ניט געקאָנט זיך דערלויבן צו באַגיין טעותים, אַז מיר האָבן ניט געקאָנט, ווי מיר פֿלעגן עס טאָן בעתן גרייטן די שטובאַרבעט פֿאַר דער שול — צו ערשט מאַכן אַן אָנוואָרף און דערנאָך, פֿאַרן אָפּגעבן דעם לערער, עס איבערשרײַבן אויף ריין. אין יעדער סיטואַציע האָבן מיר איצט געהאַט נאָר איין געלעגנהייט, און דער באַשלוס האָט גע־דאַרפֿט זײַן דעצידירט און ריכטיק — ווען ניט...

צוזאַמען װעלן מיר זײַן מער ווי סתּם צוויי יונגע ייִנגלעך, אַפֿילו מער ווי איין דערוואַקסענער. מיר האָבן זיך געגעבן אַ וואָרט זיך צו טיילן מיט אַלץ, צו זײַן נאָענט און האָבן אויסדויער.

מיר האָבן געהתמעט דעם בענעק־מוליע־אָפּמאַך — דעם ווילן צו לעבן !

# 3

אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצינס כראָניק פון לעבן אין סטאַלינס צוואַנג־לאַגערן האָט אויפגעטרייסלט דאָס געוויסן פון מענטשן אין גאָר דער וועלט. דאָס טאָג־טעגלעכע זוכעניש ווי איבערצולעבן אַקעגן מוראדיקע כּוחות, אַקעגן דעם שׂכל־הישר; דאָס געפיל אַז די אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט האָט אונדז איבערגעלאָזט אויף הפקר, האָב איך אַליין איבערגעלעבט, און לייענענדיק זײַנע ביכער לעב איך עס ווידער איבער. ביידע זענען מיר געווען אויפן גרונט פון דעם מענטשלעכן מיסטקאַסטן — ער אין עלטער פון דרײַסיק יאָר און איך, אין אַ העלפט פון דעם עלטער. דעריבער זענען אונדזערע געדאַנקען און געפילן אין תּוך אידענטיש.

ווען אַ לייט־אַרטיקל אין דער „פּראַוודאַ" האָט קאָנסטאַטירט, אַז מײַנע מיינונגען וועגן דער קאָעקסיסטענץ פון פּריוואַטע אונטערנעמונגען און מלוכישע געזעלשאַפטן האָבן בײַגעשטײַערט צום „דעטאַנט", צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַנטשפּאַנונג, בין איך ניט געווען דערשטוינט. אָבער ווען סאָלזשעניצין, דער שטרענגסטער קריטיקער פון קרעמל, האָט באַהאַנדלענדיק דאָס פּראָבלעם פון דעם מיזרח־מערבֿ־האַנדל און די מענטשלעכע פרײַהייטן, אויך געשריבן אין זײַן בוך „מיט די הערנער האָט דאָס קעלבל געשטויסן דעם דעמב", אַז „פּיסאַר איז איינער פון די ווייניקע וואָס זעען קלאָר", בין איך געווען אי צופרידן, אי איבערראַשט.

דעם פּאַראַדאָקס איז ניט שווער צו פאַרשטיין. הגם אַלע טאָטאַליטאַרע סיסטעמען זענען פונדאַמענטאַל די זעלבע מיאוסע בריאה, האָב איך דערפילט, אפשר שטאַרקער ווי ער, אַז אַן ענדגילטיק נײַע דימענסיע איז צוגעקומען אין אונדזערע באַציִונגען מיט די גרויסמאַכטן, וועמענס פּאָליטישע סיסטעמען מיר מעגן פײַנט האָבן. אונדזער פּלאַנעט לעבט איצט אין דער סכּנה פון אַן אַטאָמישן חורבן. מענער און פרויען קאָנען מער ניט אויפציטערן, ווי זיי האָבן עס אַ מאָל געטאָן, פון פּאַטריק הענריס פלאַמענדיקער לאָזונג: „גיב

מיר פרײַהייט, אָדער גיב מיר דעם טויט!״ פרײַהייט קאָן מען הײַנט ניט באַקומען דורך פּאַטעטישער התלהבות, אַזוי ווי עס קאָן ניט דערוואָרבן ווערן מיטן כּוח פון געווער. נײַע מיטלען דאַרפן אויפקומען, מיטלען, וועלכע כ׳האָב אין אַן אַנדער בוך אָנגערופן „געווער פאַרן שלום״.

סאָלזשעניצין, דערקעגן, זעט אויס צו האַלטן פון אומקערן זיך צו דער פּאָליטיק פון קאָנפראָנטאַציע מיט רוסלאַנד, און דאָס זאָל, אַנשטאָט אונטער־האַנדלונגען און ברייטערע קאָנטאַקטן, צווינגען דעם סיסטעם זיך צו ענדערן. פון מײַן זײַט, האַלט איך זיך בײַ דער מיינונג, אַז אין דעם היסטאָרישן פּאַרמעסט פון דער מערב־וועלט מיטן קאָמוניזם איז אונדזער ווירקעוודיקסט געווער ניט די ווײַט־גרייכנדיקע מיליטערישע אינסטאַלירונגען, נאָר אונ־דזערע בעסערע מעגלעכקייטן פאַר אַן עקאָנאָמישן פּראָגרעס און דאָס אויס־ברייטערן די מענטשן־רעכט, וואָס מוז גיין צוזאַמען מיט דעם.

אונדזער ווידערשטאַנד צו דער טיראַנײַ קאָן ניט זײַן באַגרענעצט און געירשנט פון עבר. נײַע דיקטאַטורן האַלטן בײַם אויפגיין און דאָס אויסגליטשן זיך צו טאָטאַליטאַריזם קאָן זיך פאַרשפּרייטן, ווען איין מדינה נאָך דער אַנדערער פאַרשטאַרקט זיך קעגן דעם אָנגריף פון עקאָנאָמישן און סאָציאַלן כאַאָס. מיר מוזן באַקעמפן היטלערס און סטאַלינס ירושה ניט נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן געלאָזט יורשים, נײַערט אויך צוליב דעם וואָס די באַדינגונגען — אַרבעטלאָזיקייט, אינפלאַציע, אומאָרדענונג, וועלכע האָבן געבראַכט דעם פאַשיזם און דעם קאָמוניזם צו דער מאַכט דורך אַ כוואַליע פון אַן אויטענ־טישער פּאָפּולערקייט — באַדראָען אונדז ווידער.

וואָס איך האָב בשותּפותדיקס מיטן גרויסן רוסישן אָפּאָזיציאָנער איז אומענדלעך שטאַרקער ווי אונדזערע אונטערשיידן אין צוגאַנג צו דער לייזונג פון קאָעקסיסטענץ מיטן ראַטן־פאַרבאַנד. מיר האָבן אַ הייליקן בונד פון ברי־דערלעכקייט און כּבוד, וואָס פאַראייניקן אַלע לעבן־געבליבענע פון די לאַגערן און די גולאַגן — אַ בונד צו באַקעמפן פּײַניקערס און הענקערס, ווו נאָר זיי געפינען זיך.

כ׳בין געווען פאַרכּישופט לייענענדיק סאָלזשעניצינס ערשט בוך „איין מעת־לעת אין לעבן פון איוואַן דעניסאָוויטש״ און כּמעט באַדויערט, וואָס כ׳האָב ניט געהאַט געטיילט זײַן גורל. די באַשרײַבונג פון דער טאָג־טעגלעכ־

קייט אין דעם אַרכיפּעלאַג פון סטאַלינס גולאַגן איז, ביז אַ געוויסן פּונקט, אייגנטלעך אַ זײַטל נאָך זײַטל, די שילדערונג פון מײַן אייגענער עקסיסטענץ אין היטלערס לאַגערן. עס איז אַזוי אַקוראַט און פּרעציז, אַז ווען איך זאָל וועלן באַשרייבן אַ טאָג אין מײַן אייגענער געפאַנגענשאַפט, וואָלט עס גע־דאַרפט זײַן אַן איבערחזרונג. פון דעסטוועגן, זענען בײַ אונדז פאַראַן פונדאַ־מענטאַלע אונטערשיידן. זײַן גולאַג, גרויליק ווי ער איז, איז ניט געווען ווי מײַן לאַגער — אַ פאַרטיליקונג־פּלאַץ. קיין זאַך קאָן מען ניט פאַרגלײַכן צו אַ לעבן אין שאָטן פון אַ נאָכאַנאַנדיקער אַקטיווער גאַזקאַמער.

אַז אַסירים זאָלן קאָנען טראָגן פּילצענע שטיוול, זאָקן און אונטערוועש, האָבן מיר ניט געקאָנט באַנעמען. וואָס ס׳איז וויכטיקער איז דאָס, וואָס די גולאַג־אינטערנירטע האָבן געקאָנט באַקומען בריוו, פּעקלעך; אַפילו וויזיטן פון דער משפחה, אָדער פרײַנט, וואָס זענען געווען בײַם לעבן. וואָס פאַר אַ פאַרלײַכטערונג, וואָס פאַר אַ דערמוטיקונג, וואָס פאַר אַ ווילן צו לעבן האָבן אַזעלכע קאָנטאַקטן מיט דער אויסערלעכער וועלט, ווי שוואַך זיי זאָלן ניט האָבן געווען, געמוזט ברענגען מיט זיך.

איך ווייס, ווי גראָטעסק עס מוז אויסזען דער פאַרגלײַך צווישן די צוויי עקסטרעמע פאָרמען פון באַרבאַריזם. און קיינער פון אונדז וועט קיין מאָל ניט זײַן בכוח געבני איבערצוגעבן דעם גאַנצן גרויל פון די געדאַנקען און זכרונות, וואָס פאַרפאָלגן אונדז, און די וואָרענונג אַז אונדזערע איבערלעבונ־גען זענען געווען אַן אָנזאָג פון געשעענישן, וואָס דאַרפן קומען. מיר געהערן צו די גאָר ווייניקע, וואָס וויסן פון לעבן אין זײַן סאַמע רויען צושטאַנד, אַז אַ מענטשנס יכולת צו טאָן שלעכטס, אַזוי ווי זײַן זשעני, האָט ניט קיין גרענעצן.

אויב איך מאַך אַן אונטערשייד צווישן סאָלזשעניצינס גיהנום און מײַנעם, איז עס דערפאַר וואָס איך פיל אַ התחײַבות צום אָנדענק פון די, וואָס האָבן געגוסט און זענען אומגעקומען אין די נאַצישע טויטפאַבריקן צו פאַרזיכערן, אַז דער היסטאָרישער פּראָטאָקאָל וועט ניט פאַרטושט ווערן און אַז דער ווערטערבוך פון חורבן וועט ניט באַרויבט ווערן פון זײַן איינציקן ווערט — די וואָרענונג פאַר דער צוקונפט.

לויטן שגעונדיקן גרויל האָבן טרעבלינקע, מײַדאַנעק און אוישוויץ גע־

הערט צו אַ באַזונדערן קלאַס: דער סוף פון דער וועלט, דער סוף פון דער שאַפונג. זיי האָבן פונקט אַזוי ניט געהערט צו דער זעלבער קאַטעגאָריע ווי די גולאַגס, אַזוי ווי די געטאָס אין ביאַליסטאָק און וואַרשע קאָנען ניט ווערן פאַרגליכן מיט די געטאָס פון האַרלעם און וואַטס, די סלאַמס פון סאַוועטאָ אָדער די פאַוועללאַס פון בראַזיל. אַפילו די שחיטה אין מאו־ליי, אָדער אויך היראשימאַ און נאַגאַסאַקי — קאָנען ניט ווערן פאַרגליכן מיט דעם שגעון פון טויט, וואָס האָט געווירבלט אין די נאַצישע אויסראָט־לאַגערן. די ייִדן האָבן קיינעם ניט אַטאַקירט. מסכּים זײַן זיך אונטערצוגעבן, זיך צו אַסימילירן, זיך שמדן — קיין זאַך וואָלט ניט באַפרידיקט אָדער אײַנגעשטילט אונדזערע תּלינים: מיר האָבן געדאַרפט ווערן אָפּגעמעקט — אונדזער בלוט איז דערקלערט געוואָרן פאַר סם.

*

פון בליזין זענען בענעק און איך, צוזאַמען מיט עטלעכע הונדערט אַנדערע וואָס האָבן זיך עקשנותדיק געהאַט אָפּגעזאָגט צו שטאַרבן, טראַנס־פּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ — די קרוין־צירונג פון דעם שטערן־ביגטל פון די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דער אוישוויץ־בירקענאַו־לאַגער, ווו איך בין באַלד געוואָרן איבערגעשיקט, איז געווען ווי דער צענטערפּלאַץ אין ווימבלדאָן — דער קודש־הקודשים פונעם פּאַרטיליקונג־צערעמאָניאַל.

בײַם אָנקומען בין איך געווען איבערראַשט פון די ריזיקע דימענסיעס פונעם לאַגער. דאָס גיגאַנטישע „קונסטווערק" האָט געהאַט אַן אַ שיעור באַראַקן, פּינקטלעך אויסגעשטעלטע אין גראָדע ליניעס. בלויז דער שלעכטער ריח האָט קאַליע געמאַכט דאָס שטרעבן צו אָרדענונג און זויבערקייט, וואָס האָט, ווײַזט אויס, אינספּירירט די דײַטשישע בויערס פונעם לאַגער. די הויכע ציגלנע קוימענס בײַם סאַמע עק פון לאַגער, מיטן רויך וואָס האָט געשפּאַרט פון זיי, און די זיך אַרויסרײַסנדיקע פלאַמען האָבן פאַרשפּרייט אַן אָפּשטויסנ־דיקן ריח פון ברענענדיק פלייש.

מינימום בײַ 2500 קאַלאָריעס דאַרף אַ מענטש באַקומען, צו קאָנען זײַן פּראָדוקטיוו. אין בליזין האָבן מיר געהאָרעוועט ביז צום פאַלן פון די פיס מיט דער שפּייזנאָרמע פון 600 קאַלאָריעס אַ טאָג. אָבער מיר זענען געווען אין אַן אַרבעט־לאַגער און געוווּסט, אַז אונדזער טויט קאָן קומען פון הונגער,

דיזענטעריע, טיפוס, אָדער ווי אַ שטראָף פאַר אַ באַוווּסטזיניקן אָדער ניט־ווילנדיקן עובר זײַן אויף די תּקנות. מען האָט געוואָלט פון אונדז אַרויס־באַקומען אַרבעט, איידער מיר פּאַכען אויס די נשמות און באַפרײַען דאָס אָרט פאַר אַן אַנדער טראַנספּאָרט דעפּאָרטירטע. אַ טעכנאָלאָגיש אָרגאַניזיר־טער טויט, ווי גאַזקאַמערן און קרעמאַטאָריעס, איז ניט געווען.

אוישוויץ, דער סוף פון דער ליניע פאַר די לאַנגע פּיצוגן, וואָס האָבן זיך געשלעפּט טאָג און נאַכט פון אַלע עקן פון דער פאַרנומענער אייראָפּע, איז געווען אַ פּלאַץ וווּ דער ווייסנשאַפטלעכער מעטאָד פון פאַרטיליקונג איז דערפירט געוואָרן צו דער העכסטער קונסט, וואָס האָט באַהערשט די קורצדויערנדיקע עקסיסטענץ פון אירע צופעליקע געסט. האָבנדיק איבער־געקומען די ערשטע שטרויכלונגען אין פאַרמעסט מיטן טויט אין אַנדערע, ווייניקער „ווייסנשאַפטלעכע" לאַגערן, איז איר, שטענדיק זיך ענדערנדיקע, באַפעלקערונג פון 200 000 צי 300 000 מענטשן געווען דער איבערבלײַב פון אַ שטרענג דורכגעפירטן סעלעקציע־פּראָצעס. די מורא פאַר סעלעקציעס איז שטענדיק געווען. אַן איבערגרופּירונג, אַ צופעליקער קוק פון אַ וועכטער פון עס־עס, אַ וואָרט, אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אַ מאַך מיט דער פּלייצע פון אומצופרידנקייט האָט געקאָנט אָפּקאָסיען אַ מענטש, ווי מיט אַ סערפּ. אַ לע־בנס־דויער פון געציילטע טעג אָדער געציילטע וואָכן איז געווען אַלץ, אויף וואָס מ'האָט געקאָנט האָפן. אַ פּאָר חדשים וואָלט געווען אַ נס.

אין גאַנצן פאַרלאָרן, האָבן בענעק און איך אַרומגעוואַנדערט צווישן די אַסירים — אַלע אַנאָנימע נומערן, אַזוי ווי מיר — ביז איין טאָג האָב איך דערזען אַ היימיש פּנים. שווײַגנדיק האָב איך אויסגעגלאָצט די אויגן. ס'איז ניט געווען קיין צווייפל. כ'האָב אים גלײַך דערקענט, ניט געקוקט אויף זײַן אָפּגעראַזירטן קאָפּ. ער איז געווען אַ גוטער פרײַנד פון מײַנע עלטערן, וואָס פלעגט אָפט אַרײַנקומען צו אונדז אין ביאַליסטאָק. ער האָט קיין מאָל ניט פאַרפעלט צו ברענגען פריידעלען און מיר קליינע מתּנות: צוקערקעס, שפּיל־צײַג. און ער איז דאָ, אין לאַגער, האָב איך געקלערט. בענעק און איך וועלן ניט זײַן מער אַזוי עלנט. אין אַ געהויבענער שטימונג בין איך צוגעלאָפן צו אים:

„העניעק!"

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט קאַלטע אויגן. כ׳האָב געקאָנט זען, אַז ער האָט מיך אויך דערקענט.

„גיי אַוועק פון מיר,״ האָט ער שאַרף אַ זאָג געטאָן.

שעמעוודיק, כמעט צעמישט, האָב איך אויסגעשטרעקט מײַן האַנט.

„איך בעט דאָך גאָרניט, העניעק, איך וויל נאָר רעדן מיט אײַך.״

ער האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרזאָרגט:

„אַוועק!״

איך האָב זיך צוריקגעצויגן, אַ כמעט וויינענדיקער. כ׳האָב ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס דער גוטער מענטש, וואָס פלעגט פאַרברענגען שעהען שמועסנדיק מיט מיר, ווי אַ דערוואַקסענער מיט אַ ייִנגל, וואָס איז פול מיט פראַגעס, זאָל מיך אַזוי האַרב אָפּשטויסן.

ערשט שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אין די באַדינגונגען פון אוישוויץ האָט זעלטן געקאָנט טרעפן, אַז אַ מאַן זאָל זיך אָפּגעבן מיט אַ ייִנגל. יעדער מענטשלעכער קאָנטאַקט, וואָס באַטײַט אָפּהענגיקייט אָדער געפיל, האָט געקאָנט אַרויסרופן קאָמפּליקאַציעס, וואָס וואָלטן אַ ליאָדע רגע אַרויסגעטראָגן דעם גזר־דין איבערן גורל פון מענטש — לעבן אָדער טויט. ס׳איז געווען אַ שווערע לעקציע. זי איז מיר אָבער גוט צו ניץ געקומען. יאָרן שפּעטער וועל איך עס פון אַן אַנדער פּערספּעקטיוו אויף ס׳נײַ אַנטדעקן אין אַן אַלטן כינעזישן משל. איך בין געווען אַזוי דערשטוינט, אַז כ׳האָב געדאַרפט איבערלייענען די ווערטער אַ סך מאָל, ביז כ׳האָב באַגריפן, ווי טרעפלעך זיי שפּיגלען אָפּ מײַן נסיון אין לעבן און טויט.

„אויב דו גיסט עמעצן אַ פיש, עסט ער עס איין מאָל. אויב דו לערנסט אים אויס כאַפּן פיש, וועט ער עסן זײַן גאַנץ לעבן.״

מיט זײַן אַוועקטרײַבן מיך, האָט העניעק מיך געלערנט, אַז איך מוז אַליין כאַפּן פיש פאַר זיך, און ער איז אפשר געווען צווישן די מענטשן, וואָס האָבן מיר געהאָלפן ראַטעווען מיין לעבן. כ׳האָב געלערנט פון זיין בײַשפּיל, און אויך פון אַנדערע, צו זײַן האַרט און זיך צו האַלטן שטרענג אָפּגעזונדערט. אין דעם ריכטיקן מאָמענט האָט קיינער און קיין זאַך ניט געקאָנט אָפּהאַלטן מיך פון צו טאָן דאָס נייטיקע בכדי איבערצולעבן.

כ׳האָב אָפּגערוקט אין אַ זײַט יעדע פילעוודיקייט אין מיר, יעדע באַ־

שיידנקייט. כ׳בין געוואָרן אָפּגעהיט און אײַנפּאַלעריש. כ׳האָב זיך געצווּוּנגען, הגם כ׳בין געווען נאָך אַ קינד, צו זײַן „האַרט״, כּדי צו קאָנען אָנגיין אין דער אומברחמנותדיקער וועלט פון דערוואַקסענע אַרום מיר — אַ וועלט וועמענס רעאַליטעט מען קאָן ניט באַגרײַפן, אויב מ׳איז אָפּהענגיק פון אַזעלכע אַבּ־סטראַקטע באַגריפן ווי כּבוד, ווערדע, אָדער מענטשנ־רעכט. אין אוישוויץ זענען די לוקסוסן געווען אומנוציק און אַפילו שעדלעך. וויכטיק איז נאָר געווען דער פונדאַמענטאַלער חיִישער אינסטינקט אויסצוהאַלטן. נאַטירלעך האָט די לעקציע ניט געהאַט קיין שײַכות צו בענעקן. ער און איך זענען, מער ווי שטענדיק, געווען מחויב צו אַ „פולשטענדיקער שותּפות״. אין אויש־וויץ זענען מיר געוואָרן אַ סך נעענטער. אַזוי ווי איך, האָט אויך ער ניט געהאַט קיין דערוואַקסענעם, מיט וועמען צו רעדן. מיר האָבן געקאָנט רעדן — אויף אַן אמת רעדן — נאָר איינער מיטן אַנדערן.

אין דרײַ אָדער פיר חדשים אַרום, האָב איך געמאַכט אַן אויסנעם צו מײַן פּרינציפּ פון שטעלן נאָר אויף זיך, ווי עס האָט אויך געמאַכט בענעק: מיר זענען געוואָרן פרײַנד מיט ניקאָ.

אַ דײַטשישער אַרעסטאַנט, וואָס איז דאָ געווען, בעת דער לאַגער איז נאָך געווען באַזעצט בעיקר מיט פאַרהאַרטעוועטע קרימינעלע פאַרברעכערס, סעקסועלע אָפּנייגערס און סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, האָט מיט כּוח זיך אַרײַנגעריסן פאַר בענעקן אין דער ריי נאָך שפּײַז. מײַן פרײַנד איז געווען אַ היציקער חברה־מאַן, און ס׳איז געקומען צו אַן אומגלײַכן פאַרמעסט צווישן צוויי יִינגלעך און אַ הפקר־יונג. באַלד האָט זיך דערהערט פון הינטער דער ריי אַ באַפעל אין אַ מאָדנע גרילציקן אַקצענט: „אויפהערן!״ איידער כ׳האָב זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, איז שוין אונדזער אָנפאַלער געלעגן אויף דער ערד, זיך דרייענדיק אין יסורים. דער אַרעסטאַנט מיטן מאָדנעם אַקצענט האָט דערלאַנגט אים אַזאַ קלאַפּ, וואָס האָט געקאָנט קומען נאָר פון אַ קאַראַטע־ספּעציאַליסט.

ניקאָ, וועמען די אַנדערע געפאַנגענע האָבן גערופן „דער ווילדער האָ־לענדער״ און וואָס זײַן פּיוואַגאָן איז געקומען פון ראָטערדאַם, איז געווען אַרום דרײַסיק יאָר אַלט. זײַנע עלטערן זענען פאַרגאַזט געוואָרן בײַם אָנקומען. הויך און מאָגער, האָט ער זיך אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע געפאַנגענע

מיט זײַן עלאַסטישן גאַנג און צינישן שמייכל. זײַנע שאַרפֿע, איראָנישע אויגן האָבן געקאָנט אָפּשאַצן אַ סיטואַציע מיט איין בליק. פֿון דעם מאָמענט איז ניקאָ געוואָרן דער דריטער מיטגליד אין אונדזער חברשאַפֿט און אַן עלטערער בעל־ברית, פֿול מיט אײַנפֿאַלן אינעם טאָג־טעגלעכן קאַמף מיטן טויט. צוזאַמען מיט בענעקן איז ער געוואָרן מײַן שטענדיקער באַגלייטער איבער די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. צו גלײַך מיט בענעקן איז ניקאָ אויך געוואָרן מײַן ברודער.

*

אַן אַ בעט, אַן בעטגעוואַנט, אַן אַ צודעק, נאָר אַ געווייִנטלעכע ברעט, צום טיילן זיך מיט אַנדערע אַרעסטירטע וואָס באַלעסטיקן דיך אָן אויפֿהער, ליג איך אַ דערפֿרווירענער. אין מײַנע נאַסע שמאַטעס. ס'קלאַפּט מיר אַ צאָן אין אַ צאָן. דער טאָג איז געווען פֿול מיט קריגן קלעפּ, מיט שווערער אַרבעט און שפּאַנונג. איך פּרוביר אײַנשלאָפֿן, טראַכטנדיק פֿון דעם לעבן אין דער אויסערלעכער וועלט, אָבער מיט אַ זייער שוואַכער האָפֿענונג, ווען עס איז נאָך צו פֿאַרזוכן דעם טעם דערפֿון.

איך קאָן זיך ניט טיילן מיט מײַן קלעמעניש מיט קיינעם פֿון מײַנע מיטלײַדנדיקע חברים. און דאָך זענען זייערע לײַדן די זעלבע ווי מײַנע.

אַ קראַנקייט מאַטערט מיך און שוואַכט אָפּ מײַן ווידערשטאַנד. יעדן פֿרימאָרגן קוק איך אָן די פּנימער פֿון די מענטשן אַרום מיר און פּרוביר פֿאַרגלײַכן זייער צושטאַנד מיט מײַן אייגענעם, וועלנדיק אויסגעפֿינען, ווער פֿון אונדז וועט איבערלעבן די קומענדיקע סעלעקציע.

דער גרויסער באַסיין צו אוריגירן אין צענטער פֿון באַראַק איז איבער־פֿולט און צעגיסט זיך איבערן דיל. איך ווער אויפֿגעוועקט אַ שטיק פֿאַרן פֿרימאָרגן דורך וועכטערס, וואָס שליסן אויף די טיר, שרײַען און האַקן אָן אונטערשייד מיט קאַנטשיקעס און פֿלעקענער. איך קריך אויף אַלע פֿיר. אויפֿן וועג אַרויסצוגיין גיב איך אַ טרייסל עמעצן, וואָס שלאָפֿט נאָך אויף אַ נידעריקערן עטאַזש פֿון די נאַרעס. איך טרייסל אים נאָך אַ מאָל, ווײַל די מינדסטע פֿאַרשפּעטיקונג צו שטיין אין דער ריי מיינט — ווערן באַשטראָפֿט.

אַפֿעל! אַ לעצטן מאָל קום איך צוריק צו דעם וואָס ליגט אומבאַוועגלעך, בכדי אים אויפֿצוּוועקן, וואָרענען, העלפֿן. איך כאַפּ אים אָן בײַ די פּלייצעס

און קער אים איבער — ער איז קאַלט, שטײַף. ניטאָ קיין צײַט צו קלערן. אויב כ׳פאַרהאַלט זיך מיטן טויטן, וועל איך אויך זיך אָנשליסן צו אים. דער אַפּעל האָט פריאָריטעט איבער אַלץ. אונטערגעיאָגט דורך אַ פּײַפערײַ און געשרייען, לויף איך אַרויס פון באַראַק צו מײַן אָרט אין דער ריי, אין דער צײַט ווען אַנדערע באַזײַטיקן דעם „אָפּפאַל" — די קערפּערס און דעם אורין, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין משך פון דער נאַכט, ווײַל אין דער וועלט פון „געזעץ און אָרדענונג" ווערן די פאַראָרדענונגען גענוי אויסגעפירט. די טויטע ווערן אויסגעלייגט אויף דער ערד אין גלײַכע רייען, נאָענט צו די לעבעדיקע, צו דער פינאַלער ציילונג.

לענג־אויס דעם לאַגער וואַקלען זיך אין רייען — ווי אויסגעטריקנטער אָפּפאַל פון דער מענטשהייט — טויזנטער פאַרמאַרעטע, מיט הכנעה זיך קוקנדיקע געשטאַלטן, גענוג גראָטעסק צו איבערשטײַגן די אויסטערלישע פאַנטאַזיעס פון אַ היעראָנימוס באָש. דער אַפּעל איז אַ קאָמפּליצירטער ריטואַל, אַן אויפּציטערנדיקע תּפילה.

דער קלענסטער טעות אין דער קאָנטראָל, און די ציילונג הייבט זיך אָן פון ס׳נײַ. צוויי מאָל אַ טאָג שטיי איך אומבאַוועגלעך, צײַטנווײַז שעהען גאַנצע, אין קאַלטע ווינטן און פּראַסטיקער קעלט, וואָס קאָן דערגיין צו 15 גראַד אונטערן נול, שטיי מיט פאַרטעמפּטע גלידער און חושים. וועלכער טאָג איז הײַנט, וועלכער חודש, וועלכער יאָר? אַלץ וואָס קומט פאָר, האָט צו מיר ניט קיין שײַכות. נאָר דער אויסגעקריצטער נומער אויף מײַן לינקן אָרעם דערמאָנט מיר, אַז איך עקסיסטיר נאָך.

*

וואָס טוט מען צו האָבן דעם בעסטן שאַנס אָפּצולייגן דאָס ווערן אַרײַנגעזויגן אין דעם טויט־אָנזאָגנדיקן קוימען? דער ערשטער פּרינציפּ איז פולשטענדיקע אונטערטעניקייט. בײַם אָנהייב איז מיר געווען שווער, באַליידיקנדיק, אַ צאָרן האָט געברויזט אין מיר. אָבער מיט דער צײַט איז עס געוואָרן אַ צווייטע נאַטור, ווײַל דער קלענסטער שאָרך אָדער פויזע, אַ קוק אָדער אַ זשעסט, וואָס וואָלט געקאָנט ווערן אויסגעטײַטשט ווי אומגעהאָרכיקייט, איז באַלד געוואָרן אויסגענוצט דורך די עס־עס, ווי אַ גענוגנדיקער פּרעטעקסט צו פאַרמישפּטן אַ מענטש צום טויט אויפן אָרט. דאָס זעלבע איז

אויך געווען לגבי די קאַפּאָס, די פאַרטרויטע פון די נאַציס, וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן פון צווישן די אינטערנירטע צוליב זייערע ברוטאַלע און סאַדיסטישע נייגונגען. אַגב, זענען די דאָזיקע נייגונגען פאַרגרעסערט געוואָרן אין די אוממענטשלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר האָבן געלעבט. מיר האָבן זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט, ווען אַן עס־עס אָדער אַ קאַפּאָ האָט זיך באַוויזן אין באַראַק; מיר זענען געבליבן פאַרגליווערט שטיין און אַראָפּגעריסן אונדזערע היטלען, ווען מיר האָבן באַגעגנט אַ דײַטש אין הויף; כּדי אויסצומײַדן זײַן בליק, האָבן מיר זיך באַמיט צו זײַן הינטער דעם וועכטער אָדער דעם קאַפּאָ, ווען ער איז געגאַנגען. מיר האָבן געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך, מען זאָל אונדז ניט באַמערקן.

איין טאָג בין איך פאַרבײַגעגאַנגען אַן עס־עס־אָפיציר און ניט אַראָפּגענומען דאָס היטל. ס׳איז ניט געווען קיין אויסדרוק פון גרינגשעצונג — כ׳האָב אים פּשוט ניט באַמערקט. בעת דעם אָונט־אַפּעל איז געוואָרן אַנאָנסירט מײַן שטראָף. ס׳האָט געקאָנט זײַן טויטשטראָף. פאַר וואָס ס׳איז ניט געווען, ווייס איך ניט. אפשר איז ער געווען אַ ביסל באַרעמהאַרציקער ווי די אַנדערע.

„נומער B־1713, צוליב פעלן פון רעספּעקט, פינף און צוואַנציק שמיץ!״

אויסגעטאָן האַלב נאַקעט, האָט מען מיך, פאַר אַלעמען אין די אויגן, צוגעבונדן צו אַ סלופּ — דער לעדערנער פּאַס, מיט בלײַ אין שפּיץ, האָט געשניטן איבער מײַן רוקן און הינטערחלק.

„איינס... צוויי... דרײַ... פיר... פינף... זעקס... זיבן...״

יעדער שמיץ האָט מיך פאַרוווּנדיקט. און דאָך, צוליב עפּעס אַ קינדערשן שטאָלץ, אָדער עפּעס אַ געדאַנק, אַז עס וועט פאַררעכנט ווערן אין מײַן זכות, האָב איך ניט אַרויסגעלאָזט קיין קרעכץ.

דער עס־עס־מאַן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאַנטשיק. „פײַן! וואָס האָבן מיר דאָ? אַן אַרעסטירטן וואָס פילט ניט קיין ווייטיק? זייער גוט, לאָמיר פּרובירן אַן אַנדער וועג.״

ער האָט באַנײַט די קלעפּ. „זיבן... זעקס... פינף... פיר... דרײַ... צוויי... איינס...״ און האָט ווידער אָנגעהויבן: „איינס... צוויי... דרײַ...״

דער קאַנטשיק האָט געשניטן מײַן פליייש ווי אַ מעסער. מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. כ׳האָב געהערט אַן אויסגעשריי — אַן אַרעסטירטער,

צעטומלט פון מײַן באַשטראָפונג, האָט געהאַט די העזה אויפצוהייבן זײַן שטים. דאָס איז געווען ניקאָס שטים: „ריטשע, אידיאָט, אַניט וועסטו פגרן!"

בענעק האָט מיר שפּעטער געזאָגט, אַז כ'האָב געקראָגן מער ווי דרײַסיק שמיץ. פון דעסטוועגן האָב איך געשטומט, צום סוף — אָן באַוווסטזײַן. איך בין געקומען צוריק אין באַראַק, אונטערגעהאַלטן פון ניקאָן און בענעקן. מײַן רוקן איז געווען אַ פאַרבלוטיקטע מאַסע. זיי האָבן מיר געהאָלפן אַראָפּ־שלעפּן מײַנע אין בלוט דורכגעווייקטע שמאַטעס. כ'האָב געפילט אַ גוואַלדיקן פײַער, בעת מען האָט זיי אַראָפּגעשלעפּט פון מײַנע ווונדן. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ פײַף, און יעדער איינער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צו אַ פרישן אַפּעל.

ניקאָ און בענעק האָבן מיך אַוועקגעשטעלט און געהאָלפן זיך אָנטאָן. כ'האָב זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ סלופּ. כ'האָב פּרובירט גיין, בין אָבער געפאַלן. זיי האָבן מיך צוריק אויפגעשטעלט. כ'האָב געהאַלטן בײַם חלשן. כ'האָב געמוזט, פאַר יעדן פּרײַז פאַרנעמען מײַן אָרט אין דער ריי!

ווי ניט איז האָב איך עס געמאַכט, און דאָס איז פאַרבונדן מיטן צווייטן פּרינציפּ פון איבערלעבן, וואָס איז אײַנגעקריצט אין מײַן מוח: ווײַז קיין מאָל ניט אַרויס דעם מינדסטן סימן פון דערשעפּטקייט. ס'טוט ווייי אין האַלדז, אָדער אַ הוסט דראָט צו אַנטוויקלען זיך אין עפּעס ערגערס? אַ שניט, אָדער אַ ווונד, אָדער אַ בײַל וואָס וואָלט געוואָרן פאַרהיט פון אַ פאַטאַלער אינ־פעקציע, אויב דו קאָנסט פון ערגעץ „אַוועקשלעפּן" אַ שטיקל שטאָף? אַ ווייטיק אין רוקן, אָדער אַ ווונד אין פוס, וואָס בייגט דיך אײַן, אָדער מאַכט דיך הינקען? אימפּראָוויזיר ניט קיין זאַך, וואָס די וועכטער זאָלן אָפּשאַצן ווי אַ פאַרטרעט־מיטל פאַר אַ באַנדאַזש. באַהאַלט יעדן צייכן פון אַ קראַנקייט, ניט וויכטיק ווי ערנסט אָדער ווי לײַכט זי זאָל ניט זײַן. געדענק, אַז דו לעבסט מיט אַ פאַרגעפיל — ווי דאָס זאָל ניט קלינגען אין אַ גיהנום ווו אַלע זענען פאַרמישפּט אומצוקומען — אַז דער שוואַכסטער און אָפט מאָל דער דרייסט־סטער און בעסטער, גייט צו ערשט צום טויט. הגם עס זענען ניטאָ קיין מעדיקאַמענטן אין די באַראַקן, קיין דאָקטוירים אָדער קראַנקן־שוועסטער, וועלכע מען זאָל קענען רופן צו הילף — איז דאָ אַ קראַנקנהויז אין צענטער פון לאַגער; און אויב דו בעטסט, קאָן מען דיך נעמען אַהין. זיי וועלן דיך

אויפֿנעמען און אָװעקזעצן. און װען דו דערװאַרעמסט זיך און פֿילסט זיך בעסער, װעלן זיי דיך ניצן װי אַן עקספּערימענטן־קראָליק פֿאַר פּסעװדאָ־מעדיציניִשע פֿאָרשונגען — אַ ברוטאַלע קאַסטראַציע און צום סוף װעלן זיי דיך אַרײַנװאַרפֿן אין די גאַזקאַמערן.

*

בענעק, ניקאָ, איך און אַלע אַנדערע האָבן זיך בעיקר אָנגעשטויסן אינעם פֿסדרדיקן דרוק אויף אוישװיץ אויסצופֿילן די פֿאַרטיליקונג־קװאָטעס, אָנגע־װיזענע פֿון בערלין, בעת די צוגן מיט די „אונטערמענטשן"־טראַנספּאָרטן — מערסטנס ייִדן, אָבער אויך ציגײַנערס, פּונקט אַזױ אָן לעבן װי די איבע־ריקע פֿון אונדז, אָן זייערע באַלאַבײַקעס און טאַמבורן, און פּאָליאַקן, רוסן, פֿראַנצויזן, גריכן און אַנדערע „אומגעװונטשענע עלעמענטן" — זענען גע־בראַכט געװאָרן אַהער פֿון אַלע עקן פֿון היטלערס אימפּעריע.

אונדזער פּילפּאַרביקע אינטערנאַציאָנאַלע מיקראָ־װעלט שטעלט מיט זיך פֿאַר אַ פּולקום פּלאַנירטע און פֿאַראײניקטע געזעלשאַפֿט — אַלע אידעאָלאָ־גישע, רעליגיעזע און ראַסן־אונטערשיידן פֿאַרשװינדן באַלד אַקעגן אַ בשותּ־פֿותדיקן גורל. מיר האָבן אַלע געלעבט אין אַן אוטאָפּיע, װוּ גלײַכקייט האָט געהערשט איבער אַלעמען: מיר האָבן אַלע געהאַט גלייכע רעכט צו הונגערן, צו װערן געפּײַניקט און מער פֿון אַלץ — צו שטאַרבן. די נײַ־געקומענע, ספּעציעל דער כּמעט האַלבער מיליאָן אונגאַרישע ייִדן, װאָס זענען געבראַכט געװאָרן קיין אוישװיץ זומער 1944, האָבן אָנגעפֿילט די גאַזקאַמערן און קרע־מאַטאָריעס, װײַט איבער זייער אויפֿנעם־פֿעיִקייט.

מאַכן אָרט, מאַכן אָרט פֿאַר נײַ־געקומענע! זעקס טויזנט, זיבן טויזנט, אַכט טויזנט מענטשן, פֿאַרגאַזטע אין איין טאָג. און דאָס איז נאָך אַלץ ניט געװען גענוג. נאָך אַ העכערע קװאָטע איז געװאָרן באַשטימט! צען טויזנט אַ טאָג! װעלן די ייִדן פֿון ענגלאַנד אויך באַלד אָנהייבן קומען? די טויט־פֿאַבריק גייט װי אַ זייגער, באַמיִענדיק זיך צו שלאָגן אירע אייגענע פֿריִער־דיקע רעקאָרדן אין דעם גרעסטן מאָרד־פּראָדוקציע־צענטער פֿון דער נײַער אינדוסטריעלער עפּאָכע, און די צוגן האַלטן אין איין קומען טאָג־אײַן, טאָג־אויס...

די טראַנספּאָרטן װערן רעגולער צוגעשטעלט צו די טירן פֿון די גאַז־

קאַמערן. איך אָבסערוויר זיי: מענער, פרויען און קינדער, צונויפגעזאַמלטע בײַ די טויערן. די עס־עס ווערן אַלץ מער און מער ברוטאַל, ווי זיי אַליין וואָלטן געוואָרן אָנגעשטעקט מיטן טויטפיבער. אַזוי ווי ס׳וואָלט אָנגעזאָגט געוואָרן דער יום־הדין פון גאַנצן מענטשלעכן מין ערב דער נוקלעאַרער עפּאָכע. די שווערע מעטאַלענע טירן פאַרמאַכן זיך הינטער די קרבנות. אַ פּאָר־שטיקט געוויין און דער קלאַנג פון תּפילות, דערנאָך אַ שטילקייט, בעת דער ציאַניד טוט זײַן מלאָכה.

אין דרײַ מינוט אַרום איז נאָך אַלעמען. די גאַזקאַמער ווערט זאָרגעוודיק אויסגעלופטערט. די טירן ווערן געעפנט און די קערפּערס פאַלן אַרויס ווי אַ באַרג שמוציק וועש. אַציגד איז די ריי פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ, אַ ספּעציעל פאַראַנטוועטער סאָרט פון אינטערנירטע, אַליין שוין באַ־שטימטע צו ווערן פאַרגאַזט. זיי קוקן גוט דורך די קערפּערס, זוכן גאָלדענע ציין, האָר און נאָך חפצים, וואָס מ׳קאָן שיקן קיין דײַטשלאַנד צו אינדוסטריע־לער איבעראַרבעטונג.

*

אויב אַפילו דו באַמיסט זיך, מ׳זאָל דיך ניט באַמערקן, באַהאַלטסט אויס פיזישע באַשעדיקונגען און לאָזסט זיך ניט פאַרנאַרן דורך מאַניענדיקע פאַר־שלאָגן, איז סײַ ווי דער אומברחמנותדיקער גורל קעגן דיר. צו יעדער צײַט, צוליב קיין שום אַנדערער סיבה, ווי די, אַז די קוואָטע פון דעם טאָג איז נאָך ניט אויסגעפילט, קאָנסטו — בעתן אַפּעל, צי ערגעץ אַנדערש — באַשטימט ווערן „אַהין״, און דאָס איז דײַן סוף.

איין טאָג האָב איך זיך געפונען צווישן די פאַרמישפּטע. מיר זענען געשטאַנען אַ גרופּע לעבן לאַגער־טויער. שעהען זענען מיר געשטאַנען, געפילט בלויז אַ לײַכט דרייען אין בויך און וועלן ברעכן, און כ׳געדענק, אַז כ׳האָב ווי שלום געמאַכט מיטן גורל.

צוליב עפּעס אַ סיבה, זענען אַנדערע גרופּעס אַוועק פאַר אונדז. זיי האָבן פּריאָריטעט, האָט מען אונדז געזאָגט. צי מען האָט אונדז צונויפגענומען פאַר דער באַשטימטער צײַט, אָדער די שׂררות האָבן פאַרקלענערט דעם פּראָדוקציע־טעמפּ פון דעם טאָג — די דײַטשישע פּינקטלעכקייט איז געבליבן ניט געשטערט, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען אונדז געטריבן צוריק צו די

באַראַקן. דעם קומענדיקן טאָג איז געווען אַ נײַע לאַטעריע, אַ נײַער דריי מיטן ראָד.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער און איך בין ווידער סעלעקציאָנירט. דאָס מאָל איז אונדזער גרופּע פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַ באַראַק אויפֿן האַלבן וועג צו דער גאַזקאַמער, צו קאָנטראָלירן אונדזערע נומערן און אָפּצוּוואַרטן אונ־דזער ריי. איך באַוויַז צו שיקן מיט דער האַנט בענעקן אַ זײַ־געזונט. ס׳איז עפּעס שווערער אַ צווייטן מאָל.

מיר שטייען צונויפֿגעדרענגט אין אַ טויטער שטילקייט. די פּנימער אַרום מיר פֿלאַמען פֿון אָנמאַכטיקן גרימצאָרן, אָדער פֿון עפּעס אַ חסר־דעהדיקער האָפֿענונג אויף אַ נס אין דער לעצטער מינוט, אָדער פֿון שלום מאַכן מיטן באַלדיקן טויט. אין הינטערשטן טייל פֿון צימער, אין אַ רוים פֿרײַ פֿון אַסירים, זע איך אַ וואַסער־שעפּל, און אין דער נאָענט — אַן עמער, אַ באַרשט און אַ שמאַטע. פּאַמעלעך פּויזע איך פֿאָרויס אויפֿן דיל. די מענטשן, אין וועמענס פּיס איך שטויס זיך אָן, זענען צו באַטויבט, זיי זאָלן קאָנען רעאַגירן. קומענדיק צום עמער, נעם איך אײַן די באַרשט אין וואַסער און הייב אָן שײַערן דעם דיל.

איך גיי דורך איבער איין אָפּשניט, איבער אַ צווייטן, שײַערנדיק און אויסווישנדיק דעם דיל אַזוי קרעפּטיק, ווי ס׳קאָן אַ גוטער אַרבעטער אויספֿירן די אים פֿאַרגעבענע אַרבעט. פּאַמעלעך רוק איך זיך צו צום אַרויסגאַנג. איינער פֿון די וועכטערס, וואָס האָט אונדז אַהער געבראַכט, גיט אַ קוק אויף מיר דורך דער אָפֿענער טיר און דרייט אָפּ דעם קאָפּ אין אַן אַנדער ריכטונג, אָננעמענדיק, אַז איך פּיל אויס באַפֿעלן. אַן אַנדערער שרײַט אויס צו מיר: „היי, אייזלקאָפּ, דאָרטן, יענער אָפּשניט איז נאָך שמוציק!״ דאָס האַרץ ווערט מיר צעשפּרונגען, ווען פֿאַרענדיקנדיק אָפּרייניקן דעם שטח, דערנענטער איך זיך אַלץ מער און מער צו דער טיר. כ׳הייב אַריבער מיינע פּיס איבער די פּיס פֿון די אַנדערע פֿאַרמישפּטע וואָס זענען צו פֿיל צעטומלט, כּדי צו באַמערקן אַז איך בין איינער פֿון זיי.

כ׳בין שוין נאָענט צום שוועל, ווען דער זעלבער וועכטער רופֿט אויס: „היי, דו, קום צוריק. מאַך ריין דעם ווינקל, פּוילאַק!״ איך נעם דעם עמער און גיי נאָכלעסיק אַהין ווו ער שטייט. „יאָ, הער״.

אָפּגערייניקט דעם ווינקל אַ צווייטן מאָל, זעץ איך פֿאָר מײַן דערנענטערן

זיך צו דער טיר. ס׳זעט מיר אויס אַן אייביקייט ביז איך דערגיי, און ווען איך קום אָן, הייב איך אָן שײַערן דעם דיל פאַרן שוועל מיט אַ באַזונדערן אײַפער, וואָס דאַרף געווינען אַ צופרידענעם שאָקל מיטן קאָפּ פון דעם שטרענגסטן קאַפּאָ. איך וויש דעם דיל, ווי איך וואָלט געוואָלט ער זאָל שײַנען. דעמאָלט, און נאָר דעמאָלט דערלויב איך זיך אויפצושטיין. טראָגנדיק דעם עמער מיט דער באַרשט און די שמאַטע אינעווייניק, גיי איך צו פּאַמעלעך צו דער טיר און קום אַרויס אויף דער פרײַ. איך דערוואַרט מען זאָל מיך פאַרהאַלטן: אַ געשריי, אַ באַפעל, אַ זעץ איבערן קאָפּ. גאָרניט. מיט געמאָס־טענע טריט גיי איך צו די אַנדערע באַראַקן און וואַרשווינד אין דער אַנאָ־נימקייט פון לאַגער.

בענעק, וואָס ליגט אויף אונדזער ברעט, שפּרינגט אויף ווען איך קום אַרײַן. ער קוקט מיט אַ פּאָר ווילדע געשוואָלענע אויגן, ווי איך וואָלט זיך צוריקגעקערט פון יענער־וועלט. אונדזער בונד איז אויך אויפגעשטאַנען תחית־המתים.

בײַ נאַכט, פּאָר אײַנזינקען אין שלאָף, זע איך מײַן מאַמעס פּנים. וואָלט זי זיך געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אײַנפּאַלעריש איר קליין ייִנגל וועט ווערן אין דער אַכזריותדיקער וועלט? דאָס קליינע ייִנגל וואָס זי האָט אַזוי געצי־טערט איבער אים, עס זאָל מיט אים קיין זאַך ניט געשען בײַם אַריבערגיין די גאַס; ער זאָל ניט אַרויסגיין אויף דער קעלט אָן אַ שאַליק; דאָס ייִנגל וואָס האָט ניט פאַרטראָגן דעם טעם פון וויטאַמין־טראָפּנס אין מילך...

*

צײַטנווײַז האָסטו געטראַכט, אַז גיין ווײַטער קאָנסטו ניט מער. האָסט געהערט דעם פײַף־סיגנאַל אויפצושטיין און געזאָגט צו זיך אַליין: צום טײַוול, איך שטיי ניט אויף! זאָלן זיי טאָן וואָס זיי ווילן. צום טייל איז עס געקומען פון אויסשעפּונג און צום טייל — פון פאַרצווייפלונג: וואָס איז די פּעולה? צו וואָס אַרײַנגעבן די ענערגיע און ווילנס־כּוח אין אַ קאַמף אָפּצוציִען נאָך אַ טאָג, ווען דײַנע טעג זענען געציילטע און אַלץ וואָס דו קאָנסט געווינען פאַר זיך איז העכסטנס אַ צוגאָב פון נאָך מינוטן לײַדן? ס׳איז דאָך געווען אַזוי לײַכט אַרויפצולייגן די האַנט אויף די עלעקטריזירטע שטעכלדראָטן...

אָבער דו האָסט באַהערשט די פאַרצווייפלונג, ווײַל דו האָסט געגעבן

אַ נדר ניט אונטערצוגעבן זיך די ממזרים — אָדער זיך אַליין. האָסט ניט דורכגעמאַכט אַזוי פיל לייד אין משך פון אַזאַ לאַנגער צײַט, כּדי איצט זיך אונטערצוגעבן. האָסט זיך אַרויפגעצוווּנגען אַ כּוח, הויך פאַרריסן דעם קאָפּ, אַרײַן אין דער ריי און געכאַפּט די טונקעלע שטיק ברויט מיטן געקעכטס, וועמענס געשטאַנק דו האָסט שוין ניט באַמערקט. דאָס דאָזיקע עסן איז געלעגן צווישן דיר און אַ לעטאַרגישן טויט פון הונגער און דו האָסט געפילט, אַז ס'איז ניטאָ קיין גרענעץ צו דײַן אויסדויער.

אוי, דאָס ברויט! וועלכע ריטואַלן זענען ניט געוואָרן דורכגעפירט בײַם צעשנײַדן דאָס לעבל ברויט, וואָס איז געוואָרן צוגעטיילט אַ געוויסער צאָל מענטשן. דער מאַן וואָס אים איז אָנגעטרויט געוואָרן דאָס צעשנײַדן, מעסט אויס מיט גרויס דרך־ארץ דאָס לעבל ביז אויף מילימעטערס. אַ צווייטער דרייט זיך אום מיטן רוקן, ער זאָל ניט קאָנען זען די צעשניטענע שטיקעלעך, ווען ער רופט אויס די נעמען פון די, פאַר וועמען זיי זענען באַשטימט. זיי האָבן געכאַפּט די פּענעצן מיט אויסרופן פון פרייד אָדער פון פּחד, אָפּהענגיק פון דעם, צי זיי האָבן געמיינט, אַז די פּאַרציעס זענען געווען אַ ביסעלע גרעסער אָדער קלענער, ווי זיי האָבן באַדאַרפט זײַן. די מיני־מאַלסטע אונטערשיידן האָבן געבראַכט צו קריגערײַען, פאַרביסענער שׂינאה און שלאָפלאָזע נעכט. און שטענדיק — די שווערע דעציזיע: זאָל איך מײַן ברויט עסן איצט, אָדער זאָל איך עס גאָר לאָזן אויף מאָרגן, ווען די פּאַרציעס קאָנען נאָך מער פאַרקלענערט ווערן, אָדער קיין ברויט וועט אין גאַנצן ניט זײַן? און אויב איך האַלט עס איבער נאַכט, ווו קאָן איך עס פאַרשטעקן? ווו קאָן איך עס לייגן, מ'זאָל עס מיר ניט אַוועקגנבֿענען?

איך געדענק אַ מאַן פון מײַן באַראַק, אַרום פינף און פערציק יאָר אַלט, אַ בכּבֿודיקער מענטש, ניט קוקנדיק אויף זײַן אויסגעדאַרטן אויסזען. ער האָט געהאַט אַ צוואַנציקיאָריקן זון. אין איינעם אַן אָוונט האָט דער זון אויפגעגעסן זײַן פּאַרציע ברויט, אין דער צײַט וואָס דער טאַטע האָט זײַנע אַוועקגעלייגט אונטער אַ צוזאַמענגעלייגטער שטיק שטאָף, וואָס האָט געניצט פאַר אַ צו־קאָפּנס. צו מאָרגנס האָט דער טאַטע אַרויסגעלאָזט אַ האַרצרײַסנדיקן געשריי: זײַן ברויט איז פאַרשוווּנדן! ס'איז געווען לײַכט צו פאַרשטיין, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. דער זון, ליגנדיק לעבן אים, האָט עס ביי נאַכט אויפגעגעסן.

דער טאַטע איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. זײַן אײַגענער זון זאָל אים קאָנען אָפּטאָן אַזאַ זאַך! דער געדאַנק האָט אים פאַרפּײַניקט. אין אַ טאָג אַרום איז ער געווען טויט.

ס'איז אויסטערליש, ווי אַן אָרגאַניזם וואָס קאָן זיך האַלטן איבער די גרענעצן פון מענטשלעכן אויסדויער, ווערט אָפּט צעבראָכן דורך אַ גײַסטיקער אויפטרייסלונג.

אין דער וועלט אָן שפּיגלען, ניט האָבנדיק קיין זאַך וואָס זאָל אונדז קאָנען געבן אַ שוואַכן רעפלעקס פון זיך אַליין, זענען מיר פּסיכאָלאָגיש געווען אויסגעשטעלט אויף דער אָפּשאַצונג פון אַנדערע, וואָס זאָלן פעסט־שטעלן אונדזער פיזישן צושטאַנד. אין לאַגער איז געווען אַ גרויליקער פּסק־דין, וואָס איין לאַגער־מענטש האָט געקאָנט אַרויסטראָגן אויפן צווייטן: „דו ביסט אַ מוזלמאַן!"

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער דאָזיקער אויסדרוק, ווייס איך ניט. געמיינט האָט עס, אַז מיטן געניטן אויג פון אַן אָבסערוואַטאָר פון טויט, וואָס קומט פון הונגער און פאַרצווייפלונג, האָט דער מאַן וואָס האָט אָפּגעגעבן זײַן מיינונג, אַנטדעקט אין צווייטן די ענדגילטיקע סימנים פון אַ באַלדיקן צוזאַמענבראָך. כ'האָב געזען ווי דאָס ווירקט צו מאָל מיטן כּוח, וועלכן מען האָט געהאַט אָנגערופן בײַ אַנדערע געלעגנהייטן און אין אַנדערע מקומות — אַ „בייז אויג". „דו ביסט אַ מוזלמאַן!" און דער מענטש וואָס אויף אים איז געפאַלן דער דאָזיקער פּסק־דין, איז געבליבן מיטן געפיל, אַז ער האָט אויס־געשעפּט זײַנע לעצטע רעזערוון פון כּוחות און האָפענונג. מענטשן וואָס האָבן באַוויזן צו נאַרן די פאַרטיליקערס אין משך פון וואָכן אָדער חדשים, האָבן געקאָנט אַזוי ווערן געטראָפן דורכן דאָזיקן פּסק־דין, אַז אין אַ טאָג אָדער צוויי, ניט קיין סך מער, איז זייער קאָמפּספּעיִקייט אויסגערונען, און זיי זענען געשטאָרבן מיט איין איבערצײַגונג: ס'איז ניט געווען מער וואָס צו טאָן, און קיינעם אַרט עס ניט. זיי זענען אויסגעגאַנגען אויף זייערע געלעגערס, אָדער אַנידערגעפאַלן אָן לעבן בײַ דער ציילונג אויפן הויף, אָדער אויף זייער אַרבעטפּלאַץ.

און וואָס פאַר אַן „אַרבעט!" די לאָזונג איבערן הויפּט־טויער „אַרבעט מאַכט פרײַ" האָט פון אונדז געחוזקט. ווען מיר האָבן אַרויסגעמאַרשירט

פון לאַגער ווי עפּעס אַ מין נידעריקערע ראַסע פון די לוסטיקע אַרבעט־באַטאַליאָנען פון אַדאָלף היטלער, פלעגט — ווי אַ פינאַלע דערנידעריקונג — אונדזער קאַפּאָ, דער מוזיק־ליבהאָבער, באַפעלן צו זינגען אַ לויבגעזאַנג דעם פירער און דעם רײַך. כ׳געדענק נאָך אַצינד וואָרט אין וואָרט טיילן פון די לידער: „מאַרשיר, מאַרשיר, מיט אַ שטילן, דרייסטן טראָט...", אָדער „הײַנט איז איראָפּע אונדזערע, מאָרגן — די גאַנצע וועלט".

*

די אַרבעט פון דער איינהייט צו וועלכער איך האָב געהערט, איז געווען צו זאַמלען מיסט אין לאַגער און עס ברענגען צו אַ ריזיקן הויפן, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ געוויסן מרחק פון לאַגער, כּדי דער אָפּפאַל זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין קאָמפּאָסט־בערגלעך, וועלכע מען וועט צעמישן מיטן אַש פון פאַרברענטע מענטשן און דערנאָך עס ניצן ווי קינסטלעכע באַמיסטיקונג.

דער דאָזיקער גרויסער שטינקענדיקער מיסטהויפן איז געווען דער טרעפפונקט פאַר אומגלייבלעכע ליבע־אַוואַנטורעס. אַ קאָנטאַקט מיטן צווייטן געשלעכט איז ניט געווען מעגלעך זיך פאַרצושטעלן אין אוישוויץ. יעדן טאָג פלעגן אָפּגעזונדערטע קאָלאָנעס מענער און פרויען פאַרבײַגיין איינער לעבן אַנדערן. אין יענע באַדינגונגען איז ליבע געווען אַן אויסגעלאָשן געפיל. אײן געדאַנק האָט באַהערשט יעדערן: „אונדזער מצב איז שרעקלעך, און ווי איז זייער מצב?" אַזוי האָבן זיך מענער און פרויען „געטראָפן" אין אוישוויץ. יעדער ראָמאַנטישער פונק איז אויסגעלאָשן געוואָרן אין די הערצער.

די מענער, וואָס האָבן געשטופּט די מיסט־וועגעלעך צום הויפן אָפּפאַל, ווו איך האָב געאַרבעט, זענען מערסטנס געווען פּריווילעגירטע קאַפּאָס — סאַדיסטישעווילדע חיות, וואָס האָבן גענאָסן פון אַ געוויסער פרײַהייט און געקאָנט באַפרידיקן זייערע קאַפּריזן. די פרויען, אויסגעקליבענע צו שטופּן די וועגעלעך פון זייער לאַגער, זענען געווען די ייִנגסטע און שענסטע מיידלעך. זיי האָבן צום אָנהייב ניט געהאַט קיין אָנונג פון גורל, וואָס האָט זיי דערוואַרט. ניט ווײַט פון קאָמפּאָסט־הויפן איז געשטאַנען אַ קליין אײַנגעפאַלן הײַזל. זײַן בוידעם איז געווען אָנגעפילט מיט שטרוי. דאָס איז געווען אוישוויצס אימפּראָוויזירט שאַנדהויז פאַר דער עליטע פון די פאַרשפּאַרטע.

איך בין געווען אַן עדות פון אָרגיעס, ווײַל מיר איז באַפוילן געוואָרן צוצושטעלן וואַסער פאַר די אָנטיילנעמערס. נאָכן ערשטן מאָמענט פון פּאַניק האָט דער אינסטינקט צום איבערלעבן געהאָלפן די יונגע פרויען איבער־צוקומען זייער עקל און אַפילו געצווונגען הנאה צו האָבן פון דער פּריווילעגיע צו באַפרידיקן זייערע פּײַניקערס — די קליינע געטער: ווײַל אויב ניט צופרידנגעשטעלט, קאָנען געטער באַשטראָפן. די קאַפּאָס האָבן געוואָרנט, אַז אַ מיידל וועמענס צערטלעכקייטן וועלן זיי ניט באַפרידיקן, וועט זיך דערדינען צו אַ שוואַרצן צייכן, וועט געשלאָגן אָדער דערהרגעט ווערן בײַם קומען צוריק אין לאַגער.

ס׳איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונג פאַר אַ פּופצניאָריק מיידל, אַ שאָקירנדיקע וויזיע, וואָס איז געווען, קעגן יעדער דערוואַרטונג, דורכגעפלאָכטן מיט אָנדײַטן פון צערטלעכקייט און שיינקייט.

פאַר וואָר, דעם מענטשנס מוראדיקסטע אַכזריות און דעגענעראַציע, קאָן ווערן געמילדערט אין דער אינטימער נאָכגיביקייט, וואָס אינעם סעקסו־עלן אַקט. אַ ווילדער און אַכזריותדיקער קאַפּאָ באַדעקט פלוצעם מיט הייסע קושן אַ מיידל און זינקט אַרויס הילפלאָז און שטיל פון אירע אָרעמס. אַזעלכע וויזיעס האָבן אפשר בײַגעשטײַערט צו מײַן עמאָציאָנעלער אַנטוויקלונג, געבנדיק מיר אַ געפיל, אַז קיין זאַך וואָס לעבט, איז ניט אין גאַנצן אויסערן תחום פון עראָס, און אַז אַפילו בײַ די סאַמע געמיינע און נידעריק געפאַלענע קאָנען אויפקומען מענטשלעכע געפילן.

*

ניט אַלע קאַפּאָס זענען געווען אַן אַבסאָלוט סאַדיסטיש געצײַג אין די הענט פון די נאַציס. אָטאָ, מײַן קאַפּאָ בײַם מיסטהויפן, אַ קליינער, כמעט אַ ליליפּוט, מיט אַ לאַנגן קרימינעלן עבר פון באַוואָפנטן רויב און אַן אומ־געשטילטן גלוסט צו גאָר יונגע מיידלעך, איז געווען מער פאַראינטערעסירט אין זײַן אויסזען און דיעטע, ווי אין שלאָגן אַסירים אַ גאַנצן טאָג. ער האָט מיך געמאַכט פאַר זײַן משרת און געגעבן די קאָלאָסאַלע פּריווילעגיע צו פּוצן זײַנע שיך, האַלטן זיינע זאַכן אין אָרדענונג און צוגרייטן זײַנע מאָלצײַטן. אָטאָ האָט געוווסט, אַז איך פלעג זיך אַרויסהעלפן, מיט אַ ברייטער האַנט, מיטן שפּײַז־איבערבלײַבעכץ. איין טאָג, ווען ער איז געקומען צוריק פון דעם

מיסטהויפן מיט אַ זאַק קאַרטאָפל, איז מיר איינגעפאַלן אַ ווילדער געדאַנק: צו מאַכן קאַרטאָפל־לאַטקעס, ווי מיין באָבע פלעגט זיי מאַכן. כ׳האָב צעריבן די קאַרטאָפל אין אַ שטיקל שטאָף, צעקוועטשנדיק זיי אויף אַ שטיינערנער וואַנט, און זיי געבאַקן אין אַטאָס ספּעציעלער פּאַרציע חזיר־פעטס. מיין קאַפּאָ האָט פיינט געהאַט דעם מאַכל וואָס כ׳האָב אים דערלאַנגט, און כ׳האָב שיער ניט באַצאָלט דערפאַר מיט מיין אַרבעטפּלאַץ. אָבער דעם אָוונט האָבן בענעק, ניקאָ און איך געהאַט אויף אונדזער געלעגער אַן אויסערגעוויינטלעכע סעודה. זי האָט אונדז אַ ביסל געגעבן דעם טעם פון דער היים.

אָטאָ איז געווען אַ גרויסער פעדאַנט אין זיין קליידונג. איינער אַן אַסיר וואָס איז געווען פון דער היים אַ שניידער־מייסטער, האָט אים איבערגענייט זיין אוניפאָרעם צו דער מאָס. איז טאַקע אָטאָ געווען עלעגאַנטער פון אַלע אַנדערע קאַפּאָס. איך האָב געבעטן דעם זעלבן שניידער איבערצומאַכן מיין היטל אַזוי, אַז די ווערטיקאַלע פּאַסן פון די זייטן זאָלן צונויפפאַלן מיט די פּערפּענדיקולאַרע פּאַסן, וואָס אין דער הייך. נאָך דעם האָט יעדער פון די אַסירים, וואָס האָט געזען די איבעררראַשנדיקע סימעטריע פון מיין היטל, באַלד אָנגענומען, אַז איך האָב געהאַט עפּעס אַ ספּעציעלע שייכות צו דער היעראַרכיע פון לאַגער. ס׳איז געווען אַ פּאַרטיידיקנדיקער „הענט אַראָפּ״־סיגנאַל פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט אויסנוצן מיין יונגן עלטער.

די אַרבעט ביים זאַמלען דאָס מיסט האָט געהאַט איין גרויסע מעלה: כמעט יעדן טאָג האָבן מיר אַנטדעקט איבערבלייבעכץ פון שפּייז. בלויז די אויסדערוויילטע אַרבעטגרופּע, באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאַנאַדע״, וואָס האָט אָפּגערייניקט די וואַגאָנען פון די אָריינקומענדיקע צוגן, האָט זיך געקאָנט פּאַרמעסטן בנוגע שפּייזגעפינסן מיט די וועלכע מ׳האָט געקאָנט אויסזוכן אין דעם מיסט. מיר האָבן יענע קאָמאַנדע גערופן „קאַנאַדע״, ווייל אין אונדזערע מוחות האָט דאָס וואָרט באַטייט אַ לאַנד פון שפע, דער שפע פון דער „נייער וועלט״ וואָס איז אַנדערש פון דער וועלט, אין וועלכער ס׳געפינט זיך דאָס „דריטע רייך״ און אויך פון דער „דריטער וועלט״, אין וועלכער מיר האָבן געגוססט. אַ דאַנק די שטיקער ברויט, ווורשט, און אַנדערע גוטע זאַכן וואָס כ׳האָב געפונען אינעם מיסט, און מיט דער צושטימונג פון קאַפּאָ אָטאָ, האָב איך געקאָנט פועלן, אַז בענעק זאָל אַריבערגעהויבן ווערן אין מיין

גרופע. צום באַדויערן האָט דער „נאַרהאַפטער” פּעריאָד פון אונדזער געפאַנ־גענשאַפט זייער קורץ געדויערט.

דער אָנקומענדיקער ווינטער איז געווען אַ באַזונדערש שווערער. גע־שטאַנען איז אַ מוראדיקע קעלט, און די שפּייז־פּאָרציעס זענען אויף אַזוי פאַרקלענערט געוואָרן, אַז די אַרעסטירטע זענען געפאַלן ווי פליגן. איין אָוונט האָט מען דורך די הילכערס אין מײַן טייל פון לאַגער געמאָלדן, אַז קינדער און יוגנטלעכע דאַרפן זיך פאַרזאַמלען נאָכן ערשטן אַפּעל, בכדי צו באַקומען אַ צוגאָב־פּאָרציע פון ווײַסברויט און מילך.

ווײַסברויט און מילך? מיר האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן ווי זיי האָבן אויסגעזעהן. איין אָוונט זענען פאָרגעקומען צעהיצטע דיסקוסיעס. צי קאָן מען גלייבן די דײַטשן? איז עס בלויז אַ שפּיצל? די דורכגעטריבנקייט פון די וועכטער איז געווען אַ צוגאָב־סיבה צו זײַן באַזאָרגט.

עס זענען נאָך געווען יוגנטלעכע אין אוישוויץ, מערסטנס ציגײַנער און אַ ביסל ייִדן, וואָס האָבן, ווי איך, איבערגעלעבט די ערשטע סעלעקציעס. פּאָר אַנדערע פון זיי איז עס געווען אַ צו גרויסער נסיון צו קאָנען אים בײַשטיין און ניט גיין. דעם קומענדיקן טאָג, וואַקלענדיק זיך און פול מיט ציטער, האָבן יוגנטלעכע זיך צונויפגעזאַמלט צו דער באַשטימטער שעה — און באַקומען די צוגעזאָגטע שפּײַז.

אין אָוונט איז דער פאָרשלאָג איבערגעחזרט געוואָרן. דעם קומענדיקן טאָג האָבן זיך שוין אַ ביסל מער יוגנטלעכע צוגעשטעלט. און ווידער האָבן אַלע באַקומען די טײַערע ווײַסע פליסיקייט און דאָס אויסגעחלומטע ווײַסע ברויט.

אַזוי איז דער נס אָנגעגאַנגען עטלעכע טעג, די, וואָס האָבן פאַרטיילט די פּאָרציעס, זענען געווען העפלעך. אַ מין שיכּרות־שטימונג האָט זיך גע־שפּירט אין לאַגער. קעגן דעם שׂכל־הישר און אונדזער גאַנצן נסיון, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עמעצער פון דער העכערער מאַכט איז אויפ־געבראַכט געוואָרן פון דעם וואָס עס טוט זיך אין די לאַגערן, און דעריבער איז אפשר אין בערלין, אָדער גאָר אין די הויכע פענצטער פון פירער אַליין, באַשטימט געוואָרן בעסער צו שפּייזן די יונגע קרבנות — פּשוט אַ הומאַני־

טאַרער זשעסט. איך וואָלט געקאָנט מיטגיין מיט די וואָס קריגן ברויט און מילך, ווײַל איך בין נאָך געווען פופצן יאָר אַלט, אָבער עפּעס האָט מיך אָפּגעהאַלטן. דער פינפטער אָדער זעקסטער טאָג איז געווען דער לעצטער.

די קינדער האָבן זיך געהאַט אויסגעשטעלט אין אַ ריי מיט זייערע טעפּעלעך צו קריגן מילך. די פּאַרציעס זענען דאָס מאָל ניט אָנגעקומען. אַנשטאָט דעם האָט זיך דערהערט אַ פּײַפערײַ איבער דער לענג און דער ברייט פון לאַגער, און אַן אָפּטיילונג פון עס־עס־מענער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין אָפּגעצוימטן שטח. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען די קינדער אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין לאַסטאויטאָס. אַ טייל פון זיי האָט מען געבראַכט צו די קליניקעס פאַר מעדיצינישע עקספּערימענטן; די איבעריקע זענען אַוועק דירעקט צו די גאַזקאַמערן. פאַר וואָס? דער ענטפער וואָס לייגט זיך אויפן שׂכל איז, אַז די יונגע וואָס זענען אַרײַן אין לאַגער, זענען געוואָרן אַ פּראָבלעם: אומנוציקע מײַלער צו שפּײַזן. די יונגע זענען אויך, ווײַזט אויס, געווען ווידערשטאַנד־פעיִקער צום עקסטרעמען מאַנגל, ווי די עלטערע מענטשן, און זענען ניט געשטאָרבן גענוג גיך — אַ פאַקט פון ווי־סנשאַפטלעכן אינטערעס פאַר די נאַצי־דאָקטוירים. די פּשוטסטע לייזונג איז געווען צו איבערצײַגן די קרבנות, אַז זיי זאָלן מיטאַרבעטן פאַר זייער אייגענער פאַרטיליקונג, פּונקט ווי ס'איז געווען לײַכטער אין די פריִערדיקע סטאַדיעס צו פאַרנאַרן די דערוואַקסענע אין די גאַזקאַמערן, זאָגנדיק זיי, אַז צוליב סאַניטאַרע סיבות וועלן זיי דאַרפן נעמען אַ דוש און צוגלײַך וועלן זייערע זאַכן דיסאינפיצירט ווערן.

*

אין דער קעלט פון ווינטער אין אוישוויץ, איז טיפוס געווען אַ מעכטיקער אינסטרומענט, וואָס האָט געהאָלפן אויספילן די טויט־קוואָטעס. יעדער אייִנער וואָס איז קראַנק געוואָרן אויף דער חלאַת, איז געווינטלעך געשטאָרבן אין עטלעכע טעג, באַדעקט מיט לײַז, וואַלגערנדיק זיך אין בלאָטע ווען ס'האָט געדעגנט, לעבנדיק אין געשטאַנק פון מענטשלעכער צואה. די אַרעסטירטע האָט מען דערלויבט צו גיין אין אָפּטרעט, אַן פּאַפּיר און אויף צען סעקונדן יעדערער, און נאָר איין מאָל אַ טאָג — אין דער פרי. האָבן מענטשן דער־לײדיקט זייערע באַדערפענישן אין משך פון טאָג, ווו נאָר די נויט האָט זיי געצווונגען. מיר האָבן זיך באַמיט אָפּצוהיטן געוויסע פּרימיטיווע פאַרזיכטי־

קייט־מיטלען, וויסנדיק אַז אויב אַן עפּידעמיע וועט אויסברעכן, וועט עס קיין גרויס נוצן ניט ברענגען. אָבער די האָפענונגסלאָזיקייט צו קאָנען דערזען אַ שטיקל אויסקוק גערעטעוועט צו ווערן, איז מער ווי דער שטעכלדראָט־צוים מיט די רעפלעקטאָרן און די מאַשין־געווער־טורעמס אַרום אונדז, געווען די הויפּט־סיבה פון יי־אוש. דער איינציקער וועג אַרויסצוגיין פון אָט דעם אָרט איז געווען דורכן קוימען.

וואָס איז געשען אין דער אויסערלעכער וועלט? האָט עמעצער פון דאָרטן געוווּסט, וואָס עס ווערט אָפּגעטאָן מיט אונדז? איז זיי דאָס בכלל אָנגעגאַנגען? ווו איז גאָט? ווו איז דער פּויפּס? האָט נאָך עמעצער געטראַכט, אַז מיר האָבן רעכט צו לעבן? איז נאָך פאַראַן אַן אויסערלעכע וועלט? אויב בענעק און איך האָבן ווייניקער פון די אַנדערע אויפגעגעבן דעם גלויבן, איז עס געווען דערפאַר, ווייל מיר זענען געווען צו יונג צו קאָנען באַנעמען דעם גלייכגילט. וואָס קאָן באַהערשן די הערצער פון מענטשן.

ווערט די מלחמה נאָך אַלץ געפירט? איז ניטאָ קיין אַליירטע אַוויאַציע, וואָס זאָל באָמבאַרדירן די באַנליניע און די קרעמאַטאָריע־אינסטאַלאַציעס פון אונדזערע לאַגערן? ווערדליג די באַרימערייען פון אונדזערע וועכטערס, האָבן מיר געהאַט גענוג סיבות צו גלייבן, אַז גאַנץ אייראָפּע איז אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, אַפילו דער ראַטן־פאַרבאַנד איז באַזיגט און די רויטע אַרמיי — צעקלאַפּט. וואָסערע שאַנסן האָט געהאַט ענגלאַנד ניט אַרייַנ־צופאַלן אין די הענט פון די פינצטערניש־כוחות, וואָס קיינער קאָן זיי ניט ביייקומען?

און אַמעריקע? אַמעריקע, ביסטו נאָך אַלץ דאָ? די פאַראייניקטע שטאַטן זענען ניט געווען גרייט און זייער ווייט. האָט מען געקאָנט פון זיי דערוואַרטן דורכצופירן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער וועלט אין אָט דעם קריטישן מאָמענט פון דער געשיכטע?

אוישוויץ איז אפשר געווען דער גאַנצער אוניווערס. וואָס פאַר אַ נס קאָן פאַרמיידן, אַז דאָס דריטע רייך זאָל זיך האַלטן טויזנט יאָר?

און אַזוי איז אַדורך די צייט, און מיר האָבן פאַרלוירן דעם חשבון פון די חדשים. בלויז די ווינטערקעלט און די זומערהיץ האָבן באַצייכנט דאָס בייטן זיך פון די סעזאָנען. איין טאָג איז געווען ווי דער אַנדערער, און מיר האָבן

אויסגעבאַהאַלטן אונדזערע וווּנדן און אויפגעבלאָזן אונדזערע ברוסטקאַסטנס צו ווײַזן אונדזער גוטן געזונט־צושטאַנד און געצוווּנגען די געשוואָלענע פיס אונדז ווײַטער צו טראָגן. מיר האָבן זיך הכנעהדיק געבויגן פאַר אונדזערע וועכטערס און אויפגענומען די קלעפּ און די כּלערליי שטראָפן ווי געוויינטלעך, אָנהויבנדיק אַזש צו קלערן וועגן זיך, אַז אין תּוך זענען מיר טאַקע אונטער־מענטשן און נידעריקער פון די „לאָרדן”, וואָס זענען באַשטאַנען אויף זייער רעכט צו פאַרוואַלטן מיטן לעבן און טויט אויף דער איינציק פאַרבליבענער וועלט אונטערן הימל.

יעדן צווייטן זונטיק זענען מיר געווען פּטור פון אַרבעט און געקאָנט זײַן אין לאַגער און געניסן פון אונדזער פרײַער צײַט. גרופּעס פון געפאַנגענע זענען געלעגן אַרום און אַרום ווי אָפּפאַל, אָדער זיך אַרומגעדרייט לענג־אויס די שטעכלדראָטן ווי אומרויִקע גײַסטער פון רשעים, אָדער זיך דורכגעשטופּט צו אַ קראַן כאַפּן אַ שפּריץ וואַסער אויפן פּנים אָדער אויף די הענט.

זומער, אין די פרײַע שעהען, ווען קיין וועכטער אָדער קאַפּאָ איז ניט געווען אין דער נאָענט, זענען מיר געזעסן אין דרויסן און געוואַרעמט אונדזערע וווּנדן אויף דער זון. מיר האָבן געדאַנקט אונדזערע בעלי־בתּים פאַר דעם דאָזיקן אויסערגעוויינטלעכן לוקסוס. געדאַנקט, וואָס די צוגן מיט זייערע אומגעהײַערע מענטשן־לאַדונגען הערן אויף צו קומען צו די גאַז־קאַמערן אין דעם אַ זעלטענעם טאָג.

# 4

דער 6טער יוני 1944, ווען די אַלײִרטע אַרמייען האָבן אַקעגן די נאַציִשע האַרמאַטן און דעם מאַשין־געווער־פײַער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די ים־ברעגן פון נאָרמאַנדיע, איז פאַר אונדז אין אוישוויץ געווען אַ טאָג ווי אַלע אַנדערע. די טעגלעכע צאָל אומגעבראַכטע אין די גאַזקאַמערן איז געווען גרעסער פון דעם אָנגרײַפערס פאַרלוסטן אין אָט דעם לענגסטן טאָג זײַנעם. ס׳האָט גענומען וואָכן, ביז די נײַעס פון דער העראָיִשער אינוואַזיע, פאַרעפנטלעכט דורך דער „בי־בי־סי״ אין דער פאַרנומענער אייראָפּע, איז דערגאַנגען אין לאַגער. פויליש טאָג־אַרבעטער וואָס פלעגן צושטעלן סחורות פאַר די דײַטשן, האָבן די נײַעס אַרײַנגעבראַכט אין לאַגער. די אַסירים האָבן זיך געסודעט, אַז אויך די רוסן האָבן אָנגעהויבן אַ שטאַרקן אָנגריף אויפן מיזרח־פראָנט.

אומגלייבלעך, גאָט האָט פון דעסטוועגן ניט איבערגעלאָזט די וועלט אויף הפקר! דאָס אוממעגלעכע איז שוין מער ניט געווען אַזוי אומרעאַל. אָ, נאָר אויסהאַלטן! אויסהאַלטן ווי ווײַט מעגלעך, ביז די באַפרײַונג וועט קומען צו אונדז פון מערב צי פון מיזרח. פון דער וואַקסנדיקער אויפגערעגטקייט בײַ די דײַטשן האָבן מיר געקאָנט זען, אַז דער אויסגאַנג פון קאַמף ענדערט זיך ענדגילטיק. די ענגלענדער קעמפן נאָך אַלץ, די רויטע אַרמיי איז אין אָפענסיווע, און די פולע קראַפט פון אַמעריקע איז מאָביליזירט און ווערט געוואָרפן אויף דער וואָגשאָל. ס׳איז איצט די ריי פון דריטן רײַך צו ראַנגלען זיך פאַר זײַן לעבן.

הגם דער אומדערוואַרטער פונק פון האָפענונג האָט געהויבן אונדזער מאָראַל און געשטאַרקט די אַנטשלאָסנקייט אויסצוהאַלטן, איז פאַר בענעקן, ניקאָ און מיר קיין זאַך ניט געוואָרן לײַכטער. ווי אַרבעט־פעיִקע מענער אין אַ צײַט, ווען די נאַציס זענען געווען אין אַ קלעם צוליבן מאַנגל אין אינדוסטריעלע אַרבעטסהענט, זענען מיר אַרײַנגעפאַלן אין אַ גרופּע אַסירים, וואָס מ׳האָט אַרויפגעזעצט אויף אַ צוג און אַוועקגעשיקט טיף אין דײַטשלאַנד.

מיר האָבן ניט געוווּסט, וווּהין מען פירט אונדז, אָבער מיר האָבן יאָ געוווּסט, אַז דאָס פאַרלאָזן אוישוויץ דורכן זעלבן טויער, אין וועלכן מיר זענען אַרײַן, איז שוין אַליין געווען כּמעט ווי אַ נס.

נאָך אַ קורצן אָפּהאַלט אין אַ ריזיקן איבערגרופּירונג־צענטער לעבן בערלין, און אַ פּאָר וואָכן אין זאַקסענהאַוזען — אַ גרויסער קאָנצענטראַציע־לאַגער, רעזערווירט בעיקר פאַר דײַטשישע קעגנערס פון רעזשים און בריי־טישע און רוסישע אָפיצירן — זענען מיר געוואָרן אויסגעלאָדן אויף אַ מיט שניי באַדעקטן זומפּיקן באָדן אין האַרץ פון בײַערן. אונדזער נײַער לאַגער, קאַופערינג, האָט געדאַרפט ווערן אויפגעבויט פון סאַמע יסוד. מיר האָבן געאַרבעט אין אַ בײַסיקער קעלט פון אָנהייב ווינטער. בײַם אויפשטעלן די באַראַקן און וואַרשטאַטן זענען אַ סך מענטשן געשטאָרבן פון אויסגעשעפּט־קייט, הונגער און שטראָפן. אָבער, ווייניקסטנס לויט די פּלענער, איז ניט געווען פאָרויסגעזען אויפצובויען אַן אויוון. ווען די פונדאַמענטן פון לאַגער זענען פאַרלייגט געוואָרן, האָבן מיר געטראַכט וועגן ציל, צוליב וועלכן מ׳האָט אונדז געהאַט געשלעפּט אַזאַ ווײַטעניש. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר זענען דאָ געווען אויף אַן אָפּוואַרטונג־פּעריאָד, ווען קיין שום אַרבעט האָט מען ניט געפאָדערט פון גרעסטן טייל אַרעסטירטע. כּמעט די גאַנצע טעג זענען געווען אָנגעלאָדן מיט לאַנגע אַפּעלן. מיר האָבן געדאַרפט מאַרשירן צום טאַקט, אָדער לויפן איבער אַ סטעזשקע, לענג־אויס דעם שטעכלדראָט־צוים.

איינס פון די הויפּט־פּראָבלעמען אין די לאַגערן איז געווען די דײַטשישע וואָלפסהינט, מיט וועלכע די וועכטערס האָבן טעראָריזירט די אַרעסטירטע. די הינט זענען געוואָרן אויסגעדרעסירט, אויפן באַפעל פון זייערע בעלי־בתּים, צו רײַסן דעם הינטער־חלק פון יעדערן, וואָס האָט געטראָגן אַ גע־שטרייפטע אוניפאָרעם. געוויסע הינט זענען געווען ספּעציעל טרענירט: בײַם ערשטן סיגנאַל האָבן זיי אָנגעכאַפּט דעם קרבן פאַרן קראַגן און אים צוגעדריקט צו דער ערד; בײַם צווייטן סיגנאַל האָבן זיי אַרויפגעלייגט די מאָרדע אויף דעם קרבנס האַלדז; בײַם דריטן סיגנאַל האָבן זיי געביסן. די וועכטערס פלעגן רעגולער זיך פאַרנעמען מיט דעם אַ ספּאָרט און צו מאָל דערגיין ביזן דריטן סיגנאַל. געדענקענדיק מיט וואָס פאַר אַ צערטלעכקייט

און ליבע די וועכטערס האָבן זיך באַצויגן צו זייערע בעסטיעס, האָב איך באַשלאָסן, אַז אַ פּערזאָן וואָס האָט ליב חיות, מוז דווקא ניט ליב האָבן מענטשן.

*

מײַן ערשטע אַרבעט אינעם נײַעם לאַגער האָט מיר דערמאָנט דאָס הויז לעבן מיסטהויפן אין אוישוויץ. אַ טראַנספּאָרט פון בודאַפּעשט האָט געבראַכט עטלעכע הונדערט יונגע פרויען, צו ערשט באַשטימטע פאַר דער ווערמאַכט אויפן מיזרח־פראָנט, איצט, לויטן געביטענעם מאַרשרוט, זענען זיי אָנגעקומען קיין דײַטשלאַנד צו אַנדערע צוועקן: געבורט־קאָנטראָל־עקספּערימענטן. עמעצער האָט געטראַכט וועגן פאַרזיכערן די צוקונפטיקע פרוכפּערדיקייט פון דער „הערנראַסע" און די צוקונפטיקע פרוכטלאָזיקייט פון אַנדערע ראַסעס. איך האָב באַקומען דעם באַפעל צו אונטערזוכן די מיידלעך, ווען מען פלעגט זיי ראַזירן, דיסאינפיצירן און דורכפירן איבער זיי אַ „ספּעציעלע באַהאַנדלונג". דאָס האָט געמיינט קאָנטראָלירן זייערע אינטימע ערטער, צי זיי האָבן ניט פאַרשטעקט דאָרטן ווערטפולע חפצים. הגם די רעוויזיעס זענען געווען אייבערפלעכלעכע, וואָלטן די געפונענע ווערטזאַכן געקלעקט צו עפענען אַ קליינע ביזשוטעריע־קראָם. דער אינסטינקט פון אַלע דעפּאָרטירטע איז געווען צו נעמען מיט זיך דאָס טײַערסטע אייגנס, ספּעציעל דאָס, וואָס מ'קאָן לײַכט באַהאַלטן. די עס־עס האָט פאַקטיש זיי צוגעגעבן מוט אַזוי צו טאָן, ווײַל דאָס האָט לײַכטער געמאַכט דעם פּראָצעס פון קאָנפיסקאַציע.

נאָך דעם ווי מען האָט די פרויען אײַנגעשלאָסן אין אַ ספּעציעל אָפּגעגרענעצטער סעקציע פון לאַגער, בין איך געווען דער איינציקער, וואָס האָט געמעגט אַרײַנגיין צו זיי אין דער אָפּצוימונג. מײַן פונקציע איז געווען צו ראַפּאָרטירן אין הויפּטוואַרשטאַט וועגן די רעפּאַראַטורן, וואָס מען דאַרף מאַכן אין דעם לאַגער פון די מיידלעך, אָדער וואָרענען אין דער לאַגערקיך, אַז ס'איז דאָרטן אַ מאַנגל אָדער איבערגענוג שפּײַזפּאַרציעס. מײַנע חברים־אַרעסטאַנטן זענען מיר מקנא געווען די לײַכטע אַרבעט און מײַן אומדערהערטע נאָענטקייט צו אַ פרויען־געזעלשאַפט. ניקאָ און בענעק האָבן מיר דערצערנט מיט דעם, וואָס זיי האָבן עס גערופן — מײַן לעבן פון אַ סָריס אין אַ האַרעם.

כ׳האָב ליב געהאַט זיך אַרומצודרייען אין לאַגער פון די פרויען און ספּעציעל זיך פּאַראיטערעסירט מיט איינער, אַן אַכצניאָריק מיידל, בעלאַ. בעת ס׳איז דערגאַנגען איר ריי צו ווערן קאָנטראָלירט אין טאָג ווען דער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען, האָט זי מיר אויסגעזען אַזוי שיין — אַפילו מיט איר אָפּגעראַזירטן קאָפּ — און אַזוי שמעקעוודיק, אַז כ׳האָב ניט געהאַט קיין מוט זי צו אונטערזוכן. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט אין אַ צייכנשפּראַך, ווײַל דאָס איינציקע ביסל אונגאַריש וואָס כ׳האָב אויפגעכאַפּט אין אוישוויץ, איז געווען אַ לעקסיקאָן פון געמיינע רייד. אָבער ניט געקוקט אויף דעם וואָס מיר האָבן ניט געקאָנט זיך צונויפרעדן, האָבן זיך אין מיר דערוועקט געפילן, וועלכע כ׳האָב ניט געהאַט איבערגעלעבט פאַר דעם — פונקען האָבן אויפגעבליצט, ווען כ׳האָב זי נאָר געזען. ווי אַ לאַגערמענטש מיט נסיון, האָב איך זי גענומען לערנען ווי איבערצולעבן. הגם אַ סך עלטער פון מיר, איז בעלאַ געווען ווי אַ קינד. זי האָט ניט אויפגעהערט וויינען צוליב דעם, וואָס מ׳האָט זי אָפּגעטיילט פון אירע עלטערן. זיי האָט מען גענומען אָנהייב זומער 1944, ווען זי איז געווען אַוועקגעגאַנגען פון שטוב. כ׳האָב ניט געהאַט קיין האַרץ איר צו זאָגן, אַז איך בין זיכער, אַז זיי זענען געגאַנגען באַלד אין די אויוונס פון אוישוויץ, מיט די אַלע אַנדערע טראַנספּאָרטן, אָנגעקומענע פון בודאַפּעשט אין יענער צײַט... שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס׳וואָלט געווען בעסער צו צווינגען זי „איבערצושנײַדן דעם נאָפּלשנור" און געבן איר צו פאַרשטיין, אַז זי איז אַליין און דאַרף אַליין זיך געבן אַן עצה.

בעלאַ האָט ניט געקאָנט זיך צופּאַסן צום לאַגער־לעבן, הגם זי האָט ניט געליטן פון אַ גוואַלדאָקט אָדער הונגער. בענעק איז געווען מער ווי אַ ביסל אויפגעבראַכט; ער האָט געפילט, אַז איך בין עובר געווען אויף אונדזער שותפות, ווען איך האָב איר אָפּגעגעבן די בעסטע שפּײַז, וואָס כ׳האָב נאָר געקאָנט קריגן. זי האָט עס ניט געוואָלט עסן, אַפילו ווען כ׳האָב איר געהאַט דערציילט די סצענע אין מײַדאַנעק, ווען מיך האָט געהאַט געצוווּנגען אַ מער געניטער אַרעסטאַנט אַראָפּצושלינגען דאָס ערשטע מאָל אַן עקלהאַפטן געקעכטס. בעלאַ איז געוואָרן אַ מוזלמאַן פאַר מײַנע אויגן און איך האָב זיך געפילט שולדיק, וואָס וועלנדיק איר העלפן, האָב איך איר גאָר געשטערט צו שטעלן זיך אויף די אייגענע פיס. אונטערן שווערן דרוק פון די באַדינ־

גונגען אין קאָופּערינג, בין איך געוואָרן סענטימענטאַל און אומפּעזיק איבער־צוגעבן איר די לעקציע, וועלכע איך האָב געהאַט געלערנט פון העניעקן. דורכן פאַרגרינגערן אַ ביסל איר ביטערן גורל, האָב איך ביי איר אָפּגענומען דעם ווילן אַליין זיך אַן עצה צו געבן.

בענעקס אַרבעט — אַראָפּלאָזן ביימער אין דעם פּראַסטיקן וואַלד — איז געווען ווייניקער דעליקאַט פון מײַנער. ניקאָן האָט מען געגעבן אַ וויכטיקע פונקציע פון אַן אויפזעער. קאָופּערינג, אַ שפּאָגל נײַער לאַגער אָן קיין אײַנגעשטעלטער היעראַרכיע פון אַרעסטירטע, האָט אים דערמעגלעכט צו קריגן אַ פּריווילעגירטע פּאָזיציע צווישן די אַנדערע אַסירים. די לאַגער־אַדמיניסטראַציע האָט באַמערקט זײַנע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן, און די סיטואַציע וואָס האָט זיך געשאַפן, האָט עס אין גיכן באַשטעטיקט: ניקאָ איז געוואָרן דער אָבער־קאַפּאָ פון לאַגער, מיט דער דעה איבער עטלעכע טויזנט אַרעסטירטע.

*

אין אַלגעמיין זענען די קאַפּאָס געווען אַ חברה מיאוסע באַשעפענישן און נאָך דער באַפרײַונג איז דער ערשטער שטויס בײַ אַ סך לעבן־געבליבענע געווען צו פּאַקן און לינטשן די פאַראַנטוואָרטלעכע אין טויט אָדער אין פּײַניקן זייערע חברים־אַסירים. איך האָב איין מאָל, שפּעטער, געקראָגן געשלאָגן דורך געוועזענע לאַגער־חברים ווען, נאָכגעבנדיק די תחנונים פון אַ קאַפּאָס מיידל, האָב איך עדות געזאָגט לטובת אים פאַר אַן אַלײַרטער אויספאָרשונג־קאָמיסיע. און געזאָגט האָב איך בלויז, אַז ער איז ניט געווען אַזוי שלעכט, ווי די אַנדערע, און דאָס האָט ניט אין גאַנצן געשטימט... אָבער קיינער האָט ניט געהאַט די מינדסטע טענה צו ניקאָן, ניט געקוקט אויף זײַן הויכער פּאָזיציע אין אונדזער לאַגער.

ניקאָס הויפּט־אינטערעס אין קאָופּערינג איז ניט געווען אָנצוואָרפן זײַן שליטה אויף אַנדערע, נײַערט אין האָבן יעדע נאַכט, נאָכן אַפּעל, דעם צוטריט צו די באַראַקן מיט די אונגאַרישע מיידלעך. בײַ אַ טייל פון זיי האָבן די שפּײַזראַציעס זיך שטאַרק פאַרבעסערט נאָך דעם, ווי ניקאָ האָט געלייזט דאָס פּראָבלעם פון אַרײַנגיין אין זייערע באַראַקן מיט דער הילף פון זײַן פרײַנד, דעם סָריס... אויסער דעם איז ניקאָס סטאַנדאַרטע טאַקטיק פון אַן אָבער־קאַפּאָ באַשטאַנען אין ניצן שאַרפע רייד, ווען עס־עס־מענער

זענען געווען אין דער נאָענט, און צו זײַן מעסיק אין זײַנע האַנדלונגען, ווען מ׳האָט זיי ניט געזען.

איין טאָג האָט ניקאָ באַקומען אַ באַפֿעל פֿון דער עס־עס צו הענגען דרײַ מענטשן פֿאַר גנבענען סיגאַרעטן אין דער וואַך־סטאַציע. זיי זענען פֿאַר אים געפֿאַלן אויף די קני, ביטער וויינענדיק און בעטנדיק רחמים. ניט איין קאַפּאָ איז ליקווידירט געוואָרן פֿאַר ניט אויספֿירן פּינקטלעך די באַפֿעלן. אָבער אַנשטאָט הענגען די מענטשן פֿאַרן האַלדז האָט ניקאָ זיי צוגעבונדן אויף אַן אימפּראָוויזירטער תּליה פֿאַר די פֿיס און זיי געהייסן מאַכן אַ יאָמער־געשריי ווי הויך נאָר זיי קאָנען. ווי נאָר די אינספּעקציע האָט זיך באַוויזן, האָט ער באַפֿוילן צו געבן שמיץ די פֿאַרשולדיקטע. די עס־עס־לײַט האָבן געפֿונען דעם ספּעקטאַקל אַזוי פֿאַרווײַלעריש, אַז זיי האָבן זיך באַנוגנט מיט אַ צוגאָב פֿון פֿינף און צוואַנציק שמיץ און געלאָזט זיי גיין.

ניקאָ האָט זעלטן גערעדט וועגן זײַן פֿאַרגאַנגענהייט. ער איז געווען אַ מאַטראָס און געאַרבעט בײַ דער „האָלאַנד־אַמעריקע־ליניע״, שווימענדיק אַ סך מאָל איבערן אַטלאַנטיק. פֿון די פּאַסאַזשירן האָט ער זיך געהאַט אויס־געלערנט רעדן ענגליש און דײַטש. אין צוזאַמענשטויסן האָט ער אַרויסגעוויזן פֿאַך־קענטעניש פֿון אַ מײַסטער. ווער ס׳איז נאָר אַרײַן אין קאַמף מיט אים, איז לאַנג ניט געבליבן שטיין אויף די פֿיס. מ׳האָט גערעדט, אַז ניקאָ איז געווען אַ גאַנגסטער אָדער אַ דזשיגאָלאָ אינעם פּאָרט פֿון ראָטערדאַם. איך האָב עס ניט געגלייבט. ווי עס זאָל ניט זײַן, האָט עס מיר ניט געאַרט. ער מיט בענעקן זענען געווען מײַנע בעסטע פֿרײַנד, און איך וואָלט אים ניט אויסגעביטן אויף קיין טוץ פֿון מײַנע באַקאַנטע, וואָס גייען הײַנט דורך אין מײַן לעבן ווי אָרנטלעכע און בכבודיקע מענטשן. ווער פֿון זיי, פֿרעג איך זיך, וואָלט אין ענלעכע באַדינגונגען געהאַט אַרויסגעוויזן די דרייסטקייט, די ענערגיע און איבערגעגעבנקייט, וואָס ניקאָ האָט אַרויסגעוויזן טאָג־איין, טאָג־אויס ?

אונטער ניקאָס שוץ, האָט שוין קיין אַנדער קאַפּאָ זיך ניט דערוועגט שלעכט זיך צו באַגיין מיט מיר אָדער מיט בענעקן; אין אַ סך פּרטים איז אונדז קיין מאָל אַזוי גוט ניט געווען. אָבער די לאַגע האָט לאַנג ניט געדויערט. אומגעריכט האָט מען מיך באַשטימט צו ווערן איבערגעשיקט אין אַן אַנדער

לאַגער און אַפילו דער אָבער־קאַפּאָ האָט ניט געקאָנט ענדערן די גזירה. בענעק האָט געאַרבעט אין די וועלדער, ווען מײַן גרופּע האָט אַרויסגעמאַר־שירט, און ס׳איז אַפילו ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו זאָגן בעלאַן אַ זײַ־געזונט. ווידער בין איך געווען אַליין מיט זיך.

מײַן נײַ אָרט איז געווען דאַכאַו, לעבן דער שטאָט מינכען — אַ ריזיקע אונטערנעמונג, אָנגעפּילט מערסטנס מיט דײַטשישע קרימינעלע פאַרברע־כערס, פּאָליטישע אַרעסטירטע, רעליגיעזע קעגנערס פון רעזשים און האָמאָ־סעקסואַליסטן, ווי אויך אויסלענדישע בירגער. איך בין דאָרטן ניט געווען גענוג לאַנג, צו געדענקען אַ סך מער ווי די פיזישע סימעטריע און פולקומע אָרגאַניזאַציע פון לאַגער. אַלץ האָט „געקלאַפּט״ ווי אַ זייגער, מעגלעך דער־פאַר, ווײַל עס זענען געווען אַזוי פיל דײַטשן אויף ביידע זײַטן פון צוים. מײַנע קלאָרסטע זכרונות פון דאַכאַו זענען געבונדן מיט די פּינקטלעכע געניטונגען, וועלכע די לאַגער־מענטשן האָבן געמוזט פּערמאַנענט דורכמאַכן. עטלעכע שעה אַ טאָג האָבן מיר זיי געמאַכט, און איך בין געוואָרן אין זיי אַ גרויסער עקספּערט פאַר דער צײַט פון מײַן זײַן פאַרשפּאַרט אין מײַדאַנעק. די געניטונגען זענען באַשטאַנען אין אויספירן אַ סעריע באַפעלן — אַלע ווי איינער און אין אַ ברוכצאָל פון אַ סעקונדע. די וואָס האָבן ניט געקאָנט מיטמאַכן, זענען אויפן אָרט באַשטראָפט געוואָרן.

„אַכטונג!״ אַ טויזנט אָבצאַסן האָבן אַ קלאַפּ געטאָן טיק־טאַק, אַרויס־געבנדיק איין איינציקן סאָלידן קלאַנג. „היטלען אַראָפּ!״ דער גראָבער פינגער און דער ווײַזפינגער פון דער רעכטער האַנט האָבן געדאַרפט כאַפּן דאָס היטל און עס אַראָפּלאָזן מיט איין באַוועגונג, מיט אַ קלאַפּ אויפן רעכטן היפּט, ווידער געבוי אין איין קלאַנג מיט אַלע אַנדערע. „היטלען אַרויף״! דאָס היטל האָט מען געדאַרפט אַרויפוואַרפן האַסטיק, און ווי גוט מ׳האָט נאָר געקאָנט, אויפן קאָפּ, און די האַנט צוריקברענגען צום היפּט.

„פאַרריכט!״ דער גראָבער פינגער און ווײַזפינגער האָבן געדאַרפט כאַפּן דאָס היטל, אַרויפטאָן אויפן צענטער פון קאָפּ און צוריקברענגען די האַנט צום היפּט אין איין איינציקער באַוועגונג.

„שטיי פרײַ!״ די אַרעסטירטע האָבן פון ס׳נײַ אָנגעהויבן אויסטאַנצן אויפן אָרט זייערע אויסטערלישע דזשיג־טענץ און בלאָזן אויף זייערע האַנט־

פלאַכן, אַנשטרענגנדיק זיך צו דערוואַרעמען זיי. צווישן די באַפעלן האָט דער עס־עס־אָפיציר פאַרצייכנט אַלע אַרעסטירטע, פון וועמענס ריכטונג דאָס קלאַפּן פון די אָבצאַסן, אָדער דער קלאַפּ אויף די היפּטן איז ניט געווען פולשטענדיק סינכראָן, אָדער די וועמענס היטלען זענען אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. זיי זענען געווען באַשטימט צו בלײַבן אויף אַ ספּעציעלער טרעני־רונג דעם גאַנצן טאָג, נאָך דעם ווי די איבעריקע איז דערלויבט געוואָרן זיך פונאַנדערצוגיין. אַרעסטירטע, אומפעיִקע צו קאָאָרדינירן די נאָכאַנאַנדיקייט פון באַוועגונגען, האָבן אָפט פאַרענדיקט מיט צעשפּאָלטענע שאַרבנס.

*

אין גיכן האָט מען מיך ווידער אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער. כ׳האָב אָנגעהויבן גלייבן, אַז די אַלע אָפּטע און ניט קאָאָרדינירטע פּערטור־באַציִעס זענען געווען אַ רעזולטאַט פון כאַאָס, וואָס האָט געהערשט בײַ אונדזערע דײַטשישע „הערן״, ווען זייערע אַרמייען האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף אַלע פראָנטן.

לעאָנבערג, אַ פאָרשטאָט פון שטוטגאַרט, ווו עס ווערן הײַנט פּראָדוצירט די „מערצעדעס״־ און „פּאָרשע״־אויטאָס פון אַ הויכער קוואַליטעט, איז אַ דײַטשישע שטאָט מיט ריינע גאַסן, פּראָספּערירנדיקע געשעפטן און געמיט־לעכע ביר־סאַלאָנען, בקיצור, טיפּיש דײַטשיש. אין אַן עק שטאָט איז דאָ אַ באַרג, וועלכן מ׳רופט ענגעלבערג — דער „באַרג פון מלאָכים״ — אונטער וועלכן אַ צווייזײַטיקער טונעל דינט הײַנט דעם שווערן פאַרקער פון דער אויטאָסטראַדע. דאָס איז ניט שטענדיק געווען די פונקציע פון טונעל. פאַר מײַנע צײַטן האָט אין דעם „באַרג פון מלאָכים״, פול מיט היילן, עקסיסטירט אַ גרויסע אונטערערדישע אַוויאַציע־אונטערנעמונג, באַשיצט פון לופטאַנגריפן. דאָ האָב איך געאַרבעט אַ סך חדשים אין דינסט פון אַווילדן וואָפן־געיעג. מײַן אַרבעט איז באַשטאַנען אין פאַרניטעווען די קאַראָסעריעס פון מעסער־שמיט־באָמבאַרדירערס, פאַבריצירטע אין אַ פיבערדיקער צוגרייטונג קעגן דעם אָנגריף פון די אַליִירטע.

מיר האָבן געלעבט אין אַ לאַגער, וואָס איז געווען נאָענט צו לעאָנבערג, אַזוי אַז פון צײַט צו צײַט האָבן מיר געזען די אָרטיקע אײַנוווינערס שטיין מיט זייערע קינדער אויף אַ בערגל לעבן לאַגער, אָבסערווירנדיק די ספּעק־

טאַקלען הינטערן שטעכלדראָט: דאָס שיסן, הענגען, שמײַסן אָדער דעם געוויינטלעכן אוונט־אַפּעל מיט זײַן ריטמישן „היטלען אַראָפּ, היטלען אַרויף", וואָס יעדער מיליטערישער פּאַראַד, אַפּילו אַ דײַטשישער, האָט לגבי דעם אויסגעזען נאַכלעסיק און ניט קאָאָרדינירט.

די באַדינגונגען אין לעאָנבערג זענען געווען אַ סך בעסערע ווי אין אוישוויץ, וואָס שייך שפּײַז און אײַנקוואַרטירונג, ווײַל מײַנע חברים און איך זענען דערהויבן געוואָרן צום סטאַטוס פֿון שקלאַף־אַרבעטער אין האַרץ פֿון אַ נאַצישן מיליטעריש־אינדוסטריעלן קאָמפּלעקס. אונדזער אַרבעט איז געווען וויכטיק פֿאַר דעם נאַצישן מלחמה־אָנשטרענג.

אין אונדזערע ווולקאַניזירונג־שמידערײַען האָבן מיר געאַרבעט צוועלף־שעהדיקע אָפּבײַטן און כּמעט קיין מאָל ניט געזען דאָס טאָגליכט. ווען מיר זענען געווען אין ענגעלבערג בײַ טאָג, האָט מען אונדז געפֿירט צוריק צום לאַגער פֿאַר נאַכט, און ווען מיר זענען געווען אינעווייניק בײַ נאַכט, האָט מען אונדז בײַ טאָג געפֿירט צו גיין שלאָפֿן.

די באַציִונג פֿון די דײַטשישע אינזשענירן וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף אונדז בײַ דער אַרבעט, איז אין אַלגעמיין געווען מענטשלעכער ווי דאָס, וואָס מיר האָבן געהאַט ביז אַהער. איינער פֿון זיי, אַן עלטערער מאַן, האָט געפֿרעגט ווי אַלט איך בין און מיר געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט אַן אייניקל אין מײַן עלטער. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער מיר געבן אַ שטיקל ברויט אָדער ווורשט פֿון זײַן שפּײַזקעסטל. ס'קלינגט ווי אַן אַבסורד, ס'איז געווען די פּלוצעמדיקע זאָרג פֿון די נאַציס פֿאַר אונדזער פֿיזישער זיכערקייט, וואָס האָט מיך שיִער ניט אומגעבראַכט.

דער נאַצישער מיניסטער פֿאַר באַוואָפֿענונג, אַלבערט שפּער, האָט געהאַט אַרויסגעגעבן אַ דירעקטיוו, אַז די אַוויאַציע־אַרבעטער זענען לעבנסוויכטיק פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג און האָבן געדאַרפֿט זאָרגעוודיק געשיצט ווערן. ווען ס'איז געווען אַ וואָרענונג־סיגנאַל פֿון אַ לופֿטאָנגריף, בעת מיר זענען געווען אין לאַגער, האָט מען אונדז באַלד גענומען אין דעם טונעל וואָס אונטערן באַרג. אַזוי ווי די לופֿטאָנגריפֿן זענען פֿאָרגעקומען אַלץ אָפֿטער, פֿלעגט מען אונדז וואַרפֿן אַהין און צוריק. מיר פֿלעגן ענדיקן די נאַכטשיכט און גיין שלאָפֿן אין אונדזערע באַראַקן, און אַז די סירענעס האָבן אַלאַרמירט — איז

צוריק צום באַרג ביז סוף פון דעם אַלאַרם. ווען מיר פלעגן אַרבעטן טאָגשיכט און פאַלן טויט מיד אויף די געלעגערס אויף דער נאַכט, האָט אונדז אויפגעהויבן די וואָרענונג: „אַכטונג״ — אַ נײַער לופטאַנגריף — און צוריק אין דער אונטערערד. אָפט האָט מען אונדז אַזוי געוואָרפן אַהין און צוריק — צום באַרג און אין די באַראַקן עטלעכע מאָל אַ טאָג און אַ נאַכט. מער ווי הונגער, מער ווי קראַנקייט אָדער ברוטאַליטעט, האָט דאָס סיסטעמאַטישע פעלן פון שלאָף אַ לענגערע צײַט, אויסגעזויגן אונדזערע לעצטע כּוחות. מיר וואָלטן אַלץ אַוועקגעגעבן, אַפילו געווען גרייט צו שטאַרבן דורך אַ באָמבאַרדירונג פון די אַלײִרטע, פאַר אַ פּאָר שעה שלאָפן אָן איבעררײַס. דער נאָך אַנאַנדיקער צושטאַנד פון אויסשעפּונג האָט געמאַכט אַ חורבן אין דעם באַשטאַנד פון לאַגער. מענטשן מיט פאַרגלעזערטע אויגן פלעגן פּלוצעם, צוליב ניט קיין פאַרשטענדלעכער סיבה, ווערן משוגע. מ׳האָט זיי אַרויסגעפירט אין דרויסן און געשאָסן.

„פּנים־אל־פּנים מיט דער אַכזריות פון דער נאַטור וועט אַ מענטש ווי עס איז איבערלעבן, אַפילו ווען ער זאָל זײַן באַדראָט דורך אומגעהײַערע כּוחות. אָבער ווען ער שטויסט זיך אָן מיט שווערקייטן, אין וועלכע זײַנע מיטמענטשן וואַרפן אַרײַן דעם אינדיווידו, איז די לייזונג פון פּראָבלעם זייער אָפט אויסער די מענטשלעכע מעגלעכקייטן. אַפילו אין איר שרעקלעכסטער אַכזריות איז די נאַטור פײַנער פון מענטש אין זײַן רישעות.

*

אָנהייב 1945 האָבן בריטישע באָמבאַרדירערס און אַמעריקאַנער „פלײַענדיקע פעסטונגען״ כוואַליע נאָך כוואַליע באַשאָסן אונדזער געגנט, אָפט ווען מיר זענען געווען אין דרויסן. אַ נאַכט־באָמבאַרדירונג, באַלויכטן פון דעם אָנגרײַפערס שײַנוואַרפערס, איז פאַר אונדז, געפאַנגענע, געווען אַ יום־טובדיק פײַערווערק. ס׳האָט אונדז געשטעלט אויף איין הייך מיט אונדזערע אַרישע שׂררות, ווען זיי זענען געפאַלן צו דער ערד אין שרעק און אָנמאַכטיקייט. מיר האָבן זיך אַפילו געפילט אַ ביסל העכער פון זיי, ווען מיר האָבן געהערט די אָנפלײַענדיקע שראַפּנעלן. מיר האָבן געהאַט דעם מיסטישן גלויבן, אַז אַ מענטש וואָס האָט איבערגעלעבט די גוואַלדטאַטן פון נאַצישן באַרבאַריזם, קאָן ניט זײַן באַשערט אומצוקומען דורך די הענט פון זײַנע פרײַנד.

וואָס מ׳זאָל הײַנט ניט זאָגן וועגן די טאָטאַלע באָמבאַרדירונגען פֿון דרעזדען, לייפּציג אָדער קעלן, מיר האָבן בשעתו געהאַלטן, אַז זיי זענען ניט געווען גענוג. די דאָזיקע באָמבאַרדירונגען האָבן אונדז געגעבן די האָפֿענונג, אַז די גאולה דערנענטערט זיך.

די אָנפֿליען האָבן צעמישט אונדזער אַרבעט־אָרדענונג. צו מאָל האָט מען אונדז געפֿירט קיין שטוטגאַרט צו זוכן צווישן די חורבות פֿאַרווונדיקטע און טויטע. ווען מיר האָבן געניסטערט אין דער אַפּאָקאַליפּטישער לאַנדשאַפֿט, איז אונדזער אינטערעס מער געווען געווענדט צו וואָרעמע אונטערוועש, ווי צו קאַלטע קערפּערס, און כ׳קאָן זיך ניט פֿאַרשטעלן, כ׳זאָל הײַנט טאָן דאָס וואָס כ׳האָב אָן דעם מינדסטן עקל געטאָן אַלט זײַענדיק פֿופֿצן יאָר. אויסטאָן אַ טויטן? וואָס איז עס שוין געווען אַקעגן די הויפֿנס טויטע קערפּערס וואָס איך האָב געזען אין די לאַגערן?

כ׳געדענק דעם צעמזיקטן קערפּער פֿון אַן אַלטער פֿרוי. זי האָט אויס־געזען ניט אַנדערש ווי אונדזערע טויטע אין די לאַגערן. שטיקער טינק זענען געווען צוגעקלעפּט צו איר פֿאַרבלוטיקט פּנים. זי האָט געמוזט זײַן אין קיך בעתן אָנפֿלי, ווײַל אַ פֿאַן איז געלעגן אויף איר פּלייצע און אַ סלוי מיט מאַרמעלאַד — אין דער נאָענט. איך האָב זיך מכבד געווען אויפֿן אָרט.

די וועכטערס אונטער וועמענס אויפֿזיכט מיר האָבן געאַרבעט, זענען געוואָרן זייער געשפּאַנט. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס איז דער אָנהייב פֿון זייער סוף, און האָבן ניט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט צו באַטאָגען, אַז אונדזער ריי וועט קומען פֿאַר זייערער. מיר האָבן זיי געגלייבט אויפֿן וואָרט, האָבן אָבער אויך געפֿילט, אַז זיי פֿאַלן אַרײַן אין אַ פּאַניק. עטלעכע פֿון זיי זענען געוואָרן באַזונדערש גוט צו אונדז. כ׳מיין, אַז די סיבה דערפֿון איז זייער האָפֿענונג, אַז מיר וועלן זאָגן פֿאַר זיי אַ גוט וואָרט בײַ די אַליִרטע.

אין איינער אַ נאַכט איז די שטילקייט פֿון לאַגער איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ ריי אויפֿרײַסן פֿון אַ נײַעם סאָרט ערגעץ ווײַט אין דער פֿינצטערניש. לאַגערמענטשן מיט מיליטערישער אויסבילדונג האָבן געהאַלטן, אַז דער קלאַנג איז פֿון אַרטילעריע. עטלעכע נעכט שפּעטער האָט אונדז אויפֿגעוועקט אַ לאַנגדויערנדיקער פֿאַרטויבנדיקער אויפֿרײַס, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט דעם גאַנצן לאַגער. אין דער פֿרי האָט אַ טייל פֿון באַרג געפֿעלט. די גאַנצע

אונטערערדישע אונטערנעמונג איז געוואָרן דורך די נאַציס אָפּגעשלאָסן און אויפגעריסן. אַ סך פון די אַרעסטירטע וואָס האָבן געאַרבעט נאַכטשיכט, זענען באַגראָבן געוואָרן אונטער די חורבות.

אין קומענדיקן פרימאָרגן האָט מען די געבליבענע פון אונדז געפירט צו דער באַנסטאַציע, צו עוואַקויִרן פאַרן „שונאס פאַרויסמאַרש". מען האָט איצט באַנוצט דעם דאָזיקן אויסדרוק, וועלכן מ'האָט קיין מאָל פאַר דעם ניט אַרויסגעזאָגט אויפן קול. מיר זענען געווען אויפגערודערט. וועמענס „פאַרויסמאַרש"? אַן ענגלישער? אַן אַמעריקאַנער? אַ סאָוועטישער? אויף דער באַנסטאַציע האָט געהערשט אַ פּאַניק. אונדזער גרופּע איז צונויפגעמישט געוואָרן מיט גרופּעס פון אַנדערע לאַגערן צוזאַמען מיט ציווילע אַרבעטער־גרופּעס פון גאַנץ אייראָפּע. מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק: כ'וועל זיך אָנגעבן פאַר אַן אַריער. מײַן קענען דײַטש איז אַצינד געווען געגנוג אויף אָנצוגעבן זיך פאַר אַן אַרעסטאַנט פון דײַטשישן אָפּשטאַם, אַ געבוירענער אין אויסלאַנד. אַן איטאַליענישער אַרבעטער האָט מיר געגעבן ציווילע הויזן און אַ זשאַקעט.

כ'האָב באַהאַלטן דעם תּנכישן נאָמען, וועלכן מײַנע עלטערן האָבן מיר געגעבן און וואָס איז ביז איצט געווען אַ פּאַספּאָרט צום קרעמאַטאָריום, און זיך אַ נאָמען געגעבן „גערהאַרדט". כ'האָב זיך ניט געפילט אויף אַ האָר וויניקער ייִד, ווי פאַר דעם, אָבער כ'בין געווען זיכער, אַז אָנגייענדיק פאַר אַ ניט־ייִד, וועלן מײַנע שאַנסן איבערצולעבן דײַטשלאַנדס צוזאַמענבראָך זײַן אַ סך גרעסערע. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז איך בין נישט געווען גערעכט. מען האָט אונדז אָנגעפּאַקט אין אַ צוג און אָפּגעשיקט אויף אַן אומענדלעכער נסיעה. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן און געפאָרן ווײַטער, בײַטנדיק צײַטנווײַז די ריכטונג, כּדי ניט צו בלאָקירן אַרמיי־טראַנספּאָרטן. פּלוצעם איז די לאַנדשאַפט געוואָרן היימיש, אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען אונדז געבראַכט צוריק קיין קאַופערינג. בענעק און ניקאָ זענען נאָך דאָרטן געווען. בעלאַ, ווי אַן אינערלעך געפיל האָט מיר פאָרויסגעזאָגט, איז געשטאָרבן.

מיין צוזאַמענטרעף פון ס'נײַ מיט בענעקן און ניקאָן איז געווען ווילד. מיר האָבן געלאַכט, ווי אַלץ וואָלט געווען קאָמיש. מײַן פיזישער צושטאַנד האָט זיך זייער פאַרערגערט צוליב דעם לאַנג פעלן פון שלאָף. כ'בין געווען

אויס מענטש צוליב די ספּאַזמעס פון הוסטן און שפּײַען מיט בלוט. כ׳בין געוואָרן כּמעט אַ מוזלמאַן. צו ביסלעך האָט זיך בענעקן און ניקאָן אײַנגעגעבן מיך צו שטעלן אויף די פיס מיט ספּעציעלע שפּײַז־פּאָרציעס, וועלכע אָבער־קאַפּאָ ניקאָ האָט באַקומען אין קיך אָן גרויסע שוועריקייטן. זיי האָבן אויך געבראַכט, כ׳ווייס ניט פון וואַנען, באַנדאַזשן צו מײַנע ווונדן. ווען איך בין געקומען צו די כּוחות, האָט ניקאָ אויף מיר געצערנט: „זיך אָפּגעטראַגן, דער יונגער נאַר, מיינענדיק אַז אַליין וועט אים זײַן בעסער, און וואָס איז געשען?! אַצינד איז ער דאָ צוריק, נאָר הויט און ביינער, און וויל נאָך, מ׳זאָל אים מוחל זײַן.״ ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז קיינער ניט און קיין זאַך האָט ניט געקאָנט צערײַסן אונדזער בונד אויף איבערצולעבן אָדער אונדז צעשיידן אויף אַ לאַנגער צײַט! בענעק און איך האָבן כּמעט אָנגעהויבן גלייבן אין עפּעס אַ געטלעכער השגחה, הגם ניקאָ, מיט זײַן סקעפּטישן קוק אויפן לעבן, האָט געזאָגט, אַז ס׳איז נאָר אַ הצלחה פון אַ נאַר.

*

די מלחמה האָט געהאַלטן בײַם סוף — דאָס איז געווען קלאָר. אָבער אַזוי ווי דער סוף האָט זיך דערנענטערט און די האָפענונג אויסצוהאַלטן איז געוואָרן מער רעאַל, האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די סכּנה. מיטן פאַרויסמאַרש פון די אַלײִרטע אַרמייען, האָט דער באַדן געזונקען אונטער די פיס פון די נאַציס, און ווען זיי וועלן שוין ניט האָבן מער קיין אָרט ווו זיך צוריקצוציִען, וועלן זיי, אָן ספק, אונדז אומברענגען, ווי איך האָב זיי געזען אומברענגען מײַנע חברים אין לעאָנבערג. די פינאַלע לייזונג דאַרף ווערן פאַרענדיקט, און די עדות, די באַווײַזן פון פאַרברעכן מוזן ווערן אָפּגעווישט.

וואָס זאָלן מיר טאָן? וואַרטן מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער באַפרײַונג, האָפנדיק, אַז אין זייער לעצטער פאַרלוירנקייט וועלן די נאַציס אין אונדז פאַרגעסן? אָדער נעמען אונדזער גורל אין די אייגענע הענט און פּרובירן זיך ראַטעווען? מיר זענען ניט געווען אַזעלכע, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף נסים.

מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן בענעק, ניקאָ, איך און אַ צען אַנדערע. מיר וועלן דורכפירן אין לאַגער אָן אָפּוועגד־מאַנעווער: אַ גרויס טומלדיק געשלעג האַרט פאַרן אַרויסגיי־פּאַרבאַט, איבערשנײַדן די שטעכלדראָטן אין איין אָרט, און ווען די רעפלעקטאָרן וועלן נישטערן אין יענער ריכטונג,

וועלן מיר אין אַן אַנדער אָרט דורכשנײַדן דעם שטעכלדראָט און דורכקריכן. ס׳איז געווויס אַ גוואַלדיקע ריזיקע, ווײַל אויב מ׳וועט אונדז כאַפּן, וועט מען אונדז שיסן אויפן אָרט. געוווּסט האָבן מיר, וואָס עס דערוואַרט אונדז. קיין ברירה איז אָבער ניט געווען.

ניקאָס ראָלע איז געווען זייער אַ וויכטיקע. ווי אַן אָבער־קאַפּאָ וועט ער, אין אַ וואַרשטאַט אויסערן לאַגער, קאָנען קריגן די נייטיקע בײַס־צוועגלעך. פון די איבעריקע האָט מען נאָר געדאַרפט צו האַלטן עס בסוד און אײַנהיטן קאָלטבלוטיקייט. איך געדענק נאָך די בליקן וואָס די אַנדערע האָבן געוואָרפן אויף מיר און בענעקען: צו וואָס דאַרפן זיי דעם יאָך פון אַ פּאָר ייִנגלעך? זיי האָבן אָבער געוווּסט, אַז אויב זיי ווילן האָבן ניקאָן אויף זייער צד, מוזן זיי אײַנשטימען אונדז מיטצונעמען. ווען מיר האָבן געוואַרט אויף אַ טונקעלער נאַכט צו מאַכן אונדזער דורכבראָך, האָבן געשעענישן, אויף וועלכע מיר האָבן קיין שליטה ניט געהאַט, פאַרלאָפן אונדז דעם וועג. אַן אַ וואָרענונג האָט מען אונדז אין איינעם אַ טאָג באַפוילן אויפצושטעלן זיך אין צוויי קאָלאָנעס. ייִדן — אין איינער, ניט־ייִדן — אין דער צווייטער. די פּרויען האָבן געדאַרפט זיך אויסשטעלן בײַם עק פון דער ייִדישער קאָלאָנע. ניקאָ און בענעק האָבן באַשלאָסן, אַז מײַן האַלטן זיך בײַ דער נײַער אידענטיטעט פון אַ „גערהאַרדט" האָט געהאַט אַ זינען, וועדליג מײַן גוטן רעדן דײַטש און מײַן לאַנגן ניט זײַן אין קאָופּערינג. ס׳האָט אויסגעזען, אַז די קאַפּאָס געדענקען מיך ניט פון פריִער. און איצט, ווען ניקאָ און בענעק האָבן זיך צוגעשטעלט צו דער ייִדישער קאָלאָנע, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַנדערער. ווי איך האָב געהאָפט, איז אין דעם הו־האַ ניט געווען קיין קאָנטראָל פון דער אידענטיטעט. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין דורכן הויפּטטויער. מײַן קאָלאָנע צו ערשט. און דאָ האָט אַן אומבאַהערשטער אימפּולס מיך אַ שטויס געטאָן: כ׳בין אַרויס פון דער ריי און געגעבן אַ שפּרונג אַרײַן אין דער אַנדערער קאָלאָנע, צו די ייִדן. ווען איך בין צוגעקומען צו ניקאָן און בענעקן, האָט מיך אַ זעץ אין פּנים אומגעוואָרפן אויף דער ערד. דאָס האָט ניקאָ מיך אומגעוואָרפן און מיט אַ בייזן קוק מיך אָועקגעשטעלט אויף די פיס: „אידיאָט!", איז ער אויס־געבראָכן אין אַ געשריי. „איצט וועסטו פּגרן צוזאַמען מיט אונדז!"

אפשר בין איך טאַקע געווען אַן אידיאָט, אָבער מיר זענען נאָך אַלץ אַלע

דרײַ געווען צוזאַמען. כ׳האָב שיִער ניט, ווערלנדיק זײַן צו קלוג, געהאַט צעשטערט אונדזער מיסטישן בונד. כ׳האָב באַמערקט, אַז בענעק איז געווען אי פֿול מיט פֿאַרדראָס, אי צופֿרידן, און אויך ניקאָ. פּעס איז אָפֿט געווען זײַן איינציקער אופֿן פֿון אויסדריקן ליבע.

אויב איך וואָלט ווײַטער אָנגעגאַנגען מיט מײַן „גערהאַרד״־טאַקטיק, וואָלט עס געווען מײַן סוף. גאָר אין גיכן, האָט זיך די דײַטשישע פֿראָנט־ליניע צוזאַמענגעבראָכן; די ניט־ייִדישע קאָלאָנע איז געקומען צו נאָענט צום פֿראָנט, עס זאָל געפֿעלן די קאָמאַנדירן פֿון דער ווערמאַכט. די גאַנצע גרופּע פֿון עטלעכע הונדערט מענטשן, אין איינעם מיט סאָוועטישע קריגס־געפֿאַנ־גענע, איז דערשאָסן געוואָרן דורך די עס־עס־קאָנוואָיִרן. אונדזער ייִדישע קאָלאָנע פֿון עטלעכע טויזנט מאַן האָט מען געפֿירט איבער זײַטיקע וועגן. ס׳האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען ברענגט אונדז קיין דאַכאַו. דאַכאַו, אָט דער ריזיקער און קאָמפּליצירטער קאָמבינאַט, וועלכן כ׳האָב געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן, האָט געקאָנט מיינען נאָר איין זאַך אין דער עלפֿטער שעה: אַ זיכערער טויט.

די מענטשן וואָס האָבן אָנגענומען ניקאָס אָנפֿירונג אין דעם אָריגינעלן פּלאַן צו אַנטלויפֿן, האָבן נאָך אַלץ געמאַרשירט דירעקט הינטער אים. איצט האָט מען זיך געשושקעט וועגן אַ נײַעם פּלאַן: ווען ס׳וועט קומען די גינציקע געלעגנהייט, וועלן מיר זיך אַדורכרײַסן אין די וועלדער. דער אויסקוק אויף דערפֿאָלג האָט זיך באַזירט אויף דער מעגלעכקייט, אַז די קאָנוואָיִרן וועלן ניט ריזיקירן צו פֿאַרלירן אַ גאַנצע קאָלאָנע, יאָגנדיק זיך נאָך אַ טוץ אַנטלאָ־פֿענע. ניקאָ איז געווען דעצידירט. אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט צו בענעקן און צו מיר, איז געווען: „בלײַבט נאָענט צו מיר״. מיר זענען געווען אין וועג צוויי טעג און צוויי נעכט. אָפּגעהאַלטן האָט מען זיך זעלטן, בלויז צו באַקומען די מאָגערע פּאָרציעס ברויט מיט וואַסער. אויפֿן דריטן טאָג, שפּעט נאָך מיטאָג, האָבן עטלעכע עראָפּלאַנען פֿון די אַליִירטע — עמעצער האָט געזאָגט אַז זיי האָבן געהאַט אַמעריקאַנער צייכנס — מיינענדיק, אַז מיר זענען דײַ־טשיש מיליטער, זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק און אונדז באַשאָסן. די קאָנ־וואָיִרן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, זייערע מאַשין־געווערן האָבן געשאָסן מיט ווילדקייט אין אַלע ריכטונגען. מיר האָבן געקוקט אויף די

עראָפּלאַנען, דורכגענומען מיטן געדאַנק, אַז אונדזערע רעטער זענען דירעקט איבער אונדזערע קעפּ. דעמאָלט האָט ניקאָ אויסגעשריִען: „קומט!״

כ׳האָב אַראָפּגעוואָרפן מײַנע הילצערנע שיך און אַ שפּרונג געטאָן נאָך אים. בענעק אויך. אונדזער גאַנצע קאָנספּיראַטיווע גרופּע האָט געמאַכט אַן אומגעלומפּערטן, ניט קאָאָרדינירטן לויף צו דיביימער. אויך אַנדערע האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער קאָלאָנע. דײַטשיש פײַער האָט געטראָפן דעם רוב פון זיי. די איינציקע וואָס האָבן באַוויזן אַרײַנצולויפן אין וואַלד, זענען געווען ניקאָ, בענעק, איך און נאָך דרײַ אַנדערע.

מיר זענען געלאָפן, און געלאָפן, און געלאָפן, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, געפינענדיק כּוחות, וואָס מיר האָבן ניט געוווּסט, אַז מיר האָבן זיי. געלאָפן, ביז מיר האָבן שוין מער ניט געקאָנט לויפן. מיר האָבן ניט געהערט קיין קלאַנג פון אַ געווער און נאָר געהערט דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון אונדזערע הערצער. פון דער זײַט פון שאָסיי איז דערגאַנגען אַ ניט אָפּט שטעפּן פון מאַשין־געווער. איך געדענק ניט ווי לאַנג מיר האָבן זיך גערוקט פאָרויס. די פיס אין ווונדן, האָבן געבלוטיקט. מיר האָבן זיך געסטאַרעט אַרײַנצו־דרינגען וואָס טיפער אין וואַלד. ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, און ניקאָ האָט באַשלאָסן, אַז מיר מעגן זיך אָפּרוען. כ׳בין פעסט אײַנגעשלאָפן און זיך אויפגעכאַפּט מיט דער זון פון אָנהייב פרילינג אין מײַנע אויגן און דעם שוין לאַנג פאַרגעסענעם קלאַנג פון צוויטשערנדיקע פייגעלעך אין די אויערן. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דאָס ערשטע מאָל זינט פיר יאָר ניט געזען קיין שטעכלדראָט און קיין וועכטערס: ס׳וועט ניט זײַן קיין אַפּעל... קיין פרײַהייט איז עס אָבער נאָך ניט געווען.

ווײַל איך האָב אויסגעזען ווייניקער חשודיק, ווייניקער ווי אַן אַנטלאָפע־נער אַרעסטאַנט אָדער לאַגערניק, איז עס געווען מײַן חוב צו געפינען שפּײַז און וואַסער. כ׳האָב אויך געדאַרפט פאַרשאַפן ציווילע קליידער. אומבאַמערקט האָב איך זיך אַרײַנגעשלײַכט אין אַ דאָרפיש הויז, אין מיטן העלן טאָג, אונטער דער נאָז פון אַן אַלטער פרוי וואָס האָט געמאָלקן אַ קו. כ׳האָב געטראַכט, אַז איר מאַן איז געוויס אין פעלד, און געדאַנקט גאָט, וואָס זי האָט מיך ניט באַמערקט, אַניט וואָלט איך, אין מײַן לאַגע, געדאַרפט איר טאָן שלעכטס.

פאַר מיר האָב איך צוגענומען אַ פּויערשן הילוך — אַ פּאָר קורצע ברייטערשע לעדערנע הויזן. דער מאַמעס געדאַנק האָט אויך דאָס מאָל מיר גוט געדינט, ווייל איצט, שוין באַלד זעכצן יאָר אַלט, האָב איך געדאַרפט, צוליב זיכערקייט־טעמים, אויסזען יינגער.

✶

מיר האָבן געקלערט, אַז ס׳איז בעסער צו גיין אין דער ריכטונג פון מערב־פראָנט, איידער בלייבן אויף אַן אָרט. ניקאָ האָט באַשטימט די ריכטונג לויטן צפון־שטערן. מיר האָבן זיך באַוועגט ביי נאַכט און אויסגעבאַהאַלטן זיך אין משך פון טאָג אָבער מיר איז געווען שווער זיך צו האַלטן צוזאַמען מיט די אַנדערע. געוויס, ווען איך האָב געעפנט דעם שפּייזאַלמער אין דער פּויערשער קיך, בין איך פאַרכישופט געוואָרן פון דעם וואָס כ׳האָב געזען, און איידער וואָס־ווען האָב איך אויפגעגעסן אויפן אָרט ביי אַ פונט חזיר־פלייש, פאַרטרינקענדיק מיט אַ פלאַש זויערמילך. צוריק אין וואַלד אַריין, ווו מיינע חברים האָבן מיך אָפּגעוואַרט, האָב איך געטראָגן אין יידע הענט צוויי פולע קוישן מיט שפּייז און אויסגעזען ווי אַ דאַרפּסיונג, וואָס טראָגט פּראָדוקטן אין מאַרק. דאָ און דאָרטן בין איך געבליבן שטיין, אויסצוטרינקען אַ פּאָר רויע אייער. איצט, אַזוי ווי מיר זענען געגאַנגען ביי נאַכט, האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן אַ שטאַרק איבלעניש, און דער מאָגן האָט אַוועקגעלאָזט. כ׳האָב געמיינט, אַז ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך שוין ניט קאָנען קוקן אויף עסנוואַרג.

מיינע פריינד האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז געווען אַ נס וואָס איך בין געבליבן לעבן נאָך אַזאַ סעודה. נאָך דעם ווי מיין קערפּער איז יאָרן געווען אויסגע־הונגערט, אָן פעטס און פּראָטעין, האָט ער די פּלוצעמדיקע שפּייז־פּאָרציע ניט פאַרדייט. נאַטירלעך, איז ניקאָ געווען אויפגעבראַכט און געזאָגט, אַז מ׳האָט מיך געדאַרפט איבערלאָזן מיט דער קאַלאָנע. כ׳האָב אָבער געוווּסט, אַז ער האָט אַזוי ניט געמיינט.

מיר זענען אַריין אין אַ שטאַרק באַפעלקערטער געגנט, ווו ס׳איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער ניט באַמערקט צו ווערן דורך דער פּאָליציי און אַרמייטיילן. ווען נאָר מיר זענען פאַרביייגעגאַנגען אַ דייטש אין אַן אוניפאָרעם, איז שווער געווען צו באַהערשן דעם אימפּולס צו געבן זיך

אַ שטעל אויף אַכטונג און כאַפּן זיך פֿאַר דעם היטל. די געוווינהייט אין משך פֿון יאָרן האָט געשאַפֿן אַ באַדינג־רעפֿלעקס.

ווען אין אַ געוויסן אָוונט, אַ וואָך אָדער צוויי נאָך אונדזער אַנטלויפֿן, זענען מיר מיט אַ טעות שיִער ניט אַרײַן אין אַ פּליטראַקט, פֿול מיט מיליטער, האָבן מיר באַשלאָסן צו געפֿינען אַ באַהעלטעניש, ווו איבערצוּוואַרטן דעם דײַטשישן צוריקטריט. אין אַן עק פֿון דאָרף פֿענצינג האָבן מיר געפֿונען, וואָס מיר האָבן געזוכט — אַ פֿאַרלאָזענעם שײַער. מיר זענען דאָ געווען פֿאַרשטעקט עטלעכע טעג און נעכט. אין דער שטילקייט פֿון אַ דאָרפֿישן נאָכמיטאָג, ליגנדיק אין היי, האָבן מיר פּלוצעם דערהערט אַ זשומען, ווי פֿון אַ בינענרוי וואָס איז כּסדר שטאַרקער געוואָרן. מאַשין־געווער האָט אָנגע־הויבן שיסן לענג־אויס אונדזער שײַער, און ווען ס׳האָט אויפֿגעהערט, האָט מען ווידער געהערט דאָס זשומען נאָך שטאַרקער, ווי פֿריִער.

כ׳האָב אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַלט אין די ברעטער. פֿאַר מיר, פֿון דער אַנדערער זײַט פֿעלד, האָט זיך אַ ריזיקער טאַנק דערנענטערט צום שײַער. ער איז געבליבן שטיין, און דאָס זשומען האָט אויפֿגעהערט. ערגעץ אין אַ זײַט האָט געשטעפּט מאַשין־געווער און קלאַנגען פֿון גראַנאַטן־אויפֿרײַסן האָבן זיך געטראָגן איבערן פֿעלד. דער לאַנגער האַרמאַט פֿונעם טאַנק האָט אויפֿגעהויבן זײַן רונדן קאָפּ, ווי ער וואָלט געקוקט אויף מיר, און זיך פֿאַמע־לעך אומגעדרייט, אַרויסלאָזנדיק אַ דונערדיק פֿלאַם־פֿײַער.

דאָס שיסערײַ האָט אויפֿגעהערט. דער טאַנק האָט באַנײַט זײַן פֿאַרויס־מאַרש, באַוועגנדיק זיך אין מײַן ריכטונג. כ׳האָב געזוכט דעם פֿאַרהאַסטן האַקנקרייץ. אַזאַ איז ניט געווען. אויף די זײַטן פֿון טאַנק האָב איך אַנשטאָט דעם דערזען אַן אומבאַקאַנטע עמבלעם. ס׳איז געווען אַ פֿינף־עקיקער ווײַסער שטערן. אַ רגע איז אַדורך, ביז כ׳האָב זיך געכאַפּט: ס׳איז די עמבלעם פֿון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. מײַן קאָפּ האָט געהאַלטן בײַ פּלאַצן. מיט אַ ווילד געשריי האָב איך דורכגעשפּאַרט דאָס שטרויענע דעכל, אַ שפּרונג געטאָן אויף דער ערד און געלאָפֿן צום טאַנק. די דײַטשישע מאַשינען־געווער האָבן ווידער געעפֿנט אַ פֿײַער. דער טאַנק האָט אויסגעשאָסן צוויי מאָל, און אַלץ איז געוואָרן שטיל. כ׳בין נאָך אַלץ געלאָפֿן און באַלד געווען פֿאַרן טאַנק, פֿאָכענדיק מיט די הענט. דאָס טירל האָט זיך געעפֿנט. אַ גרויסער שוואַרצער

מאַן איז אַרויס פון טורעם, שרײַענדיק אויף מיר אין אַן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך. אין געדאַנק איז מיר געקומען דאָס ביסל ענגליש וואָס כ׳האָב געקענט, די ווערטער וועלכע מײַן מאַמע פלעגט אַרויסברענגען, חלומענדיק וועגן אונדזער אויסלייז. כ׳בין צוגעפאַלן צו די פיס פון שוואַרצן מאַן, פאַרוואָרפן די אָרעמס אַרום זײַנע קני און אויסגעשריִען מיט אַלע כּוחות: „גאָט בענטש אַמעריקע!״ מיט אַ קלאָרן זשעסט האָט מיר דער אַמעריקאַנער געגעבן אַ צייכן אַרויפצוגיין און געהאָלפן אַרײַנקריכן צו אים דורכן טורעם־טירל — אין דער געבער־מוטער פון פרײַהייט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען בענעק און ניקאָ אויך געווען פרײַ.

צווייטער טייל

# גאולה

ניט קיין פאַרדינטע יסורים באַפרייַען.
מאַרטין לוטער קינג

## 5

די אַמעריקאַנער זעלנער זאָגן „הי, קיד!" איך ענטפער, „הײל רוזוועלט!" איך בין אַדאָפּטירט געוואָרן דורך דער אַרמיי. מען האָט מיך אָנגעטאָן אין אַמעריקאַנער זאַכן. כ'בין געראַטעוועט, איך לעב, אָבער בין ניט צופרידן.

כ'האָב באַקומען אַ האַרץ פון אַ זעלנער און געוואָרן אַ מין קליינער גענעראַל פּעטאָן. מײַן באַגער איז, אַז די טאַנקען מיט די ווײַסע שטערן זאָלן באַלד אַנגרײַפן בערלין, טרעבלינקע, ביאַליסטאָק. ווער ווייסט, אפשר קאָן מען נאָך — איך האָב זיך דערוועגט צו קלערן קאָנקרעט — עמעצן געפינען לעבעדיק. פאַר וואָס זענען די טאַנקען ניט מער אין באַוועגונג? מײַנע נײַע אַמעריקאַנער פרײַנד האָבן פאַרשטאַנען מײַן אומגעדולד. עטלעכע פון זיי האָבן גערעדט אַ שוואַכן יידיש, וואָס זיי האָבן געלערנט פון זייערע עלטערן־אימיגראַנטן. אַ יידישער מאַיאָר פון שיקאַגאָ האָט אויסגעפונען, אַז זײַן משפחה שטאַמט פון אַ דאָרף לעבן ביאַליסטאָק. ער האָט זיך געהאַט באַטייליקט אין דער באַפרײַונג פון אַ טויטלאַגער און, רעדנדיק וועגן דעם, פלעגט ער נאָך אַלץ ווערן בלאַס. אַנדערע אין רעגימענט האָבן מיך אויסגעפרעגט שעהען גאַנצע. זיי זענען געזעסן שטיל, דערשיטערט פון גרויל. דער מאַיאָר האָט געוואָרנט מיט אַ קריגסגעריכט די, וואָס זענען אַרויס אין די וועלדער זוכן שׂונאים, אַז אַלע דײַטשישע געפאַנגענע, אַפילו די עס־עס, מוזן באַהאַנדלט ווערן לויטן זשענעווע־אָפּמאַך.

*

איין טאָג האָט דער הילכער פון רעגימענט איבערגעגעבן אַ פײַערלעכע דערקלערונג: היטלער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד! דײַטשלאַנד האָט זיך אונטערגעגעבן. דאָס דריטע רײַך איז ניטאָ מער...

אַ פרייד ברעכט אויס אין אַרמיי־לאַגער. ליקער גיסט זיך. אָפיצירן און זעלנער נעמען זיך אַרום. בענעק, ניקאָ און איך זונדערן זיך אָפּ. מיר

וואָלטן געדאַרפט זײַן גליקלעך, אָבער מיר פילן זיך מאָדנע פוסט. צי פֿײַערט עמעצער דעם נצחון אין ראָטערדאַם? צי פֿײַערט עמעצער דעם נצחון אין ביאַליסטאָק?

ניין, פאַר אונדז איז עס ניט געווען דער גליקלעכער סוף. ס'איז געווען דער אָנהייב פון עפּעס, וואָס איז אומבאַקאַנט, מבולבל און ווייטיקדיק.

מײַן נשמה האָט אויפגעציטערט פון געדאַנק וועגן אומקערן זיך קיין ביאַליסטאָק. צו וואָס?... צו נישטערן אין דעם מיט בלוט דורכגעווייקטן זאַמד, אין דעם אַש פון די טויטע? די קאָשמאַרן האָבן מיך נאָך אַנאַנד פאַרפאָלגט אין שלאָף. כ'האָב געוווּסט, אַז ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן און די מאָטיוון וואָס בענעק און איך האָבן געהאַט צו בלײַבן לעבן, האָבן געניצט זייער צוועק — אַרײַנצוגעבן אונדז דעם ווילן אויסצוהאַלטן, וועט די האָפענונג בײַ וועלכער מיר האָבן זיך געהאַלטן, זײַן בלויז אַן אילוזיע, אַ היפּנאָטישער אָפּזאָג צו גלייבן. עס זענען געווען צו פיל עדות וואָס האָבן געזען, צו פיל באַווײַזן וואָס האָבן מיך אינפאָרמירט, אַז מײַן טאַטע, מײַן מאַמע, מײַן שוועסטער זענען ניטאָ — כּדי איך זאָל אונטערנעמען אַן עולה־רגל־זײַן אַן אַ זינען צו דער אויסגעברענטער קעסלגרוב פון מײַן פּערזענלעכן גיהנום. ווען איך וואָלט געווען עלטער, וואָלט איך עס אפשר יאָ געטאָן. צו זעכצן יאָר האָב איך ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם דאָזיקן געדאַנק. און דערנאָך? וואָס זאָל איך טאָן? ווער בין איך געווען? איך האָב זיך געפילט פאַרלוירן. ס'איז געוואָרן שלום אין אייראָפּע. איך האָב געקאָנט גיין, ווו כ'האָב נאָר געוואָלט. אָבער ווו קאָן איך געפינען אַן אָרט, וואָס זאָל הייסן אַ היים? ווו?

✶

פון אונדז דרײַען האָט נאָר בענעק זיך אָנטזאָגט משלים צו זײַן מיטן פאַקט, אַז זײַן משפחה איז אומגעקומען. ער האָט געוואָלט גיין צוריק קיין ביאַליסטאָק זוכן זײַן מאַמע און זײַנע שוועסטער. אונדזביידן האָט פאַרפאָלגט עפּעס אַ פאַרנעפּלט געפיל פון שולד פאַרן האָבן איבערגעלעבט. מיט וואָס פאַר אַ רעכט זענען מיר געבליבן לעבן, ווען אַזאַ סך אַנדערע — די בעסטע — זענען געוואָרן דערהרגעט. איך האָב זיך באַמיט אָפּצורעדן בענעקן פון צוריקקערן זיך. ביאַליסטאָק איז איצט געווען פאַרנומען דורך די רוסן.

לויט די סאָוועטן, זענען ער און איך, אָן ספק, נאָך אַלץ סאָוועטישע בירגער — אַ סטאַטוס, אויפגעצוווּנגען אויף אונדז, ווען סטאַלין און היטלער האָבן צווישן זיך צעטיילט פּוילן אין 1939. מיר וואָלטן אַפילו געקאָנט מאָביליזירט ווערן אין דער רויטער אַרמיי, אָדער ניט באַקומען קיין אַרויספּאַר־וויזעס צו פאַרלאָזן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. און שוין האָבנדיק פאַרזוכט דעם טעם פון סאָוועטישער אָקופּאַציע, האָט קיינער פון אונדז ניט געהאַט קיין חשק צו לעבן אין קאָמוניסטישן גן־עדן. מיר האָבן געוואָלט פרײַהייט. מיר האָבן געוואָלט לעבן.

בענעק איז פון דעסטוועגן אַוועק, ווערנדיק געפירט פון מיליטערישע לאַסט־אויטאָס. אויף וועגן אָנגעשטאָפּטע מיט אַ געמיש פון די־פּיס און אַ שטראָם אַנטלאָפענע פון מיזרח, האָט ער סוף־סוף זיך אָנגעשטויסן אויף מענטשן פון ביאַליסטאָקער געגנט. זיי האָבן אים געגעבן אַ באַגלייבטע אינפאָרמאַציע וועגן דעם, וואָס ס'איז געשען מיט דער שטאָט. די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג איז אומגעבראַכט. די סאָוועטישע אַרמיי הערשט מיט אַן אײַזערנער האַנט. די מענטשן האָבן אים איבערצײַגט, אַז ער האָט ניט וואָס דאָרטן צו זוכן. אין אַ וואָך אַרום איז ער ווידער געווען אין אונדזער דאָרף, פּענצינג.

אין באַזיגטן דײַטשלאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון אַנאַרכיע, זענען די לאַנג פאַרבאָרגענע חלומות וועגן נקמה אויפגעגעבן געוואָרן דורך די מאַסן אויסלענדישע בירגער, וועלכע האָבן געוואַרט אויף רעפּאַטריאַציע און דורך אַנדערע, ווי מיר, אויסגעוואָרצלטע, אָן פּאַפּירן און אָן אַן אָרט וווּהין צו גיין. אַן אַטמאָספער פון הפקרות און גוואַלדטאַטן האָט זיך געשאַפן. די דײַטשן זענען, מערסטנס, געווען ציטעריק און אונטערטעניק.

אַנדערע לעבן־געבליבענע פון די לאַגערן האָבן געשאַפן אַ גרופּע נאַצי־יעגערס צו כאַפּן געוועזענע עס־עס, תּליינים און וועכטערס אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מיר האָבן לײַכט געקאָנט דעמאַסקירן דעם דאָזיקן טיפּ צווישן דעם המון אויסגעדאַרטע געוועזענע דײַטשישע זעלנער אין זייערע שמוציקע אוניפאָרמען, און אַפילו ווען זיי האָבן געטראָגן ציווילע קליידער; דער באַווײַז איז געווען די באַצייכענונג פון דער בלוטגרופּע, טאַטויִרט אונטער דער פּאַכווע. ס'איז געווען שווער בײַצושטיין דעם נסיון — איך האָב

אָבער ניט געקאָנט ווערן קיין מערדער. כ׳בין געבליבן דער זון פון דוד און עלקע פּיסאַר. כ׳האָב קיין מאָל ניט געהאַט קיין פּאַרגעניגן אַפילו צו שלאָגן די מיאוסע בריות; בענעק אויך ניט. וואָס שייך ניקאָ, בין איך ניט זיכער, אַז ניט.

איינער פון די אַנטשלאָסענע נאַצי־יעגערס פון צווישן אונדז איז געווען „משה דער וואַרשעווער". משה, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, איז געווען מיט אונדז אין אוישוויץ און האָט געזען, ווי מ׳האָט אומגעבראַכט זײַן ווײַב און פינף קינדער. משוגע פון יסורים, פלעגט ער אַרויסגיין יעדן פרימאָרגן צו דעמאַסקירן און הרגענען אַן עס־עס, אָדער אַ קאַפּאָ, אָדער עמעצן פון די געוועזענע אַרעסטירטע, וואָס איז געווען אַ מסור און געדינט די נאַציס.

מיר דריי האָבן זיך ניט געקאָנט העלפן און געמוזט אָטעמען די לופט אַרום אונדז. מיר האָבן זיך ניט אַרומגעטראָגן מיט קיין נקמה־געפילן אין אונדזערע הערצער — מיר זענען, אין דער אמתן, געווען דרײַ פאַרלוירענע נשמות, געטאַפּט אין דער פינצטער און אומזיכער מיט אונדזערע טריט — אָבער אויפגעבראַכט און געריצט דורך אַ לײַכטזיניקן אַרום פון אַ שפּאָגל־נײַער וועלט, אין וועלכער אַלץ איז געווען מעגלעך און אַלץ איז געווען דערלויבט. מיר האָבן געלעבט אין מיטן פון כאַאָס און חורבן.

איינער פון די ערשטע אויפטועך, וועלכע מיר האָבן אונטערגענומען ווי פרײַע מענטשן, איז געווען צו „רעקווירירן" פון אַ דעמאָביליזאַציע־מאַגאַזין דרײַ גרויסע דײַטשישע מיליטערישע מאָטאָציקלען. מײַנער האָט געהאַט אַ שיין, מיט כראָם באַדעקט „שיפעלע" בײַ דער זײַט.

אויף די מעכטיקע מאַשינעס האָבן מיר געפּטרט גאַנצע טעג, אַרומ־פאָרנדיק אין דער געגנט פון פענצינג — דאָס דאַרף ווי דער טאָג פון נצחון האָט אונדז געטראָפן, הנאה האָבנדיק פון די ברייט צעעפנטע שטחים אַרום אונדז. די נעכט האָבן מיר פאַרבראַכט מיט אַן אָפּקלײַב פון דײַטשישע פרויען. דאָס איז איצט געווען ניקאָס הויפּט־באַשעפטיקונג, און בענעק מיט מיר האָבן אים נאָכגעטאָן, ווי מיר האָבן נאָר געקאָנט.

איין טאָג זענען מיר אויף די מאָטאָציקלען אַרײַן אין אַ פאַרם און העפלעך געבעטן דעם פויער מילך, פּוטער, קעז און אייער. איך האָב געגלעט

אַ געגנבעטן מאַוזער, וועלכן כ׳האָב שטענדיק געטראָגן מיט זיך. דער דײַטש האָט געפּאָלגט ניט אַרויסלאָזנדיק קיין פּיפּס. נאָך דעם ווי מיר האָבן פֿאַרלאָדן די פּראָדוקטן און איידער מיר האָבן זיך אָפּגעטראָגן, האָב איך אים אַרײַנ־געררוקט אין האַנט אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר. ווען ער האָט עס פֿונאַנדער־געוויקלט, האָט ער געלייענט: „דער באַרעמהאַרציקער גאָט וועט אײַך באַ־צאָלן. שמואל פּיסאַר".

איין אַקט פֿון געזעצלאָזיקייט מאַכט שווין לײַכטער דורכצופֿירן דעם קומענדיקן. דאָרטן, פֿון וואַנען מיר זענען געקומען, איז די עטיק געווען, אַז פֿאָלגן דאָס געזעץ האָט באַטײַט גיין אויף אַ זיכערן טויט. גאָר גיך האָבן מיר געשלעפּט פּראָוויאַנט פֿון אומעטום אין דער דאָרפֿישער געגנט, זיך פֿאַרזאָרגנדיק רעגולער און ווי געהעריק.

מיר האָבן זיך אויך פֿאַרנומען מיט רויב. זיך אָנשליסנדיק אין אַ גרופּע פֿון באַפֿרײַטע רוסישע קריגס־געפֿאַנגענע וואָס האָבן געראַבעוועט אין דער געגנט, האָבן מיר זיך אַרײַנגעריסן אין אַ פּאַלאַץ בײַם ברעג דאָרף און זיך מכבד געווען מיט שיך, העמדער, הויזן — וואָס מיר האָבן נאָר געפֿונען. איך האָב דערשנאַפּט אַ שיינע לייקאַ־קאַמערע, וועלכע כ׳האָב אַ נעם געטאָן און פֿאַרוואָרפֿן אויף מײַן פּלייצע. אונדזער בישטערן איז איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ צעשראָקענער און אויסערגעוויינטלעך שיינער יונגער פֿרוי, וואָס איז אַראָפּ פֿון די טרעפּ. זיך ווענדנדיק צו ניקאָן, האָט זי זיך געבעטן איר איבערלאָזן געוויסע זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ סענטימענטאַלן ווערט פֿאַר איר משפּחה. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אָפּשײַ, אונדז געהייסן אויפֿהערן און אַרויסגיין, ראַטעווענדיק זי פֿון פֿאַרגוואַלדיקונג דורך די רוסן. בענעק און איך זענען ניט געווען איבעררראַשט, אָבער די אַנדערע זענען אַרויס שטאַרק אומצופֿרידענע און איינער, אַדורכגייענדיק די טיר מיט פֿולע אָרעמס רויב, האָט אויסגעשריִען איבער זײַן פּלייצע: „וואָס קומט דאָ פֿאַר, ניקאָ? דו ווילסט האַלטן אַלע פֿרײַלינס פֿאַר זיך אַליין?"

בײַ אַן אַנדערער געלעגנהייט, האָט איינער פֿון די אַרטיקע פּויערים געהאַט די חוצפּה צו זאָגן, אַז מיר האָבן זיך אויפֿגעפֿירט ווי באַנדיטן. דעריבער האָבן מיר צעבראָכן אַלע פֿענצטער פֿון זײַן הויז, אים אָנגערופֿן „נאַצי", הגם ער איז געווען צו אַלט עס צו זײַן.

אין אַ געוויסער צײַט אַרום האָבן מיר פאַרלאָרן דעם ענטוזיאַזם פאַר די איבערפּאַלן.

יאָ, דאָס מאָל זענען מיר געווען אויף דער זײַט פון די זיגערס. אָבער צו גלײַך מיט דעם ערשטן שֶפע וואָס דאָס האָט אונדז געבראַכט, האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ געוויסע פּוסטקייט אין דעם נצחון.

מיר זענען אָבער געווען פאַרשיכּורט פון דער פרײַהייט. בענעק און איך, וואָס האָבן פאַרבראַכט צוויי יאָר אונטער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע און פיר יאָר אין דער נאַצישער געפאַנגענשאַפט, און ניקאָ וואָס איז געווען אַרעס־טירט נאָך לענגער פון אונדז, מיר אַלע האָבן אָנגעהויבן פילן, אַז פּענצינג איז צו קליין פאַר אונדזערע אַספּיראַציעס.

מיר האָבן אַריבערגעטראָגן אונדזערע אַקטיוויטעטן אין אַ גרעסערער שטאָט, לאַנדסבערג. איבערקויפנדיק אַן אַלטן דײַטשישן וועכטער, האָבן מיר זיך אײַנגעשאַפט אויפן צענטראַלן פּלאַץ אַ דרײַ צימערדיקע וווינונג פון אַ משפּחה, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה. ס'האָט אונדז גענומען צײַט, כּדי זיך צוצוגעווינען שלאָפן אויף ווײַסע לײַלעכער, וועלכע מען האָט געביטן יעדע וואָך; צו ניצן דעם באָדצימער ווען מ'האָט געוואָלט; צו האָבן לויפנדיק וואַסער. ניקאָ האָט אַפילו אָנגעהויבן זיך פּערפומירן נאָכן ראַזירן זיך און אַרויפטאָן אייל אויף זײַנע פריש אָנגעוואַקסענע האָר. „וויפל מאָל האָב איך אײַך געזאָגט," פלעגט ער שרײַען: „איר צוויי געמיינע יונגען, צו ניצן אײַערע אייגענע פאַרדאָסטע ציינבערשטלעך!"

די גאַנצע אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־זאָנע פון דײַטשלאַנד איז פאַר אונדז געווען אָפן — אַרײַנצוקומען פראַנק און פרײַ. און צײַטנווײַז זענען מיר אויך אַרײַן אין די בריטישע און פראַנצייזישע זאָנעס. די אַמעריקאַנער האָבן אַלץ גענומען זייער לײַכט. אונדזערע, אין לאַגער דערוואָרבענע אײַנפאַלערישקייט, צוזאַמען מיט אונדזערער אומאויסשעפּלעכער ענערגיע, האָט זיך געניייטיקט אין אַ ברייטערן טעטיקייט־פעלד. אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז מיר האָבן אַזאַ געפונען. די דײַטשן האָבן איצט מערסטנס געלעבט אין אָרעמקייט, די אַמעריקאַנער — אין איזאָלאַציע און ווילטאָג, באַגלייט פון אַן אומגלייבלעכער פאַרשווענדערישקייט. איך געדענק מײַן שטוינען, ווען כ'האָב דאָס ערשטע מאָל געגעסן פרישטיק אין אַ מיליטערישן עסצימער. ריזיקע כּלים־סערוויזן

פון ניט־זשאַווערנדיקן שטאָל, אָנגעפילט מיט פּיַנקוכנס, פון וועלכע אַ העלפט וועט ווערן אַרויסגעוואָרפן, צוזאַמען מיט גאַנצע לעבלעך נעכטיק ברויט. כ׳האָב ניט געקאָנט גלייבן מיַנע אויגן. מיר וואָלטן געקאָנט אָנגיין ווי פּאַר־מיטלערס צווישן צוויי קעגנגעזעצטע וועלטן.

פאַר אַ קאַרטאָן „לאַקי סטרייק״־סיגאַרעטן, אָדער פאַר אַ פּאָר ניַילאָן־זאָקן פלעגן מיר פאַרבינדן אַ נעגער פון דער „ג.י.״ מיט אַ גאַסטפריַנדלעכער דיַטשישער פרויליַן. אָבער אונדזער עיקרדיק בײַט־אַרטיקל איז געווען קאַווע, וואָס איז דעמאָלט כּמעט ווי ניט געווען בנימצא אין דיַטשלאַנד. בענעק האָט באַקומען אַ באַשעפטיקונג. ער איז געוואָרן אַ געהילף־קוכער אין אַן אַמעריקאַנער רעגימעט פון נעגערס, און געצילט זיך צו געפינען נאָענט צו די שפּיַזפּראָדוקטן.

יעדן פרימאָרגן, צוגרייטנדיק פרישטיק, פלעגט ער אַריַנשטעלן עטלעכע צוגאָב־זעקלעך פון דער אַראָמאַטישער קאַווע אין די קרוגן, בכדי עס זאָל בליַבן גענוג אָפּזאָץ נאָך יעדן מאָלציַט. איך פלעג אָנקומען אויף מיַן מאָטאָ־ציקל, אָנפילן זעק פון נאַסן אָפּזאָץ אין מיַן זילבערנעם „שיפעלע״ און ברענגען זיי אַהיים. דאָרטן פלעג איך זיי צובאַקן אין אויוון פון דער אַלטער ציגלנער קיך און צעשיטן די אויסגעטריקנטע קאַווע אין קליינע, ברוינע פּאַפּירענע זעקעלעך. מיר פלעגן דערנאָך אַרויסלאָזן אויפן מאַרק אונדזער פּראָדוקט ווי „ריכטיקע בראַזיליאַנישע קאַווע״, אויסבײַטנדיק זי אויף כּלערליי ווערטזאַכן. ס׳איז כּמעט ניט געווען אַזאַ זאַך, וואָס די דיַטשן וואָלטן ניט אָוועקגעגעבן פאַרן טעם פון אמתער קאַווע. די לאַנגע יאָרן פון טרינקען קאַווע־סוראָגאַטן האָבן געווירקט, אַז אַפילו אונדזער סחורה זאָל שמעקן ווי אמתע קאַווע.

מיר האָבן זיך אויסגעברייטערט. אַ געוויסער הער פּפלאַנץ איז געווען זייער פאַרזאָרגט מיט זיַן שוכגעשעפט צוליבן שוואַכן ווערט פון דיַטשישן מאַרק. האָבן מיר אָפּגעקויפט זיַן סטאָק — צוויי פונט קאַווע פאַר אַ פּאָר שיך און אונדזער ניַעם אַרטיקל פאַרקויפט מיט אַ גוטן פּראָפיט. מיט דער ציַט האָבן מיר געקראָגן אַ גוטן נאָמען.

ניקאָ איז געוואָרן אַ מענטש פון דער געזעלשאַפט. מיט אַ וויַסן זיידענעם שאַל, פאַרוואָרפן איבער אַ טונקל בלויען מאַנטל, האָט ער שטאַרק אויסגע־

נומען בײַ די פּרויען, מיט וועלכע ער האָט קיין מאָל זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן. ער האָט געשפּילט אויף אַ מויל־האַרמאָשקע און געהאַט אַ שיינע שטים. באַלד האָט ניקאָ געזונגען אַלע אַמעריקאַנער מיליטערישע לידער. הגם כ׳האָב ניט פאַרשטאַנען די ווערטער, האָב איך געזונגען די מעלאָדיעס פון דער „סענטימענטאַלער רײַזע" און אַ סך אַנדערע.

ניקאָ האָט זיך באַפרײַנדט מיט אַ יונגער, חתונה געהאַטער דײַטשישער פרוי פון דער העכערער געזעלשאַפט מיטן נאָמען מימי. זי איז געווען גרייט אַלץ איבערצולאָזן צוליב אים, אָבער ער האָט ניט געוואָלט נעמען קיין שום אַחריות און האָט מיט איר געלעבט נאָר פון צײַט צו צײַט. זי האָט אים געבאָרן אַ זון, וועמען זי האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך ניקאָס טאַטן. ווען איר מאַן האָט זיך אומגעקערט פון דער אַרמיי, איז מימי אַוועק צוריק צו אים, און זיי האָבן זיך ביידע אַריבערגעקליבן אין אַ צווייטער שטאָט, ווו זי איז שפּעטער געשטאָרבן.

מימיס מאַמע האָט געהאַלטן בענעקן און מיך פאַר מיטגלידער פון דער משפּחה, און כ׳האָב ווידער געפילט מענטשלעכע וואַרעמקייט. כ׳האָב ליב געהאַט, האַלב אין שפּאַס, זי צו סטראַשען, אַז ווי נאָר איר זון וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון דער היטלער־יוגנט, וועט קומען אַהיים, וועט ער צעריסן ווערן אויף שטיקער. ער איז קיין מאָל ניט געקומען. איך האָב ניט געשמועסט מיט איר אָדער מיט אַן אַנדערן דײַטש וועגן מײַן משפּחה.

איין מאָל האָט זי מיר געוויזן איר זונס פאָטאָגראַפיע אין אַן אוניפאָרעם, זאָגנדיק: „ער איז נאָך געווען אַ יינגל. איך האָב ניט געוואָלט ער זאָל מאָביליזירט ווערן אין דער ווערמאַכט".

כ׳האָב געקוקט אויפן בילד: אַ שיין יינגל אין מײַן עלטער, אין קורצע הויזן.

אין לאַנדסבערג האָב איך אַנטדעקט, אַז דײַטשן קאָנען זײַן מענטשלעכע בריות, אַזוי ווי אַנדערע, אַ פּעסטשטעלונג וואָס האָט דעמאָלט מיך אויפגע־טרייסלט און צעמישט. זינט מײַן צוועלפיאָריקן עלטער האָב איך זיי אַלע, אָן אויסנעם, געהאַלטן פאַר מאָנסטערס, און געווען איבערצײַגט, אַז דער איינציקער גוטער דײַטש איז געווען אַ טויטער דײַטש.

דאָס ערשטע מאָל ווען כ׳האָב צערטלעך געהאַלטן אַ דײַטשיש מיידל

אין מײַנע אָרעמס, בין איך ניט זיכער, צי כ׳האָב געוווּסט, וואָס זענען געווען מײַנע געפֿילן: אמתע געפֿילן צו איר, אַ מין ראַסן־נקמה, אָדער פּשוט די ערשטע אימפּולסן פֿון מענערישקייט? גענוי ווייס איך עס ניט ביז הײַנט. וואָס איך ווייס יאָ — איך האָב איר געדאַנקט פֿאַר דעם, וואָס זי איז געווען אַקטיוו. הגם איך האָב נאָכגעטאָן ניקאָן אויף אַ סך שטחים, איז מײַן אמתע ליבע געווען דער מאָטאָציקל. כ׳האָב אויך אויסגעפּרובירט אויטאָס, און מײַן ערשטער אויפֿטו איז געווען אין גאַנצן צו צעשמעטערן אַ קרעם־קאָליריקן מערצעדעס, וועלכן ניקאָ האָט פּשוט געהאַט גענומען פֿון אַ געווּעזענעם נאַציישן גאַראַזש. אָנגעטאָן ווי אַ געשטאַפּיסט, אין אַ לעדערנעם מאַנטל מיט הויכע לעדערנע שטיוול — איגנאָרירנדיק די איראָניע וואָס אינעם הילוך — האָב איך ניט געקאָנט זיך שיידן, פֿון פֿרימאָרגן ביז בײַ נאַכט, מיט מײַן 5000 ק.ד. ב.מ.וו.־מאָטאָציקל. צוליב פּוסטער באַרימערײַ פֿלעג איך אַראָנזשירן געווּעטן אין אַקראָבאַטישע שטיק, ריזיקירנדיק מיטן לעבן אויף אַזוי ווײַט, אַז הײַנט, ווען איך טו נאָר אַ קלער וועגן דעם, ווער איך אויפֿגעציטערט. מיר זענען געווען גרייט אַלץ אויסצופּרובירן, אויב ס׳איז נאָר געווען נײַ, פֿאַרווײַלעריש, ריזיקאַליש, רייצנדיק.

אין אַ הייסן זומערטאָג זענען מיר אַרויסגעפֿאָרן צו דער אָזערע אַמערזעע, לעבן מינכען. ניקאָ האָט זיך אויסגעטאָן און אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער. זעענדיק ווי ער פֿירט אויס אַן אַנטציקנדיקן אַראָפּזינקען, ווי אַ מאַטראָס, בין איך אַרײַנגעשפּרונגען נאָך אים, ניט געבנדיק אַ קלער אויף אַ סעקונדע, אַז כ׳האָב קיין מאָל זיך ניט געלערנט שווימען. אַראָפּשלינגענדיק וואַסער און ניט קענענדיק שרײַען, בין איך געווען זיכער, אַז דאָס מאָל איז געקומען מײַן סוף. מײַן צאַפּלען זיך האָט אויסגעזען בײַ די צוקוקערס ווי כ׳וואָלט געמאַכט קונצן, ביז ניקאָ האָט זיך געכאַפּט, אַז איך ראַנגל זיך מיטן טויט, און מיך אַרויסגעשלעפּט.

יאָרן אין די טויטלאַגערן האָבן מיך געהאַט איבערצײַגט, אַז איצט בין איך אומשטאַרביק. זיך שפּילן מיטן טויט, ווי מיט אַן אינטימען באַגלייטער, איז געוואָרן געוווינהייט. מיר וואָלטן אַן אַ שיעור מאָל געקאָנט געהרגעט ווערן צוליב אונדזער שגעון צו וועלן לעבן יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע סעקונדע — וויפֿל נאָר עס לאָזט זיך.



אונדזער קראַך, ווען ער איז געקומען, איז געווען ברוטאַל. אונדזער מיסחר האָט זיך פאַרגרעסערט בעת מיר האָבן געפונען אַ דײַטש מיט אַ פולן קעלער מיט אַלקאָהאָל־געטראַנקען. (צום גליק זענען דעמאָלט ניט געווען קײַן נאַרקאָטיקס). פּאָר אַ פונט קאַווע האָבן מיר באַקומען אַן ערשטקלאַסיקע פלאַש שנאַפּס. אַן אַמעריקאַנער זעלנער וואָס האָט געטריבן אַ לאַסט־אויטאָ מיט גאַזאָלין, פלעגט אָפּצאַפּן רעגולער אַ טייל פון זײַן לאַדונג פאַר פינף פלעשער שנאַפּס און אַ נאָכגיביקער בלאַנדינקע. ברענשטאָף איז אין יענער צײַט געווען שטרענג נאָרמירט, און אונדזער נײַ געשעפט האָט פּראָספּערירט, ווען נײַע קעלערן מיט שאַרפע געטראַנקען האָבן זיך פאַר אונדז געעפנט און געבראַכט אַ פאַרגרעסערטע קונדשאַפט — פון איין זײַט אויף די וויסקי און פון דער אַנדערער — אויף דעם ברענשטאָף. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען די סכּנה, אַז די אַמעריקאַנער אַרמיי זאָל ניט קאָנען אָפּערירן אין בײַערן... האָט די אַרמיי באַלד רעאַגירט.

אין אַ פײַנעם פרימאָרגן איז ניקאָ אַרויס אויף זײַן טעגלעכן שפּאַציר און פאַרענדיקט אים אין תּפיסה. צוויי אַמעריקאַנער פּאָליציי־לײַט אין ווײַסע קאַסקעטן האָבן אים געכאַפּט אין דער וווינונג פון דער טאָכטער פון אַ געוועזענעם ווערמאַכט־גענעראַל, און אים אַוועקגעפירט אין תּפיסה אויף אַ דזשיפּ פון דער מיליטערישער פּאָליציי.

מיך האָט עס אויפגערעגט ביז דער טיפעניש פון מײַן נשמה. סטײַטש, ניקאָ, דער געוועזענער געפאַנגענער פון די נאַציס, זאָל ווערן פאַרשפאַרט אין תּפיסה דורך אונדזערע באַפרײַערס — דורך די זעלבע מענטשן, וואָס האָבן באַזיגט זײַנע געוועזענע פּײַניקערס! דער טײַערער, בראַווער ניקאָ זאָל אַרײַנגעוואָרפן ווערן אין אַ דײַטשישער תּפיסה און, וואָס פאַר אַ מיאוסע איראָניע פון גורל — אין דער זעלבער תּפיסה, ווו מיט צוואַנציק יאָר צוריק, נאָכן פוטש אין מינכען, איז אַן אַרעסטירטער אַגיטאַטאָר מיטן נאָמען אַדאָלף היטלער געזעסן און געשריבן „מײַן קאַמף". מיר האָט עס אויסגעזען שרעק־לעך. וואָס אַזוינס האָט ניקאָ געטאָן? וואָס האָבן בענעק און איך געטאָן? מיט פעיִקייט און הצלחה האָבן מיר פאַרלײַכטערט פונקציאָנירן די געזעצן

וועגן אַנבאָט און נאָכפרעג, ניט מער! צי דען קאָן ניט אַ מענטש זײַן פרײַ אומעטום אויף דער וועלט?

וואָס אָן אמת, די פאַרדאַרבנקייט פון לאַגער־לעבן און דער מאָראַלישער תּוהו־ובוהו פון דער נאָכמלחמה־צײַט האָבן אָפּגעטעמפּט מײַן פעיִקייט צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס. ס׳האָט אפשר אַנדערש ניט געקאָנט זיין. דאָס העכסטע געזעץ איז פאַר מיר געווען צו בלײַבן לעבן. הײַנט, ווען איך שטויך איבער דעם, וואָס איך האָב זיך געראַטעוועט פון חורבן, דאַנק איך גאָט ניט נאָר פאַרן בלײַבן לעבן, נײַערט אויך פאַרן ראַטעווען מיך פון מאָראַלישן תּהום — די נאָכמלחמהדיקע יוגנט־פאַרברעכערישקייט אויף די חורבות פון דײַטשלאַנד.

כ׳האָב אונטערגעקויפט אַ דײַטשישן וועכטער פון דער תּפיסה־פעסטונג, וואָס אין יענער צײַט זענען דאָרטן געזעסן וויניק אַרעסטירטע, און ער האָט מיך אַראָפּגעפירט דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר צו ניקאָס קעמערל. נאָך אַ האַס־טיקן אַרײַנבליק דורכן „אייגל" אין דער טיר, האָט דער וועכטער איבער־געקוקט דעם ריזיקן בונט שליסלען, ביז ער האָט אַרויסגענומען דעם ריכטיקן.

„וויזיט!" האָט ער אויסגעשריִען.

דער שלאָס האָט אַ גרילץ געטאָן, און די טיר האָט זיך האַלב געעפנט. ניקאָ איז געזעסן אויף אַ ברעט, האַלב נאַקעט, מיט אַ קורצער און דיקער באָרד, כּמעט ווי אין לאַגער. ער האָט מיך אָנגעקוקט ווי געפּלעפט.

„ס׳קאָן ניט זײַן! וואָס טוסטו דאָ?" האָט ער געפרעגט. „ביסט חסר־דעה?"

„כ׳בין געקומען דיך באַפרײַען."

„וואָס?" ער האָט אויסגעדריקט אומצופרידנקייט.

„ניין, אַלץ איז אויסגעאַרבעט. איינעם פון די תּפיסה־וועכטערס האָב איך אין קעשענע. מיר וועלן מאַכן אַ פּלאַן צו אַנטלויפן."

„הער אויס," האָט ניקאָ אומצופרידן געזאָגט. „מיר זענען ניט אין לאַגער. די אַמעריקאַנער זענען ניט קיין נאַציס. אויסער דעם האָבן זיי ניט קיין באַווײַזן קעגן מיר. כ׳וועל אַרויס פון דאַנען אין עטלעכע טעג אַרום."

ס׳איז ניט געווען אַזוי. אַנשטאָט דעם זענען בענעק און איך אַרעסטירט געוואָרן אין אונדזער וווינונג. דער באַשולדיקונגס־בויגן איז געווען לאַנג: שוואַרצער מאַרק, גניבה, אָנפאַלן און וואָס ניט. מיר זענען נימאס געוואָרן

די אַמעריקאַנער, און זיי האָבן געוואָלט פון אונדז פטור ווערן. בענעק איז אַוועק אין דער קאַמער מיט ניקאָן. און איך, זייענדיק אַ יאָר ייִנגער פון בענעקן, בין אַרײַנגעגעבן געוואָרן אין אַן אַרעסטהויז פאַר יוגנטלעכע.

מיך האָט עס דערצערנט: אָפּגעזונדערט צו ווערן פון מײַנע צוויי חברים, צו זײַן אין תּפיסה אָן זיי! כ׳האָב אַזוי געליאַרעמט, ביז מ׳האָט מיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַן איינצל־קאַמער. אין דער קאַמער האָב איך געגוואַלדעוועט אָן אויפהער, פאַדערנדיק איבערגעפירט צו ווערן אין דער הויפּט־תּפיסה און רופנדיק די אַנדערע יוגנטלעכע צו מאַכן אַן אויפשטאַנד. אינפאָרמירט דורך די וועכטערס, איז דער דירעקטאָר אַליין געקומען מיך זען.

„באַרויִק זיך, יונגער־מאַן, איך וואָרן דיך, אַניט...״

„וואָס מיינט איר ,אַניט׳? איר מיאוסער עס־עס! מען וואָלט געדאַרפט אײַך פאַרשטעקן אויף אייביק אין איינעם פון אייערע אייגענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אַנשטאָט צו לאָזן אײַך אָנגיין מיט אײַער שמוציקער אַרבעט דאָ!״

דער דירעקטאָר איז געווען בלויז אַ קליינער ביוראָקראַט אין דײַטשישן שטראָף־סיסטעם. ער האָט אפשר געקלערט, אַז ס׳וועט זײַן געפערלעך צו שטראָפירן אַ קרבן פון ראַסן־דיסקרימינאַציע, האָט ער זיך דעריבער פאַרבונדן מיט דער אַמעריקאַנער מיליטערישער מאַכט און געבעטן אַ דערלויבעניש מיך אָפּצוטראַנספּאָרטירן אין דער פעסטונג פון לאַנדסבערג.

כ׳בין אָנגעקומען אַהין און געפאָדערט אַרײַנצוזעצן מיך מיט ניקאָן און בענעקן. כ׳האָב זיי געפונען אין אַ גרויסער קאַמער צוזאַמען מיט אַ האַלבן טוץ פאַרברעכערס־רעצידיוויסטן.

„וואָס מאַכט איר, יאַטן?״

„צו אַלדי רוחות! ווי האָסטו עס געמאַכט?״

כ׳האָב זיי דערציילט, ווי אַזוי.

פּלוצעם האָב איך דערפילט ווי עפּעס ברענט. די הינטערשטע זײַט פון מײַן זשאַקעט איז געווען אין פלאַמען. דאָס איז געווען אַזאַ מין אַרײַנפירצערעמאָניע פאַר נײַע אַרעסטירטע. כ׳האָב זיך געקײַקלט אויף דער ערד צו פאַרלעשן דאָס פײַער, בײַ אַן אויסבראָך פון געלעכטער. ניקאָ, בענעק און איך האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די אַנדערע.

שווער איז געווען אין דער קאַמער, ס׳האָט אויסגעזען, אַז מיר זענען

אין אַ פּערמאַנענטער מלחמה מיט גאַנגסטער־באַנדעס. נאָך עטלעכע טעג פון רײַסערײַען האָבן זיי זיך איבערצײַגט, אַז מען דאַרף אונדז לאָזן צו רו. צום גליק איז ניקאָ נאָך אַלץ געווען דער אַלטער „פּראָפעסיאָנאַל", ניט גע־קוקט אויף די נײַע פאַרפומען און דעם ברילִיאַנטין, וואָס ער האָט געניצט. זײַנער אַ קלאַפּ איז געווען פּונקט ווי דינאַמיט, און ער האָט געקלאַפּט מיט אַ ווונדערלעכער פּרעציזקייט. מײַן שטאַרקער פּונקט איז געווען צו כאַפּן פאַר די פיס, אין דער צײַט וואָס בענעק האָט זיך ספּעציאַליזירט אין האַלטן פאַר די אָרעמס. אין די לאַגערן האָבן מיר דורכגעמאַכט ערגערע זאַכן...

✶

ס'איז אַדורך אַ וואָך אָן קיין סימן, אַז אונדזער עסק זאָל ווערן אַרויס־געבראַכט אויפן סדר־היום. כ'האָב אײַנגערעדט אַ וועכטער, ער זאָל מיך לאָזן ניצן אַ טעלעפאָן אין איינעם פון די אַדמיניסטראַציע־ביוראָען. איך בין דורכגעגאַנגען די תפיסה־קאָנטראָל מיט עטלעכע גאָלדענע מטבעות אין מײַנע שיך, און אַ פּאָר דימענטענע רינגען. דערוואָרבענע אין גאַנג פון מײַנע לעצטע „געשעפט־אָפּעראַציעס". די אונטערזוכונג איז געווען נאָך אייבער־פלעכער ווי די, וועלכע איך פלעג מאַכן בײַ די געבראַכטע אונגאַרישע מיידלעך אין לאַגער קאַופערינג. מיט איינער פון די מטבעות האָב איך עס דערליידיקט. געזאָגט דעם וועכטער וואָס האָט געהאַלטן אויף אַ קורצן רימען אַ גרויסן, בייזן וואָלפהונט, ער זאָל מיך פאַרבינדן מיטן צענטראַל־ביוראָ פון „אונראַ" אין מינכען. זינט אונדזער באַפרײַונג האָבן מיר געזען אומעטום פאַרשטייערס פון „אונראַ", וועלכע האָבן געהאָלפן די פּליטים מיט שפּײַז, מיט אַן אַזיל און אָרגאַניזירט דעם צוריקקער אין זייער היימלאַנד. פון סאַמע אָנהייב אָן האָבן מיר ניט געוואָלט האָבן מיט זיי צו טאָן; ניט געהאַט קיין חשק אַרײַנ־צופאַלן אין אַ פּליטים־לאַגער אָדער לעבן פון עפנטלעכער שטיצע. איצט אָבער איז געקומען די צײַט צו האָבן פון זיי אַ טובה, אויסניצנדיק אונדזערע פּליטים־רעכט. ווען כ'האָב סוף־כּל־סוף באַקומען די טעלעפאָנישע פאַרביג־דונג מיט „אונראַ", איז די שטים פון יענעם ברעג דראָט געווען פון איינעם, וואָס רעדט דײַטש מיט אַן אַמעריקאַנער אַקצענט: „גאָלדבערג רעדט דאָ."

אַ ייִד! האָב איך אָפּגעאָטעמט מיט דערלײַכטערונג.

„שלום! הערט אויס,‟ האָב איך געזאָגט, „איך בין אַלט זעכצן יאָר. כ׳האָב פאַרבראַכט פיר יאָר אין נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אוישוויץ, האָט איר געהערט פון דעם? און ווי נאָר איך בין באַפרײַט געוואָרן, האָבן זיי מיך אַרײַנגעוואָרפן אין תּפיסה. ווייסט איר אין וועלכער תּפיסה?!‟ כ׳האָב געמאַכט אַ קורצע הפסקה. „די זעלבע, אין וועלכער היטלער איז אַ מאָל געזעסן און געשריבן זײַן „מײַן קאַמף‟ — אין לאַנדסבערג. פײַן, האַ? און ווייסט איר ווער עס איז איינער פון מײַנע מיט־אַרעסטירטע איצט? קרופּ, אָט דער קרימינעלער פאַרברעכער, וואָס האָט אונדז געניצט ווי שקלאַפן־אַרבעטער צו פּראָדוצירן געווער פאַר די נאַציס. דאָס איז הימל־שרײַענדיק! איר דאַרפט מיך פון דאַנען אַרויסנעמען צוזאַמען מיט מײַנע פרײַנד.‟

„וואָס איז אײַער נאָמען?‟ האָט ער געפרעגט מיט אַ ציטעריקער שטים.

„סאַמועל. שמואל, ווי דער נביא,‟ האָב איך אויסגעבעסערט. „שמואל פּיסאַר.‟

כ׳האָב אים אָנגעגעבן געוויסע סימנים וועגן זיך, בענעקן און ניקאָן, ווי אויך וועגן ביאַליסטאָק און ראַטערדאַם, פון וואַנען מיר שטאַמען. כ׳האָב אַלץ געזאָגט. כ׳האָב ניט געהאַט קיין שולדגעפיל בײַם אויסניצן די פאַרגאַנגענהייט, און כ׳האָב פאַרגלעט אונדזערע אויפטוען אויפן שוואַרצן מאַרק, פאָרשטעלנדיק זיי ווי אַן אומשולדיקע שטיפערײַ.

גאָלדבערג, אים האָב איך שפּעטער געטראָפן, איז געווען אַ סענסיטיווער יונגער־מאַן, וואָס איז ניט לאַנג אָנגעקומען אין דײַטשלאַנד. ווי אַ סך אַנדערע אַמעריקאַנער ייִדן, האָט ער געהאַט אַ שולדגעפיל, שטייענדיק פּנים־אל־פּנים מיט אַן אייראָפּעיִשן ייִד, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם חורבן, אין דער צײַט וואָס זיי, אין אַמעריקע, האָבן ניט געליטן. זיי האָבן אויך ניט אויפגעהויבן זייער שטים הויך גענוג, כּדי צו פאַרמײַדן דעם שרעקלעכן אומגליק.

מײַן אײַנפאַל האָט געגעבן רעזולטאַטן. צוויי טעג שפּעטער זענען מיר אַרויס פון תּפיסה. אַן „אונרא‟־באַאַמטער איז געווען געקומען נאָך אונדז אין אַ דזשיפּ און געהאַט דערויף דאָקומענטן, אַרויסגעגעבענע דורך דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט. דאָס אַלץ איז געווען די אַרבעט פון ווונדער־לעכן גאָלדבערג. אונדזערע טעג פון אַרומדרייען זיך פראַנק און פרײַ זענען געווען געענדיקט.

מ'האָט אונדז אָוועקגעפירט קיין מינכען און אַרײַנגעגעבן אין אַ פּליטים־צענטער אין אַ פאַרשטאָט. די באַאַמטע פון צענטער, ניט געקוקט אויף זייער זאָרג פאַר אונדזער צוקונפט, זענען געווען גרייט נאָכצוגעבן אַלע אונדזערע פאָדערונגען. זיי האָבן פרובירט אונדז אײַנרעדן צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. מיר האָבן געהאַט געהערט פון איינעם, אַ דוד בן־גוריון, וואָס איז געקומען פון תּל־אָביב רעדן צו די לעבן געבליבענע ייִדן וועגן ציוניזם און וועגן קומען אַהיים — אין לאַנד פון די אָבות. אָבער ניקאָ האָט געפילט, אַז דאָס לעבן אין קיבוצים וועט צו אונדז ניט אַפּעלירן. אויסער דעם האָבן מיר זיך גענוג אָנגעהערט וועגן פולע שיפן מיט לעבן געבליבענע ייִדן, וואָס זענען געפאָרן קיין ארץ־ישׂראל און זענען געבליבן שטעקן אין אָפענעם ים, ווען די ענגלישע אַדמיניסטראַציע פון פּאַלעסטינער מאַנדאַט האָט זיי ניט געלאָזט אַראָפּגיין אויפן ברעג.

אַ רײַך ייִדיש פּאָרפאָלק פון דרום־אַפריקע האָט באַזוכט אונדזער פּליטים־לאַגער, זוכנדיק צו אַדאָפּטירן אַ קינד. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז כ'וועל האָבן בײַ זיי אין יאָהאַנעסבורג, וואָס נאָר כ'וועל ווילן. איך האָב עס קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן. כ'האָב ניט געדאַרפט קיינעם אויסער ניקאָן און בענעקן. זיי זענען געווען מײַן איינציקע משפּחה.

מיר האָבן פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון אונדזער צײַט אויסערן לאַגער — אין קינאָס, אין ביר־סאַלאָנען. די „אונרא״־באַאַמטע האָבן אונדז געלאָזן גיין אין שטאָט, ווען מיר האָבן נאָר געוואָלט, אָבער ס'זאָל האָבן אַ פאָרמעלן אויסזען, האָט עמעצער פון די פאַראַנטוואָרטלעכע טוערס געזאָלט אונדז כּלומרשט באַגלייטן. הגם מיר האָבן געהאַט אַ לײַכט לעבן, האָט אונדז אָבער געפעלט די טעטיקייט, צו וועלכער מיר האָבן זיך געהאַט צוגעוווינט.

אַזוי זענען מיר אין אַ געוויסן טאָג אַרויס פון פּליטים־צענטער, אַרויף אויפן צוג קיין לאַנדסבערג און ווידער אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט איבערגעריסן.

*

ס'איז שוין אָבער ניט געווען דאָס זעלבע. גאָלדבערגס אויגן פון אַ „יוגנט־סקויט״, די איבערגעגעבנקייט פון די „אונרא״־באַאַמטע וואָס האָבן געזאָרגט וועגן אונדז — האָבן געהאַט זייער השפּעה. אַ שלעכט געוויסן

קאָן אָנגעמען פאַרשיידענע פאָרמען. ביי אונדז האָט דאָס זיך אויסגעדריקט אין פאַרלירן דאָס געדולד פון איינעם צום צווייטן.

„גיט אַ קוק," האָט ניקאָ געזאָגט, „איר, צווי קליינע ממזרים, קאָנט ווייטער אַזוי ניט פאַרתּכלעווען אײַערע לעבנס. איר דאַרפט עפּעס טאָן, וואָס זאָל האָבן אַ זינען."

„איך וויל טאָקע," האָט בענעק געזאָגט. „נו, איך וואָלט עפּעס געוואָלט לערנען."

ווי נאָר ער האָט עס אַרויסגעבראַכט, האָב איך גלײַך געוווּסט, אַז דאָס זעלבע וויל איך אויך. ניקאָ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

„געוויס, וואָס אײַך ביידן פעלט, איז אַ ביסל בילדונג. איר זענט דאָך גראָבע יונגען. איר ווייסט ווי אַזוי מ׳ראַטעווועט זיך פון טויט, אָבער איר הייבט ניט אָן צו וויסן ווי צו לעבן."

מיר האָבן גענומען זוכן אַ לערער און געפונען אַ דײַטשישן פּראָפעסאָר, אַ מלחמה־וועטעראַן.

„וואָס ווילט איר לערנען?" האָט ער געפרעגט.

בענעק האָט געגעבן אויף מיר אַ קוק און געזאָגט:

„וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך. וואָס קאָנט איר אונדז לערנען? אַ ביסל לאַטײַן, אַ ביסל אַריטמעטיק און געאָגראַפיע. פון אַלץ צו ביסלעך."

אונדזער ווילן צו קריגן אַ ביסל בילדונג האָט זיך גוט געפּאַסט מיט דעם פּראָפעסאָרס חשק צו קאַווע. מיר האָבן געשלאָסן אַ טראַנסאַקציע: פּאַר עטלעכע ברוינע זעקעלעך פון וועלכע מיר האָבן נאָך געהאַט גרויסע רעזערוון, וועלן מיר יעדן טאָג קריגן אַ לעקציע.

אונדזערע גוטע כוונות האָבן געדויערט ניט מער ווי אַ פּאָר וואָכן. פּאַר יינגלעך וועמענס איינציקע שול איז משך פון פינף יאָר איז געווען, ווי אַזוי פיזיש צו איבערלעבן און אַ האַלב־לעגאַלער סחורות־אויסבײַט, איז דער אינטעלעקטועלער אָנשטרענג וואָס האָט זיך געפאָדערט בײַם געניסן פון דער עלעמענטאַרסטער בילדונג, געווען צו פיל. פּאַקער האָט זיך פאַר אונדז בעסער געפּאַסט. מיר האָבן איבערגעריסן מיטן פּראָפעסאָר און אָנגעהויבן פטרן די נעכט מיט פאַרקאַכטע שפּילערס פון דער אָרטיקער אונטערוועלט בײַם קאָרטנטישל. שפּילנדיק איין נאַכט מיט אַ באַנדע „פּראָפעסיאָנאַלן",

האָב איך נאָך אַנאַנד געהאַלטן אין פאַרלירן. כ׳האָב פאַרשפּילט דאָס גאַנצע געלט, דערנאָך מײַנע רינגען און בראַסלעטן. מער איז מיר גאָרנישט ניט געבליבן.

„דו האָסט נאָך דײַן מאַטאָציקל,“ האָט געזאָגט אײנער פון די שפּילערס.

כ׳האָב אַ טאַפּ געטאָן אין מײַן קעשענע דעם אָנצינד־שליסל און דעם רעוואָלווער דערבײַ. „ניין,“ האָב איך געזאָגט, „דאָס ניט.“

כ׳האָב זיך אויפגעהויבן פון טיש, פאַרדרייטלט און אויפגעבראַכט... אויף מײַן טאַטן. פאַר וואָס האָט ער מיך ניט געוואָלט אויסלערנען די אויגן־פאַרבלענדנדיקע קונצן און זײַן מאַגישן מאַניפּולירן מיט קאָרטן? אַ סך שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אויב מײַן טאַטע וואָלט געהאַט נאָכ־געגאַנגען מײַן בקשה, וואָלט איך געהאַט פאַרענדיקט מײַן לעבן אין אַ פאַררייכערטן קאָרטן־צימער, מיט אַ מעסער אין בויך. כ׳האָב מער קיין מאָל ניט געשפּילט אין קאָרטן פאַר געלט.

ס׳איז אונדז גוט געגאַנגען. מיר האָבן אַרײַנגענומען אַ קעכין און גע־קלערט צו עפענען אַ קראָם. ווען איך פלעג אַדורכגיין די גאַס, פלעגן די דײַטשן מיט הכנעה מיך אָנקוקן, ווי אַ וויכטיקע פיגור.

„גוט־מאָרגן, הער פּיסאַר.“

ווען מיר דרײַ זענען אַרײַן אין אַ רעסטאָראַן אָדער אין אַ קינאָ, ווי די דײַטשן פלעגן וואַרטן אין דער ריי, פלעגט בענעק אָדער איך אויסשרײַען: „אַכטונג! דער הער דירעקטאָר איז דאָ!“ די ריי פלעגט זיך אָפּרוקן, און ניקאָ האָט אַרײַנגעשפּאַצירט, באַגלייט פון אונדז ביידן.

איז עס מעגלעך, אַז דאָס זענען מיר, די אַנאָנימע נומערן, די הפקר־יונגען, איצט גרויס־שטאָטישע אָנגעזעענע לײַט, צוקונפטיקע קאָמערסאַנטן. איז עס געווען אַ דערגרייכונג? איך בין ניט געווען זיכער אין דעם. לאַנדס־בערג איז געווען אַן אַנטשפּאַנונגס־קאַמער פאַר אונדז, אַן אויסערגעוויינטלעך קיינעמסלאַנד צווישן דער טיפער פינצטערניש פון עבר און דעם בהדרגהדיקן איבערגיין צו אַ נײַ לעבן. אויב מיר האָבן געטראַכט צו בלײַבן אין לאַנדסבערג, האָבן מיר געדאַרפט זײַן גרייט זיך צוצופּאַסן צו אַ באַגרענעצטער פרײַהייט. און דאָס האָט אונדז ניט שטאַרק געצויגן.

*

אין טאָג, בעת מיר האָבן געגעסן מיטאָג, איז רעגינאַ, די קעכין, אַריין און געזאָגט צו מיר: „עמעצער אין אַן אוניפאָרעם וויל אײַך זען.”

מיר האָבן אויפגעהערט עסן. קיינער פון די וואָס אָפּערירן אויסערן געזעץ, איז ניט גליקלעך צו האָבן אַ ניט־אָנגעזאָגטן וויזיט פון אַן אוניפאָרמירטן.

„זאָגט אַז איך בין ניטאָ.”

אַלע דרײַ זענען מיר דורכן קיכפענצטער אַראָפּגעשפּרונגען אויפן הויף. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָבן מיר זיך צוריקגעקערט, מיינענדיק אַז מ׳קאָן שוין. אָבער רעגינאַ איז ווידער אַרײַנגעקומען. „דער מאַן אין אוניפאָרעם איז דאָ צוריק. ער זאָגט, אַז ער איז אַ קרוב און ער מוז אײַך זען,” האָט זי געזאָגט.

איך בין צעטומלט געוואָרן; דער געדאַנק, אַז איך קאָן נאָך האָבן עמעצן פון דער משפּחה, איז מיר אין גאַנצן אַרויס פון קאָפּ.

„ווי זעט ער אויס?”

„ער רעדט דײַטש מיט אַ פראַנצייזישן אַקצענט. יאָ, כ׳האָב שיִער ניט פאַרגעסן — ער זאָגט, אַז ער׳ט חתונה געהאַט מיט אײַערער אַ מומע.”

פאַרנעפּלטע זכרונות זענען מיר געקומען אין קאָפּ. דער קאַמין אין ביאַליסטאָק. אין מײַן געדאַנק זענען אַדורך די פאָטאָגראַפיעס, וועלכע מײַן טאַטע האָט געוואָרפן, איינע נאָך דער אַנדערער, אין די פלאַמען, איידער מיר זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אין געטאָ. מײַן מאַמע האָט געהאַט אַ שוועסטער וואָס האָט געשטודירט אין פראַנקרײַך. וואָס ס׳האָט אַקערשט אויסגעזען אוממעגלעך, איז פּלוצעם געוואָרן ממשותדיק.

זײַן נאָמען איז געווען לעאָ סאָוואַזש. ער איז געווען אַ בידעריקער, פײַן געבויטער מאַן אין אַ פראַנצייזישער אוניפאָרעם. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי אַ זשורנאַליסט, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט מײַן מומע, באַשע. מיר זענען געשטאַנען פּנים־אל־פּנים, ניט ווויסנדיק ווי אַזוי זיך צו פירן. ער האָט אויף מיר געקוקט דורך דיקע גלעזער. אין מײַנע אויגן האָט ער אויסגעזען צו זײַן אַ יאָר דרײַסיק, אָבער זײַן וואַקלדיקער טאָן און זײַנע אומגעשיקטע זשעסטן, האָבן אים געמאַכט אויסזען ייִנגער פון מיר. כ׳האָב אויך געקאָנט פעסטשטעלן, אַז ער איז געווען איבערראַשט. ס׳איז ניט געווען שווער צו פאַרשטיין די סיבה. ער האָט זיך געריכט צו געפינען אַ האַרצרײַסנדיקן

סקעלעט, אַרויסגעזוכט פונעם אַש. אַנשטאָט דעם האָט ער דערזען אַ פײַן געבויטן, געזונט אויסזעענדיקן בחור, מיט גוטע מאַניערן און אַ מינע פון אומאָפּהענגיקייט, צופרידן, ווײַזט אויס, מיט זיך און מיט דער וועלט אַרום אים.

„גאָט מײַנער," האָט געזאָגט מײַן פראַנצייזישער פעטער, „דו זעסט אויס אַזוי ענלעך צו דײַן מומע."

נאָך דעם ווי כ'האָב אים פאַרגעשטעלט פאַר ניקאָן און בענעקן, זענען מיר אַרויס אויף אַ שפּאַציר.

מיר האָבן גערעדט דײַטש. זײַן לשון איז געווען באַשרענקט. שפּאַצירנדיק איבער דער גאַס, אַרויף און אַראָפּ, האָט ער מיר פּאַמעלעך אָבער גענוי איבערגעגעבן דאָס, וואָס כ'האָב געוואָלט וויסן.

מומע באַשע האָט זיך געהאַט אויפגעשריבן מיט מײַנע אויסטראַלישע פעטערס, נחמן און אלעזר און מיט אונדזערע קרובים אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זייערע בריוו זענען געווען דורכגענומען מיטן גרויל פון דעם, וואָס ס'איז באַוווּסט געוואָרן וועגן גורל פון די אייראָפּעיִשע ייִדן. מײַנע קרובים האָבן געזוכט פעסטצושטעלן, צי עמעצער פון דער משפחה איז געבליבן לעבן, אָבער זייערע אויספאָרשונגען האָבן קיין רעזולטאַטן ניט געגעבן. אין אַ ליסטע פון באַפרײַטע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, צונויפגעשטעלט דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אין מינכען, און פונאַנדערגעשיקט אין דער וועלט, האָבן זיי געפונען אַ נאָמען — סאַמועל פּיסאַר. האָט עס געקאָנט זײַן מולינקע?"

שמואל איז געווען דער זון פון דודן; ער איז געווען אַרום צען יאָר אַלט, ווען פוילן איז געוואָרן צעטיילט צווישן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און דעם דריטן רײַך; ס'האָט אויסגעזען צו זײַן אוממעגלעך, אַז אַ קליין ייִנגל זאָל האָבן איבערגעלעבט, בעת מיליאָנען דערוואַקסענע זענען אומגעקומען.

„דײַן מומע האָט געשיקט אַ טעלעגראַם קיין בריסל, אויפן אַדרעס וואָס איז געווען אָנגעגעבן אין דער ליסטע, און באַקומען אַן ענטפער: ,טײַערע מומע, איך בין קראַנק, איך דאַרף דיך. קום ביטע'. ס'איז געווען אונטערגעשריבן דײַן נאָמען."

איך האָב געלאַכט. „ס'איז ניט מײַן סטיל."

„וואַרט צו. דײַן מומע איז אַוועק קיין בריסל, געפונען די גאַס און דאָס הויז, אַרויף אויפן אַכטן עטאַזש און אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַן אַלטער

מאַן האָט געעפנט. ער האָט געהאַט אַ פּליך און אויסגעזען זייער קראַנק.

זי האָט געפרעגט: „זענט איר סאַמועל פּיסאַר?"

„ניין, האָט דער אַלטער מאַן געזאָגט. מײַן נאָמען איז שטאַכעלבערג. איך האָב באַקומען אַ טעלעגראַם פון..."

„דער אַלטער מאַן האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף זײַן מאַטראַץ און געשוויגן. דערנאָך האָט ער געזאָגט: ‚איך בין איינער אַליין און קראַנק. איך בין געווען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ווען כ'האָב געהאַט באַקומען אײַער טעלעגראַם, האָב איך געקלערט אַז איך וועל באַרגן דעם נאָמען פּיסאַר, אַזוי אַז איר וועט מיר מיט עפּעס העלפן'!"

„דײַן מומע איז געבליבן אָן ווערטער. ‚און איר ווייסט ניט, ווו דער סאַמועל פּיסאַר לעבט? ‚כ'האָב קיין מאָל ניט געהערט פון אים'!"

ס'איז געווען אַ מוראַדיקע אַנטוישונג פאַר מײַן מומע און פאַר די אַנדערע קרובים. זיי האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן.

ווי אַ מלחמה־קאָרעספּאָנדענט, האָט לעאָ סאָוואַזש זיך געקאָנט פרײַ באַוועגן אין די אָקופּירטע זאָנעס פון די אַלײַרטע, און ווו ער איז נאָר געווען, האָט ער געקאָנטראָלירט די ליסטעס פון די פּליטים. אין מינכען האָט ער ווידער זיך אָנגעשטויסן אינעם נאָמען סאַמועל פּיסאַר. מ'האָט אים אינפאָר־מירט, אַז דעם דאָזיקן פּיסאַר האָט מען געהאַט אַרײַנגעגעבן אין אַן אָרטיקן פּליטים־צענטער, ער איז אָבער נעלם־געוואָרן. דער איינציקער אַדרעס וואָס האָט עקסיסטירט, איז געווען לאַנדסבערג, ווו ער איז געזעסן אַ צײַט אין דער תּפיסה־פעסטונג.

לעאָ סאָוואַזש איז באַלד אַוועק קיין לאַנדסבערג. ער האָט איבערגעקוקט די רשימות פון שטאַטראַט, פון דער תּפיסה, און אומזיסט. ער איז אַרײַן אין אַ קאַפע. ‚אפשר האָט איר געהערט פון איינעם, וואָס הייסט סאַמועל פּיסאַר?' האָט ער געפרעגט דעם קעלנער. און באַקומען דעם ענטפער: ‚הער פּיסאַר? געוויס! מיר קויפן בײַ אים קאַווע'.

דער קעלנער האָט אים געגעבן אונדזער אַדרעס.

מיר זענען געבליבן שטיין אַנטקעגן אונדזער הויז, און ער האָט מיך דורכדרינגלעך אָנגעקוקט. הגם ער איז געווען איבערגליקלעך מיך צו גע־פינען, האָב איך אָבער געשפּירט, אַז עפּעס באַאומרויִקט אים.

„דײַן מומע האָט מיך פֿאַרזאָגט, כ׳זאָל דיך ברענגען אַהיים, אויב כ׳געפֿין דיך.״

„מיר איז אָבער גוט, ווו איך בין. איך האָב מײַנע פֿרײַנד, איך האָב מײַן... באַשעפֿטיקונג... מײַן אַרבעט!״

לעאָ האָט זיך ניט קעגנגעשטעלט. כ׳האָב געוווסט וואָס ער האָט גע־טראַכט: „צו ערשט לאָמיר געווינען דעם יינגלס צוטרוי און דעמאָלט וועט מען זען.״

„אָט איז אַ קליינע מתּנה פֿון דײַן מומע. זי האָט עס מיר אַרײַנגעלייגט אין קעשענע אין פֿאַל, אַז איך געפֿין דיך.״

ס׳איז געווען אַ מעטאַלענער האַנטזייגערל. אין פֿראַנקרײַך, נאָך דער מלחמה האָט ער זיכער געדאַרפֿט באַטרעפֿן אַ גרויסע סומע.

„אָ, פֿיין!״ האָב איך געזאָגט, גלײַכגילטיק אָננעמענדיק די מתּנה.

לעאָ האָט אַוודאי געזען מײַן מאַסיוון גאָלדענעם זייגער מיט דער גאָל־דענער קייט און באַהאַלטן זײַנע געדאַנקען הינטערן שאַרפֿן רויך פֿון איינעם פֿון זײַנע טונקעלע פֿראַנצייזישע סיגאַרעטן, וועלכע ער האָט כּסדר געהאַלטן אין רייכערן. ס׳איז געווען זײַן לעצטער סיגאַרעט און ער האָט צונויפֿגע־קוועטשט די ליידיקע פּאַקונג.

„פּעטער, קומט מיט מיר.״

ער איז מיר נאָכגעגאַנגען צו אונדז אַהיים. אין אַ צימער, פֿול מיט פֿלעשער וויסקי, זעקלעך קאַווע און פּושקעס מילכפּולווער, האָב איך אויפֿ־געבראָכן דעם צודעק פֿון אַ גרויסן הילצערנעם קאַסטן, ווו מיר האָבן געהאַלטן בײַ הונדערט קאַרטאָנען מיט „לאַקי סטרייק״.

כ׳האָב אים פֿאָרגעלייגט אַ קאַרטאָן. „איך רייכער נאָר אַמעריקאַנער. און איר?״

ער האָט גענומען דעם קאַרטאָן, ניט רעדנדיק קיין וואָרט, און בלויז געביסן זײַן אונטערשטע ליפּ.

*

מומע באַשע איז אָנגעקומען אַ וואָך נאָך דעם, ווי פּעטער לעאָ איז אַוועקגעפֿאָרן. מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער דעצידירטקייט איז זי איבער־געקומען די ביוראָקראַטיע, וועלכע האָט ניט געוואָלט, אַז ציווילע פֿראַנצויזן

זאָלן זיך אַרומדרייען אין אָקופּירטן דײַטשלאַנד. איר מאַנס באַריכט האָט זי געהאַט אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פּאַניק. נײַן און צוואַנציק יאָר אַלט, שיין, שאַרפזיניק און סובטעל, איז זי געווען גרייט אויף דער שווערסטער מיסיע. זי האָט געמאָלדן, אַז זי וועט אײַנשטיין אין אונדזער וווינונג. ניקאָ האָט איר זייער העפלעך אָפּגעגעבן דעם שלאָפּצימער, וועלכן ער האָט געניצט פאַר זײַנע „דעראָבערונגען" און זיך אַרײַנגעצויגן צו מיר און בענעקן.

איך האָב ניקאָן געוואָרנט: „הער אויס, אויב וועסט זיך דערוועגן עפּעס מיט מײַן מומע, האָסטו אַ צעשפּאָלטענעם שאַרבן!"

זי איז ניט אַרויס מיט איר פאַרטראַכט באַלד אויפן אָרט; געוווסט האָט זי שוין פון לעאָן, אַז אַלץ וועט דאַרפן געמאַכט ווערן דעליקאַט. כ׳בין געווען אַנטציקט פון איר פראַנצייזישן הומאָר, פון איר פראַנצייזישער פרע־ציזקייט, און זי, ווידער, איז געווען אַמוזירט און אַ ביסל שאָקירט פון אונדזער ווילדיונגערישער עקסיסטענץ. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי האָט ניט געוווסט וועגן מקור פון דער קאַווע, דעם שנאַפּס און גאַזאָלין, האָט זי זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון די סכנות, וואָס דראָען אונדז; זי האָט געשפּירט אַז די אומקלאָרע ענלעכקייט פון איר שוועסטערס קינד צו אַ מאָדערנעם אָליווער טוויסט האָט מאַסקירט אַ פּאָטענציעל געפערלעכן טיפּ. זי האָט אַרויפ־געבראַכט אויף אַ שמועס וועגן דעם, ווי זי און לעאָ וואָלטן געווען צופרידן, ווען איך קום קיין פּאַריז לעבן מיט זיי.

כ׳האָב עס אָפּגעוואָרפן, אַפילו נאָך דעם, ווי איר אָנזעצן זיך אויף מיר איז דערגאַנגען ביז טרערן. כ׳בין געווען נײַגעריק צו וויסן, ווי לאַנג וועל איך קאָנען זיך אַנטקעגנשטעלן. ענדלעך איז זי אַרויס מיט אַ קאָזער — דער איינציקער אַרגומענט וואָס האָט אַלץ באַזײַטיקט: „צוליב דער מאַמען דײַנער מוזסטו קומען!"

בילדער פון עבר האָבן, ווי מיט אַ כּישוף, אַרויסגעבראַכט זכרונות און פּנימער — ווי זיי האָבן אויסגעזעזן צום לעצטן מאָל... האָב איך נאָכגעגעבן: „גוט! — איך וועל פאָרן קיין פּאַריז, אויב בענעק און ניקאָ פאָרן מיט מיר. אויב ניט, בלײַב איך דאָ!"

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען זענען מיר געקומען צו אַ פּשרה. איך וועל פאָרן, ווי נאָר מײַנע פאָרמאַליטעטן וועלן דערליידיקט ווערן, און מיטן

באַדינג, אַז ווי נאָר מיר קומען קיין פּאַריז, וועלן זי איך לעאָ טאָן דאָס זעלבע פאַר בענעקן. ס'איז געווען קלאָר, אַז ניקאָ וועט קאָנען קומען ערשט שפּעטער. ס'זענען געווען פּראָבלעמען מיט זײַן אַמאָל, אַזוי אַז ס'וועט נעמען צײַט, ביז מ'וועט קריגן פאַר אים וווינרעכט אין פראַנקרײַך.

ס'איז שווער געווען איבערצוגעבן דעם באַשלוס בענעקן און ניקאָן, אַז ווידער אַ מאָל וועלן מיר זיך דאַרפן צעשיידן, הגם דאָס מאָל, מיט אַ סך אַ בעסערער פּערספּעקטיוו, אַז ס'איז בלויז אויף אַ קורצער צײַט. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיי קיין מאָל פון מיר ניט דערוואַרט, אַז איך זאָל קאָנען לאַנג זיך האַלטן קעגן מײַן פאַרעקשנטער מומע. זיי האָבן אָבער אויך ניט דערוואַרט, אַז איך וועל קאָנען זײַן צעשיידט פון זיי אַ לאַנגע צײַט. זיי האָבן געדענקט, וואָס ס'איז געשען מיטן דײַטשישן פּראָפעסאָר.

דער אַמעריקאַנער קאָלאָנעל וואָס האָט איבערגעקוקט מײַן „אַקטנטאַש", האָט אויפגענומען באַשען מיט מיר אין זײַן ביוראָ אין לאַנדסבערג אָן קיין גרויסער וואַרעמקייט. „איך וועל אײַך גערן געבן די דערלויבעניש וואָס איר פאַרלאַנגט," האָט ער צו איר געזאָגט אין אַ גוטן דײַטש. „צי זענט איר אָבער זיכער, אַז איר ווייסט וואָס איר טוט?"

אין ליכט פון מײַנע „טראַנסאַקציעס" אויפן שוואַרצן מאַרק, אַרעסט און תפיסה, מײַן דורכגעטריבנקייט מיט דער „אונראַ" און מײַן אַנטלויפן פון פּליטים־לאַגער, האָט ער זייער וויניק געהאַלטן פון באַשעס האָפענונג אויף אַ מאָראַלישער רעהאַביליטאַציע. ער האָט זי אויסגעהערט און פאַרן אונטער־שרײַבן די פּאַפּירן געזאָגט: „מאַדאַם, אײַער שוועסטערס קינד איז אַ האָפע־נונגסלאָזער פאַל. ווען איר פרעגט מיך, וואָלט ער געדאַרפט זײַן הינטער קראַטעס." געזאָגט און דערגעבן: „זאָגט ביטע, אפשר וואָלט איר צוגענומען אַלע דרײַ?"

באַשע און איך זענען צוזאַמען געפאָרן קיין מינכען אויף מײַן מאַטאָציקל.

זי — אין דעם „שיפעלע". דער פראַנצייזישער קאָנסול דאָרטן איז געווען אַ פאַרביסענער ביוראָקראַט.

„וואָס איז דײַן נאַציאָנאַליטעט?" האָט ער מיך געפרעגט אויף דײַטש.

„איך ווייס ניט."

„וואָס מיינט, דו ווייסט ניט?"

„איך בין געבוירן געוואָרן אין פּוילן, בין איך געווען אַ פּוילישער. דערנאָך זענען געקומען די רוסן — בין איך געוואָרן אַ רוסישער, דערנאָך זענען געקומען די דײַטשן און מיך פאַרשלעפּט קיין דײַטשלאַנד. איינס איז מער ווי זיכער, אַז זיי האָבן ניט געמאַכט פון מיר קיין דײַטש...״

נאָך אונדזער אַוועקגיין האָט מיר באַשע איבערגעזעצט דעם שמועס, וואָס איז ווײַטער פאָרגעקומען אויף פראַנצייזיש צווישן איר און דעם קאָנסול.

„מוליאַ, ער האָט מיר געזאָגט, אַז מ׳דאַרף האָבן דײַן אידענטיטעט־קאַרטע, און אַ סערטיפיקאַט פון דער ציווילער אַדמיניסטראַציע אין דײַן געבוירן־שטאָט. און ווײַטער האָט ער פאַרגעזעצט: ,מיר מוזן אויך האָבן אַ געזונטהייט־סערטיפיקאַט און דרײַ רעקאָמענדאַציעס, וואָס זאָלן באַשטעטיקן דײַן גוטע אויפפירונג׳.״

באַשע האָט אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר אויגן, ניט גלייבנדיק די אייגענע אויערן. זי האָט זיך אויפגערעגט:

„מײַן הער, צי פאַרשטייט איר ניט וועגן וואָס פאַר אַ פּערזאָן איר רעדט דאָ? די שטאָט ווו מײַן שוועסטערס קינד איז געבוירן געוואָרן איז אָפּגעמעקט פון דער ערד. אַלע אַרכיוון זענען אומגעבראַכט. זײַן גאַנצע משפחה איז אומגעבראַכט. די איינציקע אידענטיטעט־קאַרטע וואָס ער האָט, איז דער נומער אויף זײַן אָרעם.״

דער קאָנסול האָט געצויגן די אַקסלען, וואָס האָט געוויזן זײַן אומבאַקוועמען מצב. „איך פאַרשטיי די לאַגע, מאַדאַם, אָבער איך קאָן גאָרנישט ניט טאָן.״

באַשע האָט זיך אַ הייב געטאָן פון שטול און געזאָגט:

„איר זענט ערגער פון די נאַציס!״

דער מאַן איז געוואָרן בלאַס.

„קוקט אים אָן!״ זי האָט אויסגעשטרעקט איר אָרעם אין מײַן ריכטונג, און איך האָב מיט הנאה אָבסערווירט איר דראַמאַטישע קראַפט, הגם כ׳האָב שוין געקאָנט זען, אַז פון דער אוידיענץ וועט גאָרנישט ניט אַרויסקומען. „ער איז פאַרמישפּט, אויב ער פאַרלאָזט ניט אָט דאָס שוידערלעכע לעבן, די שוידערלעכע מדינה, און איר, מײַן הער, גיט אים דעם לעצטן טויטקלאַפּ!״

מיר האָבן פאַרלאָזט דעם קאָנסולאַט. באַשע — אין גאַנצן צעשמעטערט, איך — באַזאָרגט בעיקר צוליב איר.

כ'האָב שוין געהאַט גערן באַקומען די יונגע מומע, וואָס האָט אַרויסגע־וויזן אַזוי פיל זאָרג פאַר איר שוואַכן, הילפלאָזן פלימעניקל; וואָס האָט אים נאָך אַנאַנד געבעטן אַכטונג צו געבן אויף זײַנע מאַניערן בײַם טיש און זײַן אָפּגעהיט מיט דער שפּראַך. „ווו האָסטו זיך דערצויגן?" פלעגט זי אויסרופן צעטראָגן און זיך כאַפּן און אָפּדרייען דעם קאָפּ, בכדי צו באַהאַלטן אירע טרערן.

דער געדאַנק צו פאָרן קיין פאַריז — די שטאָט פון ליכט, וועגן וועלכער כ'האָב אַזוי פיל געהערט אין ביאַליסטאָק — האָט מיך אָנגעהויבן צו אינטרי־גירן.

„זע באַשע", האָב איך געזאָגט, „זאָרג ניט! פאָר צוריק קיין פאַריז! איך וועל קומען צו אײַך, און אין גיכן, איך זאָג עס צו."

זי האָט מיך אָנגעקוקט: „דו? וואָס קאָנסטו טאָן אַנטקעגן די באַאַמטע?"

כ'האָב געשמייכלט ווי מ'גיט אַ שמייכל צו אַן אויפגערעגט קינד: „כ'וועל שוין אַ טראַכט טאָן וועגן עפּעס, דו וועסט זען."

באַשע איז אַוועק קיין פאַריז, ווײַל בלײַבן לענגער האָט ניט געהאַט קיין זינען.

„כ'וועל מאַכן אַלע באַמיִונגען בײַ דער פראַנצייזישער מאַכט, מוליאַ, ווען איך וועל קומען אַהיים," האָט זי געזאָגט. „כ'וועל רעדן מיט מײַן מאַנס באַקאַנטע. אויב דאָס וועט ניט העלפן, וועלן מיר עס צעשמירן איבער דער ערשטער זײַט פון יעדער צײַטונג אין איראָפּע. ס'איז אַ חרפּה."

אַ וואָך שפּעטער האָבן בענעק און איך געקלונגען אין טירגלעקל פון באַשעס וווינונג, אויף בולוואַר סט. מישעל, אויפן לינקן ברעג פון סען.

ווי אַזוי האָבן מיר עס געמאַכט? דאָס איז אַן ענין, וועגן וועלכן איך וויל בעסער ניט אָנגעבן קיין פּרטים. לאָזט מיר נאָר זאָגן, אַז אין דער זעלבער צײַט איז אַ פּוילישע מיליטערישע מיסיע אַריבער די דײַטשישע גרענעץ קיין פראַנקרײַך. ווען זי האָט פאַרגעזעצט איר וואַיאַזש נאָכן בלײַבן שטיין אין שטראַסבורג, האָט זי געהאַט מיט צוויי פּאַליאַקן ווייניקער...

באַשע און לעאָ זענען געווען איבערראַשט, ממש אויסער זיך פון פרייד,

אָבער אויך פאַרדאַגהט. מען וועט דאַרפן אויסניצן לעאָס קאָנטאַקטן אין די הויכע פענצטער, כּדי צו לעגאַליזירן מײַן סיטואַציע מיט דער פראַנצייזישער ביוראָקראַטיע. צו מאַכן די זעלבע באַמיִונגען אויך פאַר בענעקן, וועט עס פאַרטאָפּלען די שוועריקייטן. איך האָב ניט אײַנגעזען קיין טעם אין די אַלע פאָרמאַליטעטן.

„מיר זענען דאָ, צי ניט?״ האָב איך געטענהט.

אָבער זיי האָבן זיך געהאַלטן בײַ דעם, אַז מיר מוזן האָבן לעגאַלע דאָקומענטן, און זיי האָט זיך עס ווי ניט איז אײַנגעגעבן צו רעאַליזירן. אונ־דזערע אידענטיטעט־קאַרטן זענען געווען אָפּגעשטעמפּלט מיט דער סיגנאַטור — „אָן בירגערשאַפט״.

ווי נאָר דאָס איז געוואָרן דערליידיקט, האָב איך זיי דערמאָנט זייער צוזאָג וועגן ניקאָן. „מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט, כּדי צו זײַן מיט אײַך — אונדזער וווינונג, אונדזערע באַקוועמלעכקייטן, אונדזערע מאָטאָציקלען. מיר דאַרפן האָבן ניקאָן!״ אָבער דאָס איז געווען איבער זייערע כּוחות אויפצוטאָן.



פּאַריז איז געווען פּרעכטיקער, אײַנדרוקספולער און קאָלאָסאַלער, ווי כ׳האָב זיך געהאַט פאָרגעשטעלט. אירע גערטנער, פּאַלאַצן און קאַטעדראַלן זענען געווען אומגעהײַער אימפּאָזאַנט. דער צוזאַמענטרעף צווישן אייראָפּעס גרעסטער היסטאָרישער הויפּטשטאָט און דעם „שטאָטלאָזן״, אַנאָנימען יוגנט־לעכן, וואָס האָט געקענט די נאָרמאַלע וועלט נאָר אויף דעם ניוואָ פון ביאַ־ליסטאָק און לאַנדסבערג, און לאַנגע רייען פון הילצערנע באַראַקן, וואָלט זיך אַנטוויקלט אין אַ לעבנסלאַנגער געשעעניש. אָבער ווינטער 1946 איז פּאַריז געווען קאַלט, לאַנגווײַליק און פאַראָרעמט; צו דער נאָרמע־צוטיילונג פון שפּייז וואָס איז נאָך געווען אין קראַפט, איז געווען שווער זיך צוצוגעוווינען נאָכן לוקסוס, צו וועלכן כ׳האָב לעצטנס זיך געהאַט צוגעוווינט. מײַן מומע און פעטער האָבן געלעבט אין אַ קליינער, ענגער דירהלע מיט זייער צווײ־יאָריקן זון, פּיער, אַ בדרך־נס געראַטעוועטער מיט זײַן אײַגענעם זכות. ער איז געבוירן געוואָרן אין דעם לעגענדאַרן שטעטל לע שאַמבאָן, אין די בערג פון צענטראַל־פראַנקרײַך, ווו אַ פרומע פּראָטעסטאַנטישע מינדערהייט, אין גאַנצן זיך ניט רעכענענדיק מיט דער גרויסער סכּנה, האָט אונטער דעם

קאַלאַבאַראַטאָרישן ווישי־רעזשים פון מאַרשאַל פּעטען, אויסגעבאַהאַלטן און געראַטעוועט פון די נאַציס עטלעכע טויזנט פּליטים.

דאָרטן האָבן עס באַשע און לעאָ דורכגעמאַכט די לעצטע צײַט פון דער מלחמה. ס׳איז געווען אַ זעלטענער אָאַזיס, וווּ מענטשן האָבן אָן קווענקלעניש געזאָרגט פאַרן קיום פון די ייִדן, אין מיטן אַ סביבה וואָס איז אין איר גרעסטן טייל געווען גלײַכגילטיק צו זייער גורל. דאָ האָבן מײַן מומע און פעטער געבראַכט זייער ערשטלינג אויף דער וועלט, געגנוי אין דער צײַט, ווען דער רוב פון זייערע קרובים האָט זי פאַרלאָזט.

אַזוי ווי ס׳איז פאַר אונדז ניט געווען קיין אָרט אין דער היים, זענען בענגעק און איך אײַנגעקוואַרטירט געוואָרן בײַ פריינד פון דער משפחה. ער — אויף בולוואַר ראַספּאַיל, איך — מיט אַ פּראָפעסאָר פון דער סאָרבאָן, אַנט־קעגן דעם לוקסעמבורגער גאָרטן. צו ביסלעך האָב איך אַנטפּלעקט אַ נײַע פאַרכאַפּנדיקע וועלט.

ביז איצט האָבן די לעקציעס, באַקומענע אין לאַגער, באַווירקט אַלע מײַנע מעשׂים. כ׳האָב געמוזט זײַן האַרטנעקיק, ווידערשטאַנדפעיִק, גלײַכ־גילטיק צו געפילן. דאָס ערשטע מאָל — דורך באַשען מיט לעאָן און זײַערע פרײַנד — האָב איך געלערנט ווי זיך צוצופּאַסן צו אַ נאָרמאַל לעבן. לײַכט איז עס מיר ניט אָנגעקומען. זיי האָבן פון מיר פאַרלאַנגט די אויסטערלישסטע זאַכן: איך זאָל עסן אין רעגולערע שעהען, דרײַ מאָל אַ טאָג; איך זאָל שלאָפן יעדע נאַכט אין מײַן אייגענעם בעט; מיר זאָלן יעדן זונטיק באַזוכן זייערע קרובים; מיר זאָלן באַצאָלן פאַר יעדער נסיעה מיטן אויטאָבוס אָדער מעטראָ...

די רייצנדיקע יונגע פרויען וואָס זענען געווען אַ טייל פון אונדזער נײַעם לעבן, האָבן אונדז לײַכטער געמאַכט דאָס צופּאַסן זיך צו דער רוטין. אין גיכן האָב איך געפירט אַ ליבע מיט איינער פון זיי. זי איז געווען אַ סך עלטער פון מיר, און האָט מיך גערופן: „מײַן ווילדער הירשעלע, וואָס דאַרף דרעסירט ווערן״. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל זי איבערראַשן מיט מײַן וויסן. כ׳האָב אָבער פון איר געלערנט אַ סך מער, ווי זי פון מיר. כ׳האָב זיך אַריבערגעקליבן אין איר ווױנונג און איך מיין, אַז ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען מײַן אויפפירונג איז ניט געווען אָפּהענגיק פון אַן אויסער־לעכן דרוק, נײַערט בלויז פון מײַנע אייגענע אינערלעכע געפילן.

אין אויסטראַליע זענען מײַנע פעטערס נחמן און אלעזר געווען ממש שיכּור פון גליק מיט מײַן פלוצעמדיקן אַרויסשפּרינגען פון ערגעץ־ווו צוריק צום לעבן, און זיך פּשוט אָנגעזעצט אויף מיר, איך זאָל באַלד אַריבערקומען צו זיי. כ׳בין ניט געווען קעגן דעם געדאַנק צו עמיגרירן אין דעם נײַעם קאָנטינענט, ווײַל קיין אײגענע מעלות זיי האָבן אַזוי פֿײַן באַשריבן. זיי האָבן געוווּסט, אַז בענעק האָט מער ניט קיינעם אויף דער וועלט, און געווען גרייט אויך אים אַריבערצוברענגען. זיי האָבן אויך צוגעזאָגט טאָן וואָס זיי וועלן קאָנען פאַר ניקאָן.

ס׳איז געווען גוט צו געניסן פון באַשעס און לעאָס וואַרעמער באַציִונג, און די פרייד פון דער ערשטער ליבע איז געווען אַ נײַ און טיף געפיל. כ׳האָב אָבער געהאַט פאַרקויפט אַלע מײַנע ניט כּשר דערוואָרבענע ווערטזאַכן און ס׳איז מיר נימאס געוואָרן צו זײַן אָן געלט. די בעסטע באַשעפטיקונג וואָס מײַן מומע האָט געקאָנט פאַר מיר געפינען, איז געווען אַנטוויקלען פילמען אין אַ טונקעלער לאַבאָראַטאָריע פון אַ פאָטאָגראַפיע־סטודיאָ; און פאַר בענעקן — אַ פּאָסטן אין אַן עלעקטרע־געשעפט, זיך צו לערנען פאַרריכטן ראַדיאָס. איך שטעל זיך פאָר, אַז באַשע און לעאָ האָבן זיך געווינטשן, אַז די צוויי פאַרדאָרבענע יִונגלעך זאָלן זיך אויסלערנען עפּעס אַן אַרבעט און זיך האַלטן אויף סטאַבילע שטעלעס. אָבער מיר האָבן זיך אַנדערש פאַרגע־שטעלט אונדזער צוקונפט. מיר האָבן דורכויס געדאַרפט אַ פּאָר מאָטאָציקלען, געדאַרפט „לעבנסרוים״. און מער פון אַלץ האָבן מיר געדאַרפט ניקאָן. איך האָב געשריבן צו מײַנע פעטערס אין אויסטראַליע, אָנגעבנדיק ווידער מײַנע באַדינגונגען בײַם געבן די הסכּמה צו קומען צו זיי.

אויף די פּאַפּירן האָט מען ניט געדאַרפט לאַנג וואַרטן; ס׳איז אָנגעקומען דער בילעט מיט געלט אויף דער נסיעה; כ׳האָב געדאַרפט פאָרן קיין סאָוט־העמפּטאָן און אַרויפגיין אויף אַ הידראָפּלאַן, וואָס וועט אין עטאַפּן מיך ברענגען קיין מעלבורן. מיר האָבן זיך געזעגנט, באַשע, לעאָ, בענעק און איך. מײַן שיידן זיך פון „איר״ איז געווען שווער, אָבער זי האָט גוט געוווּסט, אַז אונדזער פאַרבינדונג וואָלט סײַ ווי לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, און אירע טרערן האָבן זיך גיך אויסגעטריקנט.

ווי אויף אַ פילם־טאַשמע איז דאָס פראַנצייזישע אַגראַרלאַנד פאַרבײַ־

געפלויגן פאַר מײַן פענצטער אין צוג. דער ענגלישער קאַנאַל האָט געשוימט פון אונטן. אַ צוג, אין גאַנצן אַן אַנדערער, ווי אַלע צוגן, וועלכע האָבן מיך געפירט פאַר דעם, האָט זיך אַרײַנגעגליטשט אין אַ באַנסטאַציע, און אַ טעקסי־שאָפער — ענטפערנדיק אויף דעם איינציקן ענגליש, וועלכן כ׳האָב געקאָנט צונויפנעמען: „האָטעל, ביטע,״ האָט מיך געשלײַדערט איבער דעם מלחמה־צעשטערטן ענגלאַנד צו אַ פּאַלאַץ, וועמענס לוקסוס האָט ווײַט איבערגעשטיגן אַלץ, וואָס כ׳האָב נאָר ווען ניט איז געזען. ס׳איז געווען דער „מייפער־האָטעל״ אין באַרקליי־סקווער. כ׳האָב זיך געכאַפּט אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָך דעם ווי מ׳האָט מיר דערלאַנגט די רעכענונג אויף אַ זילבערנעם טאַץ, אַז דער שאָפער האָט מיך אָפּגעשאַצט לויטן שניט פון לאַנדסבערגער בגדים און דעם שווערן גאָלדענעם זייגער מיט דער קייט. איך האָב באַלד פאַרריכט דעם פעלער, פאַרזעצנדיק דעם גרעסטן טייל פון מײַן פאַרמעג, און זיך אַריבערגעקליבן אין אַ גאָר ביליקן האָטעל אויף ראַסל־סקווער, פאַר וועלכן זיי האָבן גערעכנט פינף שילינג און זעקס פּענעס אַ טאָג, מיט פרישטיק.

דאָס טונקעלע גרין פון דער ענגלישער פּראָווינץ האָט זיך פאַר מיר צעעפנט, פאַרנדיק מיטן אויטאָבוס קיין סאַוטהעמפּטאָן, ווו אַ גרויסער וואַסער־פויגל האָט געוואַרט כּדי מיך אַרויפצונעמען. כ׳האָב צוגעפּעסטיקט מײַן זיכערקייט־גאַרטל, גרייט אָוועקצופליִען אויף אַן אַנדער פּלאַנעט. אָן פאַר־דראָס האָב איך געהאַלטן בײַם פאַרלאָזן דעם פּסיכאָטישן און זעלבסטמער־דערישן קאָנטינענט פון אייראָפּע אויף אייביק. אַ גרויסער אָפּגרונט האָט זיך גענומען שאַפן צווישן מיר און מײַן עבר.

אין מײַן מאַנטל־קעשענע האָב איך געהאַט אַ בריוו פון ניקאָן. כ׳האָב אים נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט אין עראָפּלאַן. אויף זײַן איראָנישן אופן האָט ער געשריבן וועגן די לעצטע נייעס אין לאַנדסבערג. פילנדיק זיך שולדיק, האָב איך אָבער געמוזט מודה זײַן, אַז די איינצלהייטן פון דעם וואָס איז ביז ניט לאַנג געווען מײַן גאַנץ לעבן, האָבן מיר איצט אויסגעזען ווײַט, מטושטש, אַ טייל פון דעם, וואָס איך בין געווען צופרידן איבערצולאָזן הינטער זיך.

# 6

מיר זענען געפלויגן איבער נעפּאַל, קאַהיר, טעהעראַן, קאַראַטשי, ניו־דעלהי, באַנקאָק. איינע נאָך דער אַנדערער, שטיקנדיקע שטעט און פּאָרטן, פול מיט אַזיאַטישע אויסטערלישקייטן, זענען דערשינען פאַר מײַנע פאַר־חידושטע אויגן. כ׳האָב צעעפנט דאָס מויל. יעדע סטאַציע ברענגט מיר אַלץ מער און מער צום באַוווסטזײַן, אַז איך בין אָפּגעריסן געוואָרן פון אייראָפּע — דער איינציקער באָדן וואָס כ׳האָב ווען עס איז געקענט — דורך אַ נסיעה אָן אַ צוריק. דאָך, מײַן מאַמעס היילקסטער ווונטש ווערט מקוים. אין צוויי טעג אַרום וועל איך זײַן אין אויסטראַליע.

די זון האָט געגומען פאַרגיין, ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין אײַנ־גאַנג פון סינגאַפּור, און כ׳האָב באַטראַכט דורכן פענצטער די טראָפּישע לאַנדשאַפט. ווען כ׳האָב געטראָגן מײַן וואַליזקע צום אויטאָ, וואָס האָט אונדז געדאַרפט נעמען צו אַ האָטעל אויף איבער נאַכט, פאַרן אָפּפליִען קיין מעלבורן, האָב איך באַמערקט אַן אימפּאַזאַנטע מאַסיווע פיגור, אַ זיבן מעטער ווײַט איבערן וועג. אין זײַן קליידונג און באַנעמונג — אַן ענגלישער דזשענטלמען. ער האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט אַ פּאָר אָנגעצילטע אויגן.

כ׳בין געבליבן שטיין. ניין, ס׳איז ניט קיין טעות: דאָס איז ער! איך האָב אים דערקענט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס איך בין געווען נאָר אַכט יאָר אַלט, ווען ער האָט פאַרלאָזט ביאַליסטאָק.

דער מאַן וואָס האָט איצט געמאַכט עטלעכע וואַקלדיקע טריט צו מיר, זײַנע בלאָנדע האָר, צעשויבערט פון ווינט, זײַנע גרין־בלויע אויגן אָנגע־שטעלט אויף מיר, זײַן פּנים, פאַרשטיינערט פון געפיל, איז געווען פעטער נחמן, מײַן מאַמעס ברודער. „דאָס ביסטו,״ האָט ער געזאָגט.

ער איז געשטאַנען פאַר מיר, דער פעלדז, די משפּחה־לעגענדע, וואָס האָט פאַרויסגעזען אונדזער גרויליקן גורל, וועמענס תּחנונים אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן פּוילן, ווי ער האָט עס געטאָן, האָבן ניט געהאָלפן. ער האָט געשאָקלט

מיטן קאָפּ, וועלנדיק באַזײַטיקן פון זײַן בליק דעם ספק. ער איז געווען אויפגעציטערט, אַרומגעמענדיק מיך. ער האָט געוויינט. איך בין געווען אין אַ קלעם.

מיר זענען דאָרטן געשטאַנען אַ לאַנגע צײַט. ער האָט ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ: „ס'איז טאַקע דו". ער האָט אויסגעווישט די אויגן מיט אַ טיכעלע און אומבאַקוועם אַ שמייכל געטאָן. ער האָט אַרויפגעלייגט זײַן אָרעם אויף מײַן פּלייצע און אויפגעהויבן מײַן וואַליזקע.

„לאָמיר גיין," האָט ער געזאָגט אויף ייִדיש מיט אַ פעסטער שטים.

„איך בין געפלויגן קיין סינגאַפּור צו האָבן מיט דיר אַ שמועס."

„זייער ביליק, מײַן לאָרד! איך נעם אײַך אומעטום! זייער ביליק!"

אַ ריקשע האָט געצויגן מײַן פעטער פאַרן אַרבל. אַ שקלאַף, אַ פערד? איך האָב געמיינט, אַז אַזעלכע מענטשן האָבן געלעבט נאָר אין עבר.

פעטער נחמן האָט גערופן אַ טעקסי. „ראַפל-האָטעל," האָט ער געזאָגט. „ראַפל," האָט ער צוגעגעבן ווי כּדי אויסצופילן צײַט, „איז אַ לאַנדצייכן פון דער בריטישער אימפּעריע אין אָט דעם וועלטטייל."

„מיר וועלן נאָך שמועסן." אַ רגע האָט ער געשוויגן, אַ פאַרטראַכטער. „נאָר איין מאָל, ניט מער. נאָך דעם וועלן מיר אַלצדינג פאַרגעסן, אַבסאָלוט אַלץ, וואָס איז געוואָרן געזאָגט. איך וויל זאָלסט אָנקומען אין אויסטראַליע נאָר מיטן אָנהייב פון דײַן נײַ לעבן."

*

נחמן און איך האָבן געהאַט אין האָטעל באַזונדערע צימערן. ער איז געזעסן אין מײַנעם נאָכן אָוונטברויט, אויספרעגנדיק מיך.

כ'האָב געזען, אַז ער האָט זיך געפילט שולדיק פאַרן ניט האָבן גענוג געטאָן צו ראַטעווען אונדזער משפּחה, פון וועלכער דער איינציקער לעבן־געבליבענער איז איצט געזעסן אַנטקעגן אים, און פאַרן ניט האָבן אַליין געליטן. איך האָב אײַנגעזען, אַז פאַר אים בין איך געווען אַ סימבאָל, אַ ווערטפולער איבערבלײַב פון דעם, וואָס ס'איז געווען אַ מאָל. זײַנע פּרעציזע, דרינגלעכע פראַגעס, זײַן טראַגישער בליק האָבן מיך אַרײַנגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. איך האָב געקלערט, אַז אומזיסט שטראָפט ער זיך, אַז ס'איז

קיין פּעולה ניט צוצוגעבן נאָך ליידן צו די אַלע ליידן, וואָס מ׳האָט געהאַט ביז איצט. אויסער דעם האָב איך ניט געוואָלט רעדן וועגן יענע זאַכן. כ׳האָב שוין געהאַט גענוג גערעדט וועגן זיי מיט באַשען און לעאָן. האָב איך ניט געוואָלט רעדן וועגן זיי אויך מיט נחמנען.

די נאַכט איז געווען אַ הייסע און פּייכטע. מיינע ענטפערס זענען געווען אַלץ מער אויסמיידנדיקע, און מיין דעפּרעסיע איז געוואָרן אַלץ גרעסער. איך בין געווען יונג. כ׳האָב געוואָלט לעבן, פאַרגעסן. כ׳האָב זיך ניט ליב געהאַט ווי אַן אָביעקט פון הייליקייט. דער עבר איז געווען אַוועק, און שוין.

פּעטער נחמן האָט געפילט, אַז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג. מיר זענען געזעסן אַ לאַנגע צייט אין אַן אומבאַקוועמער שטילקייט. אין דרויסן איז די נאַכט צוגעפאַלן און די ליכטער פון פּאָרט האָבן געפינקלט אויפן וואַסער.

„דו געדענקסט דיין פריינד קניאַזיעוו?" האָב איך געפרעגט. כ׳האָב אים געוואָלט ווייזן, אַז ניט אַלץ וועגן אים איז געווען אומווירקעוודיק, אַז ער האָט געבראַכט נוצן, אַפילו פון דער ווייטנס.

„קניאַזיעוו? געוויס — מיין בעסטער פריינד! ווען האָב איך אים געזען צום לעצטן מאָל? יאָ, אין ביאַליסטאָקער ספּאָרטקלוב אין 1937, פּונקט פאַר מיין אַוועקפאָרן."

„ער האָט אונדז געראַטעוועט דאָס לעבן."

כ׳האָב אים געזאָגט ווי אַזוי די עס־עס האָט געשטורעמט די ביאַליסטאָקער געטאָ און ווי מיין מאַמע מיט פרידעלען און איך זענען געלאָפן בעת דער שחיטה ביז צו די טויערן פון אַלטן שפּיטאָל.

„דאָרט איז געווען קניאַזיעוו, ער האָט זיך באַמיט איינצושטילן דעם עולם, וואָס האָט זיך געריסן אַריינצוגיין אינעווייניק. די מאַמע האָט אויסגעשריִען צו אים: ,איך בין די שוועסטער פון נחמן סוכאָוואָלסקי!' קניאַזיעוו האָט עס דערהערט און באַלד געמאַכט אַ וועג דורכן עולם פאַר אונדז דריי אַריינצוגיין אין שפּיטאָל."

פּעטער נחמן האָט אויסגעהערט, אַ פאַרשטיינערטער.

„דאָס איז געווען אונדזער לעצטע נאַכט צוזאַמען. צו מאָרגנס האָבן די עס־עס אונדז אָפּגעטיילט, און כ׳האָב ניט... כ׳האָב קיין מאָל..."

ס׳האָט מיר עפּעס געגעבן אַ דריי אין בויך. כ׳האָב געפילט אַ ניט־

גוטקייט און בין צוגעגאַנגען צום אָפֿענעם פֿענצטער. אין דער נאַכט האָט זיך געפֿילט אַן אָנגענעמער טראָפּישער ריח. כ׳האָב אים אײַנגעאָטעמט און זיך געפֿילט בעסער. נײַן, צום טײַוול! כ׳האָב ניט אונטערגענומען די אויסטראַליער רײַזע, כּדי ווידער דורכצולעבן דאָס אַלץ! כ׳האָב געקוקט אויפֿן פּעטער נחמן — צונויפֿגעקאָרטשעט אין פֿאָטעל, זײַן בליק ערגעץ פֿאַרטראָגן, און בין אַרויס פֿון צימער.

אין קאָרידאָר האָב איך געהערט מוזיק און, נאָכפֿאָלגנדיק דעם קלאַנג, אַראָפּגעקומען אין נאַכטקלוב פֿון האָטעל. ער איז געווען כּמעט ליידיק. אויף אַ קליינער סצענע לעבן טאַנץ־אָרקעסטער האָט אַן אַזיאַטיש מיידל געזונגען. זי איז געווען שיין און האָט געטראָגן אַ העל־פֿאַרביקן סאַראָנג, צוגעקניפּט מיט חן און איינפֿאַל אַרום אירע היפּטן. כ׳האָב זיך געזעצט בײַ אַ נאָענטן טיש, אַרויסווײַזנדיק איר מײַן באַוווּנדערונג, און זי האָט צו מיר געשמייכלט, ווען אונדזערע בליקן האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן. כ׳האָב געבעטן דעם מאַלײַער קעלנער פֿרעגן, צי זי וועט וועלן צוקומען עפּעס טרינקען מיט מיר. דער קעלנער האָט געזאָגט, אַז זי טרינקט ניט מיט די קליִענטן אין נאַכטקלוב, אָבער שפּעטער, אויב איך וויל...

אויף מאָרגן בײַם פֿרישטיק, איז פּעטער נחמן געווען צוריקגעצויגן און אָנגעשפּאַנט. איך, אָבער, האָב זיך געפֿילט פֿרײַער, אָפֿנהאַרציקער, הנאה האָבנדיק פֿון אַ גוטער סעודה מיט פּאַפּאַיאַ, מאַנגאָ, פּאַסיפֿלאָראַ־פֿרוכט און אַנדערע זאַכן, וואָס כ׳האָב אַפֿילו ניט געוווּסט אַז זיי עקסיסטירן אויף דער וועלט.

מײַן שטיקל אַוואַנטורע פֿון דער פֿאַרגאַנגענער נאַכט מיטן איצטיקן הנאה האָבן פֿון אַ געשמאַקן מאָלצײַט, האָבן אָפּגעשטופּט דעם פּײַניקנדיקן עבֿר, ווו ער דאַרף זײַן, און מיר געהאָלפֿן ווי געהעריק אָפּצושאַצן דעם פֿילעוודיקן קרובֿ מײַנעם מיט די אַנטשלאָסענע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם לאַנגן וועג פֿון מעלבורן קיין סינגאַפּור, כּדי צו קאָנען אַרויסבאַקומען פֿון מיר דעם גאַנצן גרויל און מער ניט צו דאַרפֿן פּײַניקן זיך מיט דעם אין אויסטראַליע. מײַן באָבע איז געווען זײַן מאַמע, מײַן מאַמע איז געווען זײַן שוועסטער, און ער האָט געהאַט דאָס פֿולע רעכט אויף זײַן טייל אין דעם פּײַן און פֿאַרביטערונג, וואָס האָט זיך בײַ מיר אָנגעקליבן

טראָפּן פֿאַר טראָפּן. כ׳האָב באַשלאָסן, ער זאָל עס האָבן, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל.

דורך וואָרט און זשעסט האָב איך אים איבערגעגעבן מײַן געענדערטן געמיט־צושטאַנד, און ער, מיין איך, האָט עס באַנומען און באַדויערט דעם דרוק, וועלכן ער האָט געהאַט אויף מיר געמאַכט נעכטן אָוונט. פֿון דעם פֿרימאָרגן אָן, איז געקומען אַן ענדערונג אין זײַן באַציִונג צו מיר. איך מיין, אַז ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט מיך געהאַט באַטראַכט ווי אַ סימבאָל, וואָס איז געווען קעגן מײַן ווילן ; איך בין געווען אַן אינדיווידו מיט אַן אייגע־נער אינערלעכער רעאַליטעט און אויסנעמלעכקייטן. פֿון דעם מאָמענט אָן און ביז אונדזער אָנקומען צו די אויסטראַלישע וואַסערן אין דער פּרעכטיקער צעשפּרייטקייט פֿון סידניי־פּאָרט, האָבן נחמן און איך גערעדט אומגעצוימט. אין משך פֿון דרײַ טעג האָב איך אים באַוויזן צו דערציילן אַ גרויסן טייל פֿון דעם, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן.

אין מעלבורן האָט דער ערשטער מיך מקבל־פּנים געווען פּעטער אלעזר, מײַן מאַמעס צווייטער ברודער, וואָס האָט פֿאַרלאָזט ביאַליסטאָק, פֿאַרנדיק שטודירן אין פֿראַנקרײַך, ווען איך בין נאָך געווען אַ זויגקינד. פּעטער אלעזר האָט געהאַט די שאַרפֿסטע און פֿלאַמענדיקסטע אויגן, וואָס כ׳האָב ווען עס איז געזען. אַזוי ווי ער איז געווען אַ בחור, האָט מען געהאַלטן, אַז ס׳וועט זײַן בעסער, איך זאָל זײַן בײַ פּעטער נחמן און מומע רחל, וואָס האָבן געהאַט צוויי קינדער — זיי וועלן מיר געבן דאָס געפֿיל פֿון אַ משפּחה.

אויסטראַליעס שיינקייט האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק — אירע פֿײַן שמעקנ־דיקע אייקאַליפּט־ביימער, איר אויסערגעוויינטלעך ווילדע נאַטור, אירע באַזווּנע און מילדע אוראַלטע אײַנוווינערס, איר ריזיקער מידבר און „בוש״־וועלדער, אירע אומענדלעך לײַדיקע ים־ברעגן, אַרומגעוואַשענע פֿון לײַכטע כוואַליעס. אָבער נאָך עטלעכע וואָכן, איז מײַן אינערלעכע אויפֿרודערונג צוריקגעקומען. ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז די צוויי ברידער זאָלן פֿאַרבעטן קרובים און פֿרײַנד צו זען זייער פּלימעניק, וועלכן זיי האָבן אַרויסגעריסן פֿון הייסן אַש פֿון אייראָפּע. כ׳האָב זיך געפֿילט שלעכט אויף די אָנסופֿיקע צוזאַמענטרעפֿן, ווּ מען האָט מיך אויסגעשטעלט ווי עפּעס אַן אויסטערלישן עקספּאָנאַט, אַ מין מאָנומענט, וואָס דער עולם האָט געזאָלט באַוווּנדערן. דערצו איז דאָס

לעבן בײַ פעטער נחמן און מומע רחל געווען אַ סך מער היימיש־באַשרענקט ווי בײַ באַשען און לעאָן, און צו שטיל פאַר מײַן געשמאַק. נחמן האָט געוואָלט, כ׳זאָל ווערן צוריק אַ קינד. ווען איך בין איין פרימאָרגן געגאַנגען נעמען זײַן ראַזיר־אַפּאַראַט, האַלטנדיק אַז ס׳איז שוין צײַט זיך אָנצוהייבן ראַזירן, האָט ער געקוקט אויף מיר פאַרכמורעט און געזאָגט: „איך ווייס, אַז דו האָסט געלעבט מער ווי אַ סך דערוואַקסענע, אָבער וואָס איז די אײַלעניש? דו האָסט נאָך צײַט.״ ער האָט געוואָלט, כ׳זאָל צוריקכאַפּן די אַלע יאָרן, וועלכע מ׳האָט בײַ מיר צוגעזולט. אָבער איך בין איצט געווען זיבעצן יאָר אַלט.

„ווו איז בענעק?״ האָב איך געפרעגט מײַנע פעטערס. „איר האָט צוגעזאָגט אים אַריבערצוברענגען!״

„מיר טוען עס,״ האָט געזאָגט פעטער אלעזר. „מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט שטאַכעלבערגן, דעם אַלטן מאַן פון בריסל, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער איז געווען דו. פאַר וואָס זאָלן מיר ניט טאָן דאָס זעלבע פאַר דײַן בענעקן?״

„ער וועט דאָ זײַן גאָר אין גיכן,״ האָט געזאָגט פעטער נחמן. „דערווײַלע האָבן מיר געקלערט, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צײַט דיך צו שיקן אין שול אַרײַן.״

„איך וואָלט בעסער געוואָלט אַ מאָטאָציקל.״

„דו קאָנסט פירן דעם ,ביויק׳, ווי נאָר דו קריגסט אַ פירער־דערלויבעניש.״

„איך דאַרף ניט קיין פירער־דערלויבעניש. איך האָב שוין געפירט אויטאָס.״

זיי האָבן זיך געמאַכט ניט הערנדיק די פּוסטע גאווה.

ערשט איצט זע איך און שאַץ אָפּ דעם טאַקט און די אַנטשלאָסנקייט, וועלכע זיי האָבן אַרויסגעוויזן אין דעם, וואָס זיי האָבן באַטראַכט ווי אַ הייליקן חוב צו ראַטעווען דעם זון פון דודן און עלקען פון דער אוממענטשלעכער ירושה, ווײַל אויב ניט — וואָלט זי דערשטיקט זײַן לעבן.

„מיר האָבן אײַנגעאָרדנט אַ צוזאַמענטרעף אויף מאָרגן פרי,״ האָט דערקלערט פעטער נחמן. „שוין זעקס יאָר, ווי דו האָסט קיין בוך ניט געעפנט. מיר מוזן זען וואָס צו טאָן.״

פּראָפעסאָר דזשאָרדזש טיילאָר האָט אָנגעפירט מיט אַ ספּעציעלער שול

פֿאַר הינטערשטעליקע. זיצנדיק אין זײַן ביוראָ צווישן מײַנע צוויי פּעטערס, וואָס האָבן אים אין קורצן דערציילט וועגן מײַן פֿײַנפֿול לעבן, האָב איך צוגעשמייכלט, שפּירנדיק זײַן דורכדרינגענדיקן בליק. פּעטער אלעזר האָט אים עפּעס געזאָגט, און דערנאָך האָט פּעטער נחמן עפּעס געזאָגט און דער פּראָפעסאָר האָט דערנאָך גערעדט, זייער ערנסט און קלאַפּנדיק מיט די פֿינגער אין טיש. כ׳האָב חושד געווען, אַז ער איז ניט געווען זיכער, צי ער וועט קאָנען מיט מיר זיך פֿאַרנעמען, און צי מײַן פֿאַל איז ניט אין גאַנצן פֿאַרלוירן, ווי איך האָב עס זיך געהאַט פֿאַרגעשטעלט.

פּעטער אלעזר האָט ווידער גערעדט מיט גרויס ברען און פּעטער נחמן האָט אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג אין אַן ענלעכן טאָן. זיי האָבן זיך באַמיט צו איבערצײַגן דעם פּראָפעסאָר, אַז אויב אַפֿילו אַ פֿולשטענדיקע רעהאַבי־ליטאַציע איז אוממעגלעך, טאָר מען ניט לאָזן אָפּשטאַרבן דאָס, וואָס לעבט נאָך אין מיר. ער, דזשאָרדזש טיילאָר, אַן עקספּערט אין אַזעלכע ענינים, מוז מיר געבן אַ מינימום פֿון דערציִונג.

איך געדענק דעם אויסטראַליער פּעדאַגאָג, וואָס האָט גוט איבערגע־קלערט, צי מיט דעם יוגנטלעכן קאָן מען נאָך עפּעס אויפֿטאָן, אָדער מען דאַרף אויף אים אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, ווי דער קאָלאָנעל פֿון דער אַמעריקאַ־נער אַרמיי האָט געהאַט רעקאָמענדירט מײַן מומע באַשע. ער האָט מסתּמא געהאַט דעם חשד, אַז דאָס וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אין אַזאַ יונגן עלטער און אויף אַזאַ לאַנגן צײַטאָפּשניט, האָט מיך דערבראַכט צו אַ פּונקט, פֿון וועלכן ס׳איז ניטאָ קיין צוריקקער. מעגלעך, אַז ער האָט געספּקט, צי זײַן וויסנשאַפֿט קאָן זיך בכלל פֿאַרמעסטן מיטן דאָזיקן עקסטרעמען פֿאַל.

ער האָט ווידער גערעדט, און מײַנע פּעטערס האָבן געשמייכלט און ווי מסכּים זײַענדיק, געשאָקלט מיטן קאָפּ. אין דער אמתן האָב איך קיין מאָל ניט געהאַלטן מײַן פֿאַל פֿאַר פֿאַרצווייפֿלט, אָבער איצט האָב איך זיך געפֿילט, ווי איך וואָלט נאָך אַ מאָל אַדורכגעגאַנגען אַ „סעלעקציע״.

„דאָס איז אַ באמת אויסערגעוויינטלעכער פֿאַל,״ האָט געזאָגט דזשאָרדזש טיילאָר. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן צו דריקן די הענט. „זײַן גורל רירט מיך שטאַרק. מיר וועלן זען. אפשר וועלן מיר קאָנען אַרויסקומען מיט אַ ספּעציעלן פּראָגראַם.״

איך האָב געזאָלט אָנהייבן דעם קומענדיקן פּרימאַרגן, אָבער ער האָט ניט געהאַלטן, אַז ער וועט קאָנען מיך אַרײַנגעבן אין אַ באַשטימטן קלאַס. אָנשטאָט דעם וועל איך באַקומען פּריוואַטע לעקציעס. ערשטנס, וועל איך דאַרפֿן אָנהייבן לערנען אַ ביסל ענגליש.

פֿרײַלין דאַראָטי לאָקווּד, מײַן לערערין, איז געווען אַ פּאַרקרימטע אַלטע מויד, אָבער איך האָב געהאַט פּעסט באַשלאָסן איר צו ווײַזן — און אויך דעם פּראָפֿעסאָר און מײַנע פֿעטערס — אַז איך בין ניט געווען אַזוי צוריקגעשטאַנען, ווי זיי האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט. כ׳האָב זיך אַרײַנגעטאָן אין די לימודים ווי איך בין אַ מאָל געווען אַרײַנגעטאָן אין איבערקליגן מײַנע לאַגער־וועכטערס און אין פֿאַרקויפֿן אונדזערע „אמתע בראַזיליאַנער קאַווע״. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט פֿרײַלין לאָקווּד געבעטן דעם פּראָפֿעסאָר טיילאָר זי צו באַפֿרײַען פֿון אירע אַנדערע פֿליכטן, כּדי זי זאָל קאָנען שענקען בלויז מיר איר גאַנצע צײַט.

איך שטעל זיך פֿאָר, אַז דער פֿאַרדראָס וואָס האָט דערבראַכט בענעקן און מיך צו בעטן דעם ווערמאַכט־אָפֿיציר אין לאַנדסבערג אונדז עפּעס אויסצולערנען, האָט ווידער אויפֿגעוואַכט אין באַדינגונגען, אין וועלכע דער מאַנגל אין מײַן בילדונג האָט באַזונדערש בולט זיך געלאָזט מערקן. און אפֿשר האָבן געוויסע ירושה־שטריכן וואָס זענען געוואָרן אָפּגעפּליקט ווי בלומען, זיך איצט ווידער אַנטפּלעקט נאָך אַ טיפֿן ווינטערשלאָף?

יעדן פֿאַלס האָט דאָס מאָל דער דאָרשט צו לערנען אָנגעהאַלטן. אַ פּאָר וואָכן פֿאַר מײַן אַכצעטן געבוירן־טאָג, בין איך אַרײַן אין אַ נײַער, וויכטיקער פֿאַזע פֿון מײַן לעבן.

נאָך זעקס יאָר לעבן ווי אַ חיה, שפּירעוודיק בלויז צום פֿיזישן און מאָמענטאַלן, אָפּגעשניטן פֿון גײַסטיקער שפּײַז, בין איך אַרײַן אין אַ קאָפּ־שווינדלערישער התפּעלות פֿון פֿרײַלין לאָקוודס אַנטציקונג מיט מײַן הצלחה אין לערנען און פֿון די צופֿרידענע בליקן פֿון מײַנע פֿעטערס.

פֿאַרכאַפּט פֿון אַן עכטן חשק, האָב איך זיך אָפּגעגעבן מיטן לערנען ענגליש. כ׳האָב געוווּסט, אַז פּראָפֿעסאָר טיילאָר האָט אין בעסטן פֿאַל, מער ניט דערוואַרט ווי אײַנפּויקן אין מיר אַ פּראַקטישן ווערטער־אוצר, אַן אימי־גראַנטן־ענגליש, גענוג צו קאָנען געפֿינען אַרבעט און זיך האַלטן בײַ אַ מלאָכה.

אין עטלעכע חדשים האָב איך פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט.

אין משך פון אַ יאָר האָב איך אַנטדעקט סודות פון דער שפּראַך, וואָס ער האָט זיך קיין מאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז כ׳וועל צו זיי דערגיין. די ענגלישע שפּראַך און דורך איר, די שטאָלצע ירושה פון דער ענגליש־ריידנ־דיקער וועלט, איז גאָר גיך געוואָרן מײַנע אַן אייגענע. דערפאַר וואָס מײַנע לײדן זענען קיין מאָל ניט געווען געבונדן מיט דער ענגלישער שפּראַך, איז זי אויך געוואָרן פאַר מיר אַן אויסגעצייכנט געצײַג צו דער וועלט פון וויסן — אַ געצײַג וואָס האָט ניט געטראָגן מיט זיך דעם עמאָציאָנעלן באַגאַזש און די אימה פון מײַן גרוילפולן עבר, ווי די אַנדערע שפּראַכן וואָס כ׳האָב געקענט.

כ׳האָב באַלד אָנגעהויבן באַזוכן אין שול די לעקציעס פון געשיכטע, געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק און אַנדערע לימודים, צוזאַמען מיט די אָרטיקע אויסטראַלישע ייִנגלעך.

מײַן מוח האָט אײַנגעזאַפּט וויסן, ווי אַן אויסגעטריקנטער שוואָם. כ׳האָב זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו דערלערנען אין דער קירצסטער צײַט, וואָס נאָר מעגלעך, אַלץ וואָס כ׳האָב געדאַרפט דערוווערבן בהדרגה זינט דעם עלטער פון צוועלף יאָר. כ׳בין געווען אַזוי פאַרביסן אין דעם, אַז מײַנע פעטערס האָבן מיך שוין גענומען פרעגן, צי איך וואָלט ניט וועלן מאַכן אַן איבעררײַס, פון צײַט צו צײַט: אַרײַנגיין אין אַ קינאָ, אויף אַ קאָנצערט אָדער גיין טאַנצן. ניין! איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ פאָטעל און זיך פאַרנומען מיט דיקענסן, אָדער געבראָכן זיך דעם קאָפּ איבער שעקספּירן, אָדער אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק מילטאָנס „דער פאַרלאָרענער גן־עדן״, אָדער „דער געטיסבורגער אַדרעס״, פּונקט ווי מײַן לעבן וואָלט דערפון געווען אָפּהענגיק. איך האָב גענומען צו הילף פעטער נחמנס נײַניאָריקן זון, שׂמחה, און געלייענט אים אויסצוגן אויפן קול. איך האָב צו אים געזאָגט:

„איך וויל, דו זאָלסט זיך צוהערן. פאַרריכט מיך, ווען איך רעד עפּעס אַרויס פאַלש.״

זײַענדיק אַ ביסל אײַנגעשראָקן פון דערווילדקייט פון אויסטערלישן קרוב, פלעגט דאָס נעבעכדיקע קינד פון צײַט צו צײַט אומדרייסט אויפהייבן זײַן הענטל.

„יאָ ?"

„נאָר אַ קליינער פעלער. אין דער אויסשפּראַך."

„גוט. אין וועלכן וואָרט ?"

שעהען האָב איך אים געהאַלטן פאַרשפּאַרט. אײן טאָג האָט ער באמת אויפגעהויבן זײַן האַנט.

„יאָ ?"

„איך וויל אַרויסגיין זיך שפּילן !"

איך האָב געזען, אַז ער האָט געהאַלטן בײַ וויינען. „גוט. אָבער פאַרגעס ניט, מאָרגן, אין דער זעלבער צײַט".

איצט האָב איך מאָביליזירט פעטער אלעזר. האָבנדיק געשטודירט מאַ־טעמאַטיק און געניוע וויסנשאַפטן אין פּאַריז, איז ער געווען בקי אין אַריט־מעטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע, כעמיע און פיזיק און האָט מיר זיי אַזוי גוט אויסגעלערנט, אַז אין גיכן האָב איך איבערגעשטיגן די אַנדערע יינגלעך אויף די לימודים.

כ׳האָב צו מאָל געטראַכט, אַז מײַן לעבן איז אַרײַן אין אַ בלינד געסל. פיזיש האָב איך זיך געראַטעוועט, איך האָב געאָטעמט, אָבער היטלער האָט פון זײַן קבר אַרויס געפּלאָנירט מײַן גײַסטיקן און מאָראַלישן חורבן. דער קאַמף אויף איבערצולעבן איז ווידער אָנגעגאַנגען, איבערלעבן דורך לימודים. ס׳האָט געדאַרפט ווערן געפירט מיט דער זעלבער דעצידירטקייט, מיט דער זעלבער עקשנות.

אײן מאָל האָט פעטער אלעזר אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון אַלגעברע־בוך. ער האָט געמאַכט אַ הפסקה.

„ווען דו זיצסט אַזוי פאַררייטלט," האָט ער געזאָגט, „שײַנענדיק מיט דײַנע אויגן, גיסטו מיר אַ געפיל, אַז מײַן שוועסטער איז ווידער בײַם לעבן. אין דײַן עלטער האָט זי געהאַט דעם זעלבן חשק צום לערנען."

דאָס איז געווען אַן אײן און אײנציק מאָל, וואָס ער האָט זיך דערלויבט אַרויסצוברענגען דעם עבר אין מײַן בײַזײַן.

*

אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז מיט אַ שיף אָנגעקומען בענעק. ער האָט געהאַט אַ קבלת־פּנים ווי אַ מיטגליד פון דער משפחה, איז אַרײַן וווינען אין

דער דירה פון דעם ניט חתונה־געהאַטן פעטער אלעזר, און מ׳האָט אים גענומען צו פּראָפעסאָר טיילאָר. האַלב מיט חוזק, אָבער אויך מיט אַ געוויסן יראת־הכּבוד האָט ער געקוקט אויף מײַן טראַנספאָרמאַציע אין אַ בוך־וואָרעם. ער האָט אַרויסגעוויזן אַן אַנדער נייגונג און איז אין גיכן אַריבער צו לערנען עלעקטראָ־טעכניק און מעכאַניק אין אַ פּאַכשול. כ׳בין געווען גליקלעך אים ווידער צו האָבן לעבן זיך, אָבער אַצינד האָט אונדז איין זאַך גענומען באַאומרויִקן.

ניקאָ האָט אויפגעהערט שרײַבן. פּאַקטיש זענען די באַמיִונגען פאַר אים פון ביידע פעטערס געווען אַן רעזולטאַטן — עפּעס אין זײַן עבר האָט געשטערט צו באַקומען אַן אויסטראַלישע וויזע, אָבער דאָס וואָלט ניט געווען קיין סיבה ניט צו ענטפערן אויף אונדזערע בריוו. מיר האָבן געשיקט טעלעגראַמעס. קיין תּשובה איז ניט געקומען. בענעק און איך האָבן מורא געהאַט, אַז ניקאָ איז אַרעסטירט, און אפשר נאָך ערגער. אין איין זאַך זענען מיר געווען זיכער: ער וואָלט קיין מאָל פון אייגענעם ווילן ניט איבערגעריסן מיט אונדז דעם קאָנטאַקט.

כ׳האָב אַנטדעקט, אַז מײַנע פעטערס פאַרהאַלטן אונדזער קאָרעספּאָנדענץ. זיי האָבן זיך געהאַט צופעליק אָנגעשטויסן אויף איינעם פון ניקאָס ערשטע בריוו, און דער אינהאַלט מיטן ציניִשן טאָן האָט זיי אַרײַנגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. זיי האָבן אויך געהאַט באַמערקט, אַז צו מאָל קערט זיך אום צו מיר מײַן פּרי־ערדיקע ווילדקייט, ס׳חזרן זיך איבער אָנפאַלן, וועלכע איך האָב אַליין אויך געפילט. ס׳איז געווען בעיקר אַ רעאַקציע קעגן ווערן, וואָס בענעק האָט אָנגערופן, „אַ לערנענדיקע מאַשין״. אָבער מײַנע פעטערס האָבן עס צוגעשריבן צו די בריוו פון לאַנדסבערג מיט די זכרונות פון אַלטן לעבן. האָבן זיי געציטערט פאַר ניקאָס באַווײַזן זיך אין אויסטראַליע. ס׳האָט זיך אים דאָך געקאָנט אײַנגעבן צו קומען. האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דער קאָנטאַקט מיט אים מוז ווערן איבערגעריסן, ווײַל ער קאָן, חלילה, צו נישט מאַכן זייער אָנשטרענג צו דערברענגען מיך צו אַ נאָרמאַלן מענטש. ווער ווייסט? נעמענדיק אין אַכט מײַן אַרײַנפאַלן אין אַ שלעכטער שטימונג, וואָלט אפשר ניקאָ טאַקע געקאָנט האָבן אויף מיר אַן אויפהעצערישע און קאַליע־מאַכנדיקע השפּעה, פאַר וועלכער מײַנע פעטערס האָבן אַזוי געציטערט.

אָבער צו יענער צײַט האָט דאָס געהיימענישפולע שווײַגן פון לאַנדסבערג נאָר דערגעבן צו מײַן שווער געמיט.

כ׳פלעג נאָך האָבן אויסבראָכן פון גוואַלד־מעשׂים.

איין טאָג, אויף אַ לעקציע פון כעמיע, זוכנדיק אין מײַן זשאַקעט־קעשענע אַ שטיקל קרײַד, האָב איך אַנשטאָט דעם אַרויסגעצויגן אַ שטיקל שאָלעכץ פון אַ באַנאַן. אויף דער הינטערשטער באַנק האָט אַ ייִנגל מיטן נאָמען ביל דאַוניי זיך צעשמייכלט, עסנדיק אַ באַנאַן. דאָס בלוט איז מיר אַריין אין קאָפּ, און כ׳האָב אים געגעבן אַ זעץ, לויטן נוסח פון לאַדסבערגער תּפיסה. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון שטול. דער קלאַס איז געבליבן שטיל. די לערערין וואָס האָט געזען די גאַנצע סצענע, האָט זיך געמאַכט, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט ניט געשען. זי האָט געוווּסט וועגן מײַן עבר און האָט מורא געהאָט, אַז מאַכן אַ גערייד וועגן אינצידענט קאָן ברענגען צום סוף פון מײַן שול־קאַריערע. דאָס ייִנגל איז געקומען צו זיך און האָט מיך אָנגעקוקט, ווי איך וואָלט געהערט צו אַן אומבאַקאַנטן מין באַשעפענישן פון אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן.

איך האָב זיך געפּײַניקט. אידיאָט, האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין, וואָס האָסטו געטאָן? דו האָסט רעאַגירט אַזוי, ווי ער וואָלט דיך געוואָלט דער־הרגענען. האָבן די נאַציס נאָך אַלעמען טאַקע מצליח געווען צו מאַכן אונדז פאַר אויס מענטשן? ס׳איז ניט קיין ענין צו בלײַבן אַ פּרא־אָדם. אויב דו ווילסט קומען צו אַ נאָרמאַל לעבן, מוזסטו ווערן ציוויליזירט. ס׳איז ניט גענוג אויסצוהאַלטן עקזאַמענס. דאַרפסט זיך אויך אויסלערנען זיך גופא צו באַ־הערשן. דאַרפסט פאַרשליסן דעם כוליגאַן אין דיר און אַוועקוואַרפן דעם שליסל.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער, שווײַגעוודיק געבעטן, מ׳זאָל האָבן אײַנזעעניש מיט מיר. די אַנדערע שילער האָבן אָפּגעדרייט זייערע קעפּ. ביל דאַוניי האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט זײַן בליק, זײַן קינבאַק ווו כ׳האָב אים געגעבן דעם קלאַפּ, איז געווען אין פלעקן. ווי אַזוי בעט מען זיך איבער מיט אים? איך האָב פאַרגעסן, וואָס עס מיינט זיך אַנטשולדיקן. איך בין געווען אין גיהנום צו טיף און צו לאַנג. צו מאָרגנס האָב איך אים דערלאַנגט צוויי פונט באַנאַנען. ער האָט ניט רעדנדיק קיין וואָרט, זיי צו־גענומען.

בדרך־כּלל איז דער וווּנדערלעכער זוניקער קאָנטינענט געווען מײַן לערער אין די עלעמענטאַרסטע זאַכן. מײַן ערשטער שריפטלעכער עקזאַמען, אַן צווייפל אַן ערנסטער אויספּרוּוו, האָט מיך קיין סך ניט באַומרויִקט, אָבער אַרײַנגייענדיק אין קלאַס האָב איך געזען, אַז די חברים־שילערס ציטערן פון פּחד, כּמעט קראַנק פון זאָרג. איך האָב עס ניט געקאָנט פאַרשטיין. אויב זיי וואָלטן דורכגעפאַלן, וואָס וואָלט זיי עמעצער געקאָנט טאָן? ווי עס זאָל ניט זײַן, האָבן די לערערס געהאַט צו זיי צוטרוי — פעלשן איז געווען אַ קינדערשפּיל.

אויסטראַליע האָט מיר באַלד געגעבן ביז גאָר טיפע לעקציעס: וועגן דער זינלאָזיקייט פון פעלשן, וועגן „פעיר פּליי", אַ געפיל פון ספּאָרט־מענישקייט, וועגן „וואָס מען מעג" און וועגן „וואָס מען טאָר ניט" — אַלץ זאַכן וואָס מאַכן פון מענטש אַ דזשענטלמען און זענען ניט געווען קיין טייל פון דער דערציִונג אין אוישוויץ און לאַנדסבערג. אויסטראַליע, נײַ־זעלאַנד און זייערע סביבות, האָבן די דאָזיקע פּרינציפּן אײַנגעהיט נאָך אין אַ גרע־סערער מאָס ווי ענגלאַנד, וועלכע האָט זיי עס איבערגעגעבן בירושה. אוי־סטראַליע איז געווען אַ טעמפּל פאַר די גוטע מידות פון די פּיאָנירן פון די אָפענע און אומבאַגרענעצטע רחבותן; אַ טעמפּל פאַר די פּרינציפּן פון אינדיווידועלער אַחריות און שפּילן אַן אָרנטלעכע שפּיל. איר פאָן האָט זי געהאַלטן הויך אויף די פּלעצער פון אַמאַטאָרן־ספּאָרט איבער דער גאַנצער וועלט: אין שווימען און טעניס, אין לויפן און קריקעט האָבן די אויסטראַליער געהערשט. איך האָב זיך אַרײַנגעוואָרפן אויף לאַנגע שעהען אין דעם באַסיין און אויפן טראַקט. כ'האָב אַפילו פּרובירט שפּילן קריקעט אַליין, נאַיִוו גלייבנדיק, אַז כ'וועל אָפּכאַפּן די פאַרלאָרענע יוגנטלעכע יאָרן, בכדי צו ווײַזן מײַנע שול־חברים, אַז זיי דאַרפן מיך באַטראַכטן ווי איינעם פון זיי. פון זייער זײַט, זענען זיי געווען מער ווי גרייט מיך אויפצונעמען. עטלעכע צוקונפטיקע אָלימפּישע מײַסטערס און טעניס־שפּילערס פון וועלטקלאַס זענען געווען מײַנע פרײַנד. דער גרויסער לויפער דזשאָן לענדי, וואָס האָט געבראָכן דעם וועלטרעקאָרד, לויפנדיק אַ מייל אין ווייניקער ווי פיר מינוט, דער מײַסטער פון שווימען, דזשוניאָר פאַסטער; דער „דייוויס קאַפּ"־שטערן ביל פרייזער, זענען אַלע געווען אין מײַן קלאַס. די שעהען־לאַנגע אויסשעפּנדיקע

טעגלעכע טרענירונגען אָן אַ קלאָרן צוועק, האָבן אין אָנהייב אויסגעזען בײַ מיר ווי אַ מין אידיאָטיזם. ניט געקוקט אויף דעם וואָס כ׳האָב געוווּסט, אַז כ׳וועל אַליין קיין מאָל ניט זײַן קיין באַרימטער אַטלעט, איז די פיזישע, גײַסטיקע און מאָראַלישע דיסציפּלין פון דער ספּאָרטוועלט בהדרגהדיק געוואָרן מײַן נײַער גלויבן. איך מיין, אַז אַפילו אין דעם האָב איך איבער־געטריבן — ס׳איז די קללה פון מענטשן, וועמען ס׳איז באַשערט בײַצוקומען גוואַלדיקע שטרויכלונגען, אַז זיי מוזן שטענדיק קאָנצענטרירן זייער גאַנצע קראַפט אויף וואָס נאָר זיי נעמען זיך אונטער, אַפילו אויב די שטערונגען זענען שוין לאַנג באַזײַטיקט. פאַר מיר — וואָס האָט געוווּסט בלויז פון פאַרמעסטן אין די באַדינגונגען פון די טויטלאַגערן — איז ממש געווען אַן אַנטפּלעקונג, אַז מענטשן קאָנען קעמפן איינער מיטן אַנדערן און זיך פונאַנדערגיין ווי פרײַנד.

צוויי יאָר זענען שוין באַלד אַדורך זינט איך בין געקומען קיין אוי־סטראַליע, און די מדינה האָט מיך שוין געהאַט אויסגעלערנט מער פון דעם, וואָס אין גאַנצן לערן־מאַטעריאַל פון דער שול־פּראָגראַם.

איך האָב פאַרענדיקט די מיטלשול מיט אַ דיפּלאָם, ווי אַלע אַנדערע, און געווען שטאָלץ דערמיט. מיר איז געווען נײַנצן יאָר, אַ ביסל צו אַלט פאַר דעם עטאַפּ, אָבער דעצידירט צו ליקווידירן מײַן אָפּגעשטאַנענקייט לענג־אויס דעם ווײַטערדיקן וועג.

דער קאַדעקס פון אויפפירונג אין דער הויכשול האָט מיך איבערראַשט. אויב אַ שילער האָט ניט געקאָנט ענטפערן אויף אַ פראַגע אין קלאַס, פלעגן די אַנדערע זיך מאַכן, אַז זיי ווייסן אויך ניט, כּדי ניט אַרײַנצוברענגען אין אַ פאַרלעגנהייט זייער חבר. וואָס פאַר אַן איידלקייט, וויפל פײַנקייט ליגט אין דעם! די דאָזיקע פײַנקייט האָב איך נאָכגעמאַכט דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן ווי אַ מאַלפּע, זוכנדיק צוליב העפלעכקייט, צו פאַרנעמען אַ הינ־טערשטן זיצאָרט. האַרוואַרד און וואַשינגטאָן און אַלץ וואָס איז געקומען נאָך דעם האָט אַרויסגעהאַקט פון מיר אַ טייל פון דער דאָזיקער אויפפירונג. די ברייטערע וועלט, ווי עס איז מיר באַלד אויסגעקומען זיך צו איבערצײַגן, איז ניט געווען אײַנגעאָרדנט לויט די פּרינציפּן פון מעלבורנער אוניווער־סיטעט. אָבער איך בין צופרידן מיט דעם, וואָס כ׳האָב געגאָסן פון די סוף־

יאָרהונדערט־מאַניערן אין דער אָפּגעהיטער פּלאַנטאַציע, און איך שפּיר זיך גליקלעך, וואָס דאָס דערוועגבן אַ ריכטיקן חוש פאַר מעסיקייט און פּראָ־פּאָרציע ביים האָבן צו טאָן מיט אַנדערע, איז געווען אַ טייל פון מיין איבערגאַנג פון באַרבאַריזם צו ציוויליזאַציע.

*

פרילינג 1948 האָבן בענעק און איך דורכגעמאַכט אַן עמאָציאָנעלן קריזיס. די נייע מדינת־ישׂראל, וועמענס סוווערענע עקסיסטענץ האָבן ביידע, די פאַראייניקטע שטאַטן און דער ראַטן־פאַרבאַנד, אָנערקענט און געהאָלפן זיך באַוואָפענען, איז געוואָרן אָנגעגריפן פון אַלע זייטן דורך פינף אַראַבישע אַרמייען, וואָס האָבן זיך געגעבן אַ נדר זי צו דערטרינקען אין בלוט. און דאָס האָט אָנגעפילט אונדזערע מוחות מיט וויזיעס פון אַ צווייטן מאַסנמאָרד אין איין צענדליק יאָר. מיר האָבן געהאַט אָנגענומען, צו גיך, ווי ס׳האָט זיך באַלד געהאַט אַרויסגעוויזן, אַז נאָך אוישוויץ וועלן פאַרשווינדן אויף אייביק אַנטיסעמיטיזם און אַלע אַנדערע סכּנות פאַרן קיום פון יידישן פאָלק. די נאָכאַנאַנדיקע גרוילבילדער, וואָס האָבן נאָך דער באַפרייונג אונדז ניט געלאָזט שלאָפן, זענען פלוצעם ווידער אויפגעקומען. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר האָבן ניט געפילט קיין שׂינאה צו די אַראַבער, האָבן מיר געהאַלטן, אַז האָבנדיק איבערגעלעבט דעם חורבן, איז אונדזער חוב צו גיין קיין ישׂראל קעמפן, און, אויב נייטיק, שטאַרבן, כּדי אויסצומיידן אַ ווייטערדיקע קאַטאַסטראָפע. קיין מאָל ניט מער!

מיר האָבן געפונען אַ פאַרבינדונג מיט אַ יידישער גרופּע, וואָס האָט געזוכט פאַרהאַרטעוועטע יונגע פרייוויליקע. צוזאַמען מיט אַנדערע יוגנט־לעכע האָט מען אונדז אין געהיים געלערנט זיך צו באַגיין מיט געווער — אַ תּורה ניט אין גאַנצן פרעמד פאַר אונדז — אין די דענדענאָג־בערג, לעבן מעלבורן. מיר האָבן געהאַט אַ חשד, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען פאַרבונדן מיט דער „הגנה", אויב ניט מיט דער „שטערן־גרופּע", אָדער מיטן „אירגון צבאי לאומי". פּנים־אל־פּנים מיטן כּסדרדיקן בריטישן אָפּזאָג אַריינצולאָזן אין ישׂראל די שיפן מיט יידישע פּליטים, איז דער „אירגון" אַרויס מיט אַ טעראָר־כוואַליע, האָט אויפגעריסן דעם „דוד המלך"־האָטעל

אין ירושלים, הרגענענדיק בריטישע זעלנער — בירגער פון זײַן מאַיעסטעט, דעם קעניג דזשאָרדזש דעם זעקסטן, ווי בענעק און איך אַצינד.

אוי, פאָלק פון אַברהם, יצחק און יעקב, ווי אויסטערליש איז דײַן גורל, ווי שווער איז די מאַסע וואָס דו האָסט אָנגעלאָדן אויף דײַנע זין און טעכטער!

פאַר אונדז איז דער טעראָר אין מיטעלן מיזרח אויך געווען נאָך אַ דערמאָנונג דורך דער געשיכטע, אַז ייִדן, אין אַלע צײַטן און אַלע ערטער, זענען אויף ניט צו צעשיידן געבונדן דורך אַ בשותּפותדיקער ירושה פון לײַדן, און אַז זיי זענען פאַרמישפּט אייביק צו זײַן וואַכעוודיק, אויב זיי ווילן לעבן.

מיר, בענעק און איך, זענען געווען פאַרטאָן מיטן געדאַנק, צי דאָס גיין קיין ישׂראל העלפן מלחמה האַלטן פאַרן קיום פון דער מדינה, פּאַסט זיך אַרײַן אין דער פאַרהאַרטעוועטער לאָגיק פון אונדזערע לעבנס. אפשר וואָלטן מיר געקאָנט אויפזוכן ניקאָן און אים צורעדן אויך צו קומען אַהין. אויפן סמך פון צוריקקער־געזעץ, וואָס האָט פאַרזיכערט יעדן ייִד דאָס רעכט אַרײַנצוקומען און באַזעצן זיך אין ישׂראל, וואָלט זײַן קרימינעלער עָבר ניט געווען קיין פּראָבלעם. אָבער ניקאָן האָט מען אין ערגעץ ניט געקאָנט געפינען. נאָך איידער מ׳האָט אונדז באַטראַכט פאַר פּאַסיק צום קאַמף, איז שוין די מלחמה געווען געענדיקט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז געקומען אַ סוף צו אונדזערע מיליטערישע געניטונגען. דער סוף לערניאָר און די עקזאַמענס האָבן זיך דערנענטערט.

מיר האָבן באַשלאָסן פאַרצוזעצן די אַרבעט פאַר ישׂראל. יעדן זונטיק פלעגן מיר מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע גיין פון טיר צו טיר זאַמלען געלט און זאַכן פאַר די נײַע עולים, וואָס קומען פון אַלע עקן וועלט קיין ישׂראל. וואָס שייך אונדז, האָבן מיר געטראַכט אָנצוגיין מיט דער אָנגעהויבענער מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער רעהאַביליטאַציע, צו נישט מאַכנדיק היטלערס פאַרטיליקונג־כּוונה, זאָל זײַן אַפילו אין מינימאַלן מאַשטאַב פון צווייִ פערזאָן, וואָס איז אפשר געווען דער איינציקער ממשותדיקער וועג פון נקמה. ס׳האָט אויסגעזען ווי דער בעסטער אופן צו טאָן אונדזער חוב לגבי דעם ייִדישן פאָלק און דער מענטשהייט בכלל.

ס׳האָט גענומען אַ צײַט, ביז כ׳האָב ווידער געקאָנט אַרײַנגיין אין דער לימודים־רוטין; אין דעם צעטומלעניש־פּעריאָד האָב איך זיך גענומען צו

שאָך. כ'האָב געהאַט געשפּילט שאָך זינט מײַן פריסטן עלטער — אַ זאַך וואָס איז ניט געווען יוצא־דופנדיק אין ביאַליסטאָק. איצט האָב איך פאַרבראַכט שעהען איבער דער שאָכברעט מיטן פעטער אלעזר, וואָס איז געווען שאָכמײַסטער פון אויסטראַליע. „דו שפּילסט גוט,‟ האָט ער געזאָגט, ווען מײַנע גאַמביטן האָבן אים צו מאָל געצווונגען טראַכטן. „אָבער דו וועסט קיין מאָל קיין מײַסטער ניט ווערן!‟ ער האָט געוויס מורא געהאַט, מיין איך, אַז ווען ער דערמוטיקט מיך, וואָלט איך געוואָרן אַרײַנגעצויגן אין דער שפּיל ביז צו ווערן אַ שאָך־בטלן, ווי אַ סך פון זײַנע יוגנט־חברים, געפינענדיק אין דעם אַ געלעגנהייט צוריקצוציִען זיך פון די שווערע דעציזיעס, וועלכע דאָס לעבן האָט מיר ווידער געשטעלט אויף מײַן וועג.

*

אין 1949 איז מײַן אוניווערסיטעט־לעבן, מײַן טראַכטן וועגן אַ פּראָפעסיאָנעלער קאַריערע, מײַן ווילדער חלום פון אַ „רהאָדעס־פּרײַז‟ קיין אָקספאָרד, מײַנע האָפענונגען אײַנגעשלאָסן צו ווערן אין די מאַנשאַפטן פון שווימען און טעניס פון אוניווערסיטעט, מײַנע פּלענער צו פאַרברענגען די קומענדיקע וואַקאַציעס מיט מײַנע נײַע פרײַנד — דאָס אַלץ איז געוואָרן ברוטאַל איבערגעריסן. אַלץ איז זיך צעפאַלן. שוין חדשים, ווי כ'האָב געפילט ווייטיקן אין בויך, אָבער ווייניק געלייגט אַכט אויף דעם. איין טאָג האָבן מיך אַ נעם געטאָן שרעקלעכע יסורים אין ברוסט און אין בויך, און מ'האָט מיך באַלד גענומען אין שפּיטאָל. נאָך וואָכן פּאָמפּן דעם מאָגן, בלוט־אַנאַליזן און רענטגען־אויפנאַמעס, איז געקומען דער מוראדיקער פּסק־דין: לונגען־טובערקולאָז!

אין יענער צײַט, איידער ס'האָבן עקסיסטירט די נײַע וווּנדער־רפואות, איז טובערקולאָז געווען אַ געפערלעכע קרענק וואָס האָט געפאָדערט, אין בעסטן פאַל, אַ פאַרשלעפּטע און ניט שטענדיק עפעקטיווע באַהאַנדלונג. ס'איז קיין ספק ניט, אַז כ'האָב זיך געהאַט אַרומגעטראָגן מיט די באַצילן פון דער קרענק שוין אין די לאַגערן, מעגלעך, זינט דער אַרבעט אין דער אונטערערדישער עראָפּלאַן־פאַבריק לעבן שטוטגאַרט, ווו כ'האָב געשפּיגן מיט בלוט און כמעט ווי געוואָרן אַ מוזלמאַן. דאָך בין איך געווען אויפגעבראַכט

אויף זיך אַליין, הלמאַי איך, וואָס האָט זיך אַן עצה געגעבן מיט אַ גאַנצער מחנה אויסערלעכע שונאים, האָב ניט באַמערקט די געהיימע אַרבעט פון אַן אינערלעכן שונא, קעגן וועמען איך בין איצט געווען אָנמאַכטיק.

אויב ס'איז מיר באַשערט געווען צו שטאַרבן, למאַי האָט מיך דער אויסגעבאַהאַלטענער שונא ניט אַנידערגעלייגט, איידער אויסטראַליע האָט אין מיר אַרײַנגעגעבן אַ חשק צו אַ נײַ לעבן? אין בעסטן פאַל, האָב איך געקלערט, אויב אַפילו דער פּראָצעס פון דער קרענק זאָל אָפּגעשטעלט ווערן, וועל איך שוין זײַן פאַרמישפּט צו לעבן ווי אַ האַלבער אינוואַליד. דאָס ערשטע מאָל האָב איך געפילט, אַז דער גורל האָט מיך, מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, געשיקט אין אַ ניט-גוטער קאַלאַנע. דער סוף פון מײַנע חלומות! איך האָב זיך געוואָרפן צווישן רעוואָלט און יִיאוש. צי איז טאַקע מײַן גאַנצער קאַמף געווען אומזיסט? דער קנאַפּלאַך-מאַשיניסט איז באַזיגט, הילפלאָז, גרייט אויפצוגעבן?

מײַנע פעטערס האָבן זיך מיַשב געווען מיט אַ ספּעציאַליסט, סער וויל-בערפאָרס ניוטאָן. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט גלײַך רעזערווירן אַן אָרט אין אַ שפּיטאָל. שפּעטער, אויב אַלץ וועט גיין כּשורה, וועל איך דאַרפן אַ סאַנאַטאָריע. פעטער נחמן האָט געהאַלטן, אַז איך וועל בעסער באַהאַנדלט ווערן אין דער היים.

„קלערט אַפילו ניט וועגן דעם," האָט געזאָגט סער ווילבערפאָרס, „דאָס איז אַן אָנשטעקנדיקע קרענק. איר האָט צוויי קינדער. אײַער פרוי וועט עס קיין מאָל ניט דערלאָזן און זי וועט זײַן גערעכט."

פעטער נחמן האָט ניט נאָכגעגעבן: „ער קאָן איזאָלירט ווערן אין אַ באַזונדער צימער. דאָס הויז איז גרויס. מיר האָבן די נייטיקע מיטלען דערצו, דאָקטער."

„הערט אויס," האָט געזאָגט דער ספּעציאַליסט, „ס'איז דאָס זעלבע ווי צו דערוואַרטן פון אַ מאַן, ער זאָל דורכמאַכן זײַן מיליטערישע שולונג דורך קאָרעספּאָנדענץ."

פעטער אַלעזר האָט גערעדט:

„דאָקטער, דאָס ייִנגל איז שוין געווען טויט און איצט איז ער ווידער לעבעדיק. ס'איז אַ נס. ער איז אַ פרײַער מענטש. צי ווייסט איר, וואָס דאָס

מיינט אין זײַן פאַל? אויב איר פאַרשליסט אים אין אַ סאַנאַטאָריע, אין די פיר ווענט, וועט איר בײַ אים האָבן צוגעראַבעוועט זײַן פרײַהייט. צי זעט איר ניט, אַז ער וועט זײַן ווידער אינטערנירט? זײַן פּסיכיק וועט עס ניט פאַרטראָגן, און אויב אַפילו ער וועט עס פיזיש איבערלעבן, וועט ער שוין קיין מאָל ניט זײַן... ער מוז בלײַבן אויף דער פרײַ!"

„נו, גוט," האָט געזאָגט דער ספּעציאַליסט מיט פאַרדראָס, „מיר וועלן עס פּרובירן מאַכן אויף אַנדער אופן."

מײַן יאָרן־לאַנגע, אַנסופיקע היילונג, איבערגעריסן דורך קלינישער באַהאַנדלונג, קאַלציום־אײַנשפּריצונגען, ליחות־אַנאַליזן, ראַדיאָלאָגישע טעסטן און רעצעפּטן, איז פאַרגעקומען אין אַ גרויסן, זוניקן צימער מיט אַ סך פענצטער — אַ צוגאָב צו פעטער נחמנס הויז, אויסגעצויגן ביז אין גאָרטן אַרײַן, ספּעציעל געבויט פאַר מיר. די געצוווּנגענע אומבאַוועגלעכקייט האָט מיר געלאָזן נאָר איין מעגלעכע באַשעפטיקונג — לייענען.

צופעליק האָב איך אַרויסגענומען פון אַ פּאָליצע אין מײַן פעטערס ביבליאָטעק אַ געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראַטור. הגם לויט דער גרייס און די פרטים האָט זי אויסגעזען צו זײַן צו שווער פאַר מיר, האָב איך באַשלאָסן דורכצושטודירן דאָס בוך פון אָנהייב ביזן סוף, פאַרצייכענענדיק מעטאָדיש די נאָוועלן, וועלכע כ׳האָב געהאַט בדעה צו לייענען. אין גיכן בין איך געווען אײַנגעזונקען אין די גרויסע מײַסטערווערק פון ענגלישער, אַמעריקאַנער, רוסישער, דײַטשישער און פראַנצייזישער ליטעראַטורן.

כ׳בין געווען שטאַרק גערירט פון האַמלעטס וואַקלענישן, פאַרכּישופט פון אַנאַ קאַרענינאַ, פאַרכאַפּט פון יונגן ווערטהער און זײַנע לײַדן, און כ׳האָב ניט געוווּסט, צי איך בין געווען מער פראָוואָצירט דורך מאַדאַם באָוואַרי אָדער דורך די מינהגים, קעגן וועלכע זי האָט געקעמפט. ביז דעמאָלט איז מײַן קוק אויפן לעבן געווען בעיקר אַ פּראַקטישער: וואָס דאַרף איך טאָן, כּדי צו פאַרגרעסערן מײַנע מעגלעכקייטן צו פּראָגרעסירן. די אומבאַגרענעצטע האָריזאָנטן וואָס האָבן זיך געעפנט פאַר מיר דורך די מײַסטערס פון דער מענטשלעכער פּסיכיק, האָבן צוגעגעבן אַ נײַע דימענסיע מײַן באַוווּסטזײַן: דערפאָלג האָט ניט געמיינט, דווקא, גליק; דורכפאַל האָט ניט געמיינט דווקא אַ באַלדיקע קאַטאַסטראָפע. אַלץ איז געווען אַ סך קאָמפּליצירטער און אויף

אַן אינטערעסאַנטערן אופן צונויפגעמישט מיט דער שיינקייט און פּאַראַ־דאָקסן פון לעבן.

בענעק וואָס האָט נאָך אַלץ געלעבט צוזאַמען מיטן פעטער אלעזר, פלעגט אָפט קומען מיך זען, אָבער ער האָט נאָר גערעדט וועגן אַלגעמיינע זאַכן, ווײַל מען האָט געוואָרנט אַלע באַזוכערס אויסצומײַדן וועלכע עס איז אויפרעגונג פאַר מיר. איין טאָג איז ער אַרײַן אין מײַן צימער ווי אָנגעבלאָזן, און עפּעס שטאַמלענדיק. כ׳האָב באַלד געפילט, אַז ס׳איז געשען אַן ערנסטע זאַך.

„איך דאַרף מיט דיר רעדן. איך גיי חתונה האָבן.״

„וואָאָאָס ?״ אויפגעציטערט בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. אין איין אויגנבליק האָב איך דערשפּירט, אַז אַ טייל פון מײַן לעבן איז געקומען צו אַ ברעג. פון איצט אָן וועט שוין עמעצער זײַן צווישן אונדז. איך בין געווען צעטומלט, געטראָפן, אין כּעס.

„ביסט אַראָפּ פון זינען ? דו, חתונה האָבן ? זיך גיין פאַרבינדן מיט עמעצן אויפן גאַנצן לעבן ? ברענגען אומשולדיקע קינדער אויף דער וועלט נאָך דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט ?״

„איך האָב זי ליב.״

„ווער איז זי, זאָג שוין ?״

„בעבקאַ.״

בעבקאַ מאַנדעל איז געווען אַ מיידל פון ביאַליסטאָק. זי האָט געשטאַמט פון אַ פײַנער מיטלקלאַס־משפּחה, אַ דעפּאָרטירטע קיין סיביר דורך די סאָוועטן איידער די נאַציס זענען אַרײַן. נאָך דער מלחמה זענען זיי געקומען קיין אויסטראַליע און געווען אָפטע געסט אין אונדזער היים.

„דו ווילסט דײַן משפּחה צוריק, דו ווילסט דײַן שוועסטער — דאָס איז עס, וואָס דו ווילסט...״ אין מײַן פּאַניק, מײַן הילפלאָזיקייט, האָב איך ניט געפונען עפּעס בעסערס צו זאָגן.

בענעק איז אַרויס פון צימער ניט רעדנדיק קיין וואָרט. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוריק אַרײַן.

„מוליאַ, די חתונה וועט פאָרקומען דאָ, אין פעטער נחמנס און טאַנטע רחלס היים. דו וועסט זײַן דער אונטערפירער.״

מיר זענען אַרײַנגעפאַלן אײנער אין דעם צווייטנס אָרעמס, כליפּענדיק ווי קליינע קינדער. געווײנט דאָס ערשטע מאָל, זינט אונדזער צונויפטרעף אין דער נאַצישער אוניפאָרעם־פאַבריק אין לאַגער פון בליזין.

✶

די וועלט אויף יענער זײַט פון מײַן פענצטער איז בלייך געוואָרן פאַר מיר. איך האָב געלעבט נאָר מיט די גרויסע: שעקספּיר, געטע, באַלזאַק, קאָנראַד, העמינגוויי. דאָסטאָיעווסקי האָט מיך אויפגעטרייסלט, ווען אומ־גלייבלעכע פּאַראַלעלן זענען אַרײַנגעדרונגען אין מײַן נשמה און געשאַפן אַ פולשטענדיקע צעמישונג פון לעבן און קונסט.

סטאַווריגין, באַהערשט פון אַ דיבוק, וואָס האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו דיספּאָנירן מיטן טויט — איך האָב אים געקענט. ער איז געווען ד״ר מענגעלע אין אוישוויץ. און דער „אידיאָט״? כ׳האָב געטראָפן קדושים מיט עפּעס פון זײַן געטלעכן „אידיאָטיזם״ — אין די אומענדלעכע רייען פון מוזלמענער, אויף אַן אַפּעל.

גאָט מײַנער, ניט געקוקט אויף דאָס וואָס איך האָב דורכגעלעבט, האָב איך נאָך אַלץ ניט אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס דאָס לעבן שטעלט מיט זיך פאָר. די שרײַבערס האָבן עס קלאָר אַרויסגעבראַכט פאַר מיר מיט דער פעדער. דאַנטע, ווי נאָענט ער איז געקומען פאַרצושטעלן מײַן פערזענלעכן גיהנום, ניט האָבנדיק אַפילו קיין מאָל אַרײַנגעשטעלט אַ פוס אין אים. די דײַטשישע פּאָעטן — ווי שפּאַנענדיק זיי זענען געווען! זייער לירישע אומ־קלאָרקייט וואָלט איך דערוואַרט, אָבער אַז אַזאַ שטאַרקער אידעאַליזם זאָל זיך טיילן מיט די סודות פון דער מיסטעריעזער טעווטאָנישער נשמה — דאָס וואָלט איך ניט דערוואַרט. און וועגן די מאָדערנע אַמעריקאַנער? ווי אַזוי איז דער באַגריף פון שלעכטס, פון דער בייזוויליקייט אויף דער וועלט פאַרקראָכן אין מעלווילס שטורעמדיקער קונסט? און פאָולקנער? — ווי אַזוי האָט ער געפונען אַזאַ אייגנאַרטיקן ריזיקן גיהנום אין דעם „גלײַכ־באַרעכטיקטן אַמעריקאַנער גן־עדן״?

אין אַ געוויסן טאָג האָב איך געעפנט די טאָוולען פון טאָמאַס מאַנס מאָנומענטאַלן „צויבערבאַרג״ און בין אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן דורך מײַן

פֿאַנטאַזיע אין אַן אַנדער וועלט. פּלוצעם בין איך געווען אויפֿן באַרגשפּיץ, אין דער סאַנאַטאָריע, אין וועלכער ד״ר ווילבערפֿאָרס ניוטאָן האָט געוואָלט מיך אינטערנירן, ווײַט אַוועק פֿון דעם „געזונטן״ פֿלאַכלאַנד פֿון נאָרמאַלן לעבן. כ׳בין געווען אין אַ וועלט, וווּ אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום דער איינ־ציקער קראַנקייט, מײַן קראַנקייט, וואָס האָט מיך געהאַלטן אין עסן פֿון אינעווייניק, און וואָס האָט, אין מאַנס סימבאָליזם, געהאַט געגעסן אייראָפּע און זי לסוף צעריסן אויף שטיקער.

כ׳האָב אָנגעהויבן דורכמאַכן אַ ממש פֿאַרכּישופֿנדיקע, גײַסטיקע אַוואַנ־טורע. אַ קראַנקייט וואָס איז ביז איצט געווען ניט מער ווי אַ האַרצרײַסנדיק רעטעניש, האָט אָנגעהויבן מיר אַרויסגעבן אירע סודות: פֿיבערדיקע שפּי־רעוודיקייט, פֿאַרשטאַרקט דורך אומבאַוועגלעכקייט און היילונג, צו פּאָעזיע, צו ליבע, צו סעקס; די אומוואַנדלונג פֿון צאָרן און ביטערניש אין נײַע פֿאָרמען פֿון גײַסטיקער ענערגיע. כ׳האָב אָנגעהויבן מעסטן די פֿיזישע און פּסיכאָלאָגישע דימענסיע פֿון אַ נײַעם אַרויסרוף. די פּאָעטן האָבן מיך געלערנט אײן זאַך מער; לײַדן איז ניט בלויז דערנידעריקנדיק און שלעכט; עס קאָן אויך לײַטערן, אַפֿילו דערהויבן. און מער פֿון אַלץ, קאָן עס לערנען.

כ׳וועל ווערן מײַן אייגענער דאָקטער אין אַ קאַמף קעגן דער נאַטור — אַ קאַמף וואָס איז ניט געווען קיין סך אַנדערש פֿון דעם, וואָס כ׳האָב געדאַרפֿט פֿירן פֿאַר דעם קעגן מענטש. כ׳וועל נאָך אַ מאָל קראַצן דעם דיל מיט מײַנע נעגל, כּדי איבערצולעבן.

געהאָרכיק צום דאָקטערס אָנווײַזונגען, וואָס זענען אויף מיר אויפֿגע־צווונגען געוואָרן דורך דעם פֿעטער נחמן און מומע רחל, פֿלעג איך אויסלעשן די באַלײַכטונג יעדן אָוונט פּונקט נײַן. אָבער מײַן פֿאָרשטעלונג־קראַפֿט איז נאָך אַנאַנד געווען אַקטיוו. אַ געדאַנק אָדער, ריכטיקער, אַ פֿאַרגעפֿיל האָט געשפּראָצט אין מײַן מוח: אַ דאַנק טובערקולאָז, אַ דאַנק ליטעראַטור וועל איך נאָך אַ מאָל געבוירן ווערן. ווי אויף דער פֿלײַענדיקער שיף פֿון לאָנדאָן, האָב איך זיך געפֿילט פֿאַרטראָגן אין אַ באַוועגונג צו אַ ברייטערער ספֿערע.

# 7

ווען בענעק האָט מיך געזען, אויסגעפּוצט אין אַ טאָקסידאָ, אַ געפּאַלדעוועט העמד און גלאַנציקע לעדערשיך, צו אַן אָונט אין דער היים פֿון איינעם פֿון מײַנע נײַע פֿרײַנד, האָט ער געזאָגט, אַז מײַן ספּעציעל באַשטעלטע אוישוויצער קעפּקע וואָלט זיך גוט געפּאַסט דערצו. ער האָט אויך געהאַלטן, אַז איך וואָלט געדאַרפֿט ווייניקער אַכט לייגן אויף מײַן דזשענטלמעניש אויסזען און דעם וואַקסנדיקן אָקספֿאָרד־אַקצענט אין מײַן שטים. ווען איך האָב געענטפֿערט מיט אַ פֿײַנעם אָפּקלײַב פֿון מײַן געמיינעם לאַגער־לעקסיקאָן, האָט ער אײַנגעזען, אַז כ׳האָב נאָך ניט פֿאַרלאָרן יעדן קאָנטאַקט מיט דער וואָר.

הגם די אַמטאָספֿער אין מעלבורן איז געווען הימל־ווײַט פֿון דער אַטמאָספֿער אין לאַגער, האָב איך זיך צו איר גאַנץ לײַכט צוגעפּאַסט. די מיינונגען וואָס איך האָב באַקומען אין מײַנע אַרײַנטריט־עקזאַמענס אויפֿן אוניווערסיטעט, האָבן מיך מזכּה געווען מיט אַ ממשותדיקער סטיפּענדיע. מײַנע דאָקטוירים האָבן געעצהט צו פֿירן אַ לעבן, וואָס זאָל זײַן, ווי ווײַט מעגלעך, פֿרײַ פֿון פֿיזישן אָנשטרענג און גײַסטיקער געשפּאַנטקייט. אין דער צײַט פֿון מײַן פֿאַרטיפֿן זיך אין ליטעראַטור און קונסט, האָב איך געלערנט אַרײַנצוקוקן אין זיך אַליין און כ׳בין געווען גרייט צו שעפּן מײַן הויפּט־באַפֿרידיקונג פֿון אַ טיפֿערן קוואַל, ווי פֿון וועלטלעכע דערגרייכונגען. אָבער איך בין ניט געווען גרייט אײַנצוגיין אויף אַ האַלב לעבן — כ׳האָב געוואָלט אַ גאַנץ לעבן. ווי אַ פּשרה בין איך מסכּים געווען מוותּר צו זײַן אויף מײַנע אַטלעטישע אַמביציעס און צו ענדערן ווי ווײַט מעגלעך מײַן געוווינהייט צו מאַכן פֿון יעדן פֿאַרמעסט אַ לעבנס־פֿראַגע.

ס׳איז מיר געווען שווער צו באַשליסן, וואָס צו שטודירן: עקזאַקטע לימודים אָדער יוריספּרודענץ. איך האָב געהאַט גוטע דערגרייכונגען אין פֿיזיק און מאַטעמאַטיק, און דאָס וואָס האָט מיך געצויגן צו עקזאַקטער

וויסנשאַפט איז געווען די לויטערקייט און זיכערקייט אין זייער אמת. כ׳בין געווען געניגט זיך צוריקצוציִען אין דער אומגעשטערטער אַלייניקייט פון אוניווערס און פון אַטאָם, אַנטלויפנדיק פון אַלץ וואָס איז געווען דורכן מענטש געמאַכט, און דריבער — ניט געבוי און באַגלייביק.

יוריספרודענץ האָט, פון דער אַנדערער זײַט, געהאַט מער אין זיך, וואָס זאָל אַנטקעגנקומען מײַנע עמאָציאָנעלע באַדערפענישן, וועלכע זענען געווען אַ פּועל־יוצא פון מײַן קאָמפּליצירטער עקסיסטענץ. האַבנדיק געלעבט אונטער די גרויליקסטע רעזשימען וואָס אַ מענטש האָט נאָר געקענט, ווו דער קלענסטער אָפּנייג פון די פּראָקלאַמירטע כּללים האָט באַטײַט אַ באַלדיקן פאַרלענד — האָב איך געפילט אַ טיפן יִראת־הכּבוד פאַר מענטשנרעכט, פאַר די פאָדערונגען פון יחיד צו דער מדינה, און די פרײַהייטן וואָס זענען געזיכערט דורך אַ געהעריקן לעגאַלן פּראָצעס. פון מײַן לייענען ענגלישע און אַמעריקאַנער געשיכטע האָב איך געהאַט אַ באַגריף וועגן סיסטעם פון מלוכה־רעכט און זײַן ראָלע אין די מערבדיקע דעמאָקראַטיעס. אָבער מײַנע פעלדזן פעסטע איבערצײַגונגען זענען געקומען ניט פון דזשאָן סטיוּאַרט מילס „וועגן פרײַהייט", נאָר פון דעם וואָס כ׳האָב געפילט אויף מײַן אייגענער הויט.

אַלץ מיט וואָס כ׳האָב זיך געהאַט באַקענט אין נאַצי־דײַטשלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד, איז געווען דער היפּוך פון דער גערעכטיקייט, וואָס איז פּראַקטיצירט געוואָרן פאַר מײַנע שטוינענדיקע אויגן: אַז קיין פּערזאָן קאָן ניט ווערן אַרעסטירט אָדער רעוויזירט אָן אַן אַקצעפּט פון געריכט; אַז אַ יחיד האָט רעכט אויף דיסקרעטקייט; אַז אַ מענטש קאָן ניט פאַרהאַלטן ווערן אָן אַ באַשולדיקונגס־אַקט; אַז ער קאָן באַפרײַט ווערן אויף קויציע; אַז אין געריכט דאַרפן געבוי אויסגעפירט ווערן די פאָדערונגען וועגן קלאָרע באַ־ווײַזן; אַז יעדערער האָט דאָס רעכט צו קריגן אַן אַדוואָקאַט און צו אַפּעלירן.

כ׳בין געווען פאַרכאַפּט פון העגרי דעם 2טן און דער אויסטערלישער ראַסע פון די ענגלענדער, וואָס זענען געווען אין 12טן יאָרהונדערט פּיאָנירן פון געריכטלעכע ווערטן און אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זינט דעמאָלט באַהערשט זייערע לעבנס און גורלות, און איך האָב אָראָפּגעשלונגען די ירושה מיט אַלץ וואָס זי האָט געהאַט אין זיך. אַזוי פאַרכאַפּט בין איך געווען פון דער דאָזיקער פאַרפליכטונג צו דער הערשאַפט פון געזעץ, יושרדיק אויס־

געפירט דורך באַגלייבטע ריכטערס, און פונעם בריטערן ציבור אויסגע־קליבענע געשווירענע, און פון דער אומגעהײַערן אָפּשײַ פאַרן מענטשנס לעבן, אַז איך האָב דאָך באַשלאָסן צו ווערן אַן אַדוואָקאַט און ניט קיין וויסנ־שאַפטלער. ווער קאָן נאָך אַזוי זיך אָפּגעבן מיט דער פאַרטיידיקונג פון אַ שוואַכן, ווי אַזאַ איינער וואָס האָט געזען, ווי מען פאַרמישפּט צום טויט הילפלאָזע מענטשן, מיט ניט קיין אַנדערער פּראָצעדור ווי אַ קאַפּריז פון אַ קאַפּאָ, אָדער אַ באַפעל פון אַן עס־עס ?

מײַנע חברים־סטודענטן אויפן אוניווערסיטעט זענען געווען, בערך, אין מײַן עלטער, אָבער איך האָב געהאַט מער בשותּפותדיקס מיט זייערע עלטערן, ווי מיט זיי. דזשאָרדזש בערנאַרד שאָוס באַרימטער זאָג וועגן יוגנט, „וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע זאַך דאָס איז! ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס זי ווערט אָנגע־טרויט אין אַזעלכע אומגעניטע הענט...” — האָט זיך אין מײַן פאַל ניט געפּאַסט. איך בין געווען צוואַנציק יאָר אַלט און זיך געהאַלטן ווי איינער פון פופציק. ריכטער אַלפרעד פאַסטער, אַ גרויסער אומקאָנפאָרמיסטישער יוריסט, פלעגט צײַטנווײַז גיכער זיך דורכשמועסן מיט מיר ווי מיט זײַנע זין, די ספּאָרטסמענער. מײַן געבוירענער אין אַמעריקע קלאַס־חבר מאַר פלעגט פרעגן אויפן קול, ווער ס'איז אייגנטלעך מײַן חבר — ער צי זײַן טאַטע, סער ראַי גראַונדס, אויסטראַליעס אָנגעזעענסטער אַרכיטעקט, וואָס איז געווען מײַן נאָענטסטער פרײַנד. און פּראָפעסאָר זעלמאַן קאָווען, דער דעקאַן פון מײַן יורידישן פאַקולטעט, האָט מיר געמאַכט זיך רייטלען פון שטאָלץ, ווען ער פלעגט רעדן צו מיר ווי צו אַ גלײַכן. אויף מײַנע שפּאַצירן אין לעצטן שטאָפּל פון מײַן געזונט־ווערן פלעג איך פאַרבײַגיין דאָס הויז פון אַ שכן, ראָבערט מענזיס, וואָס פלעגט רעגולער שפּאַצירן אין ווונדערלעכן קיו־פּאַרק. מענזיס, דעמאָלט דער פירער פון דער אָפּאָזיציע און פריִער — צען יאָר פּרעמיער־מיניסטער וואָס האָט אין גיכן ווידער פאַרנומען דעם דאָזיקן אַמט. ער איז ניט געווען קעגן באַהאַנדלען די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, בעת אונדזערע באַגעגענישן אין וועג. ער האָט ניט געקאָנט וויסן, אַז זײַן אויפמערקזאַמער בעל־שמועס האָט אָקערשט געהאַט פאַרלאָזט דעם אָונטערברויט־טיש, ווו מ'האָט גערעדט ענגליש מיט אַ שווערן ייִדישן אַקצענט, און אַז ער האָט זיך אַצינד קאָנצענטרירט אויף דעם חשובן מאַנס פּערפעקטער

אויסשפּראַך, פּונקט אַזוי, ווי אויף זײַנע קאָנסערוואַטיווע פּאָליטישע אידעען.

איז דען ניט געווען עפּעס אומנאַטירלעכס אין דעם, וואָס אַ יונגער־מאַן שפּירט זיך בעסער אין דער געזעלשאַפט פון מענטשן, צוויי מאָל עלטער פון אים? ס'האָט אויסגעזען, ווי איך וואָלט געווען פאַרמישפּט צו יאָגן זיך צו דער קומענדיקער פּאַזע אין מײַן לעבן, איידער די איצטיקע פּאַזע האָט זיך געענדיקט, מחמת אַ מאָל האָב איך געזען, אַז אַלץ קאָן זיך גיך ענדיקן.



אין מיטן 1952 איז אַ טייל פון מײַן נײַ לעבן, טרויעריק און ברוטאַל, געקומען צו אַ סוף. פּעטער נחמן איז געשטאָרבן אין מײַנע אָרעמס. זײַן פרוי, רחל, איז אַרײַנגעלאָפן אין מײַן צימער, מיט אַ ביטער געוויין. ווען איך בין צוגעקומען צו זײַן בעט, איז ער שוין געווען אָן באַוווסטזײַן. עטלעכע חדשים פאַר דעם האָט ער געהאַט אַ לײַכטן האַרצאַטאַק, און דער איצטיקער האָט אים דערהרגעט. ס'איז געווען זייער אַ גרויסע לוויה. פּעטער אלעזר האָט געזאָגט, אַז ס'איז געווען לײַכטער אַריבערצוטראָגן דעם ברודערס טויט צוליב דעם, ווײַל אין די פינף יאָר וואָס כ'האָב געלעבט מיט אים, האָט ער געזען ווי ס'איז מקוים געוואָרן זײַן מיסיע, דער דערפאָלג פון אַ פּערזענלעכן „מאַרשאַל־פּלאַן" לגבי דעם, וואָס איז אים געבליבן פון זײַן אייראָפּע, ס'הייסט — מײַן רעהאַביליטאַציע.

אַ קנאַפּע טרייסט! פּעטער נחמן איז אַלט געווען בלויז אַכט און פערציק יאָר. צי האָט דער גורל וואָס האָט געמאַכט אַ סוף פון אונדזער משפּחה, ניט געקאָנט געבן אַ נאָרמאַלן לעבנס־דויער דעם מאַן, וואָס איז געווען דאָס האַרץ פון געבליבענעם משפּחה־קערנדל? ווען מ'האָט אים אַראָפּגעלאָזט אין קבר, האָט מיך אַרומגענומען אַ שרעקלעכער טרויער, הלמאַי מיר האָבן קיין מאָל ניט געהאַט באַנײַט דעם דיאַלאָג וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן אין סינגאַפּור. אין מײַן אײַלעניש צו לערנען האָב איך פּשוט פאַרזען אים בעסער צו דערקענען... דאָס אַלץ וואָס איך האָב געוווּסט, איז געווען, אַז ער האָט געגעבן און געגעבן פון זיך אַליין, אַז זײַן האַרץ איז געווען אַזוי גרויס...

די אײַנגעהאַלטענע געפילן וואָס האָבן באַצייכנט אונדזער קעגנזײַטיקע באַציִונג, האָט מיך געלאָזט ניט צוגעגרייט צום געפילן־אויסבראָך איצט, ווען

ער איז מער ניט געווען, און וואָס ער איז געווען פֿאַר זײַן פֿרוי און זײַנע קינדער, עטל און שׂמחה, דעמאָלט אין זעלבן עלטער ווי פֿריידעלע און איך ווען אונדזער טאַטע איז פֿאַרשוווּנדן, איז מער ווי איך קאָן באַשרײַבן. כ׳האָב באַשלאָסן, אַז ס׳איז מײַן חוב צו נעמען אויף זיך די ראָלע פֿון דעם ראָש־המשפּחה, זיך אָפּגעבן מיט אונטערהאַלטן מײַן מומע אין איר טרויער און העלפֿן ברענגען צו אַ תּכלית אירע צוויי קינדער, אַפֿילו אויב דאָס וואָלט געמיינט אַרויסגיין פֿון אוניווערסיטעט.

פּעטער אלעזר האָט ניט געוואָלט הערן דערפֿון. „קיינער צווייפֿלט ניט אין דײַנע געפֿילן," האָט ער געזאָגט. „דו האָסט דײַנע, און מיר האָבן אונדזערע. דײַן פֿליכט איז פֿאַרצוזעצן שטודירן. קאָנסט ניט לאָזן נחמנס אַרבעט גיין צום גרונט. ווּעסט טאָן מער פֿאַר אונדז אַלעמען, שטרעבנדיק צו אַן אינטע־לעקטועלער פּראָפֿעסיע, ווי דורך קריגן עפּעס אַן אַרבעט. מיר זענען ניט אָן מיטלען."

כ׳בין ניט געווען בלינד צום דאָן־קיכאָטישן עלעמענט אין מײַן אימ־פּולס; אויב ס׳האָט זיך געפֿאָדערט, אַז נאָך עמעצער זאָל עס אַרויסברענגען קורץ און שאַרף, האָט עס בענעק געטאָן.

„אין וואָס גייט דאָ?" האָט ער געזאָגט איראָניש. „דו האָסט מורא אויס־צוּוואַקסן? דו ביסט קיין מאָל ניט געווען אַוועק פֿון דער היים? דער אוני־ווערסיטעט איז שווערער ווי דער לאַגער, און דו דאַרפֿסט אַ תּירוץ?"

מײַן אַלטער פֿרײַנד, ניט געקוקט אויף אונדזער שטאַרקער צוגעבונדנ־קייט, האָט אים דאָס לעבן פֿאַרטראָגן אין אַן אַנדער ריכטונג. ער איז געגאַנ־גען זיך אײַנאָרדענען ווי אַ ראַדיאָ־טעכניקער, פֿולשטענדיק אַקלימאַטיזירנדיק זיך אין זײַן אַדאָפּטירט לאַנד. מיך האָט שוין געצויגן צו עפּעס מער ווי אַ קאַריערע פֿון אַן אַדוואָקאַט אין מעלבורן, און ער האָט עס געוווּסט.

צוגעלאָזט צו ווערן צו דער אַדוואָקאַטור האָט שוין איצט ניט אויסגעזען בײַ מיר ווי אַ תּכלית. אַ דאַנק דעם וואָס אַ באַרימטער אָקספֿאָרדער דאָן, פּעטער קאַרסאָן, גאַסט־פּראָפֿעסאָר אין מעלבורן, האָט מיט מיר זיך ספּעציעל פֿאַראינטערעסירט, איז מײַן אינטעלעקטועלע מעטאַמאָרפֿאָזע פֿאַרשנעלערט געוואָרן. מײַן אופֿן דענקען האָט גענומען ווערן ניכטער, מער אַנאַליטיש; כ׳האָב געלערנט, אַז דעם געדאַנק מוזן פֿאַרבײַטן אינטויִציע און עמאָציע.

מײַנע אינטערעסן האָבן זיך אויסגעברייטערט אויף די פילאָסאָפישע אַספּעקטן פון יוריספּרודענץ, ווי אויך אויפן אינטערנאַציאָנאַלן רעכט און קאָנסטי־טוציאָנעלן געזעץ. איך האָב זיך אינטערעסירט מיט דער סטרוקטור פון פעדעראַלע סיסטעמען, ניט נאָר פון אויסטראַליע, נײַערט אויך פון שווייצאַריע, דײַטשלאַנד, ראַטן־פאַרבאַנד און, דער עיקר, פון די פאַראייניקטע שטאַטן. כ׳האָב אויך אויסגעפונען, אַז איך בין געוואָרן אַ שטיקל לינגוויסט. מײַן ענגליש איז געווען פון לעצטן שניט, אָבער אויך רוסיש, דײַטש, פראַנצייזיש און אַנדערע שפּראַכן, וועלכע דאָס לעבן האָט מיך אויסגעלערנט אין די אויסטערלישסטע פלעצער, האָבן אַצינד מיר געבראַכט נוצן אין מײַנע שטודיעס.

*

כ׳בין געוואָרן רעדאַקטאָר פון דעם „געזעץ־בולעטין" און אין 1953 האָב איך גראַדויִרט מיט איינע פון די העכסטע מיינונגען אין מײַן קלאַס. מען האָט מיך גלײַך פאַרבעטן צו סטאַזשירן אין איינער פון די וויכטיקסטע פירמעס פון מעלבורן. אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין ענטוזיאַזם פאַר קיין איינער פון די דאָזיקע אַלטערנאַטיוון. דעמאָלט האָט סער זעלמאַן קאָווען (זינט 1977 גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אויסטראַליע) אינטערוועניִרט אין מײַן לעבן.

זײַענדיק אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווי אַ גאַסט־לעקטאָר, האָט קאָווען געהאַט איבערגעגעבן וועגן מיר די פּראָפעסאָרן פאַול פרוינד און האַראָלד בערמאַן פון יורידישן פאַקולטעט אין האַרוואַרד. קומענדיק צוריק אין אויסטראַליע, האָט ער מיך איבעררראַשט מיט אַ פאָרשלאָג פון זײַנע אַמעריקאַנער קאָלעגן — אַ סטיפּענדיע און אַ קאַרנעגי־פּרײַז.

האַרוואַרד! דער יִראת־הכּבֿודיקסטער נאָמען אין דער וועלט פון וויסן, דער אַטעץ פון מאָדערנע צײַטן. וועל איך אַהין פאָרן? קאָן דאָס זײַן, אַז אַפילו אויסטראַליע, מיט אַלצדינג וואָס זי האָט געקאָנט פאָרשלאָגן, וועט ניט שאַפן די קאָנטורן פון מײַן ווײַטערדיק לעבן?

פעטער נחמן וואָלט זיך געוואַקלט. ער האָט מיך געזען קומען אין דעם שיינעם לאַנד פון דער גרוב פון דער נאָכמלחמהדיקער אייראָפּע. ער האָט מיך געזען איבערקומען מײַן קראַנקייט און אָנהייבן מײַנע שטודיעס. ער וואָלט געזאָגט: „מיר טאָרן ניט שפּילן מיט אונדזער נײַ־אָפּגעפונען גליק.

מיר טאָרן ניט באַצווינגען דעם גורל. דער בחור טאָר ניט פון ס׳נײַ זײַן אויסגעשטעלט אויף סכּנות אינעם אומבאַקאַנטן לאַנד. אָבער ער האָט ניט געלעבט געגנוג לאַנג, צו זען וואָס ער האָט אויפגעטאָן, זען דעם ערנסטן ווענד וועלכן מײַן דערציִונג וועט מאַכן, און וואָס פֿאַר אַן אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן ס׳וועלן זיך שאַפֿן פֿאַר מיר.

פעטער אלעזר איז באַלד געווען דערפֿאַר, און זײַן צוגאַנג האָט דערוועקט אַפּקלאַנגען פֿון דער ווײַטנס. אויסטראַליע איז געווען אַ ווונדערלעכער אויפֿ־האַלטפּונקט אויף מײַן וועג צום אויסלייז, אַן אָאַזיס, אָבער איך טאָר ניט אַפּטעמפּען דעם אינסטינקט, וואָס האָט מיר שטענדיק דיקטירט אַנצוגיין מיט אַ געראַנגל. די אמתע וועלט איז ניט אַזוי רויִק און באַקוועם ווי זי זעט אויס פֿון דאַנען; אויך געהערט ניט מײַן לעבן אין גאַנצן צו מיר. עס בלײַבט אויף אייביק אײַנגעוואָרצלט אין די טראַגעדיעס פֿון עבר, און פֿון אָט די טראַגעדיעס מוז עס שעפּן זײַן זינען און ציל.

כ׳בין אָפּגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, דורך ענגלאַנד, אויף אַ „פּי ענד אָ״ שיף, אין ביליקסטן קלאַס. אויפֿן ברעג האָבן מײַנע חברים־אימיגראַנטן זיך אויסגעמישט מיט מײַנע נײַע אויסטראַלישע חברים פֿון אוניווערסיטעט. כ׳האָב זיך געשפּירט לײַכט, שפּרײַזנדיק צווישן ביידע וועלטן. בענעק און בעבקאַ האָבן מיך אַרומגענומען: „פֿאַרגעס ניט קומען צוריק!״ ניט געקוקט אויף דעם אומעט וואָס כ׳האָב געפֿילט פֿאַרלאָזנדיק זיי, האָט זיך מיר שוין געוואָלט אַוועקפֿאָרן. כ׳האָב געוווּסט, אַז ווקס און אָפּבײַט זענען געווען בולטע שטריכן פֿון מײַן משונהדיק לעבן.

ווידער בין איך געווען אין באַוועגונג. די פֿיר־וואָכעדיקע נסיעה פֿון מעלבורן קיין לאָנדאָן, דורכן אינדישן אָקעאַן, דעם אַראַבישן ים, דעם סועץ־קאַנאַל און גיבראַלטאַר, האָט ווידער אויפגעלעבט אין זכּרון מײַן נסיעה אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג מיט זעקס יאָר צוריק.

ווען איך בין אָנגעקומען צו די ברעגן פֿון ענגלאַנד, איז געווען פֿאַר מיר אַ שטאַרקע איבערלעבונג דאָס, וואָס איך בין פֿון אַ בריטישער קאָלאָניע און קום צוריק צו מײַן היימלאַנד, אָטעמענדיק מיט דער געשיכטע פֿון די אור־עלטערן. בעת מײַן פֿריִערדיקן וויזיט, אויפֿן וועג פֿון פּאַריז קיין אויסטראַליע, בין איך געווען אַ פֿרעמדער, „שטאַטלאָזער״ הפקר־מענטש, ניט

קאָנענדיק אויסרעדן מער ווי אַ פּאָר צעבראָכענע פראַזעס אויף ענגליש. איצט בין איך געווען דורכגעזאַפּט מיט דורות־לאַנגע טראַדיציעס און ירושות, וואָס כ׳האָב געפילט, אַז זיי זענען מײַנע פונקט ווי די תּורה פון משה רבנו. איין מאָל בין איך שוין ניט אומגעקומען פון די נירנבערגער געזעצן; איצט האָב איך געוווּסט, אַז איך וואָלט געקאָנט לעבן נאָר אונטער דער שיצנדיקער וואָרעמקייט פון „מאַגנאַ קאַרטאַ״ און די מענטשנרעכט, וואָס זענען פון איר אַרויסגעוואַקסן.

איך האָב פאַרבראַכט אַ געוויסע צײַט אין אָקספאָרד, באַזוכנדיק פרײַנד, שמועסנדיק מיט פּראָמינענטע פון דער בריטישער וויסנשאַפט וועגן דעם, וואָס ס׳איז געטאָן געוואָרן אויפן געביט פון פאַרגלײַך־געזעץ. אָקספאָרדס אינטעלעקטועלע סטאַנדאַרטן זענען געווען אַ שם־דבר, און די דיסקוסיעס וועלכע כ׳האָב געהאַט דאָרטן אין שײַכות מיט מײַן צוקונפט, האָבן גורם געווען דערצו, איך זאָל זיך אומקערן פון דער יוריסטישער פּראַקטיק צו אַן אַקאַדעמישער קאַריערע. לערנען, פאָרשן האָט מיר אויסגעזען צו זײַן דאָס, וואָס כ׳האָב געוואָלט. ס׳איז געווען אין אַ געוויסן זינען, ווי זיך צוריקקערן צו אַ פריִערדיקן באַשלוס צו ווערן אַ וויסנשאַפטלער.

הײַנט בין איך ענדגילטיק אַן אינטערנאַציאָנאַלער אַדוואָקאַט. אָבער די קעגנגעזעצטע השפּעות פון אַ לעבן פון מעשׂים און אַ לעבן פון פאָרשונג שטערן נאָך אַלץ מײַן אינערלעכער רו.

אָנקומענדיק אין האַרוואַרד, בין איך איבער הויפּט ניט געווען צוגעגרייט צו דער גײַסטיקער אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין פאַקולטעט פון אוניווערסיטעט און אין דער סטודענטן־קערפּערשאַפט, זומער 1954. כ׳האָב דערזען, ווי אָפּגעטיילט, ווי איזאָלירט אויסטראַליע איז געווען און ווי געשיצט פון די שפּאַנונגען, וואָס האָבן זיך ווידער געשאַפן אין דער וועלט אַזוי קורץ נאָך דער מלחמה.

דער מאַקאַרטיזם איז געווען אין זײַן הויכפּונקט. כ׳געדענק, ווי איך בין געווען אונטערן שטאַרקן אײַנדרוק פון דער עמאָציע, מיט וועלכער אַ פּראָפעסאָר פון קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט, זכריה טשאַפּע, האָט אַראָפּגעלאָזט זײַן פויסט אויפן שרײַבטיש אין זײַן קלאַס אויסרופנדיק: „דער מענטש אַלזשעי היס איז אומשולדיק!״

כ׳האָב דעמאָלט ניט געוווּסט און ווייס נאָך איצט ניט, צי היס איז געווען אומשולדיק. אָבער אַז די אַמעריקאַנער — די מענטשן פון ווײַסן שטערן, וואָס זענען אין דײַטשלאַנד אַרומגעגאַנגען צווישן אונדז ווי אויסדערוויילטע פון גאָט, וועמענס סטאַטוס פון פרײַהייט איך האָב געבענטשט מיט ווייַנענדיקע אויגן, ווען „קווין עליזאַבעט״ האָט מיך געבראַכט צום ניו־יאָרקער פּאָרט — זאָלן איצט נעמען אויף זיך די זעלבע קללה פון אַנאָנימע מסירות, וואָס האָבן אַזוי געבושעוועט אין מתים־שטיבל פון דער נאָכמלחמהדיקער אייראָפּע, האָט בײַ מיר אויסגעזען ווי אַ טראַגישע איראָניע פון אַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם. אַ מיטלמעסיקער באַאַמטער, היס; אַ פּאָליטישע דראַמע מיט אַן אומזיכערן אויסגאַנג — זײַן מישפּט; און אַן אויסבראָך פון פּאַראַנאָיע און נקמה־דאָרשט האָט באַהערשט דאָס גאַנצע לאַנד! ראָבערט אָפּענהיימער, דער גרויסער וויסנשאַפטלער, דער אָנפירער מיטן „מאַנהעטן פּראָיעקט״, וואָס האָט געשאַפן די אַטאָם־באָמבע — איז געוואָרפן געוואָרן צו די פּאָליטישע הינט פאַרן האָבן די העזה צו צווייפלען אין דער חכמה פון שאַפן אַלץ מער און געפער־לעכערע באָמבעס, איצט אַ וואַסערשטאָף־באָמבע, און אַזוי אַרום פאַרגיכערן דאָס געוווער־געיעג. מסירות, אויסגעטראַכטע באַשולדיקונגען, צעשטערטע לעבנס, סם פון חשדים און מורא פאַר פרײַנד, קרובים, שכנים און פאַר דער רעגירונג. ווידער אַ מאָל האָב איך געטראַכט, בין איך געווען אַן עדות פון מענטשלעכע טראַגעדיעס, אַרויסגערופענע דורך אידעאָלאָגישער בלינדקייט און היסטעריע. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען שטילע אונטערערדישע קוואַלן פון מורא צעעפנט געוואָרן דורכן „פאַרלירן״ כינע און דער אײַנ־גלידערונג פון מיזרח־אייראָפּע אין דער סאָוועטישער ספערע.

דער ווילן צו פאַרשטיין דעם פּחד און זײַן אָפּשפּיגלונג אויף דער אַנדערער זײַט פון דער פּאָליטישער שיידליניע, צו פאַרשטיין די שפּאַנונגען וואָס האָבן, בלויז צען יאָר נאָך דער גרוילפולער מלחמה, ווידער באַדראָט די וועלט — דער דאָזיקער ווילן האָט מיך דערמוטיקט אין שפּעטערדיקע יאָרן צו זוכן וועגן, ווי צו פאַרקלענערן די פּחדים און אָנווײַזן דער וועלט אויף זייער פונדאַמענטאַלער ניט־ממשותדיקייט.

דורכמאַכנדיק פּאָרמאַטיווע יאָרן אין אָפּוואַרטן דאָס ערגסטע, האָט עס מיך דערבראַכט צום אָפּשאַצן די קראַפט פון אַזעלכע פּחדים. צי איז עס

געווען צוליב דעם וואָס איך בין באַשעפּטיקט געוואָרן מער ווי אַנדערע פון מײַנע אַמעריקאַנער און אייראָפּעיִשע פרײַנד, מיט די איראַציאָנעלע עלעמענטן אין דעם פאַרגלײַך פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן מיט די סאָוועטן? ס׳האָט גענומען אַ צײַט ביז איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מײַנע פריִערדיקע מיינונגען וועגן אַמעריקע, דערוואָרבענע פון דער ווייטנס, זענען געווען איבערפלעכלעכע. אין אַ דעמאָקראַטיע זענען די וואַסערן ניט שטענדיק רויִקע און די זון שײַנט ניט שטענדיק. דעמאָקראַטיע קאָן זײַן שטורמיש, ווולקאַניש. אָבער מיט אַלע אירע פעלערן זעט זי אויס צו זײַן די איינציקע סיסטעם, וואָס איז פעיִק זיך צו פאַרמעסטן מיטן קאָמפּלעקס פון מענטשלעכע קאָנפליקטן, אויף אַ דורכויס אָרנטלעכן און אינטעליגענטן אופן.

אַמעריקע האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן ניט אימוניזירט קעגן פּאָליטישע קראַנקייטן, אָבער זי זעט אויס צו טראָגן אין איר נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם די נייטיקע מיקראָבן פאַר אַליין־היילונג. כ׳האָב געזען די דאָזיקע היילונג פּראַקטיצירט פאַר מײַנע אויגן דורך די קאָמוניקאַציע־מיטלען און פּאָליטישע פּאַרטייען, וועמענס רעפלעקסן זענען אין גרונט געבליבן געזונט. פון איין טאָג אויפן צווייטן, אָן אַ באַזונדערן רעש, איז דער געוועזענער אַלמעכטיקער אינקוויזיטאָר, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַ כּמעט סטאַליניסטישן קלימאַט פון רייניקונגען און פּאַניק צווישן זײַנע לאַנדסלײַט, פאַרגעסן געוואָרן. אַ גע־ווינטלעכע אָפּשטימונג דורך זײַנע קאָלעגן אין סענאַט איז געווען גענוג אים אַוועקצושטעלן אויפן ריכטיקן אָרט.

אַמעריקע, דאָס אויסגעבענקטע לאַנד פון מײַנע קינדער־יאָרן, האָט זיך גאָר פײַן פּרעזענטירט בײַ דער ערשטער אָפּשטימונג פאַר מיר, דעם פאַר־כּישופטן יוגנטלעכן.

✶

מײַן פינאַנציעלער מצב איז ניט געווען קיין גוטער. כ׳האָב פאַרלאָזט מעלבורן מיט אַ קליינער סומע געלט, וואָס מיר האָט געגעבן פעטער אלעזר פון זײַנע באַשיידענע מיטלען. (כ׳האָב געפילט, אַז איך וואָלט ניט געקאָנט מסכּים זײַן צו נעמען געלט פון דער מומע רחל). ווען דאָס מיטגענומענע געלט איז אויסגעגאַנגען, בין איך אָנגעקומען קיין האַרוואַרד, וויסנדיק אַז כ׳וועל דאַרפן מײַן פּרײַז פון 1200 דאָלאַר אויסציִען אויף אַ גאַנץ יאָר:

די סומע וועט דאַרפֿן דעקן אַלע מײַנע הוצאות, אויסער לערנען. מיט אומרו און באַדויער האָב איך אויפֿגעהאַנגען אַ מעלדונג אויף אײנעם פֿון די סטודענטישע בולעטין־טאָוולען וועגן פֿאַרקויפֿן די „לײקאַ“, וואָס כ׳האָב מיט אַזאַ חשק צוגעראַבעוועט אין פּענצינג. אַ חבר, אַ סטודענט, איצט זיכער אַן אָנגעזעענער אַדוואָקאַט, אפֿשר גאָר אַ ריכטער, האָט עס געקויפֿט פֿאַר 95 דאָלאַר, ניט ווייסנדיק אַז ער האָט באַקומען געגנבֿעטע סחורה, אָבער דעמאָלט איז שוין געווען אין קראַפֿט דאָס געזעץ פֿון פֿאַרעלטערונג...

דער יונגער קנאָפּלאָך־מאַשיניסט האָט זיך פֿעסט גענומען צו דער אַרבעט. בײַם עסן פֿרישטיק אין דער קאַפֿעטעריע פֿון דער יורידישער שול, פֿלעג איך טראָגן מײַן טאַץ צוריק אויף עקסטראַ־פּאָרציעס, ביז כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל פּלאַצן, מחמת פֿאַרן זעלבן פּרײַז האָט מען געקאָנט אָנפֿילן די טאַץ וויפֿל מאָל מ׳האָט געוואָלט. דער מאָלצײַט האָט געדאַרפֿט מיר סטײַען ביזן אָוונטברויט. איך בין געווען אויסגערעכנט, אַז דער פּרײַז זאָל ניט אַריבערגיין 99 סענט; אויף אַ דאָלאַר האָט מען געצאָלט אַ שטײַער און דורכן יאָר האָט עס געקאָנט מאַכן דעם אונטערשייד צווישן האַלטן זיך אין די ראַמען פֿון בודזשעט, אָדער אים איבערשטײַגן. וועל איך עס אויסהאַלטן ביזן סוף יאָר, אָדער כ׳וועל דאַרפֿן הונגערן? כ׳האָב שוין כּמעט אָנגעהויבן רחמנות האָבן אויף זיך. ווי אַ מענטש איז פֿעיִק צו פֿאַרגעסן...

ניט דאָס איז אָבער געווען דער עיקר. דאָס הויפּט־פּראָבלעם איז געווען אין קלאַס. האַרוואַרד איז געווען וווּנדערלעך. האַרוואַרד איז געווען דאָס בעסטע. דער סעלעקציע־פּראָצעס איז געווען אַ שטרענגער, און די קאָפּ־ברעכערישע קאָנקורענץ אומעטום, ווו דו ביסט נאָר אַרײַן, איז געווען אַנדערש פֿון דעם וואָס כ׳האָב ביז איצט געקענט.

די אמתע וועלט איז ניט באַשטאַנען פֿון דעם סאַדיזם אין אוישוויץ אָדער פֿון דער אַנאַרכיע אין לאַנדסבערג; איצט האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז זי איז אויך ניט געווען אַזאַ, ווי מײַן מאַנירלעכער אוניווערסיטעט אין מעלבורן. די אמתע וועלט איז געלעגן ערגעץ צווישן זיי אַלעמען, און איך בין אַרײַנגעשלעפּט געוואָרן אין קאָמפּליקאַציעס, ווי אין אַ געפֿערלעכן ים. די שיטה פֿון לערנען איז געווען אויסטערליש אומבאַשטימט. כ׳האָב געוווּסט, אַז ס׳איז ניטאָ אַזוינס וואָס איך זאָל ניט קאָנען אויסלערנען, אָבער זיי האָבן

פאַרלאַנגט מער. דו האָסט ניט נאָר געדאַרפט באַהערשן דעם מאַטעריאַל, נאָר אַנטוויקלען אַ מחשבות־גאַנג, אַן אַנאַליטישע שיטה וואָס האָט דיר געדאַרפט דינען דעם גאַנצן לעבן. דער אומברחמנותדיקער באַריער פון פראַגן וואָס די פּראָפעסאָרן האָבן דיר געשטעלט, האָט געהייסן — „די סאָקראַטישע שיטה"; אַ מער צוגעפּאַסטער נאָמען וואָלט געווען „די שפּאַנישע אינקוויזיציע".

פאַר מיר, אַ דרעסירטן צו האָבן רעספּעקט פאַר אויטאָריטעט, און שפּעטער צוגעוווינט זיך צו באַציִען צו תּלמידי־חכמים מיט יִראת־הכּבוד, איז געווען אַ חידוש צו זען פּראָפעסאָרן, איבערגעריסענע אין מיטן רעדן, דערצאָרנטע און אַרײַנגעצויגענע אין אַ וויכּוח. אַנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער מדינה פלעגן קומען רעדן און זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרטיידיקן זייער שטאַנדפּונקט אַנטקעגן דער אומגעצוימטער קריטיק פון זאַל. און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז לייגן קלעצער מיט יונגן ענטוזיאַזם אויפן וועג פון דער קערפּערשאַפט פון אײַנגעשטעלטע אמתן, האָט מען אויך דערוואַרט פון מיר, אויב איך וויל האָבן אַנזען בײַ מײַנע לערערס און חברים־סטודענטן.

איך בין געווען אויסער זיך פון התפּעלות צו זען פרײַהייט פון וואָרט און חילוקי־דעותן, וואָס האָבן געהערשט אַרום מיר. אונטער די נאַצישע און סאָוועטישע רעזשימען האָב איך געהאַט געזען, צו וואָס פאַר אַ יסורים עס קאָן ברענגען בלינדער רעספּעקט פאַר אָפיציעלע אמתן. אָבער דאָס ערשטע מאָל זינט איך האָב זיך געפונען אַליין, אין דער שורה פון געפאַנגענע, לויפנדיק צו דעם פּיצוג, האָב איך געצווייפלט אין מײַן פעיִקייט צו קאָנען דורמאַכן די קומענדיקע טעסטן. פּסיכאָלאָגיש בין איך געווען פאַרמירט איבערצולעבן די טויטלאַגערן, אָבער ניט די הויכע געזעלשאַפט. די רעפלעקסן, די כּוונות, די גײַסטיקע מוסקלען, דער עמאָציאָנעלער פּאַנצער, וועלכע כ׳האָב דאָרטן געהאַט אַנטוויקלט, זענען געווען אין גאַנצן אַנדערע פון דעם, וואָס זענען מיר נייטיק געווען איצט. מײַן אינוועגטאַר פון דורכגעטריבנקייט און איבערגעשפּיצטקייט, פון פיזישן אויסדויער האָבן מיר דאָ קיין נוצן ניט געבראַכט. צו וואָס האָב איך בכלל גענומען אויף זיך אַזאַ פאַרמעסט?

כּדי איבערצוגיין פון דעם דזשונגל פון חיִשע רעאַקציעס צו אַ וועלט

פון לויטערן אינטעלעקט, האָב איך געדאַרפט אויסמעקן די ערשטע זיבעצן יאָר פון מײַן לעבן. דער מענטש וואָס איך בין אַ מאָל געווען, און דער מענטש וואָס כ׳האָב געוואָלט ווערן, האָבן ניט געקאָנט צוזאַמענלעבן אין איינעם. פאַר אַזאַ מין קאַמף, מוח קעגן מוח, געדאַנק קעגן געדאַנק, וועל איך דאַרפן פון ס׳נײַ זיך אַנטדעקן און זיך צוריק אויפבויען פון סאַמע אָנהייב אָן. ס׳איז מיר אַדורך אַ געדאַנק, אַז אפשר איז מײַן שׂכל ניט גענוג שאַרף, און איך דאַרף זיך פאַרפּאַקן און גיין צוריק קיין אויסטראַליע.

כ׳האָב געלייענט אין צײַטונג, אַז סער ראָי גראַונדס, דער טאַטע פון מײַן שול־חבר פון טיילאָרס שול, מאַר, איז אין ניו־יאָרק אויף אַן אַרכיטעקטור־קאָנפערענץ. סער ראָי איז געווען איינער פון מײַנע יועצים, און איך האָב אים אָנגעפרעגט אין אַ בריוו, צי מיר קאָנען זיך טרעפן. ער האָט געענטפערט, אַז ער דאַרף סײַ ווי זײַן אין באָסטאָן, וועט ער מיך דאָרטן זען.

„איר האָט ניט קיין אַנונג, ווי שווער ס׳איז געווען,” האָב איך אים געזאָגט בײַם אָוונטברויט.

„כ׳האָב געהערט פון פּראָפעסאָר קאָווען, אַז איר זענט ניט צו גליקלעך דאָ. וועגן וואָס האַנדלט זיך?”

„איך בין ניט גענוג צוגעפּאַסט. די אַנדערע סטודענטן שטײַגן מיך איבער.”

„הער, יונגער־מאַן,” האָט ער מיך איבערגעריסן, „ווילסט אויפהייבן די הענט?”

כ׳האָב זיך דערמאָנט דעם קאַצעטלער אין מײַדאַנעק, וואָס האָט געהאַט געזאָגט: „זון, הער צו, ווילסט עסן אָט די זופּ, צי דו ווילסט פּגרן?”

מײַן ענטפער האָט זיך דעמאָלט ניט געביטן.

„ניין,” האָב איך געענטפערט.

„נאָר אויב דו ווילסט,” האָט סער ראָי געזאָגט, „איז עס אויך ניט דער סוף פון דער וועלט. קום צוריק אין אויסטראַליע, פּרוביר עפּעס אַנדערש. אונדזער מדינה קאָן האָבן נוצן פון אַזעלכע ווי דו.”

„ניין, איך וויל ניט אויפגעבן.”

„אויב אַזוי, הער אויף צו זאָרגן, טו זיך אַרײַן אינעם לערנען.”

כ׳האָב זיך ממש אַרײַנגעוואָרפן אין לערנען. עס ליב באַקומען און ליב

עס עד־היום. קיין זאַך פון דעם וואָס איז געקומען פאַר אָדער נאָך האַרוואַרד, קאָן מען מיט דעם ניט פאַרגלײַכן צוליב דער לויטערער גײַסטיקער התלהבות. כ'האָב געקענט אויך אַנדערע פאָרמען פון אינטעלעקטועלער באַפרידיקונג. למשל, שרײַבן דאָס בוך „קאָעקסיסטענץ און האַנדל", וואָס האָט אויפגעכאַפּט די פּאָליטישע ווינטן פון אַנטשפּאַנונג און אפשר געבראַכט געוויסע דיפּלאָמאַטישע ענדערונגען אין וואַשינגטאָן; אָדער פּובליקירן אַרטיקלען אין „ניו־יאָרק־טײַמס", „לאָנדאָן־אָבזערוווער" און אַנדערע צײַטונגען. אין די אַ אַרבעטן האָב איך זיך געדאַרפט צופּאַסן צו די פאָדערונגען פון דעם מעדיום און דעם ציל. אין האַרוואַרד האָט מײַן געדאַנק אויפגעפלאַמט און געוואָרן פרײַ זיך אַוועקצוטראָגן ווו ער האָט געוואָלט. מעלבורן האָט מיך געלערנט, אַז ס'איז דאָ אַ העכערער סטאַנדאַרט פון לעבן וועלכן איך קאָן דערגרייכן. איצט האָט מיך האַרוואַרט געלערנט, אַז ס'איז דאָ נאָך אַ סטאַנדאַרט, העכער פון דעם וואָס איז שוין דערגרייכט, און אַז באַמיִען זיך יענעם צו דערגרייכן אַזוי לאַנג ווי איך לעב, איז דער דאָזיקער פּראָצעס ווערט צו טראָגן דעם נאָמען — לעבן.

כ'האָב פאַרבראַכט מײַנע נעכט אין צווייטן קעלער־עטאַזש פון דער יוסטיץ־שול־ביבליאָטעק, אײַנאָטעמענדיק דעם שטויב וועלכן ד"ר ניוטאָן האָט מיר אָנגעזאָגט אויסצומײַדן. כ'האָב אונטערגענומען אַ פאַרכאַפּנדיקע פאָרשונג, אויסשיפּרירנדיק ניט קיין פּובליקירטע מאַנוסקריפּטן אין עטלעכע שפּראַכן. ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אין געדאַנק צו דער געשריבענער לאָזונג אויפן טויער פון אוישוויץ, האָב איך אײַנגעזען, אַז ס'איז באמת דאָ אַזאַ אַרבעט וואָס ברענגט פרײַהייט.

ניו־יאָרק. אָט דער ניט־אויסשעפּלעכער געמיש פון וואָלקן־קראַצערישן מאָדערניזם און אָרעמע געגנטן, נאָך אַלץ פאַרנומענע דורך געוועזענע אימיגראַנטן, האָט אַרויסגעבראַכט איין באַקאַנטן נאָמען נאָכן אַנדערן. איצט זענען דאָרטן געווען באַשע און לעאָ סאָוואַזש. מײַן פעטער איז דערהויבן געוואָרן צום אַמעריקאַנער הויפּט־קאָרעספּאָנדענט פון „לע פיגאַראָ". כ'האָב געוואָלט זיי באַזוכן אין די סוף־יאָר־וואַקאַציעס, אָבער די נסיעה וואָלט שטאַרק געטראָפן מײַן בודזשעט, וואָס האָט שוין במילא גענומען זיך אײַנשרומפּן, האַסטיקער ווי ס'האָט געדאַרפט זײַן. בעת פון ערשטן יאָר איז נאָך קיין

העלפֿט ניט אַדורך. דער קאַמפּוס איז שוין געווען ליידיק, און איך האָב נאָך אַלץ געקלערט ווי אַזוי קומט מען פֿאַרט קיין ניו־יאָרק. און דאָ איז אַ בריוו געקומען פֿון דעקאַן פֿון די גראַדואַציע־שטודיומס, פּראָפֿעסאָר פּאָול פֿרוינד, דער גרויסער געלערנטער פֿון קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט.

„מײַן טײַערער פּיסאַר," האָט ער געשריבן, „איבערקוקנדיק מײַן סטיפּענדיע־בודזשעט, זע איך אַז איך האָב אַ רעשט פֿון 500 דאָלאַר, פֿאַר וועלכע איך קאָן ניט אָפּגעבן קיין חשבון. אפֿשר קאָנט איר עס אויסניצן, און אָט איז אַ טשעק. אויך צוויי בילעטן אויף דעם האַרוואַרד־יעיל האָקי־שפּיל."

מײַנע דרינגענדיקע פּראָבלעמען זענען געלייזט געוואָרן. איך האָב געוווּסט פֿון ווילטועריש מעשׂים אין אַנדערע לענדער, אָבער קיין מאָל זענען זיי ניט געווען אַזוי ברייטהאַרציק און באַשיידן ווי אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

*

כ'האָב געהאַט אַן אינטערנאַט־צימער אין „הייסטינגס־האָל" בשותּפֿות מיט אַ בראַזיליאַנער, סערגיאָ דע בריטאָ, און אַ שטודיר־צימערל אין „לאַנגדען־האָל" מיט אַן אינדיער, יעשוואַנט קיטאַלע, און צוויי פֿון ישׂראל, חיים טײַכמאַן און יחזקאל דרור. ס'האָט אויסגעזען, אַז אין קאַמפּוס האָט מען געקאָנט הערן די שפּראַכן פֿון אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט. ס'איז געווען אַ סיבה פֿאַר וואָס עס זענען געווען אַזאַ סך אויסלענדישע סטודענטן, ספּעציעל פֿון די ניט־אַנטוויקלטע לענדער. אָט די יונגע מענטשן זענען געווען די עליטע, מעגלעך, צוקונפֿטיקע פּירערס פֿון זייערע פֿעלקער. העלפֿנדיק זיי פֿינאַנציעל, זיי זאָלן קאָנען ממשיך זײַן זייערע שטודיעס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג געהאָפֿט צו געווינען אַנהענגערס פֿאַר איר גלאָבאַלער פּאָליטיק און עקאָנאָמישע צילן.

אין וואָס פֿאַר אַ מאָס זענען די צילן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן געווען אידענטיש מיט די אייגענע אינטערעסן פֿון די דאָזיקע לענדער, און אין וואָס פֿאַר אַ מאָס די אַהיים זיך צוריקקערנדיקע סטודענטן וועלן קאָנען אָנווענדן די סיסטעם און מעטאָדן פֿון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, זענען געווען פּראָבלעמען וועלכע מיר האָבן דיסקוטירט. וואָס ס'האָט צום מערסטן באַאומרויִקט די אויסלענדער, איז געווען די הילפֿלאָזיקייט, אויף וועלכער זיי וועלן זיך אָנשטויסן קומענדיק צוריק אַהיים. איך, וואָס האָב

געלעבט אונטער דעם סאָוועטישן קאָמוניזם און דײַטשישן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, בין געווען אימון קעגן דער קרענק פון פּראָפּאַגאַנדע. פון דעסטוועגן האָב איך געדאַרפט אָנערקענען, אַז אַ פאָלק וואָס קלײַבט אויסלענדער זיי צו אינדאָקטרינירן, אַרײַנגעבנדיק זיי אין אירע בעסטע אוניווערסיטעטן ווו די פּראָגראַמען געפינען זיך אונטער אַן אומברחמנותדיקער קאָנטראָל, האָט פּראַקטיצירט די אָפנהאַרציקסטע און אפשר די סובטעלסטע און ווירקעוודיקסטע פאָרעם פון פּראָפּאַגאַנדע, וואָס אַ מענטש האָט נאָר געקענט.

ס׳האָט מיר אויסגעזען, אַז אויב ס׳איז געווען אַזוינס וואָס די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן צו לערנען די וועלט, מישנדיק זיך צום ווינציקסטן אין די טראַדיציעס פון די שבטים און פויערים־קאַסטעס פון די נײַ־אויפגעקומענע מדינות, וואָלט געווען אַ דעצענטראַליזירטער פעדעראַלער סיסטעם, וואָס דערמעגלעכט די באַזונדערע מדינות מיטצואַרבעטן צוליב עקאָנאָמישן און פּאָליטישן נוצן, אָפּהיטנדיק זייער רעגיאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וועלכע זיי ווילן אײַנהאַלטן. און דאָס, אין אַ מער אָוואַנסירטער פאָרעם, ווי ס׳איז ווען ניט איז אָנגעווענדט געוואָרן, האָט געהאַט אַ באַטײַט פאַר איראָפּע אויך. ווען מײַן ערשטער יאָר אין האַרוואַרד איז באַלוינט געוואָרן מיט עטלעכע פּרײַזן, און כ׳האָב באַקומען אַ פּרײַז פון 3000 דאָלאַר פאַרן צווייטן יאָר, האָב איך זיך געהאַלטן פאַר אַ גביר.

איצט האָב איך געוואָלט טיפער זיך אַרײַנוואַרפן אין די גרויסע קאָנסטיטוציאָנעלע באַשלוסן פון אָליווער ווענדעל האָלמס, בנימין קאַרדאָזאָ און פעליקס פראַנקפורטער. כ׳האָב געוואָלט אַנטוויקלען מײַנעם אַן אייגענעם קוק אויף דער וועלט, אַן אַרויסבאַקומענעם פון דעם, וואָס כ׳האָב איבערגעלעבט און פון דעם געלערנט. האָב איך באַשלאָסן זיך צו קאָנצענטרירן אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ, אויף דעם פעדעראַליזם און דעם „ביל אָף רײַטס״, און ווי אַזוי זייערע פּרינציפּן קאָנען אָנגעווענדט ווערן אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. כ׳בין געווען פינף און צוואַנציק יאָר אַלט און זיך נאָך אַלץ געוואַקלט אין מײַנע פּלענער פאַר דער צוקונפט — צווישן די אַטראַקציעס פון אַ קאַריערע פון אַ פּראַקטיצירנדיקן יוריסט פון אַן אַקאַדעמישער טעטיקייט. אין האַרוואַרד האָב איך געזען אַ מעגלעכקייט פון אַן אָריגינעלער פאָרשונג, וואָס זאָל געמאַכט און אָנגעווענדט ווערן מיט

גרויסע און באַלדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאָנסעקווענצן. איך, דער אַנאָנימער אונטערמענטש פון אוישוויץ, וועל העלפן איבערמאַכן די וועלט!

צי וועט איר מיר מוחל זײַן, אויב די אַמביציע זעט אויס אומבאַשײַדן? ס'איז ניט געווען ספּעציפיש פאַר מיר; ס'איז געווען אַזאַ מין בײַט און אָרט. חוץ דעם קאָמוניסטישן תּחום, האָבן אַלע באַשלוס־אָקצעפּטירונגען זיך קאָנצענטרירט אין וואַשינגטאָן און אין האַרוואַרד. ווען די מאַקאַרטיסטישע מכּה איז פאַרשווונדן, איז אַ צאָל סטודענטן ברויזנדיק איבערצײַגט געווען, אַז זיי זענען פעיִק צו העלפן אַנטוויקלען סיסטעמען, בעסערע פון די וואָס האָבן דערפירט די מענטשהייט צו אַ סעריע שוידערלעכע רציחות און מלחמות.

אַ טייל פון די דאָזיקע סטודענטן איז געווען, ווי איך, פון אַנדערע לענדער. צווישן זיי — דער יונגער העברי קיסינדזשער. טיף געטראָפן אין זײַן קינדהייט פון דער באַרירונג מיטן נאַציזם, האָט ער אַנטוויקלט יענע געדאַנקען וועגן דער עמינענץ פון פּאָליטישע נאָרמעס, וואָס האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין זײַן ערשטלינג־בוך „אַ[ײַ]נגעהיט אַ וועלט". ס'איז געווען דער יונגער זביגניעוו בזשעזשינסקי, וועמענס פּוילן איז געפאַלן אין דער זעלבער צײַט ווי מײַן אָפּשטאָמלאַנד, און וואָס האָט געוווּסט ווי זיך אויס־צודריקן אין אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן אַ סך בעסער פון מיר. פּראָפעסאָר האַראָלד בערמאַן, וועמענס למדנות האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף דער יורי־דישער און אויף דעם „רוסישן צענטער", האָט אונדז גערופן „אויסגעשפּראָ־כענע קעגנערס" אין אַלץ, וואָס שייך אונדזערע מיינונגען וועגן די מיזרח־מערב באַציִונגען.

צוזאַמען מיט אונדז האָבן געלערנט — ראַלף נאַדער, דער צוקונפטיקער מיניסטער פאַר געזונטהייט, דערציִונג און סאָציאַלער הילף; דניאל סאָבער־מאַן, דער צוקונפטיקער דעקאַן פון דער יורידישער שול פון קווינס־אוני־ווערסיטעט אין קאַנאַדע; אַנטאָניאָ לאַ פּערגאָלאַ, דער צוקונפטיקער ריכטער פון העכסטן געריכט אין איטאַליע; תּיאודור מרון, דער צוקונפטיקער אַמבאַ־סאַדאָר פון ישׂראל אין קאַנאַדע און איטאַליע; שייך אַכמעד זאַקי יאַמאַני, דער צוקונפטיקער נאַפט־מיניסטער פון סאַוד־אַראַביע. עס זענען געווען נאָך אַנדערע פון זעלבן קאַליבער און, אַמעריקאַנער אָדער אויסלענדער,

האָבן מיר זיך געהאַלטן פאַר אַ פּלאַנירנדיקער עליטע, וואָס גייט אַריבער די נאַציאָנאַלע גרענעצן; וואָס שייך מיר, האָב איך פאַמעלעך זיך אָנגעהויבן פילן ווי אַן אַמעריקאַנער.

מײַן אוישוויץ־הינטערגרונט איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס כ׳האָב מיט קיינעם וועגן דעם ניט גערעדט. און קיינעם וואָלט ניט אײַנגעפאַלן, ווו איך בין דערצויגן געוואָרן. מײַנע מאַניערן און קאָנטראָלירטע רעדן פון יענע טעג זענען געווען נעענטער צו אַ פאָרשטייער פון דער בריטישער געזעלשאַפט ווי צו יעדער אַנדערער עטנישער גרופּע.

די סיבה פאַר וואָס איך האָב ניט גערעדט וועגן מײַן עָבר איז איינע פון די סיבות, פאַר וואָס איך שרײַב דאָס בוך. כ׳האָב זיך געהאַט געזאָגט צו יענער צײַט, אַז די פאַקטן זענען געווען צו ברוטאַל, און כ׳האָב געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן זיך צו מיר באַציִען ווי צו אַן אינדיווידואום ניט ווי צו אַ סימבאָל. דער שאָטן וואָס איז אויף אַ רגע געפאַלן צווישן מיר און פּעטער נחמן, וואָס האָט מיר געגעבן אַ געפיל, אַז איך בין געווען קאַטאַלאָגירט אויף אַן אויסשטעלונג, איז אויך געלעגן אומבאַוועגלעך צווישן מיר און יעדן איינעם וואָס איך האָב געטראָפן.

איין מאָל, שפּילנדיק פּינג־פּאָנג מיט אַ מערב־דייטשישן סטודענט, האָב איך פאַרקאַטשעט די אַרבל פון מײַן העמד. כ׳האָב סערווירט; מײַן פּאַרטנער איז געבליבן שטיין צוגעשמידט צום אָרט, לאָזנדיק דעם באַלעכל דורכלויפן. בלאַס און שווײַגעוודיק האָט ער מיט גרויל געקוקט אויף מײַן נאַקעטן אָרעם. איך האָב אַראָפּגעשאַרט דעם אַרבל און פאַרדעקט דעם אײַנגעטאַטויִרטן צייכן. „קומט, לאָמיר שפּילן.“

„איר? כ׳האָב ניט געהאַט קיין אַנונג...“

„ס׳איז ניט וויכטיק. לאָמיר פאַרזעצן. איך וועל ווידער סערווירן.“

ער איז געווען ווי פאַראַליזירט: „און אײַערע עלטערן, אײַער משפּחה?“

איך האָב שאַרף אַ זאָג געטאָן: „אַלע טויט! איר האָט קיין מאָל ניט געלייענט וועגן דעם?“

„געוויס האָב איך געלייענט וועגן דעם, אָבער... ווי לאַנג זענט איר געווען אינעווייניק?“

„פיר יאָר.“

„און איר זענט איצט דאָ, אין האַרוואַרד, מיט אונדז... מיט מיר?..."

„פאַרגעסט עס. ס'איז נאָך אַלעמען."

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט אַז, ווען איך בין געווען אין דאַכאַו, האָט ער געלעבט מיט זײַן משפּחה אין מינכען, אין גאַנצן צען מײַל פון דאָרטן. ער איז געווען אַ ייִנגל.

מײַן „פאַל" האָט צעטנוועזט אַרויסגערופן וויניקער דראַסטישע רעאַקציעס. צום בײַשפּיל, קלײַד קלאַקהאָרן, דער גוט באַקאַנטער אַנטראָפּאָלאָג, איז געווען אַזוי ווי געפּלעפּט פון מײַן פריִערדיקן לעבן, פּונקט ווי איך וואָלט געווען עפּעס אַן עקזאָטישע, כּמעט פאַרשווונדענע בריה. נאָך עטלעכע לאַנגע שמועסן האָט ער מיר געזאָגט, זיך שפּירנדיק אומבאַקוועם, אַז איך בין געווען אין די לאַגערן געווען אין דעם ריכטיקן עלטער צו קאָנען איבערלעבן. ווען מײַנע לײַדן וואָלטן זיך אָנגעהויבן פריִער, וואָלט איך עס ניט דורכגעמאַכט. און אויך אויב זיי וואָלטן זיך אָנגעהויבן שפּעטער, וואָלט מײַן חוט־השדרה, אין מאָראַלישן זינען, געווען צו פאַרהאַרטעוועט און צו שטײַף בכדי צו קאָנען בײַשטיין דעם שווערן נסיון. איך וואָלט זיך צוזאַמענגעבראָכן. אין דעם עלטער אין וועלכן איך בין דאָרטן געווען, האָב איך געהאָט די מעלה צו זײַן בייגעוודיק און צופּאַסונג־פעיִק. און דאָס האָט, לויט אים נאָך, מיך געראַטעוועט פון ווערן אין גאַנצן צעבראָכן אָדער דעפאָרמירט אויפן גאַנצן לעבן. און דאָס איז אויך דער גורל פון אַ סך פון לעבן געבליבענע קאָצעטלערס, עלטערע פון מיר.

אונדזער דיאַלאָג איז געווען אַזוי ווי גענומען פון אַ פּיעסע פון יאָנעסקאָ!

„פּראָפעסאָר, איר נעמט אָן, אַז איך בין אָן אַ חוט־השדרה?"

„סעם, זײַט ערנסט און לאָזט מיך אײַך שטעלן עטלעכע פראַגן."

„יאָ, מײַן הער."

„וועלכע שפּראַך באַטראַכט איר פאַר אײַער מוטערשפּראַך?"

„איך האָב ניט קיינע."

ער האָט אויסגעזען צעטומלט.

„הערט אויס, סעם, וועלכע שפּראַך קומט אײַך אינסטינקטיוו אויף די ליפּן, ווען איר גיט זיך נאָך."

„איך גיב זיך קיין מאָל ניט נאָך."

„צום בײַשפּיל, ווען איר חלומט... אָדער ווען איר האָט אַ באַציִונג מיט אַ פרוי?”

„אָ, ס׳איז אַ געמיש. איך דענק אויף ענגליש, האָב ליב אויף פראַנצייזיש, לאַך אויף יִדיש, דאַוון אויף העברעיִש, שרײַ אויף דײַטש, זינג אויף רוסיש, וויין אויף פּויליש און שילט, ווי אַ זעלנער, אויף אונגאַריש.”

קלאַקהאָרן האָט אויסגעזען אַ ביסל דערצאָרנט.

„איך מיין, אַז כ׳וועל דאַרפן קומען צו אַ באַשלוס, אַז די שפּראַך פון אײַער נערוון־סיסטעם איז אינסטינקטיוו אַן אַנדערע ווי די שפּראַך, וואָס וואָלט געקאָנט נאָרמאַל באַטראַכט ווערן ווי אײַער מוטער־שפּראַך.”

כ׳האָב אים געענטפערט מיט אַ געמאַכטער ערנסטקייט:

„פּראָפעסאָר, איך ווייס ניט צי איר וועט פאָרשלאָגן דער אַקאַדעמיע פון קונסט און וויסנשאַפטן צו שרײַבן אַ שטודיע וועגן מײַן פאַל, אָבער די אויספירן וואָס איר האָט געמאַכט פון אײַער עקזאַמען, זענען ניט אויס צו זײַן אין גאַנצן פאַלש.”

# 8

„מײַן שוועסטערקע קומט פון לאָס־אַנדזשעלעס,״ האָט ליז געזאָגט צו מיר אין אַ געוויסן טאָג. „קומט אַריבער צום אָונטברויט און באַקענט זיך מיט איר.״

„אַ בלינדע באַגעגעניש. כ׳האָב קיין מאָל עפּעס אַזוי אַמעריקאַניש ניט געטאָן.״

„נו, שוין באַלד צײַט. איר זאָלט פֿאַרלירן אײַער בריטישן אַקצענט און אײַערע פֿאָרמעלע וויקטאָריאַנער געוווינהייטן.״

איך בין געווען אונטער דער השפּעה פון אַ וויזיטירנדיקן פּראָפעסאָר פון לאָס־אַנדזשעלעס, העראָלד האָראָוויץ, און זײַן פֿײַן־אויסזעענדיקער און אַמוזאַנטער פרוי, ליז.

נאָרמאַ האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ זייער אויפגעקלערט און שיין מיידל, מיט טונקל־ברוינע האָר און גרויסע שוואַרצע אויגן. ווי די מערהייט נײַנצניאָריקע, איז זי געווען פֿאַרווײַלנדיק, אָפנהאַרציק און אַ ביסל זשענירט. זי איז מיר זייער געפעלן געוואָרן און כ׳האָב זי געבעטן, מיר זאָלן נאָך אַ מאָל זיך טרעפן. מיר זענען געגאַנגען הערן אַן אויסלענדישן אַמבאַסאַדאָר אין דעם „האַרוואַרד־פאָרום״. זי האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט און געזאָגט, אַז זי האָט הנאה געהאַט. אָבער איך מיין, אַז זי וואָלט בעסער אַוועק אויף אַ שבת־צו־נאַכטס־טאַנצן.

נאָרמאַ האָט געלעבט אין בעווערלי־הילס מיט איר פאָטער, דעם פילם־רעזשיסער לאָורענס ווײַנגאַרטען, און איר מוטער, אַ מעדיצין־וויסנשאַפט־לעריק, באַוווּסט מיט איר פּראָפעסיאָנעלן נאָמען ד״ר דזשעסי מאַרמאָרסטאָן. אַזעלכע שפּרונגען, האָט נאָרמאַ געזאָגט, מאַכט זי גאַנץ אָפט, הגם אירע עלטערן האָבן מורא, אַז דאָס קאָן איר שטערן אין איר שטודיום אויפן אוניווערסיטעט פון דרום־קאַליפאָרניע. נאָך איר אַוועקפאָרן האָב איך געפילט אַ נאָגנדיק דריקן פון איין־אַלייניקייט ; ס׳איז געווען אַ געפיל, צו וועלכן איך בין ניט געווען געוווינט.

אַרום פיר חדשים שפּעטער האָט זי אָנגעקלונגען טעלעפאָניש: „איך געפין זיך אין ניו־יאָרק. אפשר וועלן מיר זיך דאָ טרעפן?"

כ'האָב געקוקט אויף דעם פּירקאַנטיקן בולעטין־טאָוול צו זען, צי איך וואָלט געקאָנט מיטפאָרן מיט עמעצן, באַטייליקנדיק זיך אין די בענזין־הוצאות.

נאָרמאַ איז איינגעשטאַנען אין אַ פּרעכטיק הויז, געבויט פון ברוינע שטיינער, אין מיזרח־זײַט פון ניו־יאָרק. מען האָט מיך אַרײַנגעפירט אין דעם אויפנעם־צימער פון גענעראַל דייוויד סאַרנאָף — ניט ווייניקער! זי איז אַרײַן, האָט אויסגעזען סענסאַציאָנעל און דערקלערט, אַז דייוויד איז אַ פריינד פון דער משפחה. אין אַ פּאַרלעגנהייט, אומבאַקוועם אין אָנבליק פון אָט דער גאַנצער אַרומיקער פּראַכט, האָב איך גענומען נאָרמאַן צו מומע באַשעס און לעאָס באַשיידענער דירה אויף וועסט־ענד עוועניו. זיי האָבן געזאָגט, אַז ס'וועט בײַ זיי פאָרקומען אַן אויפנעם פון געסט. און ס'איז טאַקע דאָרטן געווען פול מיט לעבן אַזוי, ווי נאָרמאַס ווינאָרט איז געווען עלעגאַנט; אַרטור מילער איז דאָרטן געווען, און מיר האָבן געהאַט אַ לעבעדיקע דיסקוסיע, פאַרגלייכנדיק דעם באַגריף פון גרויל אין די שאַפונגען פון דאָסטאָיעווסקי און מיקי שפּילען.

איך בין געבליבן אין ניו־יאָרק עטלעכע טעג. מיר האָבן געמאַכט לאַנגע שפּאַצירן אין צענטראַל־פּאַרק און באַזוכט דעם מעטראָפּאָליטען־מוזיי. פאָרן אָפּפליען צוריק קיין קאַליפאָרניע האָט זי מיך לײַכט אַ קוש געטאָן אין באַק.

כ'האָב באַקומען פון איר אַ בריוו און צוריקגעשריבן. אונדזערע בריוו זענען געוואָרן אָפטער און אינטערעסאַנטער.



אין דער צײַט פון די זומער־וואַקאַציעס פון יאָר 1955, בין איך אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנקורס פרעמירט געוואָרן מיט אַ פּאָסטן אין דעם ניו־יאָרקער ביוראָ פון דאַג האַמערשעלד, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אונאָ. אין די ליסטעס בין איך געווען אַרײַנגעטראָגן ווי דער אַקרעדיטירטער קאַנדידאַט פון דער אויסטראַלישער רעגירונג. מיט גרויס פרייד האָב איך זיך געטיילט מיט די נײַעס וועגן מײַן נצחון מיט מײַנע באַליבטע לערערס

אין מעלבורן, פריילין לאַקווזד און פּראָפעסאָר קאָוען, וואָס האָבן זיך אַזוי באַמיט מיר צו באַלײַכטן מײַן וועג. ווער פון די אַנדערע „פּראָבלעמאַטישע" שילערס איז געווען אַזוי אָפּגעשטאַנען ווי איך, און געקאָנט איצט אָפּגעבן אַזאַ גוטן באַריכט וועגן זיך? מיט אַ געפיל פון שטאָלץ בין איך געווען בײַ דער אַרבעט אויף דעם אַכט און דרײַסיקסטן עטאַזש פון דעם אונאָ־בנין, וואָס איז געשטאַנען בײַם „איסט־ריווער", ווען כ'האָב באַקומען אַ טעלעפאָן־רוף (ס'האָט אויסגעזען, אַז אַלץ פּאַסירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן דורכן טעלעפאָן).

„דאָס איז ד"ר דזשעסי מאַרמאָרסטאָן."

„אָ, נאַרמאַס מוטער!"

„מוליאַ," האָט זי געזאָגט (נאַרמאַ איז איצט געווען איינע פון די געציילטע פון מיינע באַקאַנטע, וואָס האָט מיך גערופן מיט דעם נאָמען), „איך בין אין ניו־יאָרק אויף אַ פּאָר טעג. כ'האָב וועגן אײַך אַ סך געהערט. צי וואָלט איר געגעסן מיט מיר אָונטברויט?"

כ'האָב זיך דאָס מאָל געפונען אין גענעראַל סאַרנאָפס שטודיום־צימער. ד"ר מאַרמאָרסטאָן איז געווען אַ שאַרפזיניקע און שיינע פרוי מיט אַן אַלאַ־באַסטער־קאָלירין פּנים און רויטלעכע האָר. באַלד אויפן אָרט האָבן מיר זיך גוט פאַרשטענדיקט. בײַ דער געלעגנהייט האָב איך זיך אַפילו באַקענט מיט סאַרנאָפן, וואָס איז נאָך אַלץ געווען דער אַקטיווער אָנפירער פון דער ריזיקער אימפּעריע, אין וועמענס שליטה ס'זענען געווען די „ראַדיאָ־קאָרפּאָ־ריישן אָף אַמעריקאַ" און „ען.בי.סי". סאַרנאָף האָט זיך שטאַרק געפרייט צו קאָנען מיט מיר זיך בײַטן מיט הומאָריסטישע דערציילונגען אויף ייִדיש, וועלכע ער האָט געדענקט נאָך פון די צײַטן, ווען ער איז, אַ קליין ייִנגל, אָנגעקומען פון אוקראַיִנע קיין ניו־יאָרק. נאַרמאַס מוטער האָט געוווּסט, אַז כ'בין אויפגעוואַקסן אין פּוילן, אָבער זי האָט גאָרניט ניט געוווּסט פון מײַנע יאָרן אין די טויטלאַגערן, און אויך נאַרמאַ האָט עס ניט געוווּסט. כ'האָב נאָך אַלץ געהאַלטן פאַרהוילן דעם דאָזיקן טייל פון מײַן ביאָגראַפיע.

אין האַרבסט, ווען כ'בין ווידער געווען אין האַרוואַרד און געגרייט מײַן דאָקטאָראַט פון יורידישע וויסנשאַפטן, האָב איך באַקומען אַ טעלעפאָן פון לאָס־אַנדזשעלעס, דאָס מאָל פון ליז.

„אפשר קומט איר אויפן דאַנקטאָג? איר וואָלט געקאָנט אײַנשטײן בײַ אונדז.״

„זייער פײַן פון אײַער זײַט,״ האָב איך געזאָגט. „אָבער פאַר מיר איז עס אוממעגלעך.״

כ׳האָב ניט געקאָנט זיך דערלויבן די רײַזע. די אמתע סיבה איז אָבער געווען אַ טיפערע. כ׳האָב פשוט מורא געהאַט. ס׳האָט אָנגעהויבן צו ווערן ערנסט. איך בין געווען גרייט צו ענדערן די וועלט, אָבער ניט צו ווערן אין דעם פאַרמישט פּערזענלעך, חתונה צו האָבן און געבוירן קינדער.

כ׳האָב זיך געהאַט געזאָגט, אַז איך קאָן ניט נעמען אויף זיך די אַחריות פון ברענגען קינדער אין אַ וועלט, וווּ זיי וואָלטן געקאָנט לײַדן, אַזוי ווי איך האָב געליטן. כ׳האָב זיך געהאַט געזאָגט, אַז כ׳וועל קיין מאָל ניט חתונה האָבן; כ׳האָב זיך געזאָגט, אַז כ׳וועל ניט פאָרן קיין קאַליפאָרניע אויפן דאַנקטאָג. און דאָך בין איך געפאָרן. און זאַכן זענען געוואָרן פאַרנעפּלט, און נאָרמאַ און איך האָבן זיך פאַרליבט. און איך בין ווידער געפאָרן אויף די סוף־יאָר־וואַקאַציעס.

פונקט פאַר דער סילוועסטער־נאַכט איז פרוי דזשעסי פּלוצעם קראַנק געוואָרן. זי האָט מיך אַרײַנגערופן אין איר צימער.

„סעם, איך האָב דיך ליב ווי אַ זון. אויב עפּעס זאָל מיט מיר פּאַסירן,״ האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן, ווי אויף אַ טויטנבעט, „וויל איך וויסן, אַז איר וועט שטענדיק זײַן נאָענט צו אונדזער משפּחה, אַז נאָרמאַ... אַז דו...״

אירע אויגן זענען געווען פול מיט טרערן.

נאָרמאַ און איך האָבן גערעדט וועגן חתונה האָבן, אָבער זי האָט ניט געזען קיין סיבה צו אײַלן זיך, און איך אויך ניט. כ׳האָב ליב באַקומען די וואַרעמע, האַרמאָנישע, קולטורעלע אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין דער משפּחה, אין וועלכער ניט נאָר פעטערס, מומעס און שוועסטער־קינדער האָבן זיך באַטייליקט, נאָר אויך נאָבעל־פּרײַז־לאַורעאַטן, אַרטיסטן, פילם־סטאַרן. אָבער ווי האָב איך געקאָנט זיי געבן צו פאַרשטיין מײַנע דאגות, מײַן ספק אין דעם, צי איך בין איבערהויפּט געבוירן געוואָרן צו זײַן גליקלעך?

און וואָס וואָלט מײַן מאַמע געהאַט געזאָגט? אין מײַן געדאַנק האָב איך איין מאָל, אין אַ מאָמענט פון שוואַכקייט און פאַרלוירנקייט, געהאַט מיט איר

אַ יִשוב־הדעת וועגן אַ שיין אויסטראַליער מיידל, וואָס האָט מיר געהאָלפֿן אין דער צײַט פֿון מײַן רעקאָנוואַלעסצענץ. ווען מײַן מאַמע וואָלט געלעבט, וואָלט איך איר אפשר געזאָגט דאָס, וואָס מ׳זאָגט הײַנט צו אַ סך ייִדישע מאַמעס, אַז צי איך האָב חתונה מיט אַ ייִדיש מיידל אָדער ניט, איז מײַן זאַך. אָבער דערפֿאַר וואָס זי איז דערבײַ ניט געווען, כּדי מיט מיר צו דיסקוטירן, און צוליב די סיבות, פֿאַר וואָס זי איז ניט געווען, האָב איך זיך גערעכנט מיט דעם, וואָס זי וואָלט געזאָגט. איצט האָב איך געדאַרפֿט קלערן וועגן אַזעלכע זאַכן, ווי די לאַנגע, איבער פֿינף־טויזנטיאָריקע קייט פֿון דער געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק. ווען מען איז דאָס איינציק געבליבענע רינגעלע אין דער קייט, איז מען ניט פֿרײַ עס איבערצורײַסן. אָבער ווי אַזוי דערקלערט מען דאָס מאָל דאָס שטילשווײַגן פֿון קבר? אין עלטער פֿון זעקס און צוואַנציק יאָר האָב איך געדאַרפֿט אָננעמען אַ באַשלוס, וואָס איז פֿאַר מיר געווען כּמעט פֿון זעלבן באַטײַט ווי דער, וועלכן זי האָט געדאַרפֿט אָננעמען, בעת איך בין געווען אין אַ העלפֿט פֿון מײַן איצטיקן עלטער — ווען זי האָט מיר אָנגעטאָן לאַנגע הויזן.

אין פּאַניק האָב איך טעלעפֿאָנירט צום פֿעטער אלעזר. ער האָט איצט פֿאַר מיר פֿאַרגעשטעלט אַלץ, וואָס איז געבליבן פֿון משפּחה־אויטאָריטעט.

„פֿעטער,״ האָב איך געזאָגט, „קום צו פֿאָרן אַהער, איך דאַרף דיך האָבן.״

„איך קאָן ניט,״ האָט ער געזאָגט.

„דו מוזסט,״ האָב איך געטענהט. „איך מיין, אַז כ׳האָלט בײַ חתונה האָבן.״

אַ לאַנג שווײַגן פֿון דער אַנדערער זײַט ליניע. דערנאָך, אַ פֿאַרשטיקט קול מיט עמאָציע און טרערן: „ביסטו זיכער, אַז דו ווייסט וואָס דו טוסט?״

„ניין,״ האָב איך געזאָגט. „איך מיין, אַז יאָ...״

און זאַכן האָבן אָנגענומען אַ שוווּנג, וועלכן מ׳האָט ניט געקאָנט אָפּהאַלטן.

אין זעלבן טאָג בין איך געפֿאָרן צו די מעטראָ־גאָלדווין־מײַער־סטודיעס צו זען לאַרי ווײַנגאַרטען, און צווישן פֿאָטאָגראַפֿירן פֿראַנק סינאַטראַ און דעבי ריינאָלדס, מיט וועמען ער האָט געמאַכט דעם פֿילם „דאָס אײדעלע כאַפּשטײַגל״, האָב איך אים פֿאָרמעל געבעטן די דערלויבעניש חתונה צו האָבן מיט זײַן טאָכטער.

אונדז האָט געגעבן חופּה וקידושין דער הויפּט־רב פֿון לאָס־אַנדזשעלעס

מיט עטלעכע עדות. דזשעסי, ווי מיט אַ נס אויסגעהיילט, איז אויפגעשטאַנען פון בעט. פעטער אלעזר איז אָנגעקומען און איז געווען צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט געפונען: „אַ וווּנדערלעך מיידל, וווּנדערלעכע מענטשן."

ער איז געבליבן עטלעכע טעג מער, זיך צוקוקנדיק צו זײַן שוועסטערס קינדס גליק און צום גליק פון אַ גאַנצער משפחה. ווען ער האָט געהאַלטן בײַם גיין צום פליפעלד, האָט ער מיך גענומען אין אַ זײַט און געוואָרנט: „ס'איז ניט לײַכט צו זײַן אַן אײדעם און אַ זון גלײַכצײַטיק."

נאָרמאַ האָט זיך אײַנגעשריבן אין בראַנדייס־אוניווערסיטעט. מיר האָבן פאַרלאָזט לאָס־אַנדזשעלעס און זיך אײַנגעאָרדנט אין אַ צוויי צימערדיקער דירה אין קעמברידזש.



פאַר מײַן דאָקטאָר־דיסערטאַציע האָב איך אויסגעקליבן אַ טעמע, וואָס האָט אין דער דעמאָלט הערשנדיקער געשפּאַנטער פּאָליטישער אַטמאָספער אויסגעזען ניט צו האָבן קיין פּראַקטישע אָנווענדונג אין דער פאָרויסגעזעענער צוקונפט. זי איז אָבער, לויט מײַן מיינונג, געווען ענג פאַרבונדן מיט די פּראָגנאָזע פון מלחמה און שלום. איך וועל פאָרשן די לעגאַלע אַספּעקטן פון האַנדל צווישן קאָמוניסטישע און קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ס'איז געווען אַ פעלד וואָס איז קיין מאָל ניט געווען גרונטיק אויסגעפאָרשט.

פון אינטעלעקטועלן שטאַנדפּונקט בין איך געווען זיכער, אַז די אונטער־נעמונג־געזעלשאַפטן מיט אַ פרײַער איניציאַטיוו אין מערב און די מלוכישע אונטערנעמונג־געזעלשאַפטן פון מיזרח וועלן אומבאַגרענעצט פונקציאָנירן נאָך גאָר לאַנג. געוויס וועט קיין צד פרײַוויליק ניט ליקווידירן זײַנע אינ־סטיטוציעס, אָדער אויפגעבן זײַנע גלויבנס; קיין צד וועט אויך ניט באַצוויג־גען דעם צווייטן מיטן טערמאָ־נוקלעאַרן כּוח. צי דאָס געפעלט זיי אָדער ניט, זענען די צוויי קעגנזײַטיקע סיסטעמען פאַרמישפּט אומצוקומען אָדער זיך לערנען לעבן איינס מיטן צווייטן. מײַנע פּאָליטישע געפילן, אַז מיזרח און מערב וועלן דאַרפן לערנען צו לעבן צוזאַמען און איבעררוקן זייער פײַנדלעכע קאָנפראָנטאַציע פון דעם ראַנד פון אַן אַטאָמישן אומקום צו דער אַרענע פון פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט, זענען אויך געווען אַן ענין פון אינסטינקט.

זיך רעכענענדיק מיט דער אַנגרײַפֿערישער אַטמאָספֿער אין דעם סאָ־וועטישן פֿאָרשונג־צענטער פֿון אוניווערסיטעט, האָב איך ניט געקאָנט באַ־הערשן אַ געוויסע פֿעריזענלעכע אומבאַקוועמלעכקייט צוליב דעם „אַפּיקור־סישן" אימפּולס פֿון מײַנע אידעען. כ'האָב אָבער אויך ניט געקאָנט אָפּטיילן מײַנע איבערצײַגונגען פֿון מײַן לעבנס־נסיון. פֿאָרן בלײַבן לעבן בין איך געווען מחויב צו דאַנקען די סאָוועטן, ניט ווייניקער ווי די אַמעריקאַנער. די אַמעריקאַנער האָבן מיך באַפֿרײַט, אָבער אויב ס'וואָלט ניט געווען דער רוסישער אָנשטרענג וואָס האָט פֿאַרשנעלערט דײַטשלאַנדס מפּלה, וואָלט איך ניט געהאַט אויסגעהאַלטן ביזן באַפֿרײַט ווערן דורך די אַמעריקאַנער.

אין אַלע פֿאַלן איז איין זאַך פֿאַר מיר געווען קלאָר: באַציִונגען צווישן די צוויי גרויסמאַכטן, גוטע אָדער שלעכטע, וועלן באַהערשן די צוקונפֿט פֿון דעם פּלאַנעט אויף אַ זייער לאַנגער צײַט.

מײַן אַרבעט האָט באַקומען דעם „האַרוואַרד אֶדיסאָן בראַון־פּרײַז" פֿאַר 1956 ווי „דער בעסטער עסיי פֿון די סטודענטן אין דער יוריספּרודענץ־שול אויף אַ באַשטימטער טעמע פֿון יַמישן אָדער פּריוואַטן אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ". מיטן פּרײַז איז אויך געקומען אַ ממשותדיקער טשעק. אָבער וואָס ס'איז וויכטיקער: די אַרבעט וועט פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן אין דעם אויטאָראַ־טיוון יורידישן זשורנאַל אין דער וועלט — „האַרוואַרד יורידישער רעוויו".

געווען בין איך געפֿלעפֿט. כ'האָב זיך טאַקע געהאַט באַגאַסן מיט שווייס, אַרבעטנדיק מיט די מאַטעריאַלן פֿון דער „ווײַדענער־ביבליאָטעק", אָבער געטראַכט, אַז מײַן טעמע איז געווען אַ צו פֿיל אינאַזײַטיקע, כּדי צוצוציִען אויפֿמערקזאַמקייט. צו האָבן אין דעם „האַרוואַרד יורידישן רעוויו" צוויי אַרטיקלען פֿון אַרום הונדערט זײַטן יעדער איינער, ביידע גענומען פֿון דאָקטאָראַט־דיסערטאַציע, מיט אָנגעפּיקעוועטע פּילשפּראַכיקע ראַנד־באַ־מערקונגען! ממש אומגלייבלעך, דערצו — פּובליקירט בײַ דער זײַט פֿון אַ גרויסן אַרטיקל, געשריבן דורכן ריכטער אירווינג קאַופֿמאַן, וואָס האָט געהאַט פֿאַרמישפּט עטל און יוליוס ראָזענבערג, און אַ צווייטן אַרטיקל פֿון דעם מענטש מיטן וווּנדערלעכן גײַסט און געוויסן, פּראָפֿעסאָר אַרטשיבאַלד קאָקס, שפּעטער — הויפּט־פּראָקוראָר אין „וואָטערגייט"־סקאַנדאַל! אַציִנד, ד"ר פּיסאַר, האָב איך צו זיך געזאָגט, מעגסטו זײַן זיכער, אַז ביסט מער ווי

אַ האַסטיק דענקענדיקער קנאַפּלאַך־מאַכער. דו האָסט איבערגעלעבט דעם חורבן, און דערצו האָט מען געדאַרפט האָבן גליק און שטאַרקע נערוון. איצט האָסטו איבערגעלעבט האַרוואַרד און מיט אַ גאַר גרויסן דערפאָלג. דאָס איז שוין ניט נאָר גליק און נערוון; דאָס איז שוין אַן אמתער יֵש. דו ביסט, אָן ספק, אַ געלערנטער. און וואָס באַטייט עס? איך וועל ווערן אַ פּראָפעסאָר. און פאָרשלאָגן אויף לערן־פּאָזיציעס זענען געקומען — פון סטאַנפאָרד און אַנדערע אוניווערסיטעטן. צום סוף האָב איך זיי אַלע אָפּגעוואָרפן. שטייענדיק פאַר דער דעציזיע, האָב איך אײַנגעפונען, אַז די פּערספּעקטיוו פון זײַן אַ לעקטאָר זעט מיר אויס צו איינטאָניק. איך האָב געלעכצט נאָך אַקציע.

האָבנדיק עס שוין אויסגעפּרוווט אין ניו־יאָרק, האָט מיך באַזונדערש געצויגן די אונאָ. אין וואָס פאַר אַן אַנדער פאָרום וואָלטן די אַלטע און נײַע אומאָפּהענגיקע לענדער, אָדער אַפילו מיזרח און מערב, געקאָנט זיך צוזאַמענטרעפן אין אָנבליק פון אַ בשותּפותדיקן ציל?

און ווו וואָלט די ראָלע פון אַ מיושבדיקן פאַרמיטלער געקאָנט ווירקן מער עפעקטיוו? צי איז פאַראַן אַ בעסערע בינע אַרויסצושטעלן די זיך אַנטוויקלענדיקע פּרינציפּן פון פעדעראַליזם און צוזאַמענלעבן — די לעבנס־וויכטיקע פּרינציפּן פאַר אונדזער צוקונפט?



בײַם סוף פון יאָר 1956 האָט מען מיר פאָרגעלייגט דעם פּאָסטן פון אַ ראַטגעבער אין ביוראָ פון הויפּט־דירעקטאָר פון אונעסקאָ אין פּאַריז. נאָרמאַ איז געווען אינטריגירט, דזשעסי — אין אַ פאַרלעגנהייט.

„פאַר וואָס קאָנסטו ניט זײַן קיין אַדוואָקאַט אין לאָס־אַנדזשעלעס אָדער ניו־יאָרק? זעסט ניט, וויפל דו קאָנסט דאָ בײַשטײַערן? איך פאַרשטיי, אַז דו האָסט ניט ליב קיין שווים־באַסיינען און קאַדילאַקן, אָבער פאַר וואָס מוזסטו נעמען נאָרמאַן אין אַ פרעמדער, ווײַטער שטאָט, ווען זי דערוואַרט איר ערשט קינד? האָסט געהאַט ווייניק ראַנגלענישן אין לעבן?"

דער פּלוצעמדיקער חשק זיך אומצוקערן צום קאָנטינענט, פון וועלכן כ'האָב זיך געהאַט קוים געראַטעוועט מיטן לעבן, האָט באמת אויסגעזען ווי אַן אומזין — בפרט נאָך אין אַ צײַט, ווען טירן האָבן זיך פאַר מיר געעפנט

אין אַמעריקע. אָבער איך בין געווען אײַנגעשפּאַרט. כ׳בין ניט געווען קעגן האָליוווד אָבער געפּילט, אַז כ׳האָב וויכטיקערע זאַכן צו טאָן. מײַן דור איז געטראָגן געוואָרן אויף כוואַליעס פון אידעאַליזם און גלויבן אין אַן אויפקומענדיקער נײַער אינטערנאַציאָנאַלער אָרדענונג. ווי אַ סך פון מײַנע חברים־סטודענטן און געלערנטע, האָב איך געגלייבט, אַז נאָך דער לעצטער בלוטבאָד — די גרעסטע פון אַלע — וועט זיך אונדז אײַנגעבן צו בויען אַ נײַע וועלט, באַזירט אויף דרך־ארץ פאַר מענטשנרעכט.

און באמת, די הויכע אידעאַלן מיט וועלכע מיר האָבן געלעבט, האָבן געהאַלטן בײַ פאַרכאַפּן און איבעראַנדערשן די געזעלשאַפט! איך האָב געהאַט אַ באַשטימטן אינטערעס אין דער איבעראַנדערשונג. כ׳האָב אין דעם געזען אַ גוואַלדיקן פּראָגרעס אין דער מענטשלעכער אַנטיקלונג. דער נײַער מענטש וואָס די „הערן־ראַסע" האָט זיך באַמיט צו דערהויבן איז ווי אַן אָפּגאָט, דער מענטש וואָס וועט שטיין העכער און וועט אונטערדריקן און באַהערשן אַלע אַנדערע, איז אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד אויף אייביק. אַנשטאָט דעם איז אויפגעקומען אַן אַנדער טיפּ מענטש, אַזאַ וואָס וועט זיך שטעלן אויפן קעגנאַנאַנדיקן פּאָלוס און וועט זײַן העכער מיט זײַן ברייטהאַרציקייט, מיט זײַן פילעוודיקייט, מיט זײַן פעיִקייט צו דערגרייכן און שאַפן, אַזאַ וואָס גלייבט אין מענטשלעכן גײַסט און ניט אין ברוטאַלער קראַפט.

איך בין געווען אומגעדולדיק צו נעמען אָנווענדן די ווונדערלעכע מיטלען, וואָס האַרוואַרד האָט מיר געגעבן. כ׳האָב געהאַט אַ פּרעכטיק געפיל פון אָנגעהעריקייט צום שוווּנג פון אונדזער צײַט. די אונעסקאָ־אַרבעט איז געווען געבוי דאָס, וואָס כ׳האָב געוואָלט. העלפן אָנפירן מיט די רעגירונגס־פּאָגדן פאַרן פּראָגרעס און דער דערציִונג, פאַר דער אַנטוויקלונג פון וויסנ־שאַפט און קולטור אין די נײַע דעקאָלאָניזירטע טיילן פון דער וועלט האָט אויסגעזען צו זײַן לעבנסוויכטיק אויף צו שאַפן אַ נײַעם אינטערנאַציאָנאַלן קלימאַט.

איך בין געווען זיבן און צוואַנציק יאָר אַלט; כ׳האָב געהאַט אַ ווונדער־לעכע פרוי. אין גיכן וועל איך זײַן אַ טאַטע. אין אונעסקאָ, אין פּאַריז, וועל איך האָבן אַ גוטע הכנסה, און אַלע שאַנסן אויף אַ גוט לעבן פון אַן אינטער־נאַציאָנאַלן ציווילן באַאַמטן.

„מוטער,″ האָב איך געזאָגט צו דזשעסי, דערשטוינט וואָס כ׳האָב געקאָנט אַרויסרעדן דאָס דאָזיקע וואָרט, „ביידע, האָליווּד און וואָל־סטריט וועלן זיך אַן עצה געבן אָן מיר. נאָרמאַ און איך וועלן אָנהייבן לעבן אין איינעם פון די שענסטע און אינטערעסאַנטסטע ערטער אויף דער וועלט.″

מיר האָבן באַשטעלט בילעטן אויף דער שיף „ליבערטע″ און זיך געפונען בײַם טיש פון קאַפּיטאַן, אין בעסטן רעסטאָראַן וואָס איז צו יענער צײַט געווען אויפן וואַסער. שפּעטער האָט לעאָ סאָוואַזש זיך מודה געווען, אַז ער האָט געלאָזט וויסן די „פראַנצייזישע ליניע″ דורך דעם פּרעסע־קאַבעל, אַז אַ וויכטיקער יונגער דיפּלאָמאַט איז געווען אויפן דעק. ער האָט זיך אויך מודה געווען, אַז דער אײַנפאַל האָט געשטאַמט פון מײַן „אַלטן־אוצר″ פון די לאַנדסבערגער שטיק.

✶

אין פּאַריז האָב איך זיך באַלד דערפילט באַפרידיקט פון דער אַרבעט און ממש פאַרשיכּורט פון דער אַטמאָספער. די אינטערנאַציאָנאַלע מיטינגען אין וועלכע כ׳האָב זיך באַטייליקט, זענען געווען איבערפולט מיט אַמביציעזע אידעען און פּראָגראַמען. אין אונעסקאָס פּילפּאַרביקן בבל־טורעם, ווו מערב־דיקע דיפּלאָמאַטן זענען געקומען אין באַריר מיט די ערשטע פאַרשטייערס פון אָן אויפקומענדיקער דריטער וועלט, האָבן זיך נײַע פרײַנדשאַפטן גענומען שאַפן און גרויסע נײַע פּרינציפּן זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן.

נאָך דעם ווי העלענאַ איז געבוירן געוואָרן אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט זיך נאָרמאַ פאַרשריבן אויף דער סאָרבאָנע.

איך האָב זיך אָפּגעגעבן בלב־ונפש מיט מײַן אַרבעט. די אָרגאַניזאַציע האָט, דעם אמת געזאָגט, אויסגעזען אַ ביסל אינערט, שווער, און אַפילו פּאַסיוו, אָבער די שוועריקייטן זענען געווען, אָן ספק, אומפאַרמײַדלעך. מען האָט געדאַרפט אויף אַ נאַטירלעכן אופן צופּאַסן די וואָר צום אידעאַל. אין גיכן וועט אַלץ קומען אויף זײַן אָרט...

✶

נאָך דעם ווי איך בין געווען אין אייראָפּע עטלעכע חדשים, האָב איך אויסגעניצט מײַן נײַע פּאָזיציע, כּדי צו טאָן עפּעס וועגן אָן ענין וואָס איז מיר געלעגן אין געדאַנק זינט אַ לענגערער צײַט — זוכן שפּורן פון ניקאָן,

וואָס איז צוזאַמען מיט בענעקן געווען מער ווי אַ פֿרײַנד, מער ווי אַ ברודער. זײַן שטאַלטנע, עלעגאַנטע פֿיגור, זײַן זאָרגלאָז פּנים, זײַן אויסערגעווײנט־לעכע ענערגיע זענען געווען זכרונות, וואָס האָבן מיך נאָך אַלץ ניט אָפּגעלאָזט שוין איבער צען יאָר. אפשר וועל איך פֿאָרט אויסגעפֿינען ווו ער איז. כ׳האָב געפֿילט, אַז באַמיִענדיק זיך ווידער צו פֿאַרבינדן דעם טריִאָ, אַן אָפּגעזונדערטן דורך דער צײַט, וואָלט איך צוריק באַשטעטיקט מײַן אייגענע אידענטיטעט. כ׳האָב געוואָלט בלײַבן געטריַ צו מײַן עָבר.

מײַנע האָלענדישע קאָלעגן אין אונעסקאָ האָבן געבראַכט דערצו, אַז זייער רעגירונג זאָל אָנהייבן אַן אויספֿאָרשונג. די שפּורן האָבן זיך אָנגעהויבן אין לאַנדסבערג. ער איז שוין, פֿאַרשטייט זיך, דאָרטן ניט געווען. אָבער אין עפּעס מער ווי אַ וואָך אַרום האָב איך באַקומען אַן אָפֿיציעלן באַריכט, מיטן אַדרעס פֿון איינעם נתן וואַטערמאַן, וואָס האָט געלעבט זינט עטלעכע יאָר אין אַן אָרעמער געגנט פֿון אַמסטערדאַם. כ׳בין געווען דערשטוינט, לייענענדיק דאָס ערשטע מאָל ניקאָס פֿולן נאָמען. ס׳האָט אויסגעזען עפּעס אַזוי ווי ניט זײַנער, אַ נאָמען פֿון אַ פֿרעמדן מענטש, און די גענוי אָנגעגעבענע פּרטים אין דעם באַריכט האָבן באַשטעטיקט אַ בפֿירושן פֿאַקט: די וועלט איז ווידער נאָרמאַל און אײַנגעאָרדנט. ניקאָ איז געוואָרן באַפֿרײַט פֿאַר דער צײַט. אַרויס צו שלום און ווילטאָג... ניקאָ?

כ׳בין אָפּגעפֿלויגן קיין אַמסטערדאַם. די געגנט לעבן דעם אַלטן פּאָרט איז געווען אָרעם, די הײַזער — אַלט, אומעטיק, אָפּגעלאָזן. איך בין אַרויף אויף טונקעלע טרעפּ און מיט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע געפֿונען די ריכטיקע טיר. כ׳האָב אָנגעקלאַפּט. אַ שטיקעניש האָט מיך אָנגענומען בײַם האַלדז.

דאָס מיידל וואָס האָט געעפֿנט די טיר, האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ קענטיקער איבערראַשונג.

„איז הער וואַטערמאַן אין דער היים?"

„אין דער צײַט? פֿאַרשטייט זיך, אַז ניין. ער איז בײַ דער אַרבעט."

זי האָט געענטפֿערט אויף מײַנע פֿראַגעס מיט דער הכנעה, וואָס אַן אָרעמער מענטש ווײַזט אַרויס בײַ אַן אָפֿיציעלער אויספֿאָרשונג. זי איז געווען ניקאָס טאָכטער, האָט זי געזאָגט, און חתונה געהאַט מיט אַ מאַטראָס, וואָס איז איצט ניט געווען אין דער היים. ניקאָ מיט אַ דערוואַקסענער טאָכטער?...

די מרה־שחורהדיקע געסלעך דורך וועלכע איך בין געגאַנגען לויט אירע אָנווייַזונגען, האָבן מיך געבראַכט צו אַ קליין קרעמל. ניקאָ, דאָ? ס'קאָן ניט זייַן! כ'האָב געטראַכט, אַז אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועט זיך אַרויסווייַזן, אַז דאָס איז געווען איינע פון זייַנע אַלטע שטיק, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו מאַכן מיט בענעקן און מיט מיר. כ'האָב איבערגעקוקט דעם נומער, וועלכן זי האָט מיר אָנגעשריבן. יאָ, דאָס איז עס. כ'האָב זיך אָוועקגעשטעלט אַנטקעגן פענצטער פון דער קראָם. אין דעם האַלב־טונקל, וואָס איז געווען אינעווייניק, האָב איך געקאָנט דערקענען אַ פיגור אין אַ שמוציקן ווייַסן פאַרטעך, הינטער אַ טאָמבאָנק, וואָס האָט געשניטן פענעצלעך ווורשט פאַר אַ געבויגענער אַלטער פרוי. זי האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל צייַטונג אויף איינצווויקלען עס.

דאָס איז ניקאָ? דער חוזקנדיקער, בליציקער ניקאָ, דער „האַמפרי באָגאַרט" וואָס כ'האָב געהאַט געקענט, אין דעם טונקל־בלויען מאַנטל מיטן ווייַסן זיידענעם שאַליק, איז אַזוי אַראָפּ פון דער גדולה ביז ווערן אַ משרת אין אַ כשרן דעליקאַטעסן־קרעמל אין אַן אַמסטערדאַמער אָרעמען קוואַרטאַל?

דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרייט. ס'האָט אַלץ אויסגעזען נאַריש, לעכערלעך. ניקאָ האָט אַזוי שווער געקעמפט צו בלייַבן לעבן. ניקאָן האָט געקומט עפּעס בעסערס, ווי דאָס...

אַ סעקונדע האָב איך ניט געוווּסט, צי כ'האָב טאַקע געוואָלט אַרייַנגיין אינעווייניק. ס'איז געווען אַ באַליידיקונג פאַר דער גערעכטיקייט — פאַר מייַנע זכרונות, צו אַלע טייַוואָלים!

כ'האָב זיך צוגעקוקט בעסער. ער האָט זיך קיין סך ניט געענדערט.

זייַנע באַוועגונגען זענען נאָך אַלץ געווען פּרעציזע, פול מיט לעבן, אויב אַפילו זיי האָבן נאָר געדינט אויף אייַנצופּאַקן די קניות פון אָרעמע אַלטע פרויען.

כ'בין אַרייַן אינעווייניק. ס'האָט געשמעקט מיט פאַרעיפּושטע הערינג. ער האָט געקוקט אויף מיר אַרויסרופעריש. ס'איז אים אויך אָנגעקומען שווער מיך צו דערקענען. לויט מייַן אויסזען האָב איך ניט געקאָנט זייַן קיין קליענט. לייַכט קנייטשנדיק דעם שטערן, מיט אַ וואַקלדיקער, ניט זיכערער שטים, האַלב זאָגנדיק און האַלב פרעגנדיק האָט ער אויסגערופן: „מוליאָ?"

איך האָב, אָן אַ קלאַנג, געשאָקלט מיטן קאָפּ, זיך שטיקנדיק מיט טרערן. ער איז אַרויס פון הינטערן טאָמבאַנק און מיר האָבן זיך אַרומגענומען. אַ לאַנגע שטאַרקע אַרומאַרעמונג. ער האָט אויסגעזען צו האָבן פאַרגעסן זײַנע קליִענטן, וואָס האָבן זיך שטילערהייט צוגעקוקט צו דעם אויסטערלישן צוזאַמענטרעף. ניקאָ האָט געמאַכט אַ טראָט צוריק, מיך צו באַקוקן פון קאָפּ ביז פוס. זײַנע אויגן האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף אַ קורצער ווײַלע אויף מײַנע גוט געניייטע בגדים.

די אַלטע פרוי וואָס ער האָט באַדינט, האָט זיך באַקלאָגט, און ער האָט איר אײַנגעוויקלט די ווורשט, גענומען איר געלט און אויסגעצאָלט דאָס קליינגעלט.

„לאָמיר דיך אָנקוקן," האָט ער געזאָגט ווען מיר זענען געבליבן אַליין. „דיר איז נישט שלעכט אַוועק, דו נידערטרעכטיקער יונג? מיט וואָס פאַרנעמסטו זיך?"

„איך אַרבעט פאַר אונעסקאָ."

ער האָט געשאָקלט מיט קאָפּ. „פֿײַן. וואָס איז דאָס?"

„די פאַראייניקטע פעלקער."

„יאָ, יאָ," ער האָט געמאַכט אַן אָנשטרענג זיך צו דערמאָנען און סאַרקאַסטיש אַ שמייכל געטאָן: „יענע לֵצים וואָס דו האָסט געפונען, כּדי אונדז אַרויסצונעמען פון דער לאַנדסבערגער תּפֿיסה."

„ביט געווּי," האָב איך צוגעשטימט מיט אַ שמייכל, אָבער זײַנע ווערטער האָבן מיך דורכגענומען דורך און דורך. כ'האָב זיך פלוצעם געכאַפּט, אַז ער איז געבליבן שטעקן אין עָבֿר, אַז ער האָט ניט אָנגעהויבן זען אָדער פילן די אַנטוויקלונג פון דער נאָכמלחמהדיקער וועלט. אומפעיִק צו באַגרײַפן די גרויסע ענדערונגען אַרום זיך, איז ער פשוט געבליבן גלײַכגילטיק צו אַלץ.

„קום, ניקאָ," האָב איך געזאָגט, „לאָמיר ערגעץ גיין."

„ביסט משוגע? וואָס וועט דער בעל־הבית זאָגן?"

„ווו איז ער?"

„דאָרטן הינטן."

כ'האָב דערליידיקט מיטן בעל־הבית. מײַן העלד האָט זוכה געווען צו האָבן אַ קורצן אָפּרו פון זײַן טעגלעכער אַרבעט. ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט

צו ערשט גיין אַהיים זיך איבערטאָן. ס׳איז געווען אַ זייער נעבעכדיקע דירה. דאָס מיידל איז שוין ניט געווען. „זי איז פון אַ פּאָרמלחמהדיקער חתונה,״ האָט ער געזאָגט און דערציילט, אַז זי איז געווען אין ראַטערדאַם בעת ער האָט זיך צוריקגעקערט. איר מוטער איז אַוועק מיט עמעצן אַנדערש. זײַן לאַגע איז געווען אַ גאָר שלעכטע און ער האָט געוווּסט, אַז כ׳האָב עס באַ־מערקט. אָבער זײַן שטאָלץ איז געבליבן אומבאַשעדיקט. זײַן האַלטונג האָט קיינעם ניט דערמעגלעכט רחמנות צו האָבן אויף אים.

מיר האָבן געשפּאַצירט לענג־אויס די קאַנאַלן. איך האָב אַרויפגעלייגט מײַן אָרעם אויף זײַן פּלייצע. ניקאָ, מײַן ניקאָ! ער האָט אויסגעזען אַזוי צעבראָכלעך, אַזוי אומבאַשיצט.

„געדענקסט ?״

שווער זיך צו דערמאָנען, ווער עס האָט דער ערשטער אָנגעהויבן. באַלד האָבן אַ שטראָם געטאָן זכרונות, איינס נאָכן אַנדערן, איבערגעריסן דורך אויסבראָכן פון געלעכטער, שוין לאַנג פאַרגעסענע אַנעקדאָטן, פּרטים וואָס זענען כּמעט פאַרשווונדן פון זכּרון, דער גאַנצער עָבר אונדזערער — אַלץ, אויסער די אַכזריותן.

כ׳האָב אים גענומען אין אַ רעסטאָראַן, אין אַ בעסערער געגנט פון שטאָט. געפּרובירט געפינען אַזאַ, וואָס זאָל זײַן פריילעך, אָבער ניט צו אָנגעצויגן. ער האָט אויסגעגלײַכט זײַנע פּלייצעס און זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער מיט עפּעס פון זײַן אַמאָליקער חוצפּה.

„לאָמיר דיך נאָר אָנקוקן,״ האָט ער ווידער געזאָגט. „און ווי אַזוי האָסטו זיך אויסגעלערנט רעדן ענגליש ווי איינער פון זיי ?״

איך בין איינער פון זיי, האָב איך געוואָלט זאָגן, און ניט געקאָנט. כ׳האָב אים געזאָגט וועגן מײַנע נסיעות צו דער אַנדערער העלפט פון דער וועלט, ווו איך בין געווען און וואָס כ׳האָב געטאָן. ער האָט אויסגעהערט מיט אינ־טערעס, מיט אומגלויבן.

„דערצייל נאָך אַ מאָל וועגן בענעקן,״ האָט ער געזאָגט. „שרײַבסטו אים אָפט ?״

„בנימין קויפמאַן איז געוואָרן אַ דערפאָלגרײַכער געשעפטסמאַן אין מעלבורן.״

„דו לאַכסט! אויב אַזוי האָב איך אים, אויסער אַלעם, ניט שלעכט אויסגעלערנט מיט דער געניצטער בראַזיליאַנער קאַווע."

„הער אויס," האָב איך געזאָגט, „מיר דאַרפֿן דיך אויך ברענגען קיין אויסטראַליע."

„ניין, מוליאַ, צו שפּעט."

„מירן פּרובירן."

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. „וועסט בלויז פֿאַרלירן צײַט. אָבער אויב דו ווילסט, פֿאַר וואָס ניט?"

*

איך בין אַ סך געפֿאָרן אַרום דער וועלט פֿאַר אונעסקאָ, מיט לאַנגע אָפּ־האַלטן אין טערקײַ, איראַן, אַפֿגאַניסטאַן, יאַפּאַן און אַנדערע לענדער, ווו איך בין קיין מאָל פֿריִער ניט געווען. כ'בין דורכגעפֿאָרן אינדיע אין דער לענג און אין דער ברייט און דיסקוטירט מיט די „טמאים", די מוזלמענער פֿון קאַלקוטאַ, ווי אויך מיט די אויסגעאײדלטע עלעגאַנטע מיטגלידער פֿון דעם „באָמביי קריקעט־קלוב", וואָס האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר שילערס פֿון מאַ־האַטמאַ גאַנדי און גאַנדיט נערו. כ'האָב מיט זיי באַהאַנדלט פּראָבלעמען פֿון דער דעמאָקראַטיע, וואָס מען קאָן בלומרשט ניט לייזן.

כ'בין אַוועק קיין מעלבורן אויף אַ באַזוך צו קרובים און פֿרײַנד. ווען איך האָב זיך אומגעקערט קיין פּאַריז, האָב איך זיך געפֿילט ווי כ'וואָלט אַרײַן אין שפּאַן פֿון אַ רוטין־אַרבעט. די שווער־וואַגיקייט פֿון דער אינטער־נאַציאָנאַלער ביוראָקראַטיע האָט מיך דערדריקט. גענוג צײַט איז אַדורך, ביז איך האָב געקאָנט געניי זען, ווי אָפֿט איז די געלעגנהייט צו טאָן מעשׂים דורכגעלאָזט געוואָרן, פֿלאָנטערנדיק זיך אין נישטיקייטן, אָפּאָרטוניזם און גלײַכגילט.

כ'האָב זיך געפֿרעגט, צי מײַן אומרו האָט געהאַט עפּעס אַ שײַכות צו ניקאָן. ער איז איצט אויף מײַן פֿאַרלאַנג געקומען קיין פּאַריז. ער האָט גוטמוטיק געחוזקט פֿון מײַנע באַמיִונגען צו דערליידיקן זײַן וויזע־אַפּליקאַציע, און ווען מ'האָט זיך אַנגעשטויסן אויף שווועריקייטן, האָט ער געלאָזן געזאָגט: „דו זעסט, מוליאַ, ס'גייט ניט". איך האָב כּסדר פּרובירט און באַקומען אַ העפֿלעכן, אָבער שאַרף פֿאָרמולירטן אָפּזאָג פֿון דער אויסטראַליער אַמבאַ־

סאָדע. די „פּראָבלעמען פֿון הער וואַטערמאַנס אַרכיוו שליסן אים אויס פֿון צו זײַן אַן אימיגראַנט". ניקאָ האָט געזאָגט: „מוליאַ, איך בין געווען אַ גאַסט אין אײַער הויז, דו ביסט טאַקע אַ גוטער פֿרײַנד, אָבער איצט מוז איך זיך אומקערן אַהיים". ער איז ניט אײַנגעגאַנגען אויף קיין פֿינאַנסיעלער הילף און איז אַוועק צוריק אַרבעטן אין דעם דעליקאַטעסן־קרעמל.

מיר האָבן זיך דורכגעשריבן.

אין נײַן חדשים אַרום איז ער געשטאָרבן. אויך זײַן טויט, ווי מײַן פֿעטער נחמנס, איז געווען פּריצײַטיק — ער איז אויך אַלט געווען נאָר אַכט און פֿערציק יאָר — און ס'איז אויך געקומען פֿון אַ שווערן האַרצאַטאַק. נאָך ערגער געמאַכט דעם פֿאַקט פֿון זײַן טויט האָט דאָס, וואָס ער איז געשטאָרבן אַזוי ווי ער האָט געלעבט: זײַענדיק אין זײַן שרעקלעכן צימער איינער אַליין. איך נעם אָן אַז עמעצער אַנדערש, זעענדיק ניקאָן אין די אָפּגעניצטע, ניט־פּאַסיקע מלבושים, וואָלט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס אויס רחמנות. אָבער קומען צום אויספֿיר, אַז ניקאָס לעבן איז געווען אַ דורכפֿאַל, וואָלט געמיינט ניט צו זען דעם עיקר. דער רוב מענטשן איז פֿאַרמירט צו לעבן אין נאָרמאַלע צײַטן, אין צײַטן רויִקע און סטאַבילע. דעמאָלט קאָנען זיי האָבן אילוזיעס וועגן זייער אייגענער גרויסקייט און וועגן דער וועלט אַרום זיי, קאָנען מאַכן אַ גוטן אײַנדרוק אויף אַנדערע און אַפֿילו ווערן גרויסע מענטשן. אָבער אין באַדינגונגען פֿון אַ קריזיס און סכּנות — וויפֿל באַרימטע פּערזענלעכקייטן ווײַזן זיך אַרויס ווי קליינלעכע פּחדנים?

אָ, ניקאָ, ער איז געווען מערקווערדיק צוגעפּאַסט פֿאַר קאַטאַסטראָפֿע־צײַטן, ווען עס זענען ניטאָ קיין באַגרענעצונגען און קיין פּרינציפּן. דעמאָלט האָט ער געקאָנט גראָבן טיף אין זיך אַליין און געפֿינען אַלע גײַסטיקע רעסורסן און פֿיזישן כּוח, נייטיקע צו קעמפֿן און איבערקומען. אַן אויטענטישער גיבור. אומקערנדיק זיך צו אַ נאָרמאַל לעבן, האָט ער זיך פֿאַרלאָרן. זײַנע רעפֿלעקסן האָבן אויפֿגעהערט צו אַרבעטן, זײַנע מוסקולן זענען געוואָרן אַטראָפֿירט, ווײַל מער זענען ניט נייטיק געווען קיין ספּעציעלע כּוחות, כּדי אַלץ איבערצוקומען.

ווי אומיושרדיק און אויסטערליש איז עס, וואָס אין אָט דעם גרויליקן קאַמף, זאָל ער האָבן אויסגעשעפּט זײַנע לעצטע רעזערוון, און דערנאָך באַ־

לוינט געוואָרן מיט אַ לעבן פון דחקות, בעת איך, געשטאַרקט דורכן גרויסן נסיון, זאָל איצט לעבן צווישן דער עליטע.

אין אָנבליק פון דעם רעוואָלטירער קעגן דער געוויינטלעכקייט האָב איך זיך געזען ווי אַן אָפּגעשטאָנענער קליינבירגער, און האָב מורא געהאַט, טאָמער בלײַב איך שטעקן, צו אַכט און צוואַנציק יאָר, אין אַ קאַריערע פון אַ פּאָטעל־ביוראָקראַט.

*

ניט נאָר אין דער אונאָ אין ניו־יאָרק און אין אונעסקאָ אין פּאַריז, נײַערט אין דער גאַנצער צעשפּרייטער נעץ פון די אינטערנאַציאָנאַלע אונאָ־אינסטיטוציעס האָט עס אויסגעזען, אַז דעמאַגאָגיע גראָבט אונטער די חלומות, האָפענונגען, פּלענער פון זייערע גרינדערס, און פון מיר און מײַנע קאָלעגן.

כ׳האָב אין גיכן דערזען ציניזם און קאָרופּציע אין דער אויפפירונג פון די פאָרשטייערס פון גרויסע און קליינע מדינות — מיטגלידער פון אונעסקאָ. עס זענען געווען דערשײַנונגען, וואָס האָבן כּלל זיך ניט אַרײַנגעפּאַסט אין מײַן סכעמע פאַר דער צוקונפט. ווען איך קלער איצט וועגן יענע יאָרן, ווער איך נאָך מער איבערצײַגט, אַז מײַנע אײַנדרוקן זענען געווען ריכטיקע. כ׳דערמאָן זיך, ווי אין אונדזערע גראַדואַציע־טעג פלעגט דער ראַדיקאַלער זולפיקאַר אַלי בהוטאָ, שפּעטער, פּרעזידענט פון פּאַקיסטאַן, אַרײַן און אַרויסגיין פון דער היים פון נאָרמאַס עלטערן — ער איז אַרומגעגאַנגען מיט נאָרמאַס אַדאָפּטירטער איראַנער שוועסטער, ליילי באַכטיאַר. „זולפי״, ווי מיר פלעגן אים רופן, האָט געהאַט פעסט באַשלאָסן צו העלפן קאָנסאָלידירן די באַדראָטע אומאָפּהענגיקייט און די שוואַכע דעמאָקראַטישע סיסטעם פון זײַן נײַ סוווערען פאָטערלאַנד. פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער איז ער אויפגעהאַנגען געוואָרן לויט אַ באַפעל פון אַ ברוטאַלער, דיקטאַטאָרישער מיליטערישער קליקע.

איך דערמאָן זיך אויך מײַנע לאַנגע און הייסע דיסקוסיעס, וועגן הילף פאַר דער דריטער וועלט, מיט מײַן ערנסטן און טאַלאַנטירטן אונעסקאָ־קאָלעגע, אַמבאַסאַדאָר פערעי דאָן האָווײדאַ, שפּעטער, מיט זײַן ברודער אַמיר אַבבאַס האָווײדאַ, פּרעמיער־מיניסטער פון איראַן — וואָס איז אַרעסטירט

און דערשאָסן געוואָרן דורך אַן עקזעקוציע־קאָמאַנדע פון דעם אַיאַטולאַ הומייני, אָן קיין אָנשטעל אַפילו פון אַן אָרנטלעכן מישפּט.

די איינציקע סימפּאַטישע זאַך אין דער אונעסקאָ באַשטייט אין דעם, וואָס ניט האָבנדיק קיין ממשותדיקן כּוח, קאָן עס קיין מאָל קיין גוטס ניט טאָן און קאָן אויך קיינעם קיין שאָדן ניט ברענגען! וויפל נאַציאָנאַלע רעגירונגען אָדער געשעפט־קאָרפּאָראַציעס קאָנען האָבן אַזאַ מעלה? האָט געזאָגט עדוואַרד דע גראַציאַ, אַ יונגער וואַשינגטאָנער אַדוואָקאַט, וואָס האָט, ווי איך, זיך אָנגעשלאָסן אין אונעסקאָ צוליב אידעאַליסטישע מאָטיוון. ער האָט געבראַכט דער אָרגאַניזאַציע אַ קאָנצעפּציע פון קולטור־אויסטויש, וואָס איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט מײַנע מיינונגען וועגן דער ראָלע פון האַנדל. ווען זײַן גלויבן אין אונעסקאָס אומשעדלעכקייט האָט צו יענער צײַט אויסגעזען צו זײַן ריכטיק, האָבן די לעצטע געשעענישן באַוויזן, אַז ער איז ניט געווען גערעכט. אונעסקאָ קען אויך ברענגען שאָדן, און דער גירוש פון די ישׂראל־פאָרשטייערס פון אירע וויכטיקע קאָמיסיעס אויפן סמך פון אַ פאַלשן מאָטיוו, אַז ישׂראל איז אַ ראַסיסטישע מדינה, איז ניט געווען איר איינציקער שענדלעכער אַקט.

דער צוזאַמענבראַך פון אונעסקאָ, און דער אונאָ בכלל, ווי אַ פּאַראַנט־וואָרטלעכע קערפּערשאַפט, איז געשען, ווײַל די פאַראייניקטע שטאַטן און דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן עפעקטיוו אַנולירט יעדערער דעם אַנדערנס קראַפט און השפּעה, צולאָזנדיק אַז אַ פאַררעטערישע גרופּע דיפּלאָמאַטן פון דער דריטער וועלט זאָל דערפאָלגרײַך אויסשפּילן איינעם קעגן צווייטן.

און זינט דעמאָלט האָב איך ניט אויפגעהערט נאָכצופאָלגן די פאַר־שטאַרקטע קאַפקאַיִשע אַטמאָספער, די מאָראַלישע געפאַלנקייט פון דער דיפּלאָמאַטיע און בהדרגהדיקע צו נישט מאַכן פון אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ, ווי עס ווערט פּראַקטיצירט אין דער אונאָ דורך דער אויטאָמאַטישער שטימ־מערהײַט פאַר יעדער דעמאַגאָגישער רעזאָלוציע.

כ׳בין געווען, פאַרשטייט זיך, עמאָציאָנעל געבונדן צו ישׂראלס דאגה פאַר איר זיכערקײַט. די גסיסה־יסורים אין די צוגן, וואָס האָבן זיך באַוועגט דורך דער נאַכט פון מײַן קינדהייט, זענען געווען די חבלי־לידה פון מדינת־ישׂראל.

„ווען אַלע אַראַבער וואָלטן געווען ווי איר,“ פּלעג איך זאָגן אין האַרוואַרד צו מײַן שעמעוודיקן און אידעאַליסטישן קלאַס־חבר, שייך אַכמעד זאַקי יאַמאַני, הײַנט דער מעכטיקער גאַפּט־מיניסטער פון סאַוד־אַראַביע, ווען איך האָב געשמועסט מיט אים און אַנדערע אַראַבישע פרײַנד, און ווען זיי פלעגן מיר ענטפערן: „ווען אַלע יידן וואָלטן געווען ווי איר,“ האָב איך געגלייבט, אַז מײַן קאָנצעפּציע פון אַ סאָוועטיש־אַמעריקאַנער פּשרה דורך האַנדל וואָלט אויך געקאָנט אָנגעווענדט ווערן אויף ישׂראל און די אַראַבישע לענדער. כ'האָב אַלץ געהאָפט, אַז דער שגעון וואָס שטעקט אין דער קאָמ־פּראָמיסלאָזער שׂינאה וועט אין גיכן קלאָר ווערן פאַר בײדע צדדים. אָבער מיט די יאָרן איז די שׂינאה נאָר געוואַקסן. און מיט איר אַרײַנדרינגען אין די אינטערנאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס פאַר וועלכע כ'האָב געאַרבעט, בין איך געווען געצוווּנגען פעסטצושטעלן: אויב דאָס לעבן, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן מיט אַזוי פיל נסים, זאָל האָבן אַן אמתן זינען, וועל איך דאַרפן דורכאַקערן אַן אַ שיעור רוי־ערד.

## דריטער טייל

# אַ נסיעה פול מיט האָפענונג

זײַן סײַ אַ רעדנער, סײַ אַ טוער.
האַמער

# 9

ווי אַ סך יונגע אַמעריקאַנער און ווי אַ סך יונגע אייראָפּעער, בין איך געווען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט מיט דער קאַנדידאַטור פֿון דזשאָן פֿ. קענעדי אויף פּרעזידענטשאַפֿט. כ'האָב געהאַט באַקענט דעם יונגן סענאַטאָר פֿון מאַסאַטשוסעטס, ווען ער איז געווען אַ מיטגליד אין „קוראַטאָריום פֿון פֿאַרוואַלטערס פֿון האַרוואַרד אוניווערסיטעט". ווען איך האָב באַקומען מײַן דאָקטאָראַט אין יוריספּרודענץ, האָבן אין דער זעלבער צײַט באַקומען זייערע דאָקטאָראַטן נאָך צוויי: דער קאַרדינאַל קאַשינג פֿון באָסטאָן און דאַגלעס דילאָן — שפּעטער דער פֿינאַנץ־מיניסטער פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. דער סענאַטאָר האָט מיט זײַן כאַראַקטעריסטישן הומאָר אָנגעוויזן, אַז איך בין געווען דער איינציקער וואָס האָט געאַרבעט אויף דעם; די אַנדערע האָבן באַקומען ערן־טיטלען.

אַלץ וואָס אין קענעדין, האָט צו מיר אַפּעלירט: זײַן סטיל, זײַן טאָן, זײַן יוגנט, און מער פֿון אַלץ — זײַן אָפּנהאַרציקייט פֿאַר מענטשן און אידעען. נאָך דעם פֿאַרשטיינערטן קאָנסערוואַטיזם פֿון אײַזנהאַוערס לעצטע יאָרן האָט אַמעריקע געוואָלט אַן ענדערונג. אַ נײַער דור וואָס איז געווען צען — צוואַנציק יאָר אַלט, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט אויסגעזען צו וועלן אונטערשטיצן און זײַן גרייט געפֿירט צו ווערן דורך דעם ערשטן פֿון זײַנע רעפּרעזענטאַנטן, וואָס וועט ערנסט שטרעבן צו פּאָלי־טישער מאַכט. כ'האָב זיך שטאַרק סאָלידאַריזירט מיט די האָפֿענונגען פֿון דעם דור און געפֿילט, ניט ווײַסנדיק געענוי מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט, אַז אַ טייל פֿון זייער אַמעריקע איז געווען אויך אין מיר, ווי מײַנע אָבות וואָלטן געווען געקומען אויף דער שיף „מייפֿלאַוער", אָדער מיט די גרויסע אימיגראַציע־כוואַליעס פֿון מיט יאָרן צוריק.

אין אָט דעם פּאָליטישן קלימאַט האָבן צוויי פֿון מײַנע גוטע פֿרײַנד — טאָמאַס פֿיני, איינער פֿון קענעדיס וואַל־קאָמפּאַניע־קאָאָרדינאַטאָרן, און דיי־

וויד באַסבי, אַן אָנפירנדיקער וואַשינגטאָנער אַדוואָקאַט — רעקאָמענדירט דעם „קאָמיטעט פאַר אויסלענדישן האַנדל פון סענאַט פון די פאַראייניקטע שטאַטן", מען זאָל מיך פאַרבעטן קיין וואַשינגטאָן אויפצוטרעטן פאַר זיי ווי אַן עקספערט־עדות. דער קאָמיטעט האָט געפאָרשט אַמביציעזע איניציאַטיוו־מעטאָדן פאַר די זעכציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, אויף וועלכע וואַשינגטאָן האָט זיך פריִער ניט געהאַט קאָנצענטרירט, און וועגן וועלכע איך האָב פון מײַן פאָרשונג אין האַרוואַרד און מיין אייראָפּעיִשער פּראַקטיק, געוווּסט מער פון אַנדערע.

איך האָב שטאַרק געגלייבט, אַז די נײַע אַפּציעס פון דער אויסערן־פּאָליטיק וואָלטן געדאַרפט אַרויפגעשטעלט ווערן אויף דער נאַציאָנאַלער טאָג־אָרדענונג; און בין געווען איבערצײַגט פון דער קורצזעיִקייט און אומוועדדיקייט, אַז אַ גרויסע דעמאָקראַטיע זאָל אָן אַ סוף אַקומולירן באַליס־טישע ראַקעטעס און נוקלעאַר געווער, פאַרנאַכלעסיקנדיק די נייטיקייט צו מאָביליזירן אירע ריזיקע מענטשלעכע פעיִקייטן צו פּאָזיטיווע און קאָנ־סטרוקטיווע מעשׂים פאַרן ציל פון אַ וועלט־שלום.

בײַם אָנהייב פון דער קאַלטער מלחמה איז דער קאָמוניסטישער בלאָק ניט געווען אַזוי מאָנאָליטיש, ווי מ'האָט געמיינט. אָבער די לאַנגיאָריקע דיפּלאָמאַטיע פון גיין אויפן ראַנד פון אָפּגרונט מצד די פאַראייניקטע שטאַטן האָט צונויפגעקלעפּט זײַנע רייען. הגם אַמעריקע האָט פאַרגעזעצט אָנצונעמען שאַפערישע און דערפינדערישע עקאָנאָמישע מיטלען, איז זי אָבער געווען הינטערשטעליק אין תּחום פון פּאָליטישן דענקען.

אין מײַן פאָרשלאָג פאַרן קאָמיטעט פון סענאַט און אין מײַנע נאָכ־פאָלגנדיקע דיסקוסיעס מיט געוויסע סענאַטאָרן, האָב איך פאָרגעלייגט אַ טשאַרטער פון גרונט־פּרינציפּן צום אַנטוויקלען דעם האַנדל צווישן מערב און מיזרח. מײַנע מיינונגען האָבן, ווײַזט אויס, געהאַט אַנגערירט אַ שפּירעוו־דיקע סטרונע אין ברען פון דעם פּרעזידענטס וואַל־קאַמפּאַניע, ווײַל דער קאָמיטעט־פאָרזיצער, סענאַטאָר וואָרען מאַגניסאָן, האָט מיך באַלד פאַרבעטן צו ווערן אַ ראַטגעבער אין זײַן שטאַב. כ'האָב דעם פאָרשלאָג זייער גערן אָנגענומען.

אָנהייב זומער 1960 האָבן גאָרמאַ און איך געדונגען אין דזשאָרדזש־

טאָון אַ שיין דרײַ־עטאַזשיק הויז, געבויט פון ציגל. דאָס דירה־געלט האָט באַטראָפן מער ווי מיר האָבן זיך געקאָנט דערלויבן, אָבער מיר האָבן ניט געקאָנט מוותר זײַן אויף דער קאָלאָניאַלער שיינקייט פון הויז, אויף זיין בלומען־גאָרטן און דעם פּרעכטיקן קאַרשן־בלי־בוים. אונדזער טאָכטער, העלענאַ, איז געווען דרײַ יאָר אַלט, און מיר האָבן געדאַרפט די דירה. חוץ דעם איז דאָס פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן אין וואַשינגטאָן געווען פון איין שטיק, און מיר האָבן געזוכט אַ היים, וואָס זאָל אונדז העלפן אײַנשליסן זיך ווי פולבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון דער ענערגישער קהילה פון די „נײַע פּיאָנערן״.

*

די התלהבות אַרום מיר האָט געהויבן מײַן שטימונג. דאָס איז געווען די זעלבע השפעה, וואָס די איניציאַטאָרן און בויערס פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט האָבן געהאַט אויף אַ סך אויסלענדער פון מײַן קרײַז באַקאַנטע. און דאָס איז די השפעה וואָס וואַשינגטאָן האָט איצט געהאַט אויף מיר. כ׳האָב געפילט, מער ווי ווען עס איז, אַז אַ וויכטיקער טייל פון מיר איז גאָר שטאַרק פאַרבונדן מיט די פאַראייניקטע שטאַטן.

פון מײַן באַשיידענעם אָבער סטראַטעגישן אָבסערוואַציע־פּונקט אויפן „קאַפּיטאָל־באַרג״, האָב איך איצט געקאָנט בעטן אינפאָרמאַציע און פאָרשונג פון רעגירונגס־דעפּאַרטאַמענטן, אוניווערסיטעטן און פון דער אויסגעצייכנטער קאָנגרעס־ביבליאָטעק. כ׳האָב געקאָנט זיך טיילן מיט מײַנע מיינונגען און געבן אָפּשאַצונגען פאַר פּאָליטישע פיגורן, וועלכע זענען געווען די טרײַבקראַפט פון דער וואַל־קאַמפּאַניע פאַר קענעדין, און וואָס האָבן נאָך אַנאַנד געזוכט נײַע אידעען און מעטאָדן אײַנצושליסן זיי אין די עפנטלעכע דעקלאַראַציעס און פּרינציפּיעלע פּאָזיציעס.

ווי נאָר קענעדי איז אויסגעקליבן געוואָרן, האָט מען מיך רעקרוטירט אין אַ מאַנשאַפט פון ראַטגעבערס, וואָס האָבן געהאָלפן פאָרמולירן די צו־קונפטיקע פּאָליטיק פון נײַעם פּרעזידענט אין ווײַסן הויז. כ׳האָב עס באַ־טראַכט ווי מײַנע אַ פּשוטע הצלחה, וואָס מיר איז אויסגעקומען מיטצוהעלפן, אויב אָפילו אין אַ באַגרענעצטער מאָס, אין דעם, וואָס ס׳האָט זיך אַרויס־געוויזן צו זײַן אַ ווײַט־גרייכנדיקע נײַע אָפּשאַצונג פון נאַציאָנאַלע סטראַ־

טעגיעס סײַ פונעם קאָנגרעס, סײַ פון דעם נײַעם ראָש פון די פאַראייניקטע שטאַטן. מײַן מצב האָט מיר אויסגעזען אַ ביסל אוממשותדיק, אָבער ער האָט מיר געגעבן אַ גוט געפיל צו זײַן אַקטיוו. די בשעתו „פּראָבלעמאַטישע" שטודיעס וואָס כ׳האָב דורכגעפירט אין האַרוואַרד, האָבן פּלוצעם באַקומען אַ פּאָליטישן באַטײַט.

איך בין געווען אַ מיטגליד פון דעם פּרעזידענטס „קאָנסולטאַנטן-גרופּע" פאַר דער אויסלענדישער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, אָנגעפירט דורך דזשאָרדזש באָל, אַ נאָענטער פריינד פון זשאַן מאָננע, דער „פאָטער פון איראָפּע", און דעם איראָפּעער, וועלכן כ׳האָב שטאַרק באַוווּנדערט. באָל איז געווען, ווי מאָננע, אַן אָנהענגער פון איראָפּעיִשער פאַראייניקונג און פון אַ נאָענטער שותּפות צווישן מערב־איראָפּע און די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט מיך איבערראַשט מיט זײַן גרייטקייט אויפצונעמען מײַנע אידעען וועגן דער צוקונפט פון די באַציִונגען פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיט דער קאָמוניס־טישער וועלט, וואָס האָבן אויסגעזען אַפּיקורסיש אין דעם פּאָליטישן קאָנ־טעקסט פון יענער צײַט. די נײַע פּאָליטיק, וואָס מיר האָבן געהאָלפן אויס־צואַרבעטן פאַר דער קענעדי־אַדמיניסטראַציע — אַ ראַפּידע עקאָנאָמיע און פּאָליטישע אינטעגראַציע פון מערב־איראָפּע, אַן ענגע אַטלאַנטישע קאָאָפּע־ראַציע צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און דעם בשותּפותדיקן איראָפּעיִשן מאַרק, ווי אויך אַ התחלה פון אונטערהאַנדלונגען מיט די מיזרח־לענדער פון קאָנטינענט — דאָס אַלץ איז דורך דזשאָ קראַפט, דעם קאָלומניסט פון „וואַשינגטאָן פּאָסט", אָנגערופן געוואָרן — „דער גרויסער פּראָיעקט".

טאָם פּיני, מײַק ראַשיש און ריטשאַרד גאַרדנער זענען געווען יונגע וואַשינגטאָנער אַדוואָקאַטן און עקאָנאָמיסטן, באַקאַנט מיט זייער אינטעלעק־טועלן שאַרפזין און פּראַקטישן וויסן. זיי, און אַנדערע ווי זיי, — מײַער פעלדמאַן, צום בײַשפּיל, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיטן פּרעזידענט אין אַ סך אַן ענגערן קאָנטאַקט און איז שפּעטער געוואָרן איינער פון מײַנע אינטימסטע פרײַנד — זיי אַלע, צײַטנווײַז אויך צוגעקומענע וועטעראַנען, ווי דין אַטשעסאָן און אַווערעל האַרימאַן, האָבן געאַרבעט אין אַ לוסטיק טומלעניש פון שרײַב־מאַשינקעס און סעסיעס, פון מאַכן נאָטיצן און שרײַבן רעדעס. אין די אָוונטן פלעגט דער ענטוזיאַזם, וואָס האָט געמוזט געהאַמעוועט ווערן בײַם צוגרייטן

די אָפיציעלע דעקלאַראַציעס, דערגיין גאָר הויך בײַ גלעזלעך משקה אויף געזעלשאַפטלעכע טרעפונגען.

ס׳איז געווען ווונדערלעך צו זײַן אַ טייל פון דער גרופּע, אַן אָבסערוואַטאָר און אַ טוער, ווו ראַנג אָדער סטאַטוס האָבן קיין באַטײַט ניט געהאַט, און אַלץ האָט אויסגעזען מעגלעך. ווען כ׳האָב זיך צוגעהערט צום נײַעם פּרעזידענט, בעת ער האָט געהאַלטן זײַן ערשטע רעדע אויפן גראָז פאַרן ווײַסן הויז, האָב איך געהאַט אַ קאָפּ־שווינדלענדיקע איבערלעבונג. הערנדיק גאַנצע זאַצן, גענומענע פון איינעם פון מײַנע פאָרשלאָגן, וועלכן כ׳האָב פּונקט געהאַט שריפטלעך פאָרמולירט.

איך, דאָס אַרײַנגעבלאָזענע ברעקל שטויב פון די מיסטקאַסטנס פון אייראָפּע, האָב אַרײַנגעלייגט ווערטער אין מויל פון דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן! אונדזער אָפּטימיזם און גוט געפיל אין יענע טעג האָבן, אָן ספק זיך געקאָנט פאַרגלײַכן מיט דעם, פון די ערשטע פּיאָנירן, אַרײַנרעכענענדיק אַ נייגונג ניט צו דערשאַצן די ריזיקע שטרויכלונגען וואָס זענען געלעגן אין דער צוקונפט.

„דאָס בעסטע און קלאָרסטע״, דאָס בוך פון דייוויד האַלבערסטאַם וועגן דער קענעדי־דזשאָנסאָן־תּקופה, האָט אין צווישן צוגעגעבן אַן איראָנישע באַפאַרבונג צו יענע ווערטער. אָבער פאַר אונדז איז בשעתו גאָרנישט ניט געווען איראָניש אין זיי. מיר האָבן באמת געגלייבט, אַפילו די, ווי איך, וואָס האָבן ניט געאַרבעט אין ענגער נאָענטקייט צום פּרעזידענט, אַז מיר האָבן באַקומען אויסצופירן אַן אינספּירירנדיקע מיסיע, וואָס אונדזערע לערערס האָבן געהאָלפן צו רעאַליזירן אונטער דער אָנפירונג פון פּרעזידענט פראַנקלין דעלאַנאָ רוזוועלט — אַרויפצופירן אַמעריקע אויף אַ נײַעם און בעסערן וועג. פאַר מיר האָט די דאָזיקע מיסיע באַטײַט עפּעס אַזוינס, וואָס איז כּמעט הייליק, ווײַל דאָס האָט ניט נאָר געבראַכט גערעכטיקייט און וווילטאָג פאַר אַמעריקע, נאָר אויך די גייטיקע קראַפט און אייניקייט צו ראַטעווען מײַן אייגענעם און אייראָפּעס האַלדז פון דער תּליה.

אַ דאַנק יענער מיסיע און דעם נס, וואָס זי האָט באַוויזן, זענען די פאַראייניקטע שטאַטן געווען בכּוח, אָנהייבנדיק פון גול אין טראַגישן מאָמענט פון פּערל האַרבאָר, אויסצושפּרייטן שטאַרקע פלאָטיליעס קעגן די צוויי

מעכטיקסטע מיליטערישע מאַשינען, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געקענט. אַ דאַנק דעם איבערבוי פונעם „ניו־דיל" זענען רוזוועלט, מאַרשאַל, אייזנ־האַוער, מאַקאַרטור און טרומאַן געווען ביכולת אַנצופירן מיט ריזיקע אַליִירטע אַרמייען ביז צו אַן ענדגילטיקן נצחון.

אויף די ים־ברעגן פון אַטלאַנטיק און די אינדזלען פון פּאַציפיק האָט דער „אַמעריקאַנער יאָרהונדערט" זיך אָנגעהויבן, און ס'איז קלאָר באַוויזן געוואָרן, אַז דעמאָקראַטיע קאָן זײַן שטאַרקער פון אונטערדריקונג, אַז פרײַהייט קאָן זײַן מעכטיקער פון טיראַנײַ. דער פּאָרמעסט פון דער קענעדי־גענעראַציע האָט אויסגעזען פונקט אַזוי גרויס, די צילן פונקט אַזוי אַמביציעז, באַזונדערש אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע.

אין זײַן רעטאָרישער עפענונג־רעדע האָט דער פּרעזידענט באַצייכנט דעם פּאָרמעסט און געמאָלדן וועגן אַ פאָרשונג פאַר נײַע קאָנצעפּציעס, אין באַגריפן וואָס זענען געווען אָפּהילכנדיקע עכאָס פון מײַן עָבר, און וואָס זענען געווען פולשטענדיק אידענטיש מיט מײַנע אייגענע אַספּיראַציעס און מײַנע אייגענע זאָרגן: „...ווײַל דער מענטש האָט אין זײַנע שטאַרביקע הענט דעם כוח צו מאַכן אַ סוף צו אַלע פאָרמען פון מענטשלעכער אָרעמקייט און אַלע פאָרמען פון מענטשלעכע ליידן".

ס'האָט אויסגעזען אַז די געשיכטע לאָזט זיך האַסטיק אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. סוף־כל־סוף וועלן מיר קאָנען זיך אָפּגעבן מיט די אמתע צוקונפט־פּראָבלעמען, און ניט מיט די פריִערדיקע אַלטע, אויסגעדראָשענע און, מעגלעך, פאַלשע לייזונגען. גרויסע מלחמות האָבן אויסגעזען צו זײַן אומ־מעגלעך אין שאָטן פון אַן אַטאָמישן חורבן. דער מענטש וועט דאַרפן אַריבער־פירן זײַן ענערגיע פון מיליטערישע דערגרייכונגען צו מער ראַפינירטע, מער פּראָדוקטיווע פאָרמען פון פאָרמעסט, איינשפּאַנען די וויסנשאַפט און טעכנאָלאָגיע פאַר שלום־צוועקן.

דערציִונג — אַ זאַך וואָס האָט מיך געענדערט פון אַ פּרימיטיוו־ווילדן צווישן די רויִנען פון דער נאָכמלחמהדיקער אייראָפּע, אין אַ ווערטפולן מיטגליד פון דער וואַשינגטאָנער געזעלשאַפט — וועט ברענגען ענלעכע נסים פאַר מיליאָנען אַנדערע, וואָס וועגעטירן נאָך אַלץ אין דחקות און דער־נידעריקונג. די אומאויסשעפּלעכע ענערגיע און דער אידעאַליזם פון דער

יוגנט וועט באַפרײַט ווערן צום בויען אַנשטאָט צו פאַרטיליקן. יונגע מענטשן וואָס זענען דורות־לאַנג געווען מאָביליזירט נאָר כּדי צו לערנען, ווי צו קעמפן העלדיש אויף די מלחמה־פעלדער, און יונגע פרויען וואָס מ׳האָט זיי געלערנט ניט קיין סך מער ווי צו ווערן גוטע בעלי־ביתטעס, וועלן איצט קריגן די געלעגנהייט, די מיסיע אַרויסצובאַקומען פון זייערע נשמות, פון זייערע מוחות, פון זייער נערוון־סיסטעם, דעם גאַנצן פאַרבאַרגענעם טאַלאַנט און די מיטלען, וואָס זענען נייטיק פאַר אַ צוקונפט פון שלום־שטרעבונגען און פראַגרעס פון די מענטשלעכע געזעלשאַפטן. אין אָט דעם פאַרמעסט וועט אַמעריקעס בעסט געווער האָבן אַ גאָר שטאַרקע שליטה.

*

צו זײַן נאָענט צו אַזאַ אַנטפּלעקטער קראַפט און ענטוזיאַזם אין עלטער פון דרײַסיק יאָר, איז געווען פאַרכאַפּנדיק. אָבער איך האָב זיך כּסדר געפילט אומבאַקוועם אין אַנבליק פון אַ בולטער אַנאָמאַליע: וויסנדיק די באַשלוסן פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אין דער צײַט פון אונטערהאַנדלונגען און ווערנדיק צוגעלאָזט צו געוויסע געהיימע אינפאָרמאַציעס און דאָקומענטן, וואָס שפּילן אַ ראָלע אין אונטערהאַנדלונגען, בין איך צו גלײַך געווען אַ בירגער פון אַ פרעמדער מדינה. די „פ.ב.י.״ האָט געהאַט דורכגעקערט מײַן ביאָגראַפיע מיט איר באַרימטן דין־צײַנדלדיקן קאַם, אָבער די אומקלאָרקייט פון מײַן פערזענלעכן סטאַטוס האָט מיך אַלץ מער און מער באַאומרויִקט.

ווער בין איך געווען? די פראַגע וואָס האָט זיך בײַ מיר געשטעלט אין דעם אַמעריקאַנער אַרמיי־לאַגער לעבן מינכען אין טאָג פון דײַטשלאַנדס קאַפּיטולאַציע, האָט מיך ווידער פאַרפאָלגט. בין איך אַן אייראָפּעער? יאָ, ווײַל דער קאָנטינענט האָט מיך געהאַט געשטעמפּלט, ביז אָפּצומעקן, אין מײַן פליייש זינט מײַן געבוירן. בין איך אַן אויסטראַליער? ווידער יאָ, ווײַל דער דאָזיקער קאָנטינענט האָט מיך אויפגעהויבן, מיך געענדערט און געגעבן דעם אויסזען און מאַניערן פון אַן ענגלישן דזשענטלמען, אין אַ צײַט, ווען אַ העלפט פון דער מאַפּע פון דער וועלט איז נאָך אַלץ געווען קראַנק, און די בריטישע אימפּעריע איז געווען פאַר אַן אַנאַלפאַבעטישן אייראָפּעיִשן הפקר־יִינגל, ווי איך בין געווען, — אַ זאַך מיט וואָס מען קאָן זײַן שטאָלץ,

זײַענדיק אַן אַנגעהעריקער צו דער דאָזיקער אימפּעריע. איך מוז זיך אָבער מודה זײַן, אַז ניט געקוקט אויף דעם וואָס כ׳האָב אַרויסגעוויזן צופּאַסונג־פעיִקייטן, האָב איך שטענדיק געהאַט דאָס געפיל פון זײַן אויפן ראַנד פון זאַכן, אַ מין ראַנדמענטש — אין אייראָפּע, און אויך אין אויסטראַליע. צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז נאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן בין איך געוואָרן פולשטענדיק אָנגענומען און פולשטענדיק אין דער היים און אין גאַנצן זיכער, אַז מען וועט מיר דערלויבן, אַפילו דערמוטיקן, פרײַ צו אַנטוויקלען מײַנע אַספּיראַציעס.

ס׳האָט אויסגעזען, אַז איך בין געווען אַן אַמעריקאַנער אין האַרצן, אָבער ניט אין די אויגן פון געזעץ. איך האָב חתונה געהאַט מיט אַן אַמעריקאַנער בירגערין, מײַן קינד איז געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע, און כ׳האָב געהאַט געלעבט געננוג לאַנג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, בכדי אויסצופילן די רעזידענץ־פאָדערונגען אויף נאַטוראַליזאַציע, אָבער כ׳בין ניט געווען אַרײַן אין לאַנד אויפן סמך פון אַן אימיגראַנטן־קוואָטע.

סענאַטאָר מייק מאָנראָני פון אָקלאַהאָמאַ, אַ הויך געשטעלטער מיטגליד פון דער קאָמיסיע פאַר אויסלענדישן האַנדל, האָט גענומען אויף זיך אַרײַנצוגעבן אַ פּריוואַטן געזעץ־פאָרשלאַג, צו מאַכן מיך פאַר אַן אַמעריקאַנער בירגער. נאָך דעם ווי דאָס געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן דורךביידע הײַזער אין יוני 1961, האָט מיר פּרעזידענט קענעדי געשיקט אַ קאָפּיע פון דעם באַשלוס פון קאָנגרעס און די פעדער, מיט וועלכער ער האָט אונטערגעשריבן די רעזאָלוציע, זי זאָל ווערן אַ געזעץ. מײַנע פרײַנד זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין אונדזער היים אין דזשאָרדזשטאָון מיך צו גראַטולירן. כ׳בין אַרומגעגאַנגען צווישן זיי, רייטלענדיק זיך ווי אַ יִינגל אויף זײַן בר־מיצווה. זיי זענען געווען פון קאַליפאָרניע און דזשאָרדזשיאַ, פון מאַסאַטשוסעטס און ווירדזשיניאַ. אויסערלעך האָב איך זיך מיט גאָרנישט ניט אונטערשיידט פון זיי. אָבער זיי זענען געווען אַמעריקאַנער, געבוירענע אין די טראַדיציעס פון אַ גרויסער רעפּובליק, דערצויגענע אין דער זיכערקייט פון דויערנדיקער און סטאַבילער פרײַהייט. איך בין געווען אַן אַמעריקאַנער פון דעם שעכטהויז פון דער געשיכטע, פאַרהאַרטעוועט אין די פײַערן פון דער גרעסטער פּאָליטישער ערדציטערניש, וואָס די מענטשהייט האָט ווען עס איז געקענט.

טיף אין זיך האָב איך געוווּסט, אַז איך וועל זײַן זייער אַ גוטער בירגער, מיטן גאַנצן האַרצן און אויף שטענדיק. געוווּסט, אַז מײַן צוקונפט איז, אויף ניט צו צערײַסן, געבונדן מיט זיי און מיט דער גוטהאַרציקער פרײַער מדינה, וואָס האָט מיר געגעבן, ווי קיין אַנדערע פאַר דעם, די מעגלעכקייט צו געפינען מיין אָרט און מײַן ראָלע אין לעבן. אָבער אין מײַן באַוווּסטזײַן בין איך געווען טיף געבונדן מיט מײַן עבר. מײַן נאַטוראַליזאַציע איז פאַקטיש פאָרגעקומען שוין מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק, ווען איך בין קוים אַלט געווען זעכצן יאָר — ווען אַ שוואַרצער „ג.י." איז אַרויסגעקראָכן פון אַ טאַנק מיט אַ ווײַסן שטערן מיך צו באַפרײַען. אין דעם מאָמענט האָט ער מיך געמאַכט פאַר אַן אַמעריקאַנער, ווי ער אַליין איז עס געווען. דער קאָנגרעס מיט זײַן פאָרמעלן און פײַערלעכן באַשלוס האָט ניט געטאָן מער, ווי לעגיטימירט דאָס דאָזיקע געשעעניש.

אויפהייבנדיק אַ כּוס צו דאַנקען מײַנע געסט פאַר זייער הילף אין דורכפירן דאָס, וואָס זיי האָבן מיט ליבשאַפט גערופן „דער „פיסאַר־אַקט", האָב איך פּשוט ניט געקאָנט פול אויסדריקן מײַנע געפילן. אַנשטאָט דעם האָב איך געמאַכט אַ וויץ, קוים אויסבאַהאַלטנדיק די טיפע עמאָציע אין מיר. „איר, מײַנע פרײַנד, זענט אַמעריקאַנער בירגער נאָר דורכן צופאַל פון געבוירן; איך בין אַן אַמעריקאַנער דורך דעם דעקלאַרירטן ווילן פון פאָלק."

*

ווייניק פון מײַנע וואַשינגטאָנער באַקאַנטע האָבן באמת געוווּסט וועגן מײַן עבר. איך האָב געגלייבט, אַז דאָס איבערלעבן דעם דאָזיקן עבר האָט מיר דערמעגלעכט צו זען קלאָרער פאַר דער מערהייט פון זיי, אין וואָס זייער — אונדזער מדינה נייטיקט זיך דרינגענדיק פאַר איר קיום: אַ ראַדיקאַל נײַע פּאָליטיק, וואָס זאָל באַזײַטיקן די סכּנה פון נוקלעאַרן חורבן און — אויב די קאַטאַסטראָפע וועט אויף אַן אמתן אויסגעמיטן ווערן — צו שטאַרקן די וועלט פון די באַדראָטע דעמאָקראַטיעס, אַמעריקע אײַנגעשלאָסן, צו קאָנען זיך האַלטן.

אין מײַן קינדהייט און יוגנט האָב איך מיט די אייגענע אויגן געזען ווי דער קאָמוניסטישער רעזשים איז אויסגעשטעלט געטראָפן צו ווערן, און

שפּעטער עס אויפגעכאַפּט נאָך מער אָביעקטיוו בעת מײַן שטודירן אין האַר־וואַרד. כ׳בין געווען שולדיק דעם רוסישן פֿאָלק אַן עמאָציאָנעלן חוב, פֿון דעם סאָרט וואָס מען איז שולדיק די, וואָס ראַטעווען דײַן לעבן מיט זייער טויט. ס׳איז ניט קיין וווּנדער, אַז איך האָב געהאַט אַ מער בייגעוודיקע און מער קאָנקרעטע מיינונג וועגן סאָוועטישן רעזשים, ווי דער רוב פֿון מײַנע קאָלעגן. ניט געקוקט אויף די קריגערישע מעטאָדן פֿון קרעמל, האָט מײַן איבער־צײַגונג, אַז מאָסקוועס פֿאַרריסנקייט איז גיכער געקומען פֿון עקאָנאָמישער שוואַכקייט און אידעאָלאָגישן באַנקראָט איידער פֿון מיליטערישן כּוח, מיך געהאַלטן בײַ מײַן מיינונג, אַז די עקאָנאָמישע און טעכנאָלאָגישע מיטאַרבעט וועט וויכער מאַכן די סאָוועטן און דערמעגלעכן אָפּצוצאַפּן דעם סם פֿון די באַציִונגען צווישן די „געשוואָרענע שׂונאים פֿון דער געשיכטע״.

ווען דער דײַטשישער בליצקריג האָט געטראָפֿן פּוילן, אין סעפּטעמבער 1939, און די רויטע אַרמיי האָט זיך מאַסיוו באַוועגט איבער דעם מיזרחדיקן טייל פֿון לאַנד אַרײַנצוכאַפּן סטאַלינס חלק פֿונעם רויב, בין איך געווען צען יאָר אַלט. מיט מײַן משפּחה בין איך געשטאַנען אויפֿן באַלקאָן פֿון אונדזער היים און געקוקט ווי עס גייט פֿאַרבײַ די סאָוועטישע קאַוואַלעריע — אַן עקזאָ־טישער געמיש פֿון סלאַווישע, מאָנגאָלישע און איסלאַמישע רײַטערס. כ׳גע־דענק די פֿאַרלײַכטערונג, וועלכע מײַן טאַטע און מײַן מאַמע האָבן געפֿילט. דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־פּאַקט צווישן די צוויי פֿאַרביסענע שׂונאים איז געווען אַ ביטערע אַנטוישונג און אַ מאָראַלישע געמיינקייט, אָבער ווייניקסטנס האָט עס געגעבן אַן אויסקוק אויף צען יאָר שלום. די רוסן זענען געווען פֿאַרכאַפּערס, אָבער מיר האָבן זיי געקענט אויך פֿאַר דעם ווי אַזעלכע. ס׳איז אמת, אַז איצט זענען זיי געווען קאָמוניסטן, און דאָס האָט אַרויסגערופֿן זאָרג, אָבער די רעוואָלוציע וואָס האָט דערפֿירט צו דער סאָוועטישער העגעמאָניע, האָט אויך געהאַט אירע וואָרצלען אין שטעט ווי ביאַליסטאָק, אַזוי אַז זיי האָבן דערוועקט אויך נײַגעריקייט. דער עיקר, די רוסן האָבן אונדז געראַ־טעוועט פֿון נאַצישן יאָך. בײַ אַ סך משפּחות האָט די רעטונג געפֿאָדערט אַ געוויסן פּרײַז. יעדער הויפּט פֿון דער משפּחה האָט באַקומען אַ נײַע אידענטיטעט־קאַרטע; אויב די קאַרטע איז געווען געשטעמפּלט מיטן וואָרט „בורזשואַזער״, האָט די משפּחה אָפּט געקראָגן אַ באַפֿעל צו בײַטן דאָס הויז

אָדער דירה מיט דעם מער באַרעכטיקטן אַרבעטער־קלאַס. אַזעלכע בײַטן פלעגן מוזן דורכגעפירט ווערן אין געציילטע טעג. ווי אַ געזעץ, האָט די עוואַקויִרטע משפחה געדאַרפט איבערלאָזן איר מעבל און דעם רוב אַנדערע חפצים.

דאָס איז ניט געווען ס׳ערגסטע. אַלע קראָמען און פאַבריקן זענען באַלד געוואָרן נאַציאָנאַליזירט, און אָנגעפירט מיט זיי האָבן מלוכה־אָנגעשטעלטע. עס זענען אײַנגעפירט געוואָרן קופּאָנען אויף שפּײַז און קליידונג. מײַן מאַמע און באָבע פלעגן שטיין לאַנגע שעהען אין דער ריי צו קריגן אַ פונט פלייש אָדער פּוטער — אַרטיקלען וואָס מ׳האָט לײַכטער געקאָנט באַקומען, פאַר הויכע מקחים, אויפן בליִענדיקן שוואַרצן מאַרק — אַ פאַרשפּרייטע דער־שײַנונג אין קאָמוניסטישן לעבן.

ביאַליסטאָק האָט אויך געפילט דעם טעם פון קלאַפּן אין טיר אין מיטן נאַכט. טויזנטער ייִדישע משפחות, צווישן זיי אַ סך פון אונדזערע קרובים, זענען אין דער שטיל פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר ווי „אומגעוווּנטשענע עלעמענטן פון קלאַסן־שטאַנדפּונקט״. וואָס פאַר אַ ביטערע איראָניע פון אַן אַלטן ייִדישן וויץ — „דאָס איז שלעכט? — ניין, דאָס איז גוט!״ — דהײַנו, אַז אַן אומגליק קאָן זיך אַרויסווײַזן פאַר אַ גליקלעכן צופאַל! ווי אַזוי האָבן די פאַרייִאושטע דעפּאָרטירטע געקאָנט וויסן, אַז פאַרשפּאַרט אין אַ סיבירער אַרבעט־לאַגער, וועלן זיי האָבן אַן אומענדלעך גרעסערן שאַנס צו בלײַבן לעבן, ווי מיר, די געבליבענע ייִדן, וואָס היטלער האָט אונדז באַשטימט אַ גורל, וועלכן קיינער האָט ניט געקאָנט פאַרויסזען.

מײַן אייגענע משפחה איז ניט געטראָפן געוואָרן. די סאָוועטישע באַאַמטע זענען געקומען צו מײַן טאַטן, בעת ער האָט געהאַלטן אין פאַרריכטן אַן אויטאָמאָביל־מאָטאָר; ער איז געשטאַנען פאַר זיי מיט פאַרקאָטשעטע אַרבל און פאַרפעטסטע הענט. דאָס איז געווען גענוג צו שטעמפּלען זײַן אידענטיטעט־קאַרטע מיטן וואָרט „אַרבעטער״, און דאָס האָט אונדז געמאַכט פאַר מיט־גלידער פון אַ נײַ־פּריווילעגירטן קלאַס. זייער נאַכלעסיקייט אויסצוגעפינען, אַז מיר זענען געווען פאַרמעגלעכע מענטשן, בעלי־בתּים, האָט אויך געקאָנט צום טייל קומען פון מײַן טאַטנס דורכגעטריבנקייט, אָבער דאָס שפּיגלט אָפּ ביוראָקראַטישע אומפעיִקייט און מיר האָבן געמעגט דאַנקען דערפאַר.

אין שול האָט מײַן דערציִונג דורכגעמאַכט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג צום גוטן. ס׳וואָלט געווען אַ טעות צו באַטראַכטן די סאָוועטישע שולסיסטעם, אַפֿילו אין סטאַלינס צײַטן, נאָר ווי אַ וווּלגאַרע אינדאָקטרינאַציע. אַוודאי איז געווען אויך דאָס, אָבער די קוואַליטעט פֿון לערנען האָט זיך געקאָנט פֿאַרגלײַכן מיט דעם, וואָס מיר האָבן געקענט פֿון פֿריִער. כ׳האָב ליב באַקומען דאָס לערנען, ווײַל ס׳איז איצט געווען אין דעם אַ שטאַרקער מאָראַלישער סטימול — אַ רעזולטאַט פֿון די הויכע רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן, וועלכע מ׳האָט נאָך אַלץ געלערנט אין די שולן, הגם זיי זענען פֿאַרראַטן געוואָרן דורכן סטאַלין־רעזשים. וועגן אָט דעם לעצטן פּרט האָבן מיר, קינדער, ניט געקאָנט קיין סך וויסן. ווי די נײַעסטע בירגער פֿון „לאַנד פֿון די אַרבעטנ־דיקע", האָבן מיר ענטוזיאַסטיש זיך אָפּגערופֿן אויף דעם פּאָליטישן מאָמענט, וואָס איז געווען שטאַרק אַקצענטירט אין דער סאָוועטישער דערציִונג־סיסטעם.

מיר זענען געווען אויפֿגערודערט דורך די רייד פֿון די סאָוועטישע לערערס וועגן די פֿאַרברעכנס, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן ייִדן אונטער דער צאַרישער הערשאַפֿט: די פּאָגראָמען פֿון די „שוואַרץ־מאה־ניקעס", דאָס באַרויבן די עלעמענטאַרע ציווילע רעכט און ניט צולאָזן צו העכערער בילדונג; דאָס כאַפּן פֿון די גאַסן זעקס־זיבן יאָריקע ייִדישע קינדערלעך בכדי אויסצופֿילן קוואָטעס פֿון דער אַרמיי־רעקרוטירונג — די אַזוי גערופֿענע „ניקאָלײַעווסקע סאָלדאַטן", וועלכע האָבן געדינט פֿינף און צוואַנציק יאָר, פֿאַרלירנדיק יעדן געפֿיל פֿון אידענטיטעט.

ווי אַ שפּאַנענדיק קינדער־מעשׂהלע האָבן מיר געהערט דערציילן וועגן די אויפֿטוען פֿון די ריזן — מאַרקס, לענין און סטאַלין, וואָס זענען געקומען אויף דער וועלט צו באַזײַטיקן יעדע אומגערעכטיקייט און אונטערדריקונג. מיר האָבן זיך אָנטציקט מיט דער „גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע", וואָס איז געווען דער פּועל־יוצא פֿון זייערע העראָיִשע אויפֿטוען. אַ נײַער מענטש, „דער סאָוועטישער מענטש", האָט אַרויפֿגעמאַרשירט אויף דער אַרענע פֿון דער געשיכטע. פֿאַר דעם רוס, פּאָליאַק אָדער ייִד איז איצט געווען אַ לעבן פֿון פֿרײַהייט און מענטשלעכער ווערדע. דער אָ מענטש האָט געדאַרפֿט זײַן אַ מוסטער.

פאַר מיר איז די וועלט געוואָרן פולשטענדיק קלאָר. ראַטן־פאַרבאַנד איז געווען פּראָגרעסיוו, די אַנדערע לענדער אויף דער וועלט — פאַרקנעכט צו די העכסטע פאָרמען פון עקספּלואַטאַציע פון מענטשן דורכן מענטש. רוסיש איז געוואָרן דערקלערט פאַר דער אָפיציעלער שפּראַך אין מײַן שול, דײַטש האָט פאַרביטן העברעיִש ווי אַ צווייטע שפּראַך, פּויליש איז אָפּגעשאַפט געוואָרן.

מיט גרויס פײַערלעכקייט האָב איך מודיע געווען מײַנע עלטערן, אַז ווען כ׳וועל אויסוואַקסן, וועל איך זײַן אַ גענעראַל אין סאָוועטישן לופט־פלאָט. אין דער צווישנצײַט האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער קינדער־אָרגאַניזאַציע „די פּיאָנערן״, און אין עלטער פון צוועלף יאָר געוואָרן דערהויבן צום ראַנג פון אַ יוגנטלעכן „אָפיציר״. מײַן באַליבטע מוזיק איז געווען מיליטערישע, און איך געדענק נאָך אַלץ געוויסע לידער, וועלכע מיר האָבן געזונגען מאַרשירנדיק אויף פּאַראַדן לכבוד דעם יאָרטאָג פון דער „גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע״, ווען די רויטע פאָן, מיטן סערפּ און האַמער, האָט הויך געפלאַטערט; „אויב מאָרגן — אַ קריג, אויב מאָרגן — אין מאַרש, זײַ שוין הײַנט גרייט צום קאַמף!״ אָדער: „ער איז געשיקט צום מערב־פראָנט, זי — צו דעם אין מיזרח״.

היטלער האָט אײַנגענומען דענעמאַרק, נאָרוועגיע, האָלאַנד, בעלגיע, לוקסעמבורג, דערנאָך — יוגאָסלאַוויע און גריכנלאַנד. זומער 1940 האָבן מיר געהערט, אַז ער האָט פאַרנומען פּאַריז, און געזען בילדער פון מאַרשירנדיקע נאַציס צום „טויער פון נצחון״, וועלכן כ׳האָב געהאַט געזען אויף פּאָסט־קאַרטלעך, וואָס מומע באַשע האָט אונדז געשיקט פאַר דער מלחמה. כּמעט גאַנץ אייראָפּע איז איצט געווען אונטער היטלערס שטיוול, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין העזה — און וועט ניט האָבן קיין העזה — צו מאַרשירן קעגן דער שטאַרקער רויטער אַרמיי, וואָס האָט ניט איר גלײַכן.

איך האָב געזען, אַז מײַנע עלטערן זענען ניט אַנטציקט פון מײַנע נײַע איבערצײַגונגען. כ׳האָב עס באַדויערט אָבער אָנגענומען, אַז זיי געהערן שוין צו פיל צו דער אַלטער וועלט, כּדי צו קאָנען נעמען די נײַע. קלערנדיק איצט וועגן דעם, בין איך זיכער, אַז זיי האָבן באַשלאָסן ניט אָנצוווענדן דעם דרוק פון זייער אויטאָריטעט קעגן דעם, וואָס מ׳האָט מיט אונדז אײַנ־

געלערנט אין שול, ווײַל אַנדערש וואָלט עס אַרויסגערופן אַ קאָנפליקט אין מײַן גדאַנקען־גאַנג, און ס'וואָלט אויך געשטעלט זיי אין אַ געוויסער סכּנה. אונדז, קינדער, האָבן די לערערס אַנגעזאָגט צו אינפאָרמירן וועגן אַלע אָפּוויַכנדיקע דערשײַנונגען, וואָס מיר באַמערקן אין דער היים, און לויט דער הערשנדיקער אַטמאָספער אין שול און מײַן ענטוזיאַסטישן געמיט־צושטאַנד, איז שווער צו זאָגן וואָס איך וואָלט געטאָן. ווי עס זאָל ניט זײַן, גאָר אין גיכן איז דאָס, וואָס די עלטערן האָבן ניט געקאָנט טאָן, געמאַכט געוואָרן דורך די נאַציס, ברוטאַל און מיט אַ שטורעמדיקער קראַפט.

דער פולשטענדיקער צוזאַמענבראָך פון דער סאָוועטישער פאַרטיידיקונג בײַם ערשטן דײַטשישן אַנגריף, באַגינען, זונטיק דעם 22סטן יוני 1941, ווען איך בין אַלט געווען צוועלף יאָר, האָט אויפגעטרייסלט מײַן נײַעם גלויבן, ווי קיין אַנדער זאַך וואָלט עס ניט געקאָנט טאָן. וווּ איז געווען דער אומבאַצווינגענער גײַסט פון נײַעם „סאָוועטישן מענטש", ווען כוואַליע נאָך כוואַליע פון מעסערשמיט־באָמבאַרדירערס האָבן אויסגעליידיקט זייער לאַדונג אויפן באַנקנופּ פון אונדזער שטאָט, און די מענטשן וואָס האָבן פּרעזענטירט די סאָוועטישע ציווילע און מיליטערישע מאַכט אין ביאַליסטאָק, האָבן אַלץ איבערגעלאָזט און אַנטלאָפן? וווּ איז געווען דער אומפאַרגלײַכלעכער כּוח פון דער רויטער אַרמיי? ווען מיר האָבן געפּרובירט פאָרן צו מיזרח אין אַ לאַסט־אויטאָ, „רעקווויזירט" דורך מײַן טאַטן, האָבן מיר געזען, ווי ס'זעט אויס די באַרימערישע סאָוועטישע קראַפט — צעקלאַפּט און דעמאָראַליזירט, דערפירט צו קאַלאַנעס פון אָפּגעריסענע, געשלאָגענע, הונגעריקע מלחמה־געפאַנגענע, פאַרכאַפּט דורכן דײַטשישן פאַרויסמאַרש. אַזוי זענען אויך מיר געווען. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך געלאָזט אויף צוריק. מיר זענען געוואָרן אַ טייל פון אַ מאַסע פּליטים, גרייט אויף דאָס אומפאַרמײַדלעכע.

נאָך ערגער ווי די סאָוועטישע גיכע מפּלה, איז געווען דער אופן ווי דער ענטוזיאַזם פון די רוסן איז פאַרשוווּנדן — אַ זאַך וואָס האָט מיך איבערראַשט. כ'האָב געזען מײַנע סאָוועטישע לערערס און אַנדערע סאָוועטישע באַאַמטע זיך אַזוי אויפפירן, אַז ס'האָט געוויזן אַ טיפע אַנטוישונג אין זייער גלויבן. אַ סך פון זיי, אוקראַיִנישע, ליטווישע, ווײַסרוסישע דעזערטירן זענען אָפן איבער צום שונא און זיך אַפילו אַנגעשלאָסן אין די רוצחישע באַטאַליאָנען

פון די עס־עס, ווי זיי וואָלטן גאָר באַפרייט און ניט פאַרשקלאַפט געוואָרן. אַוודאי בין איך געווען צו יונג אויסצודריקן עס אין ווערטער, כ׳בין אָבער ניט געווען צו יונג עס צו פאַרשטיין: דער ענטוזיאַזם, דער גלויבן זענען ניט געווען געבויט אויף מיין גענוג טיף איינגעוואָרצלט אין די מענטשן. אַ סיסטעם וואָס איז אַזוי לייכט צעבראָכן געוואָרן, האָט ניט געקאָנט זיין קיין גוטע סיסטעם. די דערהויבענע אמתן, די סאָלידע יסודות — די אַלע אידעען, לידער און פּאָע־מעס, וואָס זענען אַריינגעפּאָמפּט געוואָרן אין מיין געדאַנק, זענען געווען נאָר אַן אָנשטעל.

כ׳געדענק, ווי כ׳האָב געכאַפּט אַ באַהאַלטענעם קוק אויף מיין טאַטן, וואָס איז געזעסן ביים רודער פון לאַסט־אויטאָ מיט אונדזער משפּחה און זאַכן, אָנגעהויפט אין דער הייך, און כ׳האָב געטראַכט, ווי סאָליד, ווי שטאַרק, ווי באַגלייבט ער איז געווען.



נאָכן זיין אַ מיטגליד פון פּרעזידענט קענעדיס פּריוועדיקער קאָנסול־טאַנטן־גרופּע, בין איך איצט געוואָרן אַ ראַטגעבער אין אויסערן־מיניס־טעריום, ווי אויך אַן אַדוואָקאַט אין דעם „פאַראייניקטן עקאָנאָמישן קאָמיטעט פון קאָנגרעס״. איך וועל שוין קיין מאָל, ווייזט אויס, ניט זיין אין אַ בעסערער פּאָזיציע צו קאָנען משפּיע זיין אויף דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק. האָב איך זיך אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן צוועק מיטן גאַנצן ברען.

ווען די שפּאַנונג צווישן מיזרח און מערב, צוליב בערלין, איז דערגאַנגען צום קולמינאַציע־פּונקט מיטן אויפבויען „די וואַנט״, האָב איך איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט אַ ספּעציעלן באַריכט, וועלכן ער האָט מיר געהאַט געבעטן צוגרייטן. געאַרבעט האָב איך אויף אים אַ סך חדשים. דער פּאָליטישער קלימאַט איז געווען ווייט פון צו זיין אידעאַל פאַר מיינע פאָרשלאָגן, אָבער איך האָב געהאַט געלערנט אין אַמעריקע ניט מורא האָבן צו שווימען קעגן שטראָם פון פעסטגעשטעלטע מיינונגען.

כ׳בין זיך מודה: כ׳האָב געפילט אַ ציטער, ווען כ׳האָב געעפנט די בראָשור פון 103 זייטן, אַרויסגעגעבן דורכן „ביוראָ פון דער רעגירונגס־דרוקעריי״. איך האָב רעספּעקטירט די פולמאַכטן פון דער געזעצגעבערישער אינסטאַנץ אפשר נאָך מער, ווי כ׳האָב באַוווּנדערט דעם גרויסן נצחון פון

דער פּרעזידענטשאַפט, זעענדיק אין דער ערשטער אַ קלוגע קאָנטראָל אויף דעספּאָטיזם — גזירות, דירעקטיוון און באַפעלן פון די וואָס האַלטן וואַך איבער מיר... דאָס איז דאָך דער קאָשמאַר פון מײַן לעבן. און אָט איז געווען אין מײַנע הענט אַ דאָקומענט פון קאָנגרעס מיטן טיטל: „אַ נײַער בליק אויף דער האַנדלס־פּאָליטיק בנוגע דעם קאָמוניסטישן בלאָק — די עלעמענטן פון אַ בשותּפותדיקער סטראַטעגיע פאַרן מערב", און אונטערן טיטל — מײַן נאָמען. אין דעם אַרײַנפיר האָב איך געשריבן: „אונדזערע נײַעסטע פּאָזיציעס און פּראַקטישע שריט האָט כאַראַקטעריזירט אַ בולט פעלן פון ענערגיע, קלאָרקייט און אויסגעהאַלטנקייט. אין דער היים, אַזוי ווי אין אויסלאַנד, האָט זיך געשאַפן דער אײַנדרוק, אַז מיר ווערן פאַרטראָגן אין עטלעכע ריכטונגען גלײַכצײַטיק. ווי אַ רעזולטאַט דערפון איז די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן בשײַכות צום ראַטן־פאַרבאַנד און זײַנע סאַטעליטן געוואָרן איזאָלירט פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון די אַנדערע מיטגלידער פון ,אַטלאַנטישן פּאַקט'..."

צו מײַן איבעררעשונג און פאַרגעניגן, האָט אין טאָג פון דערשײַנען פון אָט דעם באַריכט זיך באַוויזן אַ ברייטע אינפאָרמאַציע וועגן אים אויף דער ערשטער זײַט פון „וואַשינגטאָן פּאָסט". ענלעכע דעטאַליזירטע אינפאָרמאַציעס האָבן די טעלעגראַפן־אַגענטורן פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

מיר האָט אויסגעזען ווי אַן אַבסורד דאָס, וואָס מער ווי אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג פון ערדקײַלעך — רוסלאַנד, מיזרח־איראָפּע, כינע — איז פּראַקטיש אויסגעשלאָסן פון אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. און דאָס האָט אויסגעזען אין מײַנע אויגן געפערלעך, ווײַל מערב־איראָפּע און יאַפּאַן װעלן זיך אָפּזאָגן אָנצוגיין מיט אַזאַ פּאָליטיק. כ'האָב געפילט, אַז ס'איז דרינגענדיק נייטיק צו שאַפן אַ סכעמע פון גרונטפּרינציפּן, וואָס זאָלן דערמעגלעכן אײַנ־צושליסן די ריזיקע נאַטירלעכע אוצרות און די פּאָטענציעלע גרויסע מערק פון די קאָמוניסטישע לענדער אין דער וועלט־עקאָנאָמיע; ס'איז נייטיק אַרײַנצוציִען דעם מיזרח אין אַ סיסטעם פון אָפּמאַכן, וואָס וואָלט געשאַפן אַ פונדאַמענטאַלע התחייבות צום שלום; און אויך האָט מען געקאָנט האָפן, אַז דער דאָזיקער פּראָצעס וועט בהדרגהדיק פאַרפעסטיקן די מענטשלעכע פרײַהייטן אומעטום.

כ'האָב געהאַט פאַרגעלייגט אַ סעריע פון קליינע אָבער קאָנקרעטע מאָס־מיטלען, וואָס זאָלן געבן מאָסקווע אַ סיגנאַל פון אַמעריקעס גרייטקייט צו נעמען אין באַטראַכט אַ נײַע באַציִונג צו איר. למשל, וואַשינגטאָן וואָלט אַ ביסל פאַרקלענערט די ליסטע פון „סטראַטעגישע" סחורות, וואָס האָבן פריִער ניט געטאָרט פאַרקויפט ווערן דעם ראַטן־פאַרבאַנד; וואָלט אויך אַראָפּגענומען דעם אַמעריקאַנער עמבאַרגאָ אויף דעם אימפּאָרט פון קאַמטשאַטקער ראַקעספלייש, וואָס איז געווען פאַרבאָטן צוליב דעם חשד, אַז עס ווערט פּראָדוצירט דורך „שקלאַפן־אַרבעט". די גולאַג־סיסטעם וואָס אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין האָט אַרויסגעבראַכט פאַרן מערבדיקן עולם מיט אַזעלכע געטריַע פּרטים, האָט דעמאָלט געהאַלטן בײַם ליקווידירט ווערן, און ס'האָט מיר אויסגעזען, אַז ניקיטאַ כרושטשאָווס אַנטי־סטאַליניסטישע רע־פאָרמען וועלן ניט דערמוטיקט ווערן דורך עמבאַרגאָס, אַרויפגעלייגטע אין צײַט פון דער סטאַלין־עפּאָכע. כ'האָב געפילט, אַז עפּעס פּאָזיטיווס דאַרף געמאַכט ווערן, כּדי צו קערעווען די סאָוועטן אין דער ריכטונג פון ווײַטער־דיקער ליבעראַליזאַציע.

מײַן באַריכט איז געווען געשריבן אין אַ פאַרזיכטיקער שפּראַך, מיט געטריַע נטיות אין דער ריכטונג פון דער הערשנדיקער מענטאַליטעט פון דער קאַלטער מלחמה. איך האָב געוואָלט איבערצײַגן און ניט פּאָלעמיזירן. און דאָך איז די שטעלונג פון די אַנדערש דענקענדיקע געווען גענוג, אַז די פּאָליטיק פון רעכטס זאָל מיר געבן איבערן קאָפּ. באַזונדערש שאַרף איז געווען די אַטאַקע פון פּענסילוואַניער קאָנגרעסמאַן, דזשאָן דענט, איינער פון די אָנפירנדיקע פּראָטעקציאָניסטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אויסער דער רעגירונג האָט מיך איינער, וועמען כ'האָב ליב געהאַט און רעספּעקטירט, געטאַדלט — מער אויס צער ווי אויס כּעס.

„הערט אויס, מײַן טײַערער," האָט געזאָגט גענעראַל סאַרנאָף, נאָך אַלץ אַ דאָמינירנדיקע פיגור אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניקאַציע־אַנשטאַלט צוליב זײַן עקאָנאָמישער קראַפט און דער פּאָטענציעלער השפּעה פון זײַנע אָנשויונגען אויף דער עפנטלעכער מיינונג, „אַלע אײַערע געדאַנקען גייען אין אַ פאַלשער ריכטונג." אָט דער לעגענדאַרער אימיגראַנט, אַזוי שטאָלץ מיטן מיליטערישן ראַנג וועלכן ער האָט באַקומען פאַרן אָרגאַניזירן די

קאָמוניקאַציע־נעץ פון אײַזנהאַוערס באַוואָפנטע אַרמייען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז איצט געווען אַ הייסער אָפּענער אָנהענגער פון ריטשאַרד ניקסאָן. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט זײַנע צאַפּלדיקע אויגן. „איר קאָנט ניט קאָעקסיסטירן מיט די רוסן און די כינעזער. איר קאָנט זיי נאָר באַקעמפן מיט זייערע אייגענע מעטאָדן.״

„צי וועלן מיר אָבער דעמאָלט ניט ווערן אַזוי ווי זיי. ווי וועט איר קאָנען דערקלערן די צוקונפטיקע דורות, אַז פאַר אונדזער אופן לעבן איז כּדאַי צו קעמפן און שטאַרבן ?״

כ׳ווייס ניט, צי ער אַליין האָט פאַרשטאַנען, וווהין די גלאָבאַלע געהיימע מעטאָדן און די עקספּערימענטן מיט אַמעריקעס גרונטווערטן, וועלכע ער האָט געהאַט אין זינען, וועלן דערפירן אונדזער מדינה; צו יענער צײַט האָב איך עס זיכער ניט פאַרשטאַנען. ער האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ. ס׳האָט אים פאַרדראָסן צו זען, ווי אַ צוזאָגנדיקער יונגער־מאַן פּטרט זײַן צײַט אויף נאַרישקייטן.

סאַרנאָף איז געווען ענלעך צו אַן אַנדערן פון מײַנע נאָענטע באַקאַנטע, קעמפערס פון דער „קאַלטער מלחמה״, לואיס ב. מײַער, דער גרינדער פון מעטראָ־גאָלדווין־מײַער, ער, וואָס האָט געמאַכט און צעבראָכן אַ סך פון די גרעסטע האָליוווד־שטערנס. ער האָט געוואָלט, גלײַך נאָך מײַן גראַדויִרן האַרוואַרד, געבן מײַן קאַריערע אַן אַנדער ריכטונג און ניט פאַרנעמען זיך מיט „אינטעלעקטועלע משוגעתן״, אין וועלכע איך בין דווקא געווען פאַר־אינטערעסירט. ער האָט אין מיר געזען אַן אויסגעצייכנטן אַדוואָקאַט פאַר זײַן פילם־סטודיאָ. און ווען ער האָט זיך עפּעס אַרײַנגענומען אין קאָפּ, איז געווען שווער אים זיך אַנטקעגנצושטעלן. כ׳האָב געזאָגט נאַרמאַן, אַז אויב אַ מענטש ווי מײַער וועט גיין זיך שטעלן הינטער מיר און שטופּן, דאַרף איך וואָס גיכער אַראָפּגיין פון זײַן וועג.

ס׳איז געווען, נעם איך אָן, אַ בײַסיקער וויץ, זיך רעכענענדיק מיטן דרוק וועלכן נאַרמאַס עלטערן האָבן געמאַכט, בכדי צו האָבן אונדז צוריק אין לאָס־אַנדזשעלעס. ס׳איז אויך געווען אַ צייכן פון עפּעס, וואָס האָט געזאָלט פאַרשווערן אונדזער צוקונפט. אָבער איך בין געווען צו פיל אַרײַנגעטאָן אין מײַנע אידעען און מײַן אַרבעט, אַז כ׳זאָל זײַן שפּירעוודיק צו צייכנס.

*

אין נאָוועמבער 1961 האָב איך באַגלייט קיין מאָסקווע און אַנדערע אייראָפּעיִשע הויפּטשטעט, דעם סענאַטאָר יאַוויץ פון ניו־יאָרק, פּאָרזיצער פון „עקאָנאָמישן קאָמיטעט פון נאַטאָ־פּאַרלאַמענטאַריער", מיט וועמען איך בין געווען אין נאָענטע באַציִונגען. דער צוועק פון אונדזער וויזיט איז געווען אויסצופאָרשן די מעגלעכקייטן פון אַ פּאַרגרעסערטן מיזרח־מערב־האַנדל. אין דער צײַט פון דער נסיעה, וואָס האָט אײַנגעשלאָסן דיסקוסיעס מיט הויכע רעגירונג־באַאַמטע, האָב איך אײַנגעפונען, אַז די סאָוועטן האָבן זיך באַצויגן מיט חשד צו מײַן צוגאַנג. דאָס, האָב איך באַשלאָסן, איז ווײַזט אויס געווען דער רעזולטאַט פון זייערע כּסדרדיקע חשדים פאַר יעדער זאַך, וואָס וואָלט אויסגעשטעלט זייער סיסטעם צו אַ מערבדיקער השפּעה. די דאָזיקע מורא האָט געקאָנט פאַרשווינדן נאָר דורך אויספּרווו און מיט דער צײַט.

אָן ענלעכער ווידערשטאַנד איז אויך אויפגעקומען אין וואַשינגטאָן, באַזירט אויף דער זאָרג, אַז „מיר בויען־אויף סאָוועט־רוסלאַנד אויף אונדזער חשבון".

דער אויסבראָך פון ענערגיע וואָס האָט געהאַט באַצייכנט דעם אָנהייב פון דער קענעדי־אַדמיניסטראַציע איז אויסגעגאַנגען. דער אײַזערנער פאַר־האַנג וועלכן ווינסטאָן טשערטשיל איז געווען דער ערשטער אים צו זען זיך אַראָפּלאָזן איבער אַ העלפט פון דער נאָכמלחמהדיקער אייראָפּע, איז נאָך אַלץ געווען אַראָפּגעלאָזן. אין ווײַסן הויז און אין דער רעגירונג האָט דער פּרעזידענט געהאַט אַרום זיך מענטשן מאָדערנע, טאַלאַנטירטע און מיט גוטע כּוונות, אַזוי ווי רוזוועלט האָט עס געהאַט. אָבער קענעדי האָט ניט געקאָנט, ווי רוזוועלט, זיי צונויפשמעלצן צו אַ ווירקעוודיק אַרבעטנדיקער מאַנשאַפט.

ראָבערט קענעדי, מאַקדזשאָרדזש באַנדי, אַרטור שלעזינגער, ראָבערט מאַקנאַמאַראַ און אַ סך אַנדערע אויסגעצייכנטע מענטשן זענען געווען גרייט אויפצונעמען, ווי דער פּרעזידענט אַליין, אין גאַנצן נײַע אידעען, אין דעם אויך מײַנע, בנוגע אַ נײַעם צוגאַנג אין די מיזרח־מערב באַציִונגען. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די באַציִונגען וועלן אַזוי אָדער אַנדערש זיך אָנשטויסן אויף אַמעריקעס באַציִונגען מיט דער אַלץ מער און מער אומרויִק ווערנדיקער דריטער וועלט און וועלן האָבן אַ שטאַרקע השפּעה אויף אַ סך אַנדערע

וויכטיקע פּראָבלעמען פון גלאָבאַלן באַטײַט, ווי אויך אויף אַמעריקעס אייגענער עקאָנאָמיע און געזעלשאַפט.

די דאָזיקע מענטשן זענען אָבער געוואָרן אַלץ מער און מער באַשרענקט אין זייערע מיטלען דורך די מעכטיקע, כּמעט אויטאָנאָמע, אײַנגעפעסטיקטע ביוראָקראַטן אינעם פּענטאַגאָן, די „סי. אײַ. איי.״ און דעם אויסערן־מיניסטער־יום. זיי האָבן אונטערגעשאַצט דעם שטאַרקן כּוח פון מיליטעריש־אינדוס־טריעלן פּלאָנטער, קעגן וועלכן אַפילו אײַזענהאַוער האָט געוואָרנט, ווען ער האָט פאַרלאָזט דאָס ווײַסע הויז...

ס׳איז געווען טראַגיש צו זען די באַגאַנגענע פעלערן, די באַגאַטעליזירונג און דאָס פּוגע זײַן אין פּריאָריטעטן, וואָס האָבן אָפּגעווענדט די אינטעליגענץ און ענערגיע פון די מענטשן, און אַרײַנגעבראַכט זיי אין אַ טעמפּן ווינקל. ס׳האָט אויסגעזען אַז איין פעלער אין דער סטראַטעגיע האָט געפירט צו אַן אַנדערן. די שפּיצן־קאָנפערענץ אין 1961 אין ווין, בעת וועלכער דער פּרעזידענט איז, לויט זײַן אייגענער אָפּשאַצונג, געווען צו העפלעך און צו וואַקלדיק, האָט צוגעגעבן כרושטשאָוון מוט אויסצופּרובירן דעם כּוח פון דעם „אומגעניטן יונגן־מאַן״. דער קובאַנער ראַקעטן־קריזיס, די קאַטאַסטראָפע אין ים־אויסגאַס פון די חזירים, די אַנגאַזשירונג צו שיקן מער און מער מענטשן, אַרבעטקראַפט און אויסשטאַטונג קיין וויעטנאַם האָט שנעל געבראַכט די צוויי גרויסמאַכטן צו אַ נייער פאַזע פון דיפּלאָמאַטיע אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. אין אַט דעם קלימאַט איז דער ענטוזיאַזם פאַר מוטיקע פּאָליטישע איניציאַטיוון צווישן מערב און מיזרח גיך פאַרשווונדן. די מער מעסיקע, מער אויסגעקליגלטע און פּאָליטיש דרייסטערע פאַרשלאָגן צו באַהאַנדלען די אַמעריקאַנער־סאָוועטישע באַציִונגען, וואָס זענען דורך זײַן „קאָנסול־טאַנטן־גרופּע״ אַרויסגעבראַכט געוואָרן, זענען אָוועקגעלייגט געוואָרן אויף די פּאָליצעס. איראָניע פון גורל: זיי וועלן צוריק אויפלעבן אין אַ צען יאָר אַרום דורך ריטשאַרד ניקסאָן.

# 10

צי זענען דאָס געווען אָפּקלאַנגען פון לאַנדסבערג? איך האָב געקוקט אויף מײַנע וואַשינגטאָנער פרײַנד: זייער רוב האָט זיך אויף אַ גאַנץ לעבן אײַנגעאָרדנט אין דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט. אין אַ געוויסער מאָס בין איך זיי מקנא געווען. כ׳האָב אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז ניט פאַר מיר. די הויפּשטאָט פון דער מדינה האָט געהאַט גענוג ביוראָקראַטן; כ׳האָב ניט געקאָנט משלים זײַן מיטן געדאַנק, אַז צוליב דעם זאָל איך האָבן געבליבן לעבן. געוויס האָב איך געוואָלט אָנהאַלטן מײַנע פאַרבינדונגען מיט דער רעגירונג, דינען מײַן לאַנד, אָבער כ׳וואָלט עס ווירקעוודיקער געקאָנט טאָן פון דרויסן, דורך ספּעציעלע אַרבעטן פאַר דער אַדמיניסטראַציע און דעם קאָנגרעס, ווי אַן אָנערקענטער עקספּערט אין אינטערנאַציאָנאַלע ענינים. פרילינג 1962, האָב איך באַשלאָסן, אַז ס׳איז געקומען די צײַט איך זאָל אָנהייבן פּראַקטיצירן אין מײַן פּראָפעסיע. יאָרן האָב איך געאַרבעט אונטערן שירעם פון שיצנדיקע אינסטיטוציעס: ווי אַ סטיפּענדיע־סטודענט אין דער אַקאַדעמיע, ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלער מלוכה־באַאַמטער און אַצינד ווי אַ פונקציאָנאַר אין וואַשינגטאָן. כ׳האָב ניט פּרובירט צו מאַכן אַ לעבן אין דער האַרטער קאָנ־קורירנדיקער וועלט, זינט דעמאָלט ווען איך בין געווען זעכצן יאָר אַלט, אין לאַנדסבערג.

מײַן געדאַנק איז געווען זיך צו ספּעציאַליזירן אין אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, אַ געביט וואָס האָט זיך האַסטיק אַנטוויקלט מיט אַן אויסברייטערונג אָן אַ פּרעצעדענט פון האַנדל און אינוועסטיציעס צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און מערב־אייראָפּע. ווען איך האָב צו וויסן געגעבן פרײַנד און קאָלעגן וועגן מײַן באַשלוס, זענען אַרײַנגעקומען געוויסע פאָרשלאָגן פון עט־לעכע פון די גרעסטע יורידישע פירמעס פון „וואָל־סטריט״, אין דעם — איינער פון געוועזענעם וויצע־אויסערן־מיניסטער, דזשאָרדזש באָל. הגם ס׳האָט מיך געצויגן, האָב איך אָבער געפילט נאָך שטאַרקער, אַז איך וואָלט געדאַרפט שאַפן מײַן אייגענעם יורידישן ביוראָ און זײַן מײַן אייגענער בעל־

הבית. אין דער צײַט פון אַ קורצן משפּחה־אורלויב אין קאַליפאָרניע, האָב איך זיך באַקענט מיט אַן אַדוואָקאַט, לעאָן קאַפּלאַן, וועמענס מענטשלעכע וואַרעמקייט און פּראָפעסיאָנעלע רעפּוטאַציע האָבן געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן אײַנדרוק. די פירמע מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט, איז געווען פאַרהעלטענישמעסיק קליין, אָבער דינאַמיש, פלײַסיק און גרייט אויפצונעמען נײַע אידעען. נאָך עטלעכע צוזאַמענטרעפן זענען מיר געקומען צו אַ הסכּם, אַז איך וועל מיט אים בשותּפות עפענען אַ ביוראָ אין אייראָפּע צו פּראַקטיצירן לויט דער ליניע, וועלכע כ׳האָב געהאַט אין געדאַנק.

פּאַריז האָט אויסגעזען צו זײַן אַן אידעאַלער פּלאַץ פאַר אַזאַ ביוראָ.

נאָכן אונטערשרײַבן דעם „אָפּמאַך פון רוים״, האָט אייראָפּע גענומען שטעלן אירע ערשטע טריט צו פעדעראַליזם, און פעדעראַליזם איז פּראָפעסיאָנעל געווען אין מײַן בלוט. לויט מיר איז דער פונדאַמענטאַלער געדאַנק הינטער דעם טשאַרטער פון דעם בשותּפותדיקן מאַרק, מיט זײַנע הונדערטער פּאַראַגראַפן, ניט געווען עפּעס אַנדערש, און אין תּוך גענומען, אַ פּועל־יוצא פון דעם איינציקן קורצן פּאַראַגראַף פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט געזאָרגט, אַז „דער קאָנגרעס זאָל האָבן די קראַפט צו רעגולירן דעם האַנדל... צווישן די פאַרשיידענע שטאַטן״.

אַנטוויקלענדיק זיך, וועט די סיסטעם פון אייראָפּעיִשן „בשותּפותדיקן מאַרק״ זיכער ווערן ענלעך צו דעם, וואָס דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס און די פעדעראַלע געריכטן האָבן, דורך אַ לאַנגן פּראָצעס פון פּרוּוון און פעלערן, אויסגעאַרבעט אין משך פון צוויי יאָרהונדערטער. מער נאָך, דאָס הויפּט־געריכט פאַר גערעכטיקייט פון דער אייראָפּעיִשער פּאַרטנערשאַפט, וואָס האָט באַקומען די אויפגאַבע אַכטונג צו געבן אויף דעם טשאַרטער, האָט אויסגעזען צו זײַן ענלעך צום העכסטן געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איידער דער הויפּטריכטער דזשאָן מאַרשאַל איז דערשינען און אײַנגעפלאַנצט די אויסערגעוויינטלעך וויכטיקע אידעע אין דעם פּראָצעס פון „מאַרבערי קעגן מעדיסאָן״, אַז דאָס פעדעראַלע געריכט האָט דאָס רעכט בטל צו מאַכן יעדן אַקט פון אַן עקזעקוטיוו־אינסטאַנץ אָדער פון אַ געזעצ־געבערישן אָרגאַן, וואָס זעט אויס בײַ אים צו זײַן אין סתּירה צו דער קאָנ־סטיטוציע.

איך בין אַרויסגעפֿאָרן קיין אייראָפּע, פֿאַרהאַלטנדיק זיך צו ערשט אין לאָנדאָן, ווו איך האָב געדאַרפֿט זיך פֿאַרנעמען מיט מײַן ערשטער פּראָפּעסיאָ־נעלער אַרבעט. דאָרטן האָב איך געהאַט דעם גליקלעכן צופֿאַל צו שמועסן מיטן בריטישן פֿינאַנסיסט לאָעל גינעס. „זאָגט מיר," האָט ער געפֿרעגט מיט זײַן נידעריקער, אָקספֿאָרד־אַקצענטירטער שטים, „וואָס זענען אײַערע פּלענער איצט, ווען איר האָט וואַשינגטאָן הינטער זיך?" ווען כ'האָב אים געזאָגט, אַז איך בין געווען אויפֿן וועג קיין פּאַריז צו זוכן אַ דירה און אַ ביוראָ־לאָקאַל, האָט ער געענטפֿערט: „איך האָב פּונקט אַזאַ אָרט פֿאַר אײַך. איך קאָן אײַך פֿאַרדינגען אַ ליידיקן עטאַזש אין מײַן הויז אויף „פּלאַס דע לאַ מאַדעלען".

ווי אַזוי האָב איך געקאָנט זאָגן דעם פֿרײַנדלעכן עושר, אַז מײַן בודזשעט איז געווען זייער באַשרענקט, אַז איך האָב נאָך ניט געהאַט קיין קליענטן און אַז די הויפּט־פֿראַגע איז געווען: „וויפֿל וועל איך דאַרפֿן צאָלן?"

„איך דאַנק אײַך, אָבער, איר ווייסט, איך וועל נאָר דאַרפֿן צוויי צימערן פֿאַר זיך און פֿאַר אַ סעקרעטאַרין."

גינעס האָט געזאָגט מאַיעסטעטיש: „איך פֿאָר מאָרגן קיין פּאַריז אין מײַן עראָפּלאַן. קומט מיט מיר און גיט אַליין אַ קוק."

צען טעג שפּעטער האָב איך געהאַט פֿערצן צימערן אויפֿן דריטן עטאַזש פֿון אַ פּרעכטיקן בנין, וואָס איז אַרויס צום בלומענמאַרק, לעבן דעם מאַדעלען־קלויסטער, פֿאַר דירה־געלט וואָס האָט ניט געקאָנט זײַן בעסער. צו ערשט האָב איך פֿאַשפּאַרט אַלע צימערן אויסער צוויי, כּדי מײַנע עווענטועלע קליענטן זאָלן ניט זען, אין וואָס פֿאַר אַ פּוסטקייט איך פֿיר מײַנע געשעפֿטן.

גאָר גיך האָב איך געקאָנט אויפֿהערן זאָרגן וועגן געלט. דעם ערשטן גרויסן קליענט האָט מיר געבראַכט מײַן פֿרײַנד און געוועזענער אונטערסקאָ־קאָלעגע, עדוואַרד דע גראַציאַ, וואָס איז איצט געוואָרן דער יורידישער ראַטגעבער פֿאַר דער „אינטערנאַציאָנאַל דזשענעראַל־עלעקטריק"־געזעלשאַפֿט — „דזש. ע.". די דאָזיקע גרויסע אַמעריקאַנער פֿירמע האָט פּראָיעקטירט און געבויט אונטערנעמונגען פֿאַר נוקלעאַרער ענערגיע. מ'האָט מיך געבעטן צו ראַטן דער געזעלשאַפֿט, ווי אַזוי זאָל זי, לויטן אייראָפּעיִשן געזעץ, באַגרע־נעצן איר פּאָטענציעלע אַחריות אין פֿאַל פֿון אַן אַטאָמישן אַקצידענט.

פון איצט האָט זיך מײַן קליענטור אויסגעברייטערט און אַרומגענומען אָנפירערס פון גרויסע קאָרפּאָראַציעס און בענק, שרײַבערס, דערפינדערס און אַנדערע. בהדרגה האָט זיך פאַרגרעסערט מײַן שטאַב און מיט אים — די ביוראָ־אויסשטאַטונג וואָס האָט אויסגעפילט די ליידיקע צימערן און אויך די צימערן פון נאָך צוויי עטאַזשן. מיטן באַזײַטיקן טאַריף־באַריערן אין דעם „בשותּפותדיקן מאַרק" האָבן קאַפּיטאַל און טעכנאָלאָגיע, אין אַ נײַעם מאַשטאַב, זיך באַוועגט איבער נאַציאָנאַלע גרענעצן, און אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס האָבן געשטראָמט קיין אייראָפּע. מײַן אַרבעט האָט באַקומען אַ נײַע, אַנגענעמע פאַרשיידנפאַרביקייט און שווּנג. ס׳האָט מיר אַפילו צוגע־געבן אַ געפיל פון גלאַנץ. דאָס זענען געווען די וויכטיקסטע יאָרן פאַר פילמען, וואָס אַמעריקאַנער געזעלשאַפטן האָבן געדרייט אין אייראָפּע, אָפט בשותּפות מיט אייראָפּעיִשע פירמעס, און די יורידישע קאָמפּליקאַציעס מיט די אינוועסטיציעס האָבן געבראַכט פּראָדוצענטן, דירעקטאָרן, און צום סוף, פילמסטאַרן צו מײַן טיר. די יורידישע אַרבעט וואָס כ׳האָב געהאַט אויסגע־מיטן אין האָליוווּד, איז מיר, אין אַ געוויסן זינען, נאָכגעגאַנגען קיין פּאַריז. דאָס מאָל בין איך געווען מער געניי͏געט דערצו.

כ׳בין געפלויגן צו טרעפן עווא גאַרדנער אויף אַ פרישטיק אין מאַדריד, כּדי צו שמועסן וועגן איר קומענדיקן פילם־קאָנטראַקט, און דערנאָך בעמען דעם פרימאָרגנדיקן רייס קיין לאָנדאָן, בכדי צו זײַן אין דער באַשטימטער שעה אויף אַ מאָלצײַט־קאָנפערענץ אין דער ראָטשילד־באַנק; ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אײַנקויפן אַ יאַכטשיף פאַר עליזאַבעט טיילאָר דורך רי־טשאַרד בערטאָנען. אין דער זעלבער צײַט האָב איך צוגעגרייט די פּאַפּירן פאַר אַ הלוואה פון אַ הונדערט מיליאָן דאָלאַר פאַר אַ גרויסער מולטינאַציאָ־נאַלער קאָרפּאָראַציע; כ׳האָב אויך געדאַרפט העלפן דערליידיקן די סטודיאָ־פּראָבלעמען פון קאַטערין דענעוו, אָדער דזשיין פאָנדאַ; גלײַכצײַטיק העלפן עפּענען אַמעריקאַנער און יאַפּאַנישע בענק אין אייראָפּע, ענגלישע און האָ־לענדישע פירמעס אין פראַנקרײַך, אָדער פראַנצייזישע און דײַטשישע קאָר־פּאָראַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מײַנע געשעפטן האָבן זיך אַנטוויקלט, און איך בין פאַרבעטן געוואָרן אָנצושליסן זיך אין די פאַרוואַלטונגען פון בענק און געזעלשאַפטן איבער גאַנץ אייראָפּע.

פּעטער נחמנס טאָכטער עטל פון מעלבורן און מומע באַשעס זון, פּיער, פון ניו־יאָרק, זענען געקומען זײַן בײַ אונדז און ממשיך זײַן זייער שטודירן אין דער סאָרבאָן. כ׳האָב אָנגעפירט מיט אַ מולטינאַציאָנאַלער און פּיל־שפּראַכיקער משפּחה און אַ מולטינאַציאָנאַלער און פּילשפּראַכיקער פּראַקטיק.

כ׳בין געווען אַ מיטגליד פון דער וואַשינגטאָנער אַדוואָקאַטן־קאַמער, אַ יורידישער קאָנסולטאַנט אין פּאַריז און אַ באַריסטער אין לאָנדאָן. מײַן לעבן איז געוואָרן אַן אומגלייבלעכע כּישוף־מעשׂה פון דרײַ שטעט. מײַן ווערן אָנגענומען אין דער זייער אַלטער און בכּבֿודיקער געזעלשאַפט „גרייס אין" האָט מיך געבראַכט צוריק צו די טראַדיציעס וואָס האָבן מיך באַהערשט, ווען איך בין געקומען קיין אויסטראַליע און געהאַט דאָ דעם ערשטן צוזאַמענ־טרעף מיט דעמאָקראַטיע. דורך וואָס פּאַר אַ שפּיל פון גורל איז „דאָס אָפּפאַל פון אוישוויץ און לאַנדסבערג" געוואָרן אַ פול־באַרעכטיקטער מיטגליד פון די הויך־געשעצטע געריכט־קאַמערן, מיט זייערע 600 יאָר אַלטע וואָרצלען אין בריטאַניע? כ׳האָב געגעסן אָונטברויט און דעבאַטירט אונטער עלעגאַנטע האָלץ־סופיטן, וואָס זייערע שפּורן דערגייען מיט אַזאַ שטאָלץ צו די באַלקנס פון אַ געפאַנגענער שיף פון דער שפּאַנישער אַרמאַדע. וואָס האָב איך געהאַט בשותפותדיקס מיט דעם אַזוי אַלטן זאַל אַחוץ דעם, וואָס ער איז אויך געווען צום טייל צעשטערט דורך היטלערס פײַער־באָמבעס? ניין, איך האָב זיך נישט געשפּירט ווי אַ פרעמדער, אַרומשפּאַצירנדיק אין מײַן נײַעסטן אוני־פאָרעם — די שוואַרצע טאָגע פון אַ באַריסטער — אין די פּרעכטיקע גערטנער, געכאָוועטע דורך סער פראַנסיס בייקאָן, צווישן חברים, באַריס־טערס פון ענגלאַנד און דעם קאָמאָנוועלט — ווײַסע און קאָלירטע פון ניגעריע און ציילאָן, פון מאַלעזיע און נײַ־זעלאַנד, פון יאַמײַקאַ און ווו נאָר דאָס בריטישע געזעץ האָט געהאַט געלייגט זײַן שטעמפּל. אויב ס׳איז עפּעס געווען איבערגעטריבן אין מײַן טרינקען דעם צערעמאָניעלן לחיים „צום הייליקן, רומפולן און אומשטערבלעכן אָנדענק פון דער גוטער קעניגין בעס", אָדער פאַרן געזונט פון דער אַמטירנדיקער עליזאַבעט, האָב איך עס ניט געפילט אין יענער צײַט. די ווילדע קאָנטראַסטן וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט מײַן דעמאָלטיק לעבן, האָבן אויסגעזען צו זײַן איבער מײַן באַנעם. כ׳האָב אויפ־געהערט קלערן וועגן זיי מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק.

אויף איין שטח פון מײַן פּראָפעסיאָנעלן לעבן האָב איך שלעכט געהאַט אויסגערעכנט. דער האַנדל צווישן מערב און מיזרח האָט זיך ניט אַנטוויקלט ווי כ׳האָב געהאָפט. די זעכציקער יאָרן זענען אַדורך אונטערן צייכן פון אַ ספּקדיקער פאַרלײַכטערונג אין דער מיליטערישער קאָנפראָנטאַציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד, און אַן אָפּקילונג אין די באַציִונגען פון די גרויסמאַכטן צוליב דער אַמעריקאַנער מיליטערישער טעטיקייט אין וויעטנאַם. עס זענען געווען געוויסע פּיאָנערישע אינטערנאַציאָנאַלע געשעפטלעכע טראַנסאַקציעס, אין וועלכע איך האָב געדינט ווי אַ הויפּט־ראַטגעבער, ספּעציעל צום בוי פון „פּאַן־אַמעריקען איירוויים אינ־טערקאָנטינענטאַל״־האָטעלן אין מיזרח־אייראָפּע. אָבער דער ריזיקער פּאָ־טענציאַל פאַר אַ נוציקן בײַט פון די סאָוועטישע רוישטאָפן אויף תּבֿואה, אויסשטאַטונג און פּערפעקציאָנירטע טעכנאָלאָגיע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז כּמעט ניט באַרירט געוואָרן. מײַנע געלעגנהייטן בײַצושטײַערן צום אָנקניפּן באַציִונגען, וואָס האָבן בשותּפותדיקע אינטערעסן פאַר די צוויי לענדער, זענען געוואָרן באַשרענקט.

דער פאַרווײַלערישער טייל פון מײַן פּראַקטיק, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס געקומען פון דעם קאַפּלאַן־ביוראָ אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט בײַ מיר צוגענומען מער צײַט און ענערגיע, וויפל איך בין געווען געניגט אויף דעם צו פאַרתּכלעווען.

✶

מײַן אינטענסיווע קאָסמאָפּאָליטישע טעטיקייט האָט זיך זייער גוט באַ־צאָלט, איז געווען צופֿריִדנדיק און אָנרעגנדיק. אָבער אַ נײַער קליענט האָט געקלאָפּט אין מײַן טיר און אויף אַן אומגעריכטן אופן מיר דערוויזן, אַז מײַן איצטיק לעבן האָט זײַנע באַגרענעצונגען. דאָס איז געווען אַ ייִנגל מיט אַן אָפּגעראַזירטן קאָפּ, מיט אַ בלאַסער, שטײַף אָנגעצויגענער הויט אויף זײַן פּנים און מיט אַ געבראָכענעם קערפּער. כ׳האָב כּמעט ווי געהאַט פאַרגעסן אין אים. פון דער טיפעניש פון זײַנע אײַנגעזונקענע אויגן האָט ער געקוקט אויף זײַן דערפאָלגרייכן אַדוואָקאַט מיט אַ געפיל פון ביטול, כּמעט מיט פאַרוואָרף. ער האָט קיין האָנאָראַר ניט געצאָלט. דער נומער פון זײַן אָקטן־טעקע איז געווען B–1713.

די רעגירונג פון קאַנצלער אַדענאַוער האָט געהאַט דורכגעפירט אַ געזעץ, פאַרלייגנדיק געלט־פאַרגיטיקונג פאַר ייִדן, וואָס האָבן געליטן פון די נאַציס. איך בין געווען זייער פאַרביטערט. וואָס פאַר אַ חוצפה צו מיינען, אַז געלט קאָן אָפּמעקן די ליידן וואָס די נאַציס האָבן גורם געווען די ייִדן. קיין מאָל, געדענק איך, האָב איך געשריבן צו בענעקן, וועל איך ניט אָנגעבן אויף אַנטשעדיקונג. ווען ישׂראל האָט אָנגענומען אַ פאַרקערטע שטעלונג, אויס־אַרבעטנדיק אַ רעפּאַראַציע־אָפּמאַך מיט דעם מערב־דײַטשישן רעזשים, בין איך געווען אויפגעטרייסלט. איך האָב געטראַכט, אַז די סתּירה אין אונדזערע שטעלונגען האָט זיך נאָר געלאָזט דערקלערן מיט ישׂראלס שרעקלעך גרויסע נויטן. איך האָב אַזאַ נויט ניט געפילט.

און ווי וואָלט איך געקאָנט אָפּשאַצן דאָס, וואָס כ'האָב פאַרלאָרן? וואָס פאַר אַ פּרײַז וואָלט איך געקאָנט שטעלן פאַר מײַן אַוועקגעגזלטער יוגנט, פאַר אַראָפּרײַסן מײַן מאַמעס קידושין־רינג פון איר פינגער אונטער דער דראָונג פון אַ באַגנעט, פאַר מײַן טאַטנס גאָלדענעם זייגער, אויסגעביטן אויף אַ טרונק וואַסער, פאַרן בוקעט קינסטלעכע ווײַסע בלומען, אַרײַנגעג־וואָרפענעם אין ברענענדיקן אויוון? עטלעכע מאַרק וואָלטן געקאָנט אויס־מעקן דעם גרעסטן פאַרברעכן אין דער געשיכטע? קיין מאָל ניט!

בענעק האָט געשריבן, אַז איך בין אַ נאַרישער בעל־מאמין. אויב איך דאַרף ניט דאָס געלט, קאָן איך עס געבן אויף צדקה. דעמאָלט האָב איך זיך באַגעגנט מיט דוד בן־גוריון, גערעדט מיט נחום גאָלדמאַן, וואָס האָט געפירט די אונטערהאַנדלונגען מיט דײַטשלאַנד וועגן דעם פאַרגיטיקונג־אָפּמאַך. ער האָט פאַרגעשטעלט בענעקס שטאַנדפּונקט אין מער דיפּלאָמאַ־טישע באַגריפן; און איך בין געווען נאָך מער פאַרלאָרן. צי בין איך אַ בעסערער ייִד ווי דער גרינדער פון מדינת־ישׂראל אָדער דער פאָרזיצער פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס? אָבער וואָס מער איך האָב דיסקוטירט מיט זיך אַליין, אַלץ מער בין איך געוואָרן אויפגעברויזט אויף די דײַטשן. זאָלן זיי באַצאָלן!

כ'האָב געדענקט, אַז נאָך דעם ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט און מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז די אַמעריקאַנער האָבן געוואָרפן אַטאָמישע באָמבעס אויף יאַפּאַן, האָב איך אינסטינקטיוו אויסגערופן: „פאַר וואָס האָבן

זיי ניט געוואָרפן אַ פּאָר אויף דײַטשלאַנד?״ דאָס נקמה־געפיל האָט ווידער און ווידער באַהערשט אַ סך פון אונדז. און ס׳איז מיר אויפגעקומען אַ געדאַנק, אַז דאָס געלט האָט ניט געמיינט צו זײַן אַן אָפּצאָל, נײַערט אַז דאָס איז דאָס איינציקע מיטל דורך וועלכן די דײַטשן האָבן געקאָנט אויסדריקן זייער באַדויער. מוחל זײַן זינד איז טאָקע אוממעגלעך. חרטה איז געווען אַלץ, וואָס מ׳האָט געקאָנט דערוואַרטן.

איך האָב אָנגענומען אַ באַשלוס און אויסגעפילט מײַן פאָדערונג איידער דאָס פאַרגיטיקונג־געזעץ איז אויסגעגאַנגען. די פאַרהאַנדלונגען זענען געווען אויסמאַטערנדיקע און דײַטשיש־פּינקטלעכע. כ׳האָב געדאַרפט באַווײַזן, אַז איך בין געווען אין ביאַליסטאָק, ווען די עס־עס האָבן אונדז אַוועקגעפירט אין געטאָ, אַז מײַן פאָטער איז געוואָרן דערהרגעט דורך דער געשטאַפּאָ; און אַז איך בין געווען אין די טויט־לאַגערן, הגם עדות און באַווײַזן וואָס זענען ניט אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס, איז געווען שווער צו געפינען. ווען איך האָב ענדלעך באַקומען מײַן אַנטשעדיקונג, לויט די רעלעוואַנטע סטאַטוטן: אַזוי פיל — פאַרן ווערן א יתום קליינערהייט; אַזוי פיל — פאַרן באַראַבעוועט ווערן פון אַ דערצײַונג; אַזוי פיל — פאַרן באַשעדיקטן געזונט; אַזוי פיל — פאַרן אָנווערן דאָס פאַרמעגן, — איז עס דערגאַנגען צו ניט מער ווי אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר. כ׳האָב קאַלט אויסגערעכנט, אַז דאָס האָט באַטראָפן ווייניקער ווי מײַן פירמע באַקומט פאַר אַ וואָך קאָנסולטירן אַ גרעסערע געזעלשאַפט, וואָס פירט געשעפטן מיט דײַטשלאַנד. כ׳האָב קיין מאָל דאָס באַקומענע אַנטשעדיקונג־געלט ניט גערירט. איך זאָג עס ניט מיט פאַרביטערונג, אָבער דאָס איז געווען אַלץ, וואָס כ׳האָב ווען עס איז באַקומען אַנשטאָט מײַן טאַטן, מײַן מאַמען און מײַן שוועסטער. ווי אַזוינס, איז עס פאַר מיר הייליק. אין אַ געוויסן טאָג וועל איך עס פאַרטאָן צו פאַראייביקן זייער נאָמען. איך וואַרט ביז כ׳וועל געפינען דעם פּאַסיקן אופן.

*

דער קורצער עקסקורס אין מײַן עָבר האָט מיך איבערצײַגט, אַז ס׳איז שוין צײַט צו מאַכן אַ חשבון־הנפש. ס׳איז געווען אַ שווערע צײַט.

דער מאָרד פון דזשאָן קענעדי, דערנאָך — פון מאַרטין לוטער קינג,

האָט מיך, ווי דעם רוב אַמעריקאַנער, שווער געטראָפֿן. איצט, ווען ראָבערט קענעדי איז אויך דערמאָרדעט געוואָרן, האָב איך זיך אָנגעהויבן פֿרעגן, וואָס פֿאַר אַ פֿינצטערע כּוחות האָבן געבושעוועט אין דער אַמעריקאַנער געזעל־שאַפֿט? פּונקט ווי איך האָב געמאַכט דעם אויספֿיר בײַ מײַן קומען אין האַרוואַרד, אַז די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע האָט אַ נייגונג פּערמאַנענט אויסצושיידן די נייטיקע מיקראָבן פֿאַר איר אייגענער היילונג, האָב איך אָנגעהויבן חושד צו זײַן, אַז אַמעריקע איז אויך געווען פֿעיִק צו פֿאַרזייען די זוימען פֿון איר אייגענעם חורבן.

אויך אין מײַן פּריוואַטן לעבן האָב איך געהאַט אַ סיבה צו זײַן פֿאַר־דאגהט. אונדזער צווייטע טאָכטער, אַלעקסאַנדראַ, איז געבוירן געוואָרן אין 1965. אָבער נאָרמאַ האָט זיך ניט געפֿילט באַקוועם. זי האָט ווייניק געהאַלטן פֿון דער אינטעלעקטועלער חכמה פֿון האַרוואַרד. זי איז אויך ניט געווען איבערראַשט פֿון מײַנע דיפּלאָמאַטישע וואַקאַציע במשך מײַנע צוויי יאָר אין אונעסקאָ און הגם וואַשינגטאָן האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ סטימולירנ־דיקע אינטערמעדיע, זענען מײַנע האָפֿענונגען, אַז זי וועט זיך צופּאַסן צו אַ באַקוועם און קאָסמאָפּאָליטיש לעבן אין פּאַריז, געווען אומזיסטע. נאָרמאַ איז געווען אַ קינד פֿון האָליווּד. זי האָט געבענקט נאָך דער משפּחה און ס׳האָט איר געפֿעלט דער אומרו און די אַרטיסטישע שעפֿערישקייט פֿון דער דאָרטיקער ספּעציפֿישער וועלט. און איבער אַלץ, האָט זי געוואָלט עפּעס דערגרייכן אויף איר אייגענעם וועג. זי האָט זיך שטענדיק געשפּילט מיטן געדאַנק צו ווערן אַן אַרטיסטין אָדער אַ זינגערין. איצט, האָט זי געטראַכט, איז די צײַט אָנצוהייבן.

אונדזער לעבן האָט אָנגענומען אַ שטילע טאָפּלקייט. זי האָט געשטודירט מוזיק און געזאַנג. איך האָב געאַרבעט אויף אַ צווייטן דאָקטאָראַט, אין דער סאָרבאָן. כ׳האָב געפֿילט, אַז איך דאַרף אַן אָפּפֿרישונג, אַז מײַנע אינטעט־לעקטועלע באַטעריעס האָבן ווידער געדאַרפֿט אָנגעלאָדן ווערן, ווי אַ מאָל בעת מײַן פֿאַרמעסט מיט טובערקולאָז און די ליטעראַרישע פֿאַראינטערע־סירונג, וואָס האָט מיך דעמאָלט באַהערשט.

כ׳בין אויך געווען שטאַרק פֿאַרטאָן אין דער ליבע־שׂינאה באַציִונג מיט דער קולטור פֿון מיזרח־אייראָפּע, ווו מײַנע אָבות האָבן געלאָזן זייערע

וואַרצלען מיט הונדערטער יאָרן צוריק, ווען זיי זענען אַריבער אין דעם טייל וועלט, אַ קולטור וואָס איז איצט דערגאַנגען זיך צו פאַרמעסטן מיט דער קולטור פון אַמעריקע. די צוויי גרעסטע טיראַנען פון יאָרהונדערט האָבן דורכגעקרייצט מײַן לעבן. קעגן איינעם האָב איך געהאַט אַ פולשטענדיקן נצחון, סײַ פיזיש, סײַ גײַסטיק. קעגן דעם צווייטן איז מײַן נצחון באַשטאַנען אין דעם, וואָס כ׳האָב געהאַט אָפּגעשטויסן די גיפטיקע זוימען פון דער סטאַליניסטישער אינדאָקטרינאַציע, אײַנגעפלאַנצטע אין מײַן מוח אין קינדער־עלטער, אָבער די סיסטעם וואָס דער טיראַן האָט אײַנגעפירט, איז נאָך אַלץ געווען זייער שטאַרק. כ׳האָב געוווּסט, אַז מיטן כּוח פון געווער קאָן עס ניט אויסגעראָטן ווערן און אַז דאָס מאָל קאָן ניט זײַן קיין פיזישער נצחון. אַ נײַ מיטל האָט געדאַרפט געפונען ווערן. מײַן קינדהייט, מײַן אַקאַדעמישע פאַר־שונג, מײַן אַרבעט אין וואַשינגטאָן און מײַן לעצטע טעטיקייט ווי אַ פאַר־מיטלער אין דער פאַרהאַרטעוועטער פּראַקטישער וועלט פון האַנדל, האָבן מיר געגעבן אַ גוטן גרונט, האָב איך געמיינט, צו העלפן געפינען אַ וועג אומשעדלעך צו מאַכן סטאַלינס גרויליקע צוואה פאַר זײַן אייגענעם פאָלק און פאַר דער וועלט.

איך האָב געפילט, שאַרפער ווי אַ סך אַנדערע, די אומגעדולד מיט וועלכער די גולאַג־קרבנות האָבן זיך באַצויגן צו די אָפּגעהיטע אויסרע־כענונגען פון די מערבדיקע פּאָליטיקערס אין זייערע אונטערהאַנדלונגען מיטן ראַטן־פאַרבאַנד. די יסורים פון די קרבנות, זייער גרימצאָרן האָב איך אַליין איבערגעלעבט ווען, פאַרשפּאַרט מיט מײַנע חברים אין אוישוויץ וואָס האָט אויסגעזען צו זײַן אַן אייביקייט, האָב איך געוואַרט און געוואַרט אויפן אָנקום פון די אַלײַירטע. גענעראַל פּאַטאָנס און פעלדמאַרשאַל מאָנטגאָמעריס אַר־מייען האָבן צו לאַנג זיך געהאַט פאַרהאַלטן צוליב זייערע אומענדלעכע טאַק־טישע תּילוקי־דעותן און אַמביציעזע פּערזענלעכע רײַסעניש, און אין דער זעלבער צײַט זענען אַזוי פיל לעבנס אויסגעלאָשן געוואָרן אין די לאַגערן.

פון הומאַניטאַרן שטאַנדפּונקט בין איך געווען מיטן גאַנצן האַרצן פאַר דער שטעלונג פון די רוסישע אָפּאָזיציאָנערן. אָבער איך האָב ניט געקאָנט באַהערשן מײַן גלויבן, אַז ריזיקירן מיט אַ נוקלעאַרער קאָנפראָנטאַציע וואָלט געווען אַ פּאָליטיק פון משוגעת און וואָלט גאָרנישט ניט דערגרייכט אויפן

שטח פון מענטשנרעכט. איך האָב ניט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז, אַרײַנגעכאַפּט צווישן צווײ קאַטאַסטראָפעס — צוזאַמענלעבן מיט אַ טאָטאַ־ליטאַרער געזעלשאַפט אָדער ריזיקירן מיט אַן אַטאָמישער פאַרטיליקונג — זאָל דער מענטשלעכער שׂכל זיך מוזן אונטערגעבן. מײַנע אינערלעכע אינ־סטינקטן פון אַנדערע צײַטן האָבן אָפּגעוואָרפן אַזאַ דעפעטיזם.

הגם די געדאַנקען וועלכע איך האָב באַוויזן אַרויסצוהייבן אין וואַשינג־טאָן, האָבן געגעבן געוויסע רעזולטאַטן, האָבן זיי אָבער ניט באַוויזן צו מאַכן אַן אמתן דורכבראָך. איך האָב געדאַרפט באַווײַזן די סקעפּטישע פּאָליטיקערס, אַז מײַן טעזע וועגן קאָעקסיסטענץ פון פײַנדלעכע געזעלשאַפטן איז ניט אוטאָפּיש, נאָר פּראַקטיש, דורכפירלעך — אַפילו אומבאַדינגט נייטיק. גע־טריבן דורך דער אַנטשלאָסנקייט, האָב איך זיך אין גאַנצן צוריקגעצויגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אויסער דעם, וואָס איז געווען אַבסאָלוט נייטיק פאַר מײַנע פּראָפעסיאָנעלע התחײַבותן, כּדי צו שרײַבן אַ בוך; ס׳וועט זײַן אַ מאַסיווע, טעכניש־פּרטימדיקע און דאָקומענטאַרע אַרבעט.

כ׳באַנעם עס אַצינד, אַז דער פּראָיעקט איז געווען, וויניקסטנס טיילווײַז, אַ טיפע ביחידותדיקע שוץ־באַהעלטעניש פון אַ זיך דערנענטערנדיקן משפּחה־קריזיס, מיט וועלכן כ׳האָב זיך ניט געקאָנט פאַרמעסטן.

כ׳האָב זיך אַרײַנגעטאָן אין מײַן אינערלעכער וועלט; און זיך געזאָגט, אַז אַחוץ פון זײַן אַקאַדעמיש אין אינהאַלט און דעריבער — באַשטימט ערשטנס פאַר עקספּערטן, וועט דאָס בוך זײַן אין סתירה צום הײַנטצײַטיקן געדאַנקענגאַנג, כּדי אָנגענומען צו ווערן פונעם ברייטן עולם. כ׳האָב אַרײַנ־געפּאַקט אין אים אַלץ וואָס כ׳האָב געקאָנט: מײַן איבערצײַגונג, אַז די קאָנווענציאָנאַלע מעטאָדן פון דיפּלאָמאַטיע וועלן קיין מאָל ניט אַרויסצאַפּן דעם סם פון די סאָוועטיש־אַמעריקאַנישע באַציִונגען; אַז נאָר דער אָנוווקס פון לעבעדיקע קאָמערציעלע און מענטשלעכע פאַרבינדונגס־געוועבן צווישן די צווײ געזעלשאַפטן וועט קאָנען דערגרייכן דעם ציל; אַז נאָר דורך אָנגאַ־זשירן די סאָוועטן עקאָנאָמיש וואָלטן מיר געקאָנט אויפמאַכן זייער געזעל־שאַפט; אַז נאָר דורך אַ געדולדיקן פּראָצעס וואָלטן מיר געקאָנט דערפירן די סאָוועטישע הערשערס, זיי זאָלן אָפּשוואַכן זייער דרוק און דערלויבן די מיזרח־אייראָפּעיִשע מדינות צו באַנײַען זייערע נאַטירלעכע פאַרבינדונגען

מיטן מערב; אַז נאָר אַ דרייסטע איניציאַטיוו מצד די פּאַראייניקטע שטאַטן, ווי די שטאַרקסטע און לעבנספּעיִקסטע מאַכט אויף דער ערד, וואָלט געקאָנט לאָזן אין גאַנג דעם אומבאַדינגט נייטיקן פּראָיעקט. איך האָב פּאַרענדיקט מיט אַ טשאַרטער פון אַכצן טעזיסן וועגן דעם ווי אַזוי איינצושטעלן, אויפ־האַלטן און פאַרזעצן דאָס צוזאַמענלעבן צווישן מערב און מיזרח.

איך האָב געשריבן אין אָוונט; איך האָב געשריבן פאַרנדיק אין ערע־פּלאַנען און באַנען און וואַרטנדיק אויף ערדראַמען. איך האָב געמאַכט נאָטיצן אין ביוראָ אין משך פון טאָג. בעיקר האָב איך געאַרבעט אין די סוף־וואָכן און ימים־טובים — אין אַטהאַן, אין טאָל פון לואַר, ווו כ'האָב געדונגען אַ פּאַלאַץ וואָס איז געווען דאָס אייגנס פון פראַנקרייכס דעמאָלטדיקן פינאַנס־מיניסטער, וואַלערי זשיסקאַר ד'עסטען. פינף יאָר האָט מיר געדויערט אָנצושרייבן דאָס בוך. ווען כ'האָב געשיקט דעם מאַנוסקריפּט פון מער ווי 1500 זייטן, דאָקומענטירט מיט הונדערטער פּילשפּראַכיקע ראַנד־באַמערקונגען צו מיין ניו־יאָרקער אַרויסגעבער מאַקגראָו היל, איז דער ענטפער געווען אין איינקלאַנג מיט מיין גרעסטער מורא: „אייער מאַנוסקריפּט איז צו לאַנג און צו טעכניש. מאַכט עס פּשוטער, פּרעסט צונויף". כ'האָב אַלץ אָנגעהויבן פון דאָס ניי.



„קאָעקסיסטענץ און קאָמערץ" איז אַרויס אין האַרבסט 1970 און זוכה געווען צו איבעררשנדיקע — פאַר מיר — גוטע אָפּרופן פון דער קריטיק. הגם איך האָב דערוואַרט אַז דאָס בוך וועט אינטערעסירן אַ זייער באַגרע־נעצטע צאָל מענטשן — עקאָנאָמיסטן, פּאָליטיקערס, קאָמערסאַנטן, אפשר סטודענטן — האָט זיין דערשיינען אַרויסגערופן אַ דעבאַטע און מיינונגס־פאַרשיידנקייטן ביי אַ ברייטן עולם. דאָס וואָס האָט מיר ספּעציעל פאַרשאַפט פאַרגעניגן, נאָך די אָנפאַלן פון די רעכטע פּאָליטיקערס אויף מיין באַריכט פון 1961, איז מען אין די פאַרשיידנסטע קרייזן מסכּים געווען מיט מיינע צענטראַלן טעזיס. אין קאָנגרעס פון די פּאַראייניקטע שטאַטן — האָט סע־נאַטאָר עדוואַרד קענעדי באַגריסט דאָס בוך, באַצייכענענדיק עס — „אַן אויפגעקלערטער צוגאַנג פאַר דער צוקונפט פון דער אַמעריקאַנער און מערב־דיקער פּאָליטיק". אין דער האַנדלסוועלט, האָט הענרי פאָרד II געזאָגט,

אַז עס „שנײַדט דורך דעם געפּל פון עמאָציאָנעלקייט, אידעאָלאָגיע און אומ־פּאַרשטייעניש". צווישן געלערנטע און עקספּערטן האָט פּראָפעסאָר אַרטור שלעזינגער עס אָנגערופן: „אַ פּרישע און שאַרפע פאָרשונג"; און דייוויד שיינברון האָט עס געלויבט — „מאַסיוו אין דער דאָקומענטאַציע און אײַנ־דרוקספול מיטן שטילן און אַפילו באַשיידענעם טאָן".

אַפילו אין מאָסקווע האָבן „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ" פּובליקירט וועגן בוך גיפטיקע אַרטיקלען. אַ קלאָרער פאַרשריט, האָב איך געטראַכט, אין פאַרגלײַך מיט דער פײַנדלעכער רעאַקציע פון די סאָוועטישע פירערס צו די זעלבע אידעען אין 1961, ווען זיי האָבן מיך אָנגערופן אַ „בורזשואַזער יוריסט".

„טײַם מאַגאַזין" האָט דערקלערט, אַז „דאָס בוך איז דערשינען אין דער פּאַסיקער צײַט". דעם קאָמפּלימענט האָב איך ניט פאַרדינט. כ'האָב געוווּסט, אַז זייער וויכטיק געדאַנק וועגן „צופּאַסן זיך צו דער צײַט" איז אין דעם געווען. אין די יאָרן וואָס כ'האָב געאַרבעט אויפן מאַנוסקריפּט, האָב איך ניט באַנומען, אַז הינטער דעם פּאַסאַד פון פאַרגליװערטקייט האָט אַ נײַ געמיט, גינציק פאַר אַזאַ מין פּראָפּאָזיציע, זיך געשאַפן אין מערב.

איך בין פאַרבעטן געוואָרן צו געבן דערקלערונגען פאַר קאָנגרעס־קאָמיסיעס, און מען האָט מיך אויך געבעטן רעדן פאַר דעם „ניו־יאָרקער ראַט פאַר אויסלענדישע באַציִונגען". דער אויסערן־מיניסטער, וויליאַם ראָ־דזשערס, האָט מיך אינפאָרמירט, אַז אַ ספּעציעלער באַריכט וועגן מײַנע פּאָליטישע רעקאָמענדאַציעס איז צוגעגרייט געוואָרן פאַרן פּרעזידענט דורך ד"ר הענרי קיסינדזשער און דעם „נאַציאָנאַלן זיכערקייט־ראַט". דער האַנדלס־מיניסטער, פּעטער פּעטערסאָן, האָט מיך געבעטן העלפן צוגרייטן אַ פּלאַן פון אַ נײַעם האַנדלס־אָפּמאַך, וועגן וועלכן ער האָט געהאַלטן בײַם פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד — דער ערשטער אין פערציק יאָר.

אין אייראָפּע, אונטערן טיטל „געווער פאַרן שלום", האָט דאָס בוך אַרויס־גערופן אַ דעבאַטע אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, אין שפּאַנישן קאָרטעס און אין דער „נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג" פון פראַנקרײַך. דער לויב איז געווען ווײַט פון צו זײַן איינשטימיק. ווען פּרעזידענט זשיסקאַר ד'עסטען האָט עס עפנטלעך

באַגריסט ווי „דעם תּנך פֿון מיזרח־מערב־עקאָנאָמישע באַציִונגען", און אַנ־טאָני וועדזשוווד־בען האָט עס אָנגערופֿן „אַ פּאָליטישער טעקסטבוך פֿאַר די 70קער יאָרן, וואָס עפֿנט נײַע האָריזאָנטן". האָבן דער קרעמלינאָלאָג זביגניעוו ברזשעזשינסקי, אין וואַשינגטאָן, פֿאַלאַנגיסט בלאַס פּינאַל, אין מאַדריד, און פֿילאָסאָף ריימאָן אַראָן, איז פּאַריז, עס אָנגערופֿן — „געפֿערלעך און פֿאַרפֿירעריש".

כ׳גיב זיך אָפּ אַ חשבון פֿון דער סכּנה, אַז די אויבן געבראַכטע שורות קאָן מען אויסטײַטשן ווי אַ לויבגעזאַנג פֿאַר מײַנע אידעען. און דאָס איז ניט געווען מײַן כּוונה. איך האָב געוואָלט שרײַבן דאָס דאָזיקע בוך צוליב אַ וואַקסנדיקן פֿאַרגעפֿיל, אַז מיר לעבן אין אַ צײַט, ווען מיליטערישע, פּאָלי־טישע און עקאָנאָמישע כּוחות, מיט אַ נטיה צו מאַכן אַ חורבן וואָס מ׳קען זיך ניט פֿאָרשטעלן, קומען אויף אין דער וועלט — אַ וועלט וואָס קאָן אין אַ רויִקן זומערדיקן נאָכמיטאָג צעריסן ווערן אויף שטיקער דורך ניט קיין פֿאָרויסגעזעענע שטורעמס. כ׳האָב אויך געפֿילט, אַז כ׳האָב געהאַט געוויסע געדאַנקען אַרויסצוברענגען און פֿאַרלייגן אין שײַכות מיט סכּנות, וועגן וועלכע מענטשן ווילן בעסער ניט טראַכטן, געדאַנקען באַזירטע אויף דער טראַגעדיע פֿון אונדזער ניט ווײַטן עָבר און די טראַגעדיעס, וואָס קאָנען פֿאָרקומען אין דער נאָענטער צוקונפֿט.

אָבער צו רעדן וועגן דײַנע טראַכטענישן מיינט צו רעדן וועגן דעם, וואָס האָט דיך געבראַכט צו זיי, און ווי נאָר דו באַרירסט אײן וויכטיק געשעעניש, מוזסטו שוין פֿאַרזעצן און זאָגן וועגן אַלע אַנדערע. מײַנע דער־גרייכונגען, ווי זיי זאָלן זײַן, זענען די גרענעץ־צייכנס וואָס איך האָב געמאַכט אויף מײַן וועג פֿון טויט אַרויס — סײַ פֿיזיש און סײַ גײַסטיק — צו לעבן, און איך מוז רעדן וועגן זיי, אויב איך וויל געבן אַן אמת בילד פֿון מײַן משונהדיקן וועג. „קאָעקסיסטענץ און קאָמערץ" איז געווען דער הויכפּונקט פֿון מײַן אינטעלעקטועלער דערגרייכונג אין די זאַכן וואָס האָבן געהאַט פֿאַר מיר אַ ממשות.

די דײַטשישע אויסגאַבע פֿון בוך האָב איך דעדיקירט ניקאָן און בענעקן. איך האָב געטראַכט, אַז ספּעציעל ניקאָ וואָלט אָפּגעשאַצט די פּערזענלעכע

אָנצוהערעניש. ס׳וואָלט אים דערמאָנט אין דער „קאָעקסיסטענץ און קאָמערץ" צווישן די זיגערס און די באַזיגטע, וועלכע מיר דרײַען האָבן פּראַקטיצירט אין לאַנדסבערג. שטעלט אײַך פֿאָר די איבערראַשונג און די פֿאַרלעגנהייט פֿון די אַלע בכבודיקע קריטיקערס, וואָס האָבן געגעבן אַזאַ גינסטיקע אָפּ־שאַצונג, ווען זיי וואָלטן געוווּסט, אַז דער טיפֿערער מקור פֿון דעם ניט־עמאָציאָנעלען בוך, וואָס האָט ניט פֿאַרמאָגט דעם קלענסטן אָנדײַט אויף מײַן לעבן, איז געווען אונדזער האַנדל מיט איבערגעאַרבעטער בראַזיליאַנער קאַווע צווישן די פֿאַרשוווּנדערישע אַמעריקאַנער און די פּאַריִאושטע אָרעמע דײַטשן פֿון 1945.

*

בענעק איז אָנגעקומען פֿון מעלבורן צו פֿאַרברענגען די וואַקאַציעס פֿון 1970 אויף דער פּראָווינץ, אין אָטהאָן. ער איז איצט געווען אַ פֿאַרמעגלעכער געשעפֿטסמאַן און אַ ביסל קײַלעכדיקער, ווי ווען כ׳האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל, אָבער ער איז געבליבן דער זעלבער וואַרעמער, ספּאָנטאַנישער בענעק, פּשוט און דירעקט. ניט געקוקט אויף מײַן באַרימט ווערן, האָב איך נאָך אַלץ ניט געקאָנט מאַכן אויף אים קיין שום אײַנדרוק.

זײַנע פּשוטע ביאַליסטאָקער מאַניערן, זײַנע ספּאָנטאַנע זשעסטן, זײַן יידישער אַקצענט האָבן געשאַפֿן אַ לעבעדיקן קאָנטראַסט מיט דער אַ ביסל אָנגעבלאָזענער אַטמאָספֿער פֿון פּאַלאַץ אין טאָל פֿון לואַר. ער האָט געדריקט די האַנט פֿון זשיסקאַר ד׳עסטען אויף אַ געוויינטלעכן אופֿן און זיך אַרײַנ־געלאָזט אין אַ צופֿעליקן וויכוח וועגן עפּעס אַ קלייניקייט מיט אַ פֿאַרפֿאַלק פֿון די אַריסטאָקראַטישע משפּחות פֿון דער געגנט, ביי וועמענס טיש ער האָט געגעסן אַ מאָלצײַט. איך האָב זיך געוווּנטשן מיט זײַן געוויינטלעך רעדן. מיינע אייגענע ווערטער האָבן געקלונגען ווי אײַנגעהאַלטן אין קאָנטראַסט צו אים. כ׳האָב זיך געפֿרעגט, צי ער האָט מיך געפֿונען מער געענדערט ווי איך אים.

ווי שטענדיק, האָט ער באַקוקט די ווינקלען און באַהעלטענישן פֿון דעם הויז, געזען, צי די טירן עפֿענען זיך און פֿאַרמאַכן זיך לײַכט, צי די עלעק־טרישע שאַלטערס אַרבעטן גוט, צי די אַנטענע פֿון דער טעלעוויזיע האָט ניט געדאַרפֿט ווערן בעסער צוגעפּאַסט, און מער פֿאַר אַלץ, צי די שפּײַזקאַמער

איז גוט פֿאַרגרייט. קורץ נאָך זײַן אָנקום האָט ער מיך געבעטן גיין מיט אים אויף אַ לאַנגן שפּאַציר אין די וועלדער. איך האָב מיטגענומען דעם הונט, אַ קעניג שאַרל קאַוואַליע, וועמען די קינדער האָבן גערופֿן באַלאַלײַקאַ, און וואָס האָט זיך זייער גענייטיקט אין דרעסור. צוליב פֿאַרשטענדלעכע סיבות, האָבן בענעק און איך קיין מאָל ניט ליב געהאַט קיין צו שטאַרק אויסגעדרע־סירטע הינט...

כ׳האָב געקוקט אויף דער קײַלעכדיקער פֿיגור, אײַנגעוויקלט אין אַ פּוטער, וואָס האָט שווער געשפּרײַזט לעבן מיר אין טיפֿן שניי און זיך אומזיסט באַמיט אײַנצוהאַלטן די זאַרגלאָזע חיה לעבן זיך. פּלוצעם, פֿון דער העלער הויט, איז בענעק שטיין געבליבן און געקוקט אויף מיר מיט אַ בייז פּנים:

„וואָס מאַכסטו, מוליאַ?״ האָט ער געזאָגט. „דו ביסט אין אָרדענונג?״

„געוויס,״ האָב איך געענטפֿערט. כ׳האָב זיך געפֿילט אומבאַקוועם און ניט געוווּסט, צי ער האָט געמיינט מײַן משפּחה־מצב, צי מײַן לעבן בכלל.

„פֿאַר וואָס פֿרעגסטו?״

„דו מיינסט ניט, אַז וואָלסט געדאַרפֿט זיך אַ ביסל באַרויִקן?״

„וואָס מיינסטו? האָסט מיך אַ מאָל געקענט אַ ניט קיין רויִקן?״

„איך מיין, אַז דו לויפֿסט אַרום ווי אַ הינדל מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז.״

כ׳בין געווען אין אַ פֿאַרלעגנהייט. „בענעק, וואָס איך טו, איז וויכטיק. איך האָב אַ גרויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך דאַרף...״

ער איז געבליבן שטיין קוקנדיק אין דער הייך, ווי ער וואָלט געבעטן בײַ די הימלען אים אויפֿצוקלערן, וואָס עס טוט זיך אין מײַן קאָפּ.

„מײַן טײַערער פֿרײַנד,״ האָט ער געזאָגט. „ביסטו זיכער, אַז זיי דאַרפֿן דיך אַלע אַזוי נייטיק האָבן?״

זײַן פֿראַגע האָט מיך איבערראַשט. כ׳האָב געפֿילט, ווי מײַן צעטומלטקייט און מײַנע אַרגומענטן וועפּן זיך אויס. אָט די אַלע חשובֿע לײַט, די אַלע צוזאַמענטרעפֿן: האָבן זיי מיך טאַקע געדאַרפֿט, אָדער איך האָב זיי געדאַרפֿט? ס׳איז ניט קיין פּעולה צו וועלן זיך אַרויסדרייען דערפֿון. איך בין מיטן איינ־ציקן מענטש אויף דער וועלט, וואָס קען מיך דורך און דורך, נאָך אפֿשר בעסער ווי כ׳קען זיך אַליין.

ער האָט איצט אויסגעזען כמעט ווי צעבייזערט. „וואָס טוסטו מיט אָט די אַלע מענטשן — די מיניסטאָרן, די הערן פון דער געזעלשאַפט, די פילמ־סטאַרן — אין אַמעריקע, דאָ און אין אַלע ערטער? איך דערקען דיך קוים. דו פירסט זיך אויף ווי זיי, עסט ווי זיי, רעדסט ווי זיי, זעסט אַפילו אויס ווי זיי. פאַר וואָס לייגסטו ניט אַ ביסל מער אַכט אויף דײַן געזונט, אויף דײַן משפחה. אָט דאָס איז וויכטיק."

איך האָב אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון זײַנע פאַרגלאָצטע אויגן. מיר האָבן אויסגעזען אַזוי אַנדערש, דורך וועלטן אָפּגעזונדערט, דאָך האָב איך זיך געפילט אַזוי נאָענט צו אים. זינט אונדזער טרעפן זיך אין בליזין, איז אונדזער פרײַנדשאַפט פאַרבליבן אַזוי פולקום, אַזוי אומפאַרבײַטלעך, ניט געקוקט אויף די גרויסע געאָגראַפישע דיסטאַנצן וואָס האָבן אונדז אָפּגעטיילט, הגם יאָרן זענען אַדורך און מיר האָבן ניט געזען איינער דעם אַנדערן. יעדער איינער פון אונדז האָט, פאַרשטייט זיך, באַקומען נײַע פרײַנד. אָבער וואָס פאַר אַ באַטײַט האָט דאָס וואָרט „פרײַנדשאַפט" אין דער הײַנטיקער קולטור? וואָס מער באַרימט און וויכטיק עס זענען געווען די פריינד, וואָס כ'האָב דערוואָרבן מיט דער צײַט, אַלץ מער געצייגט בין איך געווען זיך צו פרעגן: „ווי וואָלטן זיי זיך געהאַט אויפגעפירט אין דעם גרויל, אין די דערנידעריקונגען און יסורים פון יענע טעג? ווי וואָלטן זיי אויסגעזען אין געשטרייפטע שמאַטעס און הילצערנע שיך? ווי וואָלטן זיי אויסגעזען אין פאַרגלײַך מיט אַ ניקאָ און אַ בענעק?" זייער וויניקע זענען אַדורך דעם זויערשטאָף־טעסט אין מײַן געדאַנק.

נאָך און נאָך האָבן מיר אַזוי געשפּאַצירט אין דער קעלט, טראָט אין טראָט, ווי שטענדיק — אַ געוווינהייט פון אונדזערע טויטמאַרשן אין דער פאַרגאַנגענהייט, ניט פּטור צו ווערן פון איר. אַ טויטע שטילקייט האָט גע־הערשט צווישן אונדז. זײַן פּנים איז געווען ערנסט, זײַנע אויגן — ערגעץ אַנדערש ווו. לסוף איז ער צוריקגעקומען, אַזוי ווי ער וואָלט געוואַרט ביזן סוף, כּדי צו זאָגן דאָס וואָס איז אים בעיקר אָנגעגאַנגען:

„מוליאָ, ווייסט, דײַנע אידעען וועגן ענגערע קאָנטאַקטן מיט די רוסן, און די כינעזער, און די אַראַבער, און די דײַטשן — דאָס אַלץ איז זייער ספקדיק, ווייסט, ס'איז אַלץ..."

„איך ווייס, בענעק, אָבער, צי האָבן מיר אַ ברירה? יעדער אַנדערע פּאָליטיק..."

ער האָט מיך איבערגעהאַקט אין מיטן. „ווייסט, איך בין ניט שטאַרק באַהאַוונט אין די אַלע זאַכן, אָבער ווו זענען די גרענעצן? אין דײַטשלאַנד, למשל, ווען דו פֿלעגסט געבן עצות יענע באַנקירן פֿון פֿראַנקפֿורט, די אַלע הענט וואָס דו האָסט געדריקט... ווי אַזוי ווייסטו, אַז אַ טייל פֿון זיי זענען ניט געווען קיין נאַציס, אָדער גאָר עס־עס־וועכטערס אין די לאַגערן?"

„דו קאָנסט קיין מאָל ניט זײַן זיכער, בענעק, אָבער צי דאַרפֿן מיר שטענדיק לעבן מיט דער פֿאַרגאַנגענהייט?"

ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו מיר און געשטויסן מײַן ברוסט מיטן ווײַז־פֿינגער. זײַן פּנים איז געווען ווײַס. ער האָט געזאָגט:

„לייג אַכט, מוליאַ, מיר דאַרפֿן אפֿשר ניט לעבן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, אָבער די פֿאַרגאַנגענהייט לעבט אין אונדז. די וויכטיקסטע זאַך וועגן דיר איז דײַן פֿאַרגאַנגענהייט. ס'איז ניטאָ אַזוינס וואָס זאָל זײַן שטאַרקער און אמתדיקער ווי זי. אויב דו גייסט ווײַטער מיטן זעלבן וועג ווי דו גייסט, וועלן אין אַ געוויסן טאָג בײַ דיר, ווי בײַ דער מערהייט מענטשן מיט וועמען דו האָסט צו טאָן, פֿאַרשווינדן פֿון די אויגן די זאַכן וואָס האָבן באמת אַ באַטײַט."

ווי אין לאַגער פֿון בליזין, ווען ער האָט מיר אַרויסגעקלאַפּט פֿון קאָפּ מײַנע געדאַנקען וועגן זעלבסטמאָרד, ווי אין מעלבורן, ווען ער האָט אויסגעלאַכט מײַן וועלן אויפֿגעבן די געלעגנהייט פֿאַרצווזעצן מײַן שטודיום, זענען מיר געשטאַנען פּנים־אל־פּנים, אַזוי ווי די צוקונפֿט וואָלט געווען אָפּהענגיק פֿון אַ באַלדיקן באַשלוס. דאָס מאָל האָב איך זיך אָנגעשטרענגט, כּדי צו פֿאַרשטיין וואָס ער מיינט.

פּלוצעם האָט בענעק מאָדנע, כּמעט אַפּאָלאָגעטיש אַ שמייכל געטאָן, געכאַפּט „באַלאַלײַקען" בײַם צײַמל און אַוועקגעשפּאַצירט צום הויז.

## 11

ווען כ׳בין אָנגעקומען אין דער עלעגאַנטער ניו־יאָרקער וווינונג, ווו איך בין געווען פֿאַרבעטן צום אָונטברויט, האָב איך פֿון איר ניט געקאָנט די אויגן אַראָפּנעמען. אַ בראַזיליאַנערין? אַ גריכישע? אַ תּימנערין? ס׳איז געווען עפּעס אומבאַשטימטס אין איר שיינקייט.

אין תּוך פֿון דעם פֿריינדשאַפֿטלעכן אָונט, האָט די פֿרוי מיט דער קופּער־קאָליריקער הויט און דינער אײדעלער פֿיגור, געשײַנט מיט אַ געמיש פֿון לײַכטן הומאָר און דיסקרעציע, וואָס האָט צוגעצויגן מײַן אויפֿמערקזאַמקייט. אירע ערשטע ווערטער אויף פֿראַנצייזיש, ווײַל זי האָט געוווּסט אַז איך בין פּונקט געקומען פֿון פּאַריז, האָבן מיר ניט אָנגעוויזן אויף איר אָפּשטאַם. פֿאָרזעצנדיק אונדזער שמועס אויף ענגליש, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז יהודית איז אַ געבוירענע אין ניו־יאָרק.

איר וועלט איז געווען ווײַט פֿון מײַנער. זי האָט גערעדט וועגן די אוואַנגאַרד־צייכענונגען פֿון מאַרק ראָטקאָ, די עלעקטראָנישע מוזיק פֿון דזשאָן קיידזש, דעם עקספּערימענטאַלן טעאַטער פֿון פּעטער ברוק און באָב ווילסאָן, און וועגן דער „מערס קאַנינגהעם״ טאַנץ־געזעלשאַפֿט, מיט וועלכער זי האָט אָנגעפֿירט. איך האָב זיך געפֿונען אין איינער פֿון די סיטואַציעס, ווען אַ מענטש פֿילט, אַז ער איז אַרײַן אין אַ פֿרעמדן תּחום.

כ׳בין צו יענער צײַט געווען אַ זייער אומגליקלעכער מענטש. נאָרמאַ און איך האָבן געמאַכט אַ לעצטן פּרווו צו ראַטעווען אונדזער משפּחה־לעבן, און ביידע האָבן מיר אײַנגעזען, אַז ס׳איז ניט געראָטן. שרײַבן מײַן בוך איז געוואָרן אַלץ מער און מער אַ שוץ קעגן די געדאַנקען, וואָס האָבן געעפּנט אַן אָפּגרונט אונטער מײַנע פֿיס. נאָרמאַ האָט געהאַלטן אין איין פֿאָרן קיין לאָס־אַנדזשעלעס, און איך בין אויך אַ סך אַרומגעפֿאָרן אין געשעפֿטלעכע ענינים.

מײַן צוזאַמענטרעף מיט יהודיתן האָט אַרײַנגעבראַכט אַ צערודערונג אין אונדזערע בײדנס לעבן. זי האָט חתונה געהאַט צו צוואַנציק יאָר און אויך געפילט די ניט־צוגעפּאַסטקייט צו איר פּאַרטנער.

מיר האָבן בײדע געהאַט שטאַרקע געפילן און דרך־ארץ פאַר אונדזערע בני־זוג, אָבער צו גלײַך געפילט אַ צוציִונג אײנער צום אַנדערן, וועלכער מיר וואָלטן לאַנג ניט געקאָנט זיך קעגנשטעלן.

כ׳האָב אָנגעהויבן צופּאַסן די צײַט פון מײַנע געשעפט־נסיעות, כּדי צו זײַן נאָענט צו איר. ווען די „מערס קאָנינגהעם״ טאַנץ־געזעלשאַפט איז געפלויגן קיין מעקסיקע אָדער רוים, פלעג איך געפינען אַ סיבה דאָרטן אויך צו זײַן. און ס׳איז געווען אַ בייז ווונדער, ווי זי פלעגט באַווײַזן צו זײַן אין טשיקאַגאָ, מאָנטרעאָל, אָדער לאָנדאָן אין דער זעלבער צײַט ווי איך.

די דאָזיקע סיטואַציע האָט לאַנג ניט געקאָנט געדויערן. מיר זענען געווען אײנצײַטיק, אי גליקלעך, אי אין אַ שטאַרקן קלעם. מיר האָבן געפילט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אונדזערע משפחות. איר זון, אַנטאָני בלינקען, איז געווען אַכט יאָר אַלט. מײַן עלטערע טאָכטער, העלענאַ, האָט זיך דער־נענטערט צו דרײַצן און אַלעקסאַנדראַ האָט געהאַלטן בײַם אָנהייבן גײן אין שול. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר דאַרפן אויפהערן זען אײנער דעם צווייטן, אָדער פאַרבינדן אונדזערע לעבנס אויף אייביק.

כ׳האָב מורא געהאַט, מורא געהאַט ווי קיין מאָל ניט פאַר דעם אין מײַן לעבן. צי האָב איך געהאַט שלעכט אויסגעטײַטשט, אין דעם גורלדיקן טאָג אין בעווערלי־הילס, מײַן מאַמעס שווײַגן אין קבר?

ס׳איז ניט געווען די מורא איבערצורײַסן מײַן פאַרבינדונג מיט נאָרמאַן, אָדער אַפילו מיט איר משפחה וואָס איז געוואָרן אויך מײַנע; איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט קיין מאָל ניט געשען.

איך האָב מורא געהאַט פאַר מײַנע קינדער. כ׳האָב געוווּסט וואָס עס מיינט פאַר אַ קינד צו זאָגן אַ טאַטן אין אַ געוויסן פרימאָרגן „זײַ געזונט״ און ניט וויסן, צי מ׳וועט אים ווידער זען.

איך האָב מורא געהאַט פאַר דער ברוטאַלקייט, וואָס זאָגט „פרויען און קינדער גייען אין דער ריכטונג, מענער — אין דער אַנדערער ריכטונג.״

איך האָב מורא געהאַט פאַרן אָנדענק פון אַ משפחה, וואָס האָט געדאַרפט

אין אַ געוויסן טאָג זיך אויפֿשטעלן אין דער היים צום לעצטן מאָל, אויפֿהייבן די וואַליזקעס און אַרויסגיין אין גאַס.

איך האָב מורא געהאַט, ווײַל דאָס מאָל וועט דער שאָדן געמאַכט ווערן פּריוואַטליך און ניט דורך דער אַכזריות פֿון אַ פֿאַרדאָרבענעם שׂונא. און דאָך האָב איך געוווּסט, און נאָרמאַ האָט געוווּסט, און אַפֿילו די קינדער האָבן געהאַט אַ חשד, אַז אונדזער משפּחה־לעבן איז געענדיקט.

איך האָב געטראַכט וועגן דעם וואָס עס וואָלט געווען, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה וואָלט ניט אויסגעבראָכן, ווען ביאַליסטאָק וואָלט קיין מאָל ניט צעשטערט געוואָרן, ווען איך וואָלט געלעבט רויִק אין מײַן אייגענער היימשטאָט, חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פֿון דעם נאָענטן הויז, געפֿירט אַ נאָרמאַל לעבן, אָן יוצא־דופנדיקע געשעענישן — אַ לעבן, אין וועלכן קינדער קאָנען זײַן מיט זייערע עלטערן, באָבעס און זיידעס, פֿעטערס, מומעס, קוזינס און שולפֿרײַנד.

יאָ, דײַן לעבן איז געווען אַ פֿאַרכּישופֿטע נסיעה, שמואל פּיסאַר. אַרום און אַרום האָט דער גורל דיך באַלוינט מער ווי דעם רוב אַנדערע מענטשן. דו האָסט דערגרייכט אַ סך — אינטעלעקטועל, פּראָפֿעסיאָנעל און געזעל־שאַפֿטלעך. בראַוואָ! אָבער דאָרטן ווו עס איז באמת וויכטיק — דער תּחית־המתים פֿון די טײַערסטע, די אַוועקגעגאַנגענע וואָס האָבן דיך געהאַט אַנגע־רעגט און געשטויסן די אַלע יאָרן — דאָ ביסטו דורכגעפֿאַלן, דאָ ביסטו באַנקראָט, ניט קאָנענדיק דעקן די חובות צו דײַן בלוט און צו דײַן עבֿר.

*

ביטערע צעשיידונגען זענען ווייטיקדיק, אָבער זיי האָבן געוויסע מעלות. קינאה, שׂינאה, שטרײַטן צוליב פֿאַרמעגן, לעבנס־מיטלען און קינדער־אויס־האַלטונג ווירקן ווי אַנעסטעזיע. פֿרײַנדלעכע גטן קאָנען זײַן נאָך ווייטיקדיקער, און דער ווייטיק גייט קיין מאָל ניט אַוועק. אַזוי איז עס געווען פֿאַר נאָרמאַן און פֿאַר מיר. איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון וועגן אַלץ, וואָס מיר האָבן געטיילט אין אונדזערע פֿאַרמאַציע־יאָרן אין קעמברידזש, וואַשינגטאָן און פּאַריז, איי־דער אונדזער משפּחה־לעבן איז קאַליע געוואָרן. איך בין אין יענער צײַט, מיט מײַן ברען צום לעבן, צו אַ סך לעבנס, געוויס ניט געווען פֿעיִק צו געבן

מײַן פּולן בײַשטײַער אויף צו קאָנען לעבן צווישן פּילעוודיקע און צע־ברעכלעכע.

נאָרמאַ איז אַוועק צוריק קיין לאָס־אַנדזשעלעס צו באַנײַען אירע שטו־דיעס און אָנהייבן אַ נײַע קאַריערע, מיטנעמענדיק העלענאַן און אַלעק־סאַנדראַן. אונדזער גט איז פֿאַרענדיקט געוואָרן אין סוף 1970 — פֿופֿצן יאָר נאָך דער חתונה; יהודיתעס — אַ ביסל שפּעטער. מיר האָבן חתונה געהאָט אין יאָנקערס, ניו־יאָרק, אין בײַזײַן פֿון אונדזערע דרײַ קינדער. חופּה־וקידושין האָט אונדז געגעבן רבאַי אַבֿרהם קלאַוזנער, וועלכער האָט מיט פֿינף און צוואַנציק יאָר צוריק, ווי אַ מיליטערישער רבֿ פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אויפֿגעשטעלט אין מינכען די ליסטע פֿון די לעבן־געבליבענע אין די טויט־לאַגערן, אויף וועלכער דער נאָמען שמואל פּיסאַר איז דערשינען צום ערשטן מאָל.

אַנטאָני איז געקומען לעבן מיט אונדז אין פּאַריז. העלענאַ און אַלעק־סאַנדראַ זענען כּמעט אַזוי פֿיל צײַט מיט אונדז, ווי מיט זייער מוטער אין קאַליפֿאָרניע. און לאה איז געבוירן געוואָרן אין סעפּטעמבער 1972. ס'איז דער נס פֿון יהודיתן וואָס האָט געקאָנט מיט פּילעוודיקייט, אַנטשלאָסנקייט און ליבע צונויפֿנעמען־עלכטן פֿון די אַלע, אויבנאויפֿיק אויסזעענדיק, איבער־געהאַקטע פֿעדעם, אַ גליקלעכע און האַרמאָנישע היים.

ווען איך שרײַב די אַ שורות, איז לאה, וואָס זעט אויס צו האָבן גענומען דאָס בעסטע פֿון יהודיתן און פֿון מיר, אין זעלבן עלטער ווי פֿריידעלע איז געווען, ווען די באָמבעס האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן. זי קלײַבט אויך מאַרקעס לײַדנשאַפֿטלעך, און איר באָבע און זיידע פֿון דער מוטערס צד, בעאַטריס און סאָל פֿרעם פֿון ניו־יאָרק, ברעכן אויס אין אַ געלעכטער פֿון די פּערלדיקע חכמות, וואָס שיטן זיך פֿון איר מויל בײַם פֿרישטיק, ווי פֿריידעלעס באָבע־זיידע פֿלעגן טאָן.

אַלעקסאַנדראַ איז אין עלטער, אין וועלכן איך בין אַרײַן אין מײַדאַנעק. איר שול־צײַגעניש ווײַזט אויף אַלע לימודים — „אויסגעצייכנט“, און איר „הינטערהאַנט“ אין טעניס איז בעסער ווי מײַנע איז געווען אין איר עלטער. אין אַ לאַנגן קלייד גייט זי לײַכט אָן, שוין צו לײַכט, פֿאַר אַ דערוואַקסענער.

אַנטאָני איז אין מײַן לאַנדסבערג־עלטער ער שטײַגט מיך איצט איבער,

אַן שוועריקייטן, אין סקי. ער האָט אײַנגעשטימט זיך אָפּצוזאָגן פֿון מאָטאָ־ציקל, וועלכן ער האָט שטענדיק געוואָלט, און וואַרט אויפֿן אויטאָ וואָס ער וועט איצט באַקומען, נאָך דעם ווי ער איז אָנגענומען געוואָרן אין האַרוואַרד.

העלענאַ, מײַן שאַרפֿסטע קריטיק, האָלט בײַם גראַדויִרן דעם אוניווער־סיטעט אין קאַליפֿאָרניע. איר גרויסע ליבע איז ליטעראַטור וואָס זי לייענט מיט דער זעלבער לײַכטקייט אין ענגליש, פֿראַנצייזיש און רוסיש. זי האַלט, אַז טאָמאַס מאַן איז אַ ביסל פֿאַרנעפּלט. זי איז אַנטציקט פֿון פֿלאָבערן און טורגעניעוון, און איר געפֿעלט זייער האָטהאָרן און פֿאָלקנער.

דורך די קינדער לעב איך איצט מײַן קינדהייט, מײַן יוגנט און מײַן רײַפֿקייט אַ סך פֿולער און רײַכער, ווי כ׳האָב ווען עס איז געהאַט אַ געלעגנ־הייט אַליין צו לעבן.

*

זומער 1971 האָט יהודית מיך באַגלייט קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. די געלעגנהייט איז געווען די יערלעכע, אַזוי גערופֿענע, „דאַרטמוט־קאָנפֿערענץ״, ווײַל די ערשטע פֿון דעם מין איז פֿאָרגעקומען אין „דאַרטמוט־קאָלעדזש״ צווישן אַ גרופּע אַמעריקאַנער און אַ גרופּע רוסן, וואָס האָבן געהאַט די מעג־לעכקייט זיך צו בײַטן מיט מיינונגען אין פּריוואַטע באַדינגונגען, אָפֿנהאַרצי־קער ווי דאָס וואָלט מעגלעך געווען אויף אַן אָפֿיציעלן ניוואָ.

די חשיבות פֿון דער דעלעגאַציע, מיט דייוויד ראָקפֿעלער, מילטאָן אײַזנ־האָוער, גענעראַל דזשיימס גייווין, סענאַטאָר פֿראַנק טשערטש און פּאַטריציאַ האַרריס, האָט פֿאַרזיכערט, אַז ביידע רעגירונגען וועלן ערנסט באַטראַכטן יעדע אַנטוויקלונג, וואָס וועט דאָ פֿאַרצייכנט ווערן.

איין יאָר וועט די קאָנפֿערענץ פֿאַרקומען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, דעם צווייטן יאָר — אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אין 1971 איז זי אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין קיִעוו. אויף דער טאָג־אָרדענונג זענען געשטאַנען די פּונקטן: קאָנטראָל פֿון נוקלעאַר געווער, פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון די אָקעאַנען און פֿון דער אַטמאָספֿער און אויסברייטערן די וויסנשאַפֿטלעכע, אינדוסטריעלע און עקאָ־נאָמישע באַציִונגען צווישן ביידע לענדער. מײַן אַרבעט איז געווען צו פֿאָרמו־לירן די מיינונגען פֿון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע, וואָס שייך די אינ־דוסטריעלע און עקאָנאָמישע באַציִונגען.

מיר זענען אָנגעקומען אין מאָסקווע אין אַ שטימונג, פול מיט האָפענונג. נאָך צוויי צענדליק יאָר פון קאַלטן קריג האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן און דער סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסגעזען צו זײַן גרייט צו אַ בעסערער פאַרשטענדיקונג.

יהודית און איך האָבן באַלד געלאָזט וויסן דעם סאָוועטישן איבערזעצער און וועגווײַזער, אַ ק.ג.ב.־מענטש וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר אונדז, אַז מײַן רוסיש איז מער ווי גענוג צו קאָנען גיין אומעטום אַליין. מיר האָבן פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין די מוזייען, אין דעם „באָלשאָי"־טעאַטער, באַקוקט די אוצרות פון קרעמל און באַזוכט סטודיאָס פון אונטערגרונט־קינסטלערס. אײן אָוונט האָב איך אין אַ רעסטאָראַן זיך אָנגעשלאָסן אין אַ באַלאַלײַקע־אָרקעסטער, זינגענדיק אַלטע רוסישע וויגלידער וואָס מײַן באָבע פלעגט זינגען. יהודית האָט געהאַלטן, אַז זײַענדיק אַזוי נאָענט פון לענינגראַד מיט איר קיראָוו־באַלעט, מאָנאַסטיר־מוזייען און דער פעסטונג, אין וועלכער דאָסטאָיעווסקי איז געווען פאַרשפאַרט, דאַרפן מיר אויך דאָרטן זײַן. זענען מיר טאַקע אַוועק אַהין און געפונען אַן אוצר פון געשיכטע, מוזיק און פּאָעזיע.

די נסיעה בײַ נאַכט פון מאָסקווע קײַן קיִעוו איז געווען אין אַ ספּעציעלן וואַגאָן, אַ באַדעקטן מיט האָלץ־פּאַנעלן און פאַרזען מיט אַ קאָכעדיקן סאַמאָוואַר און אַ בופעט מיט די „פאַרפּליכטנדיקע" וואָדקאַ און קאַוויאַר; דאָס אַלץ האָט געשטאַרקט דעם אָפּטימיזם פון די אַמעריקאַנער דעלעגאַטן.

אָבער ווען די צוויי דעלעגאַציעס האָבן זיך געזעצט פון ביידע זײַטן טיש, איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, אין דעם „קולטור־פּאַלאַץ" פון דער אוקראַיִנישער הויפּטשטאָט, האָבן די שמייכלען אויף אונדזער זײַט גענומען נעלם ווערן. אַנשטאָט זיך צו פאַרנעמען מיט די אַקטועלע ענינים זענען די סאָוועטן אַרויס מיט פײַערדיקע דרשות וועגן פּראָבלעמען, וואָס זענען ניט געווען אויף דער טאָג־אָרדענונג.

שוין אַ צײַט, ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט דער פּאָמפּעדיקל, וואָס זינט סטאַלינס טויט האָט ער זיך געוויגט צווישן ליבעראַליזאַציע און אַ שטאַרקער האַנט, ווידער גענומען זיך באַוועגן אין דער ריכטונג פון אומטאָלעראַנץ. די דירעקטע סיבה איז געווען דער וואַקסנדיקער דרוק פון

סאָוועטישע ייִדן צו באַקומען אַ דערלויבעניש עולה צו זײַן קיין ישׂראל, און, באַזונדערש, דער ליאַרעם וואָס איז אָנגעגאַנגען נאָך דעם, ווי אַ פּרוּוו צו פאַרכאַפּן אַן עראָפּלאַן דורך עטלעכע לענינגראַדער ייִדן האָט געבראַכט צו זייער ווערן פאַרמישפּט אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע. דער ציוניסטישער מאָטיוו איז אַרײַנגעבראַכט געוואָרן אין די דרייסטע פאָדערונגען צו רעספּעקטירן די פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע רעכט, פאָדערונגען פון אַ קליינעם, אָבער אַקטיוון טייל פון דער סאָוועטישער אינטעליגענץ.

מיר האָבן פאַרשטאַנען די שפּירעוודיקייט פון דער סאָוועטישער פּרעסע צו קעגנערשאַפט־אויסדרוקן, ווײַל דאָס האָט באַטײַט אַן ערנסטע דראָונג פאַר דער אויטאָריטאַטיווער הערשאַפט. און מיר זענען ניט געווען דערשטוינט צו זען דעם רעזשים, שאַרף אַרויסטרעטנדיק מיט דער אָנגענומענער טאַקטיק פון די אויסגעדראָשענע אָנפאַלן. דאָס מאָל — אויף „אַ הײַפּל פאַרברעכערס וואָס האָט זיך פאַרקויפט צום קאַפּיטאַליסטישן מערב". מיר זענען אָבער ניט געווען גרייט צו פאַרטראָגן די פּראָפּאַגאַנדע־אָנפאַלן אויף אונדז. מיר זענען געקומען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט דער האָפענונג צו פירן אַ דיאַלאָג, וואָס זאָל איבערשטײַגן די אָפיציעלע רעטאָריק.

ווי די קאָמפּאַניעס וועגן וועלכע כ'האָב געלייענט אין דער סאָוועטישער פּרעסע, אַזוי האָבן אויך די רעדעס פאַרמאָגט אַן אַנטיסעמיטישן אונטערטאָן. די פאַראייניקטע שטאַטן זענען פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי דער אַגענט פון דער אַמאָראַלישער ציוניסטישער פאַרשווערונג, וואָס צילט אָפּצושוואַכן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַרויסרופן אַ מלחמה־היסטעריע אין מערב. די באַמערקונגען וועגן די „ייִדישע נאַציס פון ניו־יאָרק" און די „ישׂראלדיקע פאַשיסטן פון תּל־אָביב" האָבן מיך געשניטן ווי מיט אַ מעסער. אונטער די הערטרײַבלעך פון דעם סימולטאַנישן איבערזעצונג־סיסטעם זענען די פּנימער פון די אַמעריקאַנער געוואָרן אַלץ אומעטיקער.

מײַן בלוט איז מיר דערגאַנגען צום קאָפּ, ווען איך האָב געהערט די רעדעס און געקוקט אויף די פּנימער פון יענער זײַט טיש. זיי האָבן געקוקט אויף צוריק אַרויסרופעריש, העסלעך, דערדריקנדיק. דער סאָוועטישער מיט־פאָרזיצער, אַלעקסאַנדער קאָרנייטשוק, פּרעזידענט פון דעם אוקראַיִנער פּאַרלאַמענט, האָט אויסגעזען אין כּעס, ווי ער וואָלט מיך פערזענלעך באַ־

שולדיקט אין די עבירות, וואָס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך איינעם פון די קלענערע סאָוועטישע אַנפירערס.

איך האָב געקענט דאָס פּנים, ניט פּונקט דעם, פאַרשטייט זיך, אָבער אַזאַ ווי דער, אַ פּנים, פאַרפּילפּאַכט אַ סך מאָל מיט דעם בייז מאַראַליזירנדיקן קוק, וואָס האָט זיך צוגעשריבן אַלע גוטע מידות, ניט געבנדיק דיר קיין האָפענונג אויף רחמים. ס'איז געווען דער קוק וואָס האָט אַלץ געוווּסט, אַלץ אָפּגעפּסקנט און אַלץ דערליידיקט. ס'איז געווען די קאָפּיע און אָפּשפּיגלונג פון פּנים, וואָס האָט געהערשט אין קרעמל און פאַר וועמען גאַנץ רוסלאַנד האָט געציטערט. סטאַלין איז געווען טויט; דאָך האָט סטאַלין געלעבט.

איין איינציקער פון אַלע אַמעריקאַנער אין צימער, האָב איך געוווּסט פון דער אייגענער פּראַקטיק וואָס דאָס איז געווען צו לעבן אונטער דער קראַפט פון דעם קוק — זײַן דינאַמיזם, זײַן כּישוף און זײַן ליגן.

*

צו מאָרגנס נאָך מיטאָג איז דער עקסקורסיע־אויטאָבוס שטיין געבליבן אַנטקעגן אַ ריזיקער סטאַטוע אין צענטער פון קיִעוו — אַ קריגער אין פּולער פאַרפּאַנצערונג, מיט אַן אויפגעהויבענער שווערד, אויף אַ גאַלאָפּירנדיקן פערד. „ווער איז דאָס?“ האָט עמעצער געפרעגט.

„באָגדאַן כמעלניצקי,“ האָט געזאָגט אונדזער סאָוועטישער וועגווײַזער, „איינער פון אונדזערע גרויסע נאַציאָנאַלע העלדן אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, אונדזערער אַ באַפרײַער פון די מערב־אָנפאַלערס.“

דערהערנדיק דעם נאָמען, בין איך אינסטינקטיוו אַרײַנגעדרונגען מיט מײַנע נעגל אין יהודיתס אָרעם.

דעם וועגווײַזערס ענגליש איז געווען צוגעפּאַסט, אויסגעלערנט פון אַ טעקסטבוך. ס'איז אָבער ניט געווען דער טעקסט, וועלכן מען האָט געניצט אין די צוויי יאָר פון מײַן זײַן אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט. כמעלניצקי איז געווען אַ קאָזאַקן־העטמאַן, וועמענס אויפשטאַנד קעגן די פּוילישע פּריצים אין אוקראַיִנע איז געווען אַ צווישנשפּיל אין אַ קאַריערע פון בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידישע שטעטלעך אין זייער תּחום. זינט דעמאָלט האָבן יידן ניט אַרויסגערעדט זײַן נאָמען אָן צוגעבן: „ימח שמו“. ווען די באָלשעוויקעס

זענען געקומען צו דער מאַכט אין 1917, האָבן זיי אים אַרײַנגעלייגט אין חרם. אָבער אין 1941 האָט אים סטאַלין רעהאַביליטירט, ווי אַ טייל פון אַן אָנשטרענג צו ראַטעווען די האָפענונגסלאָזע לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן דורך זײַן סיסטעמאַטישן אומברענגען די בעסטע סאָוועטישע אָפיצירן אין די בלוטיקע „רייניקונגען". די אַרמיי האָט ניט געוואָלט קעמפן פאַר קאָמוניזם. ס'איז געווען סטאַלינס טאַקטיק צו אַלאַרמירן דאָס לאַנד קעגן דעם דײַטשישן אָנפאַלער דורכן אַרויסרופן דעם אָנדענק פון יעדער נאַציאָנאַלער געשטאַלט, זינט איוואַן דעם גרויזאַמען. באָגדאַן כמעלניצקי איז אין יענער צײַט צוריק אַנטדעקט געוואָרן ווי אַ „גרויסער נאַציאָנאַלער קעמפער".

פון די ריזיקע רעזערוון רוסישע דרייסטקייט, אויסגעהאַלטנקייט און פאַטריאָטיזם האָט דאָס לאַנד געשעפּט דעם כּוח פון ווידערשטאַנד, אַרויסגיין אין אַ קעגן־אָפענסיווע און מנצח זײַן. די רוסן האָבן געקאָנט צײַטווײַליק אַראָפּוואַרפן דעם באַלאַזש פון דער לענין־סטאַלין־אידעאָלאָגיע ביז דער נצחון איז געוואָרן דערגרייכט, און דעמאָלט האָט מען עס ווידער אַ מאָל אויף זיי אַרויפגעוואָלגערט. די ייִדן פון דער גאַנצער וועלט האָט דאָס לויבגעזאַנג פאַר באָגדאַן כמעלניצקי שאָקירט.

מײַן פעטער אלעזר האָט זיך דערוווּסט, אַז די סאָוועטישע רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַן אָרדען פאַר מיליטערישע פאַרדינסטן צום אָנדענק פון העטמאַן — און אַז דער ערשטער סאָוועטישער זעלנער, פון אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן באַקומען די דאָזיקע אויסצייכענונג, איז געווען אַ ייִד. האָט מײַן פעטער געשיקט אַ פּראָטעסט־דערקלערונג אין דער מעלבורנער פּרעסע. די מלחמה איז נאָך אָנגעגאַנגען, און די אויסטראַליער צײַטונגען האָבן אָפּגעזאָגט זיך צו דרוקן זײַן בריוו מיטן מאָטיוו, אַז ס'וואָלט געווען אַן אָנגריף קעגן אַ פאַרבינדעטער מדינה און ס'וואָלט געשטערט דעם מלחמה־אָנשטרענג. פעטער אלעזר האָט באַקומען אַ וואָך אורלויב פון דער אויסטראַלישער אַרמיי, האָט אָנגעשריבן אַ פּאַמפלעט, עס אָפּגעדרוקט אויף זײַן אייגענעם חשבון און פאַרטיילט אויף אַ וועלאָסיפּעד פון טיר צו טיר. „מיר זענען שטאָלץ," האָט ער געשריבן, „מיט דעם ייִדישן אָפיציר וואָס איז באַערט געוואָרן פאַר זײַן דרייסטקייט אין קאַמף. אָבער מיר וואַרפן אָפּ מיט עקל דעם כמעלניצקי־אָרדען."

ווען די קאָנפערענץ האָט זיך דעם קומענדיקן טאָג ווידער אָנגעהויבן, האָבן אונדזערע גאַסטגעבערס פאַרגעזעצט זייערע אָנפאַלן וואָס זיי האָבן געהאַט איבערגעריסן, שאַרף אַרויסטרעטנדיק קעגן ייִדן און יעדן איינעם אין מערב, וואָס האָט געהאַט די העזה זאָגן אַ וואָרט וועגן די סאָוועטישע אינערלעכע ענינים, אַרײַנגנצייענדיק אויך וויעטנאַם — עס זאָל זײַן „אַ פולע מאָס". איך האָב געפילט, אַז ס'איז מיר געוואָרן אַלץ שווערער צו שווײַגן.

פון די פאַרשטיינערטע פּנים־אויסדרוקן אויף מײַן זײַט פון טיש האָב איך געקאָנט זען, אַז מײַנע קאָלעגן האָבן זיך געפילט, ווי זיי וואָלטן דורכגעמאַכט אַ שאָקירנדיקע סצענע פון שלעכטער אויפפירונג, אויב ניט נאָך ערגער. עפּעס אַן אייגנקייט פון סאָוועטישן סיסטעם, וואָס האָט זייער באַשווערט צו האָבן אַן אויפריכטיקע דיסקוסיע מיט די מענטשן, און אפשר געמאַכט עס אַפילו פאַר אוממעגלעך. אָבער אין דעם איז עס דאָך געגאַנגען. מיט וואָס מיר האָבן זיך דאָ באַקענט, האָט פאַרגעשטעלט דאָס ערגסטע פון דער סיסטעם — איר צביעותדיקע פאַרביסנקייט, איר פלאַמיקע היפּאָקריזיע, איר נייגונג צו רעדן אין פּוסטע און פּרעטענציעזע פאָרמולעס, וואָס פלעגן ווערן אַלץ מער קריגעריש, ווען ס'פלעגט זיך אַנטפּלעקן די שוואַכקייט און צעברעכלעכקייט פון סאָוועטישן כּוח.

הינטער דער חוצפּה איז אָן ספק געלעגן אַ מענטשלעכע ממשות — מענטשן וואָס האָבן נאָך אָפּגעשאַצט זאַכן פאַר זיך אַליין, וואָס האָבן מורא געהאַט ווען ס'איז געווען פאַר וואָס מורא צו האָבן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן שטאַרק ווען ס'האָט געהאַט אַ זינען זיך צו האַלטן שטאַרק, וואָס האָבן פּונקט אַזוי געהאַט אַן אויפנעם־פעיִקייט און אַ גלײַכן שׂכל, און דרייסטקייט, און מאַרטירערשאַפט ווי יעדער אַנדער פאָלק אויף דער ערד, און וועמענס עמאָציאָנעלקייט אויף דעם צוזאַמענקום האָט געהאַט אַ שײַכות צו זייער טיפן גלויבן אין אַן אַנדער מין סאָציאַלן אידעאַל. אָבער, צוליבן כאַראַקטער פון דער סיסטעם, האָט קיין זאַך פון דער קאָנקרעטער וואָר זיך ניט דורכגעפילטרירט אויף דער איבערפלאַך. גאָר גיך איז די קאָנפערענץ געווען אין סכּנה דורכצופאַלן צוליב דער שפּאַלטונג, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן דעם זינלאָזן סאָוועטישן אָנפאַל און דעם שווײַגן פון די באַליידיקטע אַמעריקאַנער.

כ'האָב אויפגעכאַפּט דעם גענעראַל גייווינס בליק. אין דעם מאָמענט

האָב איך זיך אויפגעהויבן און זיך דערנענטערט צו זײַן שטול. „דזשים," האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן, „צי קאָנען מיר אַרויסגיין אין דרויסן אויף אַ מינוט?" סענאַטאָר פראַנק טשערטש איז אַרויס מיט אונדז.

„צי מיינט איר נישט," האָב איך געפרעגט, ווען מיר האָבן געהאַט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, „אַז ס'איז שוין צײַט עמעצער פון אונדז זאָל זיי געבן אַן ענטפער?" גייווין האָט אַ הייב געטאָן מיט דער פּלייצע: „אָ, ס'וועט זיך ענדיקן."

„זײַט ניט צו זיכער," האָב איך געזאָגט.

כ'האָב טיף אָפּגעאָטעמט, דערשרעקנדיק זיך, אַז כ'בין אַוועק צו ווײַט, אָבער געזאָגט:

„הערט, איך מיין, אַז איך קען אַ ביסל די רוסן און לויט ווי עס גייט, וועלן זיי אונדז אַרויפקריכן אויפן קאָפּ און דאָס וועט דער קאָנפערענץ קיין נוצן ניט ברענגען."

כ'האָב זיך באַמיט צו לייענען אין גייווינס טיף־גרינע אויגן. ער איז קיין מאָל ניט געווען קיין ענטוזיאַסט פון אַ קאַלטער מלחמה, אָבער ער איז אויך ניט געווען אַזאַ מענטש, וואָס גיט סתם אַזוי אויף אַ פּאָזיציע. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער מיר געזאָגט, אַז אויב ער און גענעראַל דזשאָרדזש פּאַטאָן וואָלטן געהאַט באַקומען די גרינע ליכט פון וואַשינגטאָן, אָנהייב 1945, וואָלט די אַמעריקאַנער אַרמיי געשלאָגן די רוסן אין בערלין. אַ ספּעציעלע בריגאַדע פון פאַראַשוטיסטן האָט זיך געגרייט דערצו אונטער זײַן אָנפירונג. איצט אָבער, ווי אַ פירער פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע און מיטפאַר־זיצער פון דער קאָנפערענץ, איז זײַן חוב צו פאַרגלעטן פּראָבלעמען, וואָס קומען אויף. מײַן פאָרשלאָג איז געווען פאַרבונדן מיט ריזיקעס.

פראַנק טשערטש, וואָס האָט ביז איצט ניט געזאָגט קיין וואָרט, האָט אינטערווענירט: „סעם איז גערעכט, מיר דאַרפן זיי ענטפערן. כ'האָב שוין איבערן האַלדז זייער מבול פון ווערטער, וויעטנאַם אײַנגעשלאָסן. שוין אַ לאַנגע צײַט ווי איך ברענג אַרויס עפּנטלעך מײַן שטעלונג אין דער פראַגע, און מיר דאַרפן זיכער ניט קיין לעקציעס פון זייער זײַט."

„דזשים," האָב איך צוגעגעבן, נאָך אַ קורצן שווײַגן, „איך וואָלט וועלן זיי ענטפערן."

דער גענעראַל האָט זיך פֿאַרטראַכט, אַ פֿאַרזאָרגטער. ער האָט רויִק אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויף מײַן פּלייצע און געזאָגט: „גוט ענטפֿערט זיי. מיט הצלחה!"

איך האָב שטענדיק געפֿילט אַ וואַרעמקייט צום גענעראַל גייווין, מיט וועמען כ'האָב זיך באַקענט, ווען ער איז געוואָרן פּרעזידענט קענעדיס אַמבאַסאַדאָר אין פֿראַנקרײַך. איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף „סענט מער דעז ענגליז", דעם 6טן יוני 1944, ווי דער קאָמאַנדיר פֿון דער 82סטער לופֿט־דיוויזיע, האָט ער פֿאַרשנעלערט מײַן באַפֿרײַונג אויף אַ סך טעג, אפֿשר קריטישע טעג.

נאָכן פֿאַרנעמען צוריק מײַן אָרט האָב איך געוואַרט, אַז די לעצטע סאָוועטישע דרשה זאָל זיך ענדיקן. איצט האָב איך אויפֿגעהויבן די האַנט.

„גאָספּאָדין פּרעדסעדאַטעל," האָב איך געזאָגט מיט אַ תּקיפֿות, ווי כ'האָב נאָר געקאָנט. ס'איז געוואָרן אַ גערודער בײַ די סאָוועטן, ווען זיי האָבן דערהערט אַ רוסישן קלאַנג פֿון אונדזער זײַט. כ'האָב פֿאָרגעזעצט אויף רוסיש, זיך ווענדנדיק צו קאָרנייטשוקן: „הער פֿאָרזיצער, קאָן איך האָבן דאָס וואָרט?"

ער איז געווען דערשטוינט, האָט אָבער ניט געקאָנט עס מיר אָפּזאָגן. כ'בין געשטאַנען, ניט וויסנדיק גענוי, וואָס איך בין געגאַנגען זאָגן. אַז מיר דאַרפֿן זיך אומקערן צו דער טאָג־אָרדענונג? כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף יהודיתן, וואָס איז געזעסן אין דער ריי הינטער מיר. זי האָט מיר געגעבן אַ דערמוטיקנדיקן שמייכל.

„הער פֿאָרזיצער," האָב איך אָנגעהויבן אויף ענגליש, „דאַמען און הערן." די סאָוועטן האָבן נערוועז געכאַפּט זייערע הערטרײַבלעך. „די גאַסטפֿרײַנד־לעכקייט איז אַ וואַרעמע, די געזעלשאַפֿט — אַ גוטע, די שטאָט איז שיין, אָבער די קאָנפֿערענץ איז אַראָפּ פֿון וועג. איך פֿיל זיך געצוווּנגען אָפּצונייגן פֿון מײַן אייגענער טעמע — די צוקונפֿט פֿון עקאָנאָמישע באַציִונגען צווישן דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און אַרויסזאָגן אַ ריין פּערזענלעכע מיינונג. אונדזערע חשובֿע סאָוועטישע קאָלעגן האָבן געהאַלטן פֿאַר נייטיק אָפּצונייגן גאָר ווײַט פֿון דער אײַנגעשטימטער טאָג־אָרדענונג און גיבן אונדז לעקציעס וועגן אַמעריקעס אונטערשטיצן ישׂראל, וועגן

די ייִדישע פּראָטעסטן אין ניו־יאָרק, וועגן די טראַגישע געשעענישן אין וויעטנאַם און אַנדערע אַנגעווייטיקטע פּראָגעס. אין אַזאַ פּרײַזן שמועס דאַרף דאָך זײַן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען אויך אַנדערע ענינים, וואָס געוויסע אונדזערע פּאַרשטייערס טראָגן אין זייערע מוחות און הערצער."

שפּעטער, ווען כ׳האָב באַקומען די קאָפּיעס פֿון די רעדעס אויף דער קאָנפֿערענץ, בין איך געווען דערשטוינט, ווי מעסיק אָט די רעדע מײַנע האָט געקלונגען. ווען איך האָב גערעדט, האָב איך זיך געפֿילט אומבאַקוועם מיינענדיק, אַז כ׳האָב איבערגעכאַפּט די מאָס, ווײַל אין יענער צײַט האָב איך ניט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף וואָס איך קלײַב זיך זאָגן.

כ׳האָב פֿאַרגעזעצט צו אונטערשטרײַכן דעם קלאָרן פֿאַקט, אַז די קאָנ־פֿערענץ וועט דורכלאָזן אַ גרויסע געלעגנהייט, אויב זי וועט זיך אַרײַנטאָן אין סטערילע דיסקוסיעס. דערנאָך, אָריענטירנדיק זיך, אַז כ׳וועל דאַרפֿן זאָגן עפּעס וואָגיקס אויב איך וויל, מײַן אינטערווענץ זאָל האָבן אַ השפּעה, האָב איך געבעטן די דעלעגאַטן, זיי זאָלן מיר מוחל זײַן פֿאַר „אַן אַנדײַט אויף מײַן פּערזענלעכן הינטערגרונט". „הגם איך בין דאָ אַ רעפּרעזענטאַנט פֿון דער אַמעריקאַנער עפֿנטלעכער מיינונג," האָב איך פֿאָרגעזעצט, „בין איך ניט קיין געבוירענער אַמעריקאַנער. דאָס וואָס איך בין אײַנגעשלאָסן אין אַזאַ הויך־ראַנגיקער דעלעגאַציע, דאַרף זײַן אַן אָנערקענונג מער פֿאַר מײַן אַדאָפּטירט לאַנד, ווי פֿאַר מיר. דאָס, וואָס מיר זענען דאָ געקומען באַהאַנדלען, האָט אַ שײַכות צו דער טעמע פֿון שלום — אַ קינדהייט פֿאַרבראַכט אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ שטיקל ספּע־ציאַליסט אין דאָזיקן ענין."

כ׳האָב געמאַכט אַ הפסקה. מילטאָן אײַזענהאַואָער האָט געהאַלטן זײַנע עלן־בויגנס אויפֿן טיש, זײַן קאָפּ — צווישן די הענט. איז עס געווען אַ פּאָזע פֿון אויפֿמערקזאַמקייט אָדער פֿון אומרו? פּראָפֿעסאָר האַריסאָן בראַון האָט געבאַמבלט מיט די פֿינגער אויפֿן פּאַפּיר־בלאָק וואָס איז געלעגן פֿאַר אים. אויף דער צווייטער זײַט האָבן מיך קאַלט אָבסערווירט געאָרגי אַרבאַטאָוו, דער הויפּט־ראַטגעבער פֿון קרעמל וועגן די באַציִונגען מיט די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און יעווגעני פּרימאַקאָוו, דער הויפּט־ראַטגעבער וועגן די באַציִונגען מיט ישׂראל און דעם מיטעלן מיזרח. דער שרײַבער באָריס פּאָלעוואָי האָט

פּאַרטראַכט געגלעט זײַנע לאַנגע וואָנצעס. כ׳האָב ניט געהאַט בדעה אַרויס־צוהייבן מײַן קינדהייט. אָבער ווי נאָר די ווערטער וועגן מײַן קינדהייט אין די קאַצעטן זענען אַרויס, האָבן זיי אין מיר געעפנט אַ קוואַל פון עמאָציעס. און געטראַכט, אַז ווי זייער ווירקונג זאָל ניט זײַן, וועל איך אָנגיין ווײַטער. כ׳האָב געמאַכט אַ פאַרבײַגייענדיקע באַמערקונג קעגן דעם אָנפאַל פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע אויף ישׂראלס פּאָליטיק בנוגע די אַראַבער, זאָגנדיק, אַז אַ פּראָבלעם פון אַזאַ פאַרנעם פאָדערט מער אײַנגעהאַלטנקייט פון אונדז אַלעמען. דאָס האָט מיך געבראַכט צו דער הויפּטטעמע. כ׳האָב נאָך אַלץ געקאָנט זיך האַמעווען, אָבער אַראָפּגעלאָזט זיך אַלץ טיפער. „איך וויל,״ האָב איך געזאָגט, „מאַכן אַ פּאָר־באַמערקונג וועגן דער ,ייִדן־פראַגע׳ אין רוסלאַנד.״

„ווי אַלע פון אונדז דאָ, בין איך ניט אַנטציקט מיטן מיליטאַנטישן אויפפיר פון געוויסע עקסטרעמע ייִדן אין ניו־יאָרק, אָבער אויב מיר דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט דער פּראָבלעם, מוזן מיר האָבן אין זינען דעם פעלקער־מאָרד, די פּחדים און דערשיטערונגען, אויסגעדריקטע אין דעם פאַרצווייפלטן געשריי: „קיין מאָל ניט מער!״ נאָך דעם חורבן, נאָך אַלע שחיטות און פּאָ־גראָמען וואָס זענען פאָרגעקומען פאַר דעם, רעאַגירן די רעשטלעך פון ייִדישן פאָלק מיט עמאָציע, ווי נאָר זיי דערשפּירן אַ סכּנה. אין אַ געזעלשאַפט ווי אין אַמעריקע, וועלכע טאָלערירט ווייניק באַגרענעצונגען אין פרײַהייט פון אויסדרוק, זענען די רעאַקציעס אין אַלע עמאָציאָנעלע ענינים גענייגט צו זײַן שטאַרק און אויפן קול. ווען זיי געפעלן אײַך, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַפּלאָדירט איר. ווען דערצערענען אײַך, שילט איר. אָבער איר דאַרפט אָננעמען אַ גוטע עצה — צו האָבן אין זינען, אַז דאָס זענען די וועגן פון דער אַמע־ריקאַנער עפנטלעכער מיינונג.״

כ׳האָב געפילט די שפּאַנונג אין צימער, אָבער בין שוין אַוועק צו ווײַט צו קאָנען אָפּהאַלטן זיך.

„פאַר וואָס זענען די רעאַקציעס אַזעלכע עקסטרעמע? אַפילו די באַ־וווסטזיניקע מענטשן זענען פאַרפירט און פאַרפירן אַנדערע, ווען זיי שטעלן זיך אויף די אַלטע פּאָזיציעס פון אַנטיסעמיטיזם אין דער רוסישער געשיכטע. איך ווייס, אַז איר זענט ניט קיין ראַסיסטן און אַז די וואָס האָבן דערבראַכט

צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, זענען געוועזן אַנטשלאָסן אַרויסצורײַסן דעם אַנטיסעמיטיזם מיטן וואָרצל, אָבער אײַך האָט זיך דאָס נאָך ניט פולשטענדיק אײַנגעגעבן.״

„נעכטן האָט איר אונדז געוויזן די שיינקייטן פון קיִעוו. צווישן זיי איז אויך געווען אַ העראָיִשע סטאַטוע פון באָגדאַן כמעלניצקי. אָבער פאַר מיר איז די סטאַטוע ניט אַזוי העראָיִש. אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווערט געשטעלט אַ וווּנדערלעכע מוזיקאַלישע פּיעסע, 'דער פידלער אויפן דאַך'. זי באַווײַזט מיט דער שטילער פּשטות פון אַ שאַגאַל־צייכענונג, ווי ס'האָט אויסגעזען דאָס ייִדישע לעבן אויף דער אוקראַיִנע. זי שילדערט אויך די פּאָגראָמען וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון צײַט צו צײַט קעגן אומשולדיקע מענטשן. אין יענע צײַטן איז באָגדאַן כמעלניצקי געווען אַ פירער פון אַזעלכע פּאָגראָמען, אַ מערדער פון שוצלאָזע פרויען און קינדער.״

„מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער אַמעריקאַנער שרײַבער בערנאַרד מעלאַמוד פּובליקירט אַ בוך, 'דער באַשטימער', וואָס האָט פאַר זײַן טעמע דעם מישפּט פון אַ צאָל ייִדן אין קיִעוו פאַר אַ כּלומרשט ריטועלער רציחה פון קריסטלעכע קינדער. די סאָוועטישע רעגירונג האָט שפּעטער פאַראורטיילט דעם בילבול, ווי אַ פאַלסיפיקאַציע פון דעם צאַרס געהיים־פּאָליציי. אָבער אין משך פון יאָרהונדערטער זענען דערשײַנונגען פון אָט דעם מין טיף אַרײַנגעדרונגען אין דער פּסיכיק פון אײַער פאָלק און זענען איבערגעגעבן געוואָרן פון טאַטן צום זון אין אַ פאָרעם פון רעליגיעזער און ראַסן־שינאה. עס דאַרף נאָך אַ סך געטאָן ווערן, ביז איר וועט דערגיין צו אַ פולער אויסהיילונג פון דעם אַנטיסעמיטיזם.״

„צוליב דעם האַלט איך, אַז אויב ייִדן מאַכן אַ פּרוּוו צו פאַרכאַפּן אַן עראָפּלאַן, כּדי צו אַנטלויפן פון אײַער מדינה, דאַרף מען זיי טאַקע ברענגען צום מישפּט, ווייל זיי זענען עובר געווען אויף אַ געזעץ. אָבער זייער פאַרברעכן און די שטראָף וואָס זיי פאַרדינען, דאַרפן ניט געבראַכט ווערן אין דער עפנטלעכקייט, באַגלייט פון אַ העץ־קאַמפּאַניע, ווײַל דאָס וועקט אויף אַלטע שינאות און ברענגט אַרויס דאָס געשטאַלט פון אַ ייִד ווי אַזאַ, וואָס ברענגט צרות. איך האַלט אויך, אַז ס'איז ניט נייטיק אַרײַנצושרײַבן דאָס וואָרט „ייִד״ אין אײַער בירגערלעכער אידענטיטעט־קאַרטע, ווי אַ באַצייכענונג פון דער

נאַציאָנאַליטעט, ווײַל עס איז ניטאָ קיין ייִדישע נאַציאָנאַלע רעפּובליק צווישן די רעפּובליקן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. איך האַלט אויך, אַז אויב געוויסע ייִדן ווילן פאַרלאָזן אײַער לאַנד, ווײַל זיי פילן זיך דאָ ניט באַקוועם צוליב רעליגיעזע אָדער קולטור־סיבות, דאַרף מען זיי דערלויבן צו גיין.״

איך האָב געהאַלטן כּמעט בײַם סוף. נאָך דעם ווי כ׳האָב געמאַכט אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן די פאַראייניקטע שטאַטן — אַז ס׳איז אַ מער אָריגינעלע און רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפט, מיט מער היילונג־קרעפטן קעגן אירע אייגענע איבערטרעטונגען, ווי אונדזערע גאַסטגעבערס האָבן זיך אפשר פאָרגעשטעלט — בין איך געווען גרייט זיך אַנידערצוזעצן. אָבער עפּעס האָט מיך נאָך אַלץ געשטויסן פאָרצוזעצן.

„אין אַ פאַרשטאָט פון קיִעוו איז דאָ אַ טיפער גראָבן, וואָס רופט זיך, באַבי־יאַר. בײַ הונדערט טויזנט ייִדן זענען דאָרטן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס. אײַער פּאָעט יעווגעני יעווטושענקאָ האָט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער האַרצרײַסנדיקער שורה: ,ס׳איז ניטאָ קיין מאָנומענט אין באַבי־יאַר׳...״

„אָפט האָב איך געלייענט די פּאָעמע און קען זי גוט. פראַגמענטן זענען געקומען אין מײַן געדאַנק, אין דעם — אַ שורה וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אַזוי בולט און אַזוי פּרעציז מײַן אייגענעם גורל:

ס׳איז ניטאָ קיין מאָנומענט אין באַבי־יאַר...
כ׳בין אויפגעטרייסלט.
הײַנט בין איך אַזוי אַלט ווי די ייִדישע ראַסע...
וואָס האָט געוואַנדערט אין מצרים...
דרײַפוס — בין איך...
כ׳פיל, אַז איך בין אַנאַ פראַנק...
איך בין אַ קליין ייִנגל פון ביאַליסטאָק,
מײַן בלוט קאַפּעט אויפן דיל טראָפּן נאָך טראָפּן...״

פלוצעם בין איך אַנטוישט געוואָרן פון זיך אַליין. וואָס האָב איך געזאָגט אין פאַרגלײַך מיט די ממש עלעקטריזירנדיקע סימבאָלן? איך האָב געטאַדלט אונדזערע גאַסטגעבערס פאַרן פריידיקן פאַר אונדז, און האָב פאַר זיי אַליין

געפריידיקט, בעת ס'איז דערגאַנגען מײַן ריי. ס'איז סתם געווען נאָך אַ רעדע. עפּעס מער איז נייטיק, כּדי אַרויסצושלעפּן די קאָנפערענץ פון איר טויטער רוטין. אַ פּאָעטס ווערטער — יאָ, אָבער איך בין ניט קיין פּאָעט. צי איז דען ניטאָ עפּעס אויסער ווערטער — אַן אַקט?

„חברים," האָב איך געזאָגט, „איר האָט אונדז נעכטן געגעבן די געלעגנהייט צו זען די אָנדענק־פּלעצער פאַר אײַער גרויסער פּאַטריאָטישער מלחמה קעגן די נאַציס. דערלויבט מיר צו זאָגן, אַז הײַנט וואָלט פאַר אונדז זייער געפּאַסט צו באַזוכן באַבי־יאַר."

כ'האָב זיך אָנידערגעזעצט. אַן אומבאַקוועמע שטילקייט האָט געהערשט כּמעט אַ פולע מינוט. איך האָב געקלערט: „די פּאָעמע איז אין אַ חרם, באַבי־יאַר איז מיט אַ כּיוון אויסגעמיטן — די סאָוועטן ווילן בפירוש ניט קיין מצבה לכּבוד ייִדישע קרבנות. זיי ווילן ניט שטאַרקן דעם ייִדישן באַוווסטזײַן, און דאָ האָסטו זיי אַ שטאָך געטאָן אין איינעם פון זייערע שפּירעוודיקסטע פּונקטן, פאַרלאַנגענדיק אַן ענדערונג אין זייער פּאָליטיק. דו האָסט געפּאָדערט עפּנטלעך, אויף דער סאָוועטישער ערד, פרײַהייט פון ייִדישער עמיגראַציע — 'שלח את עמי'. דו ביסט ניט משה און זיי זענען ניט קיין פּרעהס. זיי וועלן דיך דערקלערן פאַר אַ 'פּערסאָנאַ נאָן גראַטאַ'. מעגסט פאַרגעסן וועגן יעדער השפּעה, וואָס דו וואָלסט אפשר געקאָנט האָבן, העלפנדיק צו ברענגען צו קאָעקסיסטענץ און האַגדל און דער פאַרבעסערונג פון די באַציִונגען צווישן מערב און מיזרח.

ניט האָבנדיק אין דער אמתן די כּוונה דערצו, ניט וויסנדיק גענוי וואָס איך בין געגאַנגען טאָן, האָב איך פאַרקניפּט צוזאַמען די צוויי דעצידירנדיקע פּראָבלעמען פון דער אָנטשפּאַנונגס־תּקופה: פאַרבעסערטע עקאָנאָמישע באַציִונגען און רעספּעקט פאַר מענטשנרעכט. דער פראַנצייזישער שרײַבער זשאַן פראַנסואַ רעוועל האָט עס שפּעטער אָנגערופן אין אַן אַרטיקל אין פראַנצייזישן וואָכנבלאַט „ל'עקספּרעס", „דער גאַרדישער קנופּ פון קיִעוו".

קאָרנייטשוק האָט אָפּגעהוסט. ער האָט געהאַלטן בײַם מעלדן וועגן אַ הפסקה, ווען סענאַטאָר מאַרק האַרטפילד האָט זיך אויפגעשטעלט.

„חברים, צי קאָן איך מאַכן אַ קורצע דערקלערונג?" האַרטפילד האָט אָנגעהויבן מיט דער קלינגענדיקער שטים פון אַ פּראָטעסטאַנטישן גלח.

„ווי סעם האָט נאָר וואָס געזאָגט, זענען מיר אַלע געקומען אַהער צו דיסקוטירן די פראַגע פון שלום. נאָר איין וואָרט, אין איין שפּראַך, גיט איבער דעם פולן זין פון דער פראַגע. די שפּראַך איז העברעיִש. און דאָס וואָרט איז ,שלום׳. איך זאָג דעריבער צו אײַך אַלעמען, חברים, שלום!״

קיינער האָט, זעט אויס, ניט געהאַט מער וואָס צוצוגעבן. די שטולן האָבן גענומען סקריפּען און יעדערער האָט זיך אויפגעשטעלט. איך האָב זיך געפונען אין אַ קרײַז פון יונגע מענטשן: פראַנק טשערטשס זון, טשייז, גייווינס יונגע טעכטער, לינאַ און קלאָע, און ראָקפעלערס זון, ריטשאַרד. פראַנקס פרוי, בעטהין, האָט געמאַכט עפּעס אַ קאָמפּלימענט. איך האָב געפונען יהודיתן אין עולם, און זי האָט צו מיר געשאָקלט מיטן קאָפּ און האַרציק געשמייכלט. לינאַ, גייווין און טשייז האָבן געזאָגט: „ד״ר פיסאַר, מיר ווילן גיין מיט אײַך אין באַבי־יאַר.״

די אַמעריקאַנער האָבן זיך באַראַטן. אַנדערע פון זיי האָבן געמיינט, אַז ס׳וואָלט געווען בעסער זיך אָפּצוהאַלטן. אָפיציעל איז באַבי־יאַר ניט קיין אָרט צו באַזוכן. גיין אַהין וואָלט אויסגעזען ווי אַ פּראָוואָקאַציע.

פּאַטריציאַ האַריס, דער איינציקער שוואַרצער מיטגליד פון אונדזער דעלעגאַציע (שפּעטער געוואָרן אַ מיטגליד פון פּרעזידענט קאַרטערס קאַבי־נעט), האָט דרייסט דערקלערט: „סעם האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפן גיין אין באַבי־יאַר. איך גיי מיט אים.״

*

מאַרק האַרטפילד האָט איבערגעגעבן זײַנע אײַנדרוקן פון די פאַרהאַנד־לונגען דעם טאָג אין אויסגעבריייטערטע באַמערקונגען, געדרוקטע אין דעם „קאָנגרעס־רעקאָרד״: „ביז צו דעם פונקט האָבן מיר נאָר געהאַט אָנפאַלן און קעגן־אָנפאַלן. דאָ איז געקומען סעם. אין אָנהייב איז עס געווען אויפ־טרייסלענדיק. ער איז געווען ווי אַ לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון חורבן. מיר זענען ניט געווען זיכער, צי די רוסן וועלן זיך ניט געבן אַ הייב אויף און אַרויסמאַרשירן. אָבער זיי האָבן עס ניט געטאָן. קיינער האָט ניט געקאָנט צווייפלען אין דער ספּאָנטאַנישקייט פון דער רעדע. קיינער וואָלט עס סײַ ווי ניט געקאָנט פון פריִער אײַנחזרן. זי האָט אונדז אַלע טיף גערירט.״

מיר האָבן געבעטן אַן אויטאָבוס און באַקומען. מיר זענען דערפאָרן

צום ברעג פון אַ וואַלד — די גאַנצע אַמעריקאַנער דעלעגאַציע — און דורכ־געגאַנגען איבער אַ פרייען שטח. ווי יעווטושענקאָ האָט געשריבן, איז ניט געווען קיין מאָנומענט אין באַבי־יאַר, קיין אָנדענק־טאָוול, וואָס זאָל איבער־געבן וועגן גרויליקן מאַסן־קבר, אונטער די נייַ־אייַנגעפלאַנצטע ביימער. די סאָוועטישע וועג־ווייַזערין האָט זיך געוואַקלט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווען זי האָט דערציילט דאָס וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט בעסער געוואָלט פאַרשטיקן: די צענדליקער טויזנטער מענער, פרויען און קינדער — אוקראַינער, ציגייַנער און פאַרשטייערס פון אַנדערע פעלקער, אָבער בעיקר ייִדן. די נאַציס האָבן זיי געבראַכט אַהער, געהייסן גראָבן זייערע אייגענע קברים און זיי דערשאָסן.

די וועג־ווייַזערין האָט נאָך געהאַלטן אין רעדן, ווען נאָך אַן אויטאָבוס איז אָנגעקומען און שטיין געבליבן. ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, ווי פאַרשפּע־טיקטע אויף אַ לוויה־צערעמאָניע, זענען די אָנגעקומענע אין איילעניש אַדורך דעם פרייען שטח און זיך אָנגעשלאָסן צו אונדז. ס׳איז געווען קאָרנייטשוק, מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, ס׳איז געווען פּאָלעוואָי, מיט די לאַנגע וואָנצעס. כ׳האָב געכאַפּט זייַן בליק און געטראַכט, אַז כ׳האָב דערשנאַפּט אַן אָנדייַט פון... וואָס? איך האָב ניט געקאָנט זאָגן, אָבער איך בין געווען זיכער, אַז ס׳איז ניט געווען קיין פייַנדשאַפט. ס׳איז געווען אַרבאַטאָוו, דער אַמעריִ־קאַניסט, פּרימאַקאָוו, דער אַראַביסט און יורי זשוקאָוו, דער פּאָליטישער קאָמענטאַטאָר, אַרטיקל־שרייַבער פון „פּראַוודאַ“, און דער וויסנשאַפטלער פּיאָדאָראָוו, און אַנדערע. יעדער איינער פון זיי איז געשטאַנען מיט אַ געבויִ־גענעם קאָפּ, מיט דעם הוט אין האַנט און זיך צוגעהערט אין אַ דרך־ארצדיקער שטילקייט, וואָס די סאָוועטישע וועג־ווייַזערין האָט דערציילט.

כ׳האָב באַמערקט, אַז די געשעענישן אין לעבן פון מענטשן וואָס האָבן אויף אים די גרעסטע השפּעה, זענען ניט די עלעמענטאַרע איבערלעבונגען, ווי חתונה, געבורט פון קינדער, טויט פון די טייַערסטע, נייַערט די צופעליקע, די אומגעריכטע. אַזוי בכל־אופן איז עס געווען מיט מיר. איך בין געווען טיף געריִרט, ווען כ׳בין געפאַלן צו די פיס פון דעם שוואַרצן אַמעריקאַנער סאָלדאַט ערגעץ אויף אַ שלאַכטפעלד אין דייַטשלאַנד; ס׳איז געווען דעמאָלט, און נאָר דעמאָלט, ווען כ׳האָב געוווּסט, אַז כ׳האָב איבערגעלעבט די מלחמה.

כ׳בין אויפגעטרייסלט געוואָרן דורכן איבנשליסן מײַן דאַקטאַראַט־טעמע אין דעם „האַרוואַרד רעכט־בולעטין״; דעמאָלט ערשט האָב איך געוווּסט, אַז איך קאָן שאַפן אָריגינעלע אַרבעטן. דער עפּיזאָד אין באַבי־יאַר איז געווען נאָך אַזאַ מאָמענט.

דער אומגעריכטער אָנקום פון די רוסן איז געווען רירנדיק. צי איז געווען מעגלעך, אַז אַן אַפּעל צום געפיל און צו אָרנטלעכקייט האָט דערבראַכט אָט די פאַרהאַרטעוועטע טיפּן, זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין אונדזער עולה־רגל זײַן, וואָס איז געווען קעגן דער אָפיציעלער ליניע? איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מײַן גלויבן אין דער מילדערנדיקער קראַפט פון מענטשלעכע באַציִונגען, פון פּאָעזיע און געדאַנק, ווי אויך פון האַנדל צווישן אַמעריקאַנער און רוסן, אַראַבער און ייִדן, יאַפּאַנער און כינעזער, און אַנדערע כּלומרשט געשווירענע שונאים, איז ניט געגאַנגען אין אַ פאַלשער ריכטונג, און אַז עס איז כּדאַי אָנצוגיין מיט מײַן אַרבעט פאַר דעם צוועק.

כ׳האָב געוווּסט אַז ס׳וואָלט געווען נאַריש, אַ סך זיך צו שטיצן אויף איין געשעעניש. די סאָוועטן האַלטן נאָך ניט בײַם ענדערן זייער סיסטעם, בכל אופן ניט אַזוי גיך. אָבער אין תּוך פון רוסישן כאַראַקטער איז דאָ גענוג לעבנסקראַפט אויף צו געבן אַ ברייטהאַרציקן ענטפער אויף אַ ברייטהאַרציקן פאָרשלאָג, כּדי צו ברענגען, אַז דער אָנשטרענג פאַר מיטאַרבעט אויסצומײַדן די אַפּאָקאַליפּסע זאָל האָבן אַ זינען. די הויפּטזאַך איז: פרײַ זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן און ניט מורא האָבן אָנצוטרעטן עמעצן אויף אַ גראָבן פינגער. דער גרעסטער פעלער וועט זײַן צו לאָזן די צו מערסט אומגעקאָנטראָלירטע אַספּעקטן פון די סאָוועטישע אויסבראָכן, וואָס נעמען זיך טיילווײַז פון אַן אומזיכערקייט־געפיל, זיי זאָלן אונדז אָנטמוטיקן פון וועלן פירן דעם דיאַלאָג. מיר קאָנען קיין מאָל ניט וויסן, וועלכע פון אונדזערע שטעלונגען וועלן אויסער יעדער דערוואַרטונג געבן רעזולטאַטן. די קוואַלן פון אינספּיראַציע זענען געהיימע.

כ׳געדענק ניט קיין סך פון אונדזער ווײַטערדיקן זײַן אין קיִעוו. די קאָנפערענץ, אָפּגערייניקט פון די פאָראורטיילן, איז אַוועק אַ סך פאָרויס. אָבער איך געדענק, אַז נאָך אונדזער צוריקקערן זיך פון באַבי־יאַר — נאָך אַלץ אַ ביסל אָנגעצויגן מיט די רוסן, וואָס האָבן זיך באַמיט אויסצודריקן

זייער חשיבות — ווי יהודית האָט געבראָכן דעם אײַז בעת אַ שיף־עקסקורסיע אויפן דניעפּער. זי האָט גענומען אונטערן אָרעם די טאָכטער פון אַ סאָוועטישן מיניסטער און זי אַרײַנגעצויגן אין אַ רוסישן פאָלקסטאַנץ. מיר האָבן געשאַפן אַ קרײַז אַרום זיי, פּאַטשנדיק מיט די הענט צום טאַקט פון זייער טאַנץ, און די רוסן האָבן אָנגעהויבן ווערן מער נאָכגיביק. כ׳האָב געקוקט אויף יהודיתן וואָס האָט אַלץ געמאַכט אַזוי פּשוט און אַזוי פײַן, און געקלערט, אַז איך בין דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

# 12

דער פֿאַרמאַכטער מערצעדעס־אויטאָ האָט זיך פּאַמעלעך באַוועגט לענג־אויס דער אַלעע, וואָס האָט אין דעם ערשטן פֿרימאָרגן־ליכט זיך געצויגן, אַ ליידיקע, דעם גאַנצן וועג ביז צום בראַנדענבורגער טויער. אין קאַלטן נאָוועמבער־רעגנדל האָט מען געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז די צווייטע וועלט־מלחמה איז דאָ נאָך אָנגעגאַנגען. וועגשטערונגען, בלינדע געסלעך און צייכנס פֿון גרענעץ־איבערגענג האָבן געשאַפֿן אַ געשפּאַנטע און אומזיכערע אַטמאָספֿער. מיר זענען אַרויס אַנטקעגן אַ הילצערנער פּלאַטפֿאָרמע. פֿאַר מיר האָט זיך פֿאָרגעשטעלט איינער פֿון די אָפּשטויסנדיקסטע סימבאָלן פֿון דער נאָכמלחמהדיקער צײַט — די „בערלינער וואַנט".

ס'איז געווען מײַן ערשטער וויזיט אין דער געוועזענער הויפּטשטאָט פֿון דריטן רײַך, אויסער אַ קורצן אָפּהאַלט מיט דרײַסיק יאָר צוריק אין אַ דערבײַיִקן קאָנצענטראַציע־לאַגער אויף מײַן וועג פֿון אוישוויץ קיין קאַופֿערינג. דאָס מאָל בין איך געקומען רעדן אויף אַ קאָנפֿערענץ, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט מיטגלידער פֿון דער מערבֿ־דײַטשישער רעגירונג. אָבער צו ערשט איז געווען דער ריטואַל, וואָס איז געוואָרן אַ מוזאַך.

אַזוי ווי מיר זענען געשטאַנען אויפֿן פּאָדיום, האָבן מײַנע גאַסטגעבערס, זעט אויס, דערוואַרט, איך זאָל עפּעס זאָגן אַזוינס וואָס זאָל זיי געבן אַ צייכן פֿון מאָראַלישער אונטערשטיצונג, וואָס זאָל זיי אָנווײַזן אויף מײַן שטעלונג: אפֿשר דערקלערן „איך בין אַ בערלינער", ווי דזשאָן פֿ. קענעדי האָט עס אַזוי איינדרוקספֿול געמאַכט ווען ער האָט באַזוכט דאָס דאָזיקע אָרט אין 1961.

פֿאַרקערט, די שטעכלדראָטן, אָבסערוואַציע־טורעמס, די פּאָליציי מיט אירע ווילדע הינט — זיי אַלע דאָרטן, אויף דער אַנדערער זײַט, ווי אַ טייל פֿון אַ גרויליקן אָרגאַניזירטן פּלאַן צו פֿאַרצוימען דעם וועג צו פֿרײַהייט — האָבן מיר דערמאָנט אַזוי בולט די טראַגעדיעס און אַבסורדן פֿון עָבֿר.

כ'האָב געטראַכט וועגן די דײַטשישע מאַרטירערס, וואָס האָבן געקלע־

טערט איבער דער העסלעכער וואַנט פֿון שׂינאה, און זיי האָבן מיר דערמאָנט די מענטשן, וואָס האָבן אויס פֿאַרצווייפֿלונג געזוכט זייער ענדגילטיקע פּריוואַ־היט דורכן וואַרפֿן זיך אויף די עלעקטריזירטע שטעכלדראָטן... אין אַנדערע ערטער און אַנדערע צײַטן.

מײַנע געפֿילן זענען געווען צו מבולבלדיק, צו היפּוכדיק, צוזאַמען מיט אַ טיפֿן אומעט איז געווען אַ ניט־צופֿרידנשטעלנדיק געפֿיל פֿון אַ ביטערן נצחון. איצט האָבן די דײַטשן אויך, להבדיל, אַ כּותל־מערבֿי, כּמעט אַזאַ ווי דער, וועלכן זיי האָבן אויפֿגעשטעלט אַרום דעם ביאַליסטאָקער געטאָ אָפּצוזונדערן מײַן פֿאָלק פֿון די אַנדערע פֿעלקער אויף דער וועלט; כּמעט ווי דער כּותל אין ירושלים וואָס האָט מיך געבראַכט צו טרערן, ווען איך האָב געזען מײַן פֿאָלק ווידער דאַוועגנדיק לעבן אים.

מײַן געשיכטע איז געווען ניט אָפּצוטיילן פֿון דער געשיכטע פֿון דײַטש־לאַנד — די אַנדערע זײַט פֿון דער זעלבער ווייטיקדיקער מטבע. דער קלאָגרוף „קיין מאָל ניט מער!‟ איז געווען זייערער, פּונקט אַזוי ווי מײַנער. דער קאַנצלער ווילי בראַנדט האָט עס קלאָר באַטאָנט, ווען אויף אַ וויזיט צום אָנדענק פֿון וואַרשעווער געטאָ איז ער געפֿאַלן אויף די קני פֿאַרן מאָנומענט פֿאַר די אויפֿשטענדלערס, און שטיל געבעטן מחילה אין נאָמען פֿון דײַטשישן פֿאָלק, — דער זעלבער ווילי בראַנדט, וואָס איז אין צײַט פֿון דער מלחמה בעסער אַוועק אין גלות און אין אַ נאָרוועגישער אַרמיי־אוניפֿאָרעם, געקעמפֿט קעגן זײַן משוגע געוואָרענעם פֿאָטערלאַנד.

זאָלן מײַנע גאַסטגעבערס דאָס אַלץ איבערטראַכטן צווישן זיך אַליין און עס דערקלערן זייערע קינדער, אויב ס׳אַרט זיי און אויב זיי קאָנען עס טאָן. ניט איך האָב זיי געדאַרפֿט דערמאָנען זייער פֿאַרגאַנגענהייט. לויט מיר וואָלט מען אפֿשר געקאָנט געפֿינען אַ שטיקל אײַנזעעניש מיט זיי, אַז אין דער צײַט ווען מײַן מאַמע האָט מיך אָנגעטאָן אין לאַנגע הויזן, וועלנדיק מיך דערווײַטערן פֿון זייערע אויוונס, האָבן געוויסע דײַטשישע מאַמעס אָנגעטאָן זייערע זין אין קורצע הויזן, כּדי צו דערווײַטערן זיי פֿון דער עס־עס. אפֿשר...

ניין, איך בין געוויס ניט געווען דער ריכטיקער מענטש פֿאַר דער באַשטימטער צערעמאָניע. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך זיך אויסגעדרייט, אַראָפּגעגאַנגען פֿון די טרעפּ און אַרײַן אין אויטאָ.

דעם קומענדיקן טאָג בין איך ווידער אַליין אַוועק צו דער בערלינער וואַנט. מעדיטירנדיק אין יחידות, האָב איך זיך דערמאָנט, זײַענדיק אַ צוועלף־יאָריק ייִנגל, געצוווּנגען צײַטווײַליק צו ווערן אַ סאָוועטישער בירגער און דורכמאַכן אַ מוח־שווענקונג אין זייער אידעאָלאָגיע, האָב איך געחלומט צו ווערן אַ גענעראַל אין דער רויטער אַרמיי. ווען דער חלום וואָלט מקוים געוואָרן, וואָלט איך איצט געווען אויף דער אַנדערער זײַט, פאַרטיידיקנדיק דאָגמעס מיט וועלכע איך מיאוס זיך הײַנט... אפשר... אומענדלעכע פּאַנטאַזיעס וועגן די צופעליקייטן וואָס באַשטימען די התחײַבותן און לאָיאַליטעטן פון מענטשן. ניט סתם פּאַנטאַזיעס: צוויי פון מײַנע אייגענע קוזינס וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן דורך די סאָוועטן פון ביאַליסטאָק אויף מיזרח, האָבן געקעמפט און פאַרלאָרן אֵברים בײַם פאַרטיידיקן סטאַלינגראַד.

כ׳האָב געדענקט אַ יונגן רוסישן מלחמה־געפאַנגענעם אין אוישוויץ, וואָס איז פאַרמישפּט געוואָרן צו תּליה פאַרן פּרובירן אַנטלויפן. ווען מען האָט אים געפירט צום אימפּראָוויזירטן עשאַפאָט, זײַנע הענט געבונדן אויף הינטן און דער שטריק אַרויפגעטאָן אַרום זײַן האַלדז, האָט ער הויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויסגעשריִען: „סטאַלין און פרײַהייט וועלן זיגן!״

איך געדענק דעם ציטער וואָס איז אַדורך איבער מײַן חוט־השדרה פון זײַן דורכגעריסענעם אויסגעשריי, ווען איך מיט מײַנע חברים בין געשטאַנען אויף אַכטונג, מיט די היטלען אַראָפּ. ס׳איז געווען אַן אויסגעשריי פון פאַראַכטונג, וואָס אַזוינס איז זעלטן ווען געהערט געוואָרן אין דער געהאַרכיקער מדינה פון די פאַרשאַלטענע.

זײַן זשעסט איז געווען פּונקט אַזוי האַרצרײַסנדיק ווי אומנוציק. אַן עס־עס־מאַן האָט באַלד זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן מיט אַ מעסער און אים צעשניטן די צונג. דאָס אומבאַגרײַפלעכע האָט איצט פּאַסירט. ווען מען האָט געהאַלטן בײַ אַרויסשטויסן דאָס בענקל פון אונטער זײַנע פיס, האָט דער רוס — בלוט האָט זיך געגאָסן פון זײַן צעשעדיקטן פּנים — מיט די לעצטע כּוחות זיך געגעבן אַ שטויס פאָרויס, אַ שווּנג געטאָן אויפן שטריק און מיטן לעצטן אָטעם דערלאַנגט אַ זעץ מיט זײַנע הילצערנע שיך אין דעם עס־עס־מאַנס קינבאַק. נישט צו גלייבן, דער דײַטש איז געפאַלן, בעת מיר האָבן דערהערט דעם בראַזג פון האַלץ אין ביין. ווען ס׳איז שוין געווען

גאָך אַלעמען, זענען צײַנער געלעגן אויף דער ערד. מיר האָבן זיך געראַנגלט, בכדי אַרײַנצוקריגן זיי פאַר אַ רעליקוויע...

דער אויפטו פון יונגען רוס וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ מוט, האָט געקאָנט קומען נאָר פון אַ טיפן גלויבן. אָבער אין וואָס האָט ער געגלייבט? צי האָט ער געוווּסט דעם אמת וועגן סטאַלינען? ער האָט ניט געוווּסט מער, ווי די הונ־דערטער טויזנטער פון זײַנע חברים, העלדיש געפאַלענע פאַר סטאַלינגראַד — אַ שטאָט וואָס רופט זיך אַפילו ניט הײַנט אויף סטאַלינס נאָמען. וואָס זײַן גלויבן זאָל ניט האָבן געווען, האָט עס אים געהאָלפן שטאַרבן. אָבער, גאָט מײַנער, צוליב וועלכן צוועק? מוז עס שטענדיק אַזוי זײַן? מוז יעדע איבער־געגעבנקייט צו אַן אידעאַל זיך פאַרענדיקן מיט אַן אילוזיע, אַן אַנטוישונג און לסוף — אַן אַקט קעגן זיך אַליין?

דער שוואַרצער אַמעריקאַנער זעלנער וואָס האָט לעבן דאַכאַו מיך פאַר־זיכערט ניט געטראָפן צו ווערן פון די מאַשין־געווערן, וואָס האָבן געקנאַלט אַרום אונדז, איז געקומען באַפרײַען אייראָפּע. צוואַנציק יאָר שפּעטער איז זײַן זון געשיקט געוואָרן קיין וויעטנאַם — אויך צו קעמפן פאַר פרײַהייט און זיך צוריקגעקערט אַ צעבראָכענער מענטש. זײַן לעבן איז אויף אייביק געפּטרט געוואָרן דורך אַ שמוציקער מלחמה.

ווען די מידע רוסישע און אַמעריקאַנער זעלנער האָבן זיך באַגעגנט לעבן בערלין, אין 1945, האָבן זיי קוים געקאָנט באַהערשן זייערע געפילן. ניט קאָנענדיק זיך צונויפרעדן איינער מיטן צווייטן, האָבן זיי זיך אַרומגע־נומען, געקלאַפּט איינער דעם צווייטן אויף דער פּלייצע און אויסגעשריִען: „רוסקי — אַמעריקאַנסקי, אָקיי!"

צוזאַמען זענען זיי געגאַנגען ברענגען שלום פאַר דעם בלוט־דורכגע־ווייקטן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט, איין מאָל פאַר אַלע מאָל! אָבער פון דעסט־וועגן איז עס ניט געווען „אָקיי", זיי זענען עפּעס דורכגעפאַלן. אייראָפּע איז ווידער געוואָרן דאָס שוצאָרט פאַר אַלע קאָשמאַרן און פּסיכאָזן פון דער געשיכטע, פאַר וועלכע מײַן פאָלק איז ווידער און ווידער אַ מאָל געצוווּנגען געוואָרן צו צאָלן אַ שרעקלעכן בלוטפּרײַז, סײַ אין מיזרח, סײַ אין מערב.

*

כ׳האָב זיך צוריקגעקערט פון אַ נסיעה קיין וואַשינגטאָן און נאָך אַן אויסמאַטערנדיקן נאַכטפלי זיך פאַרהאַלטן אין מײַן ביוראָ אויפן וועג אַהיים.

קאַרלאַ לויס, מײַן סעקרעטאַרין, האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳האָט צו מיר טעלעפאָנירט זשאַן־זשאַק סערוואַן־שרײַבער, דער גרינדער און אַרויסגעבער פון „ל׳עקספּרעס״.

כ׳האָב שטענדיק געוואָלט זיך באַקענען מיט אָט דעם מענטש, וועמענס באַרימטע און צײַטנווײַז אַרויסרופערישע פאַראַכטונג צו קאָנווענציאָנעלער פּאָליטיק האָט מיך ממש פאַרכּישופט. כ׳האָב באַוווּנדערט זײַנע שריפטן, באַזונדערש זײַן שטאַרק בוך „דער אַמעריקאַנער אַרויסרוף״ — אַ רוף צו אַן אייראָפּעיִשן ווידער־געבורט דורכן אָננעמען אַמעריקאַנער מעטאָדן אין דער אינדוסטריע און אָנפירונג. אויך זײַן פריִערדיק קלאַסיש ווערק „דער לייטענאַנט אין אַלזשיר״ — אַ מוטיקע און נביאותדיקע וואָרענונג קעגן די צרות, וואָס פראַנקרײַך וועט אַליין אויף זיך ברענגען וועלנדיק אײַנהאַלטן אירע צפון־אַפריקאַנער קאָלאָניעס. כ׳האָב תּיכּף צו אים געקלונגען און באַלד עס כּמעט ווי באַדויערט.

ער האָט געוואָלט, איך זאָל פליִען קיין אַטען. די גריכישע קאָלאָנעלן, וועמענס געמיינער רעזשים איז שוין געווען זעקס יאָר אַלט, האָבן געפּאָדערט טויטשטראָף פאַר פיר און דרײַסיק פּאָליטישע קעגנערס.

צווישן די פאַרמישפּטע איז געווען דער קאָמפּאָזיטאָר מיקיס טעאָדאָ־ראַקיס, אויטאָר פון דער מוזיק פאַר „זאָרבאַ דער גריך״, אַ סימבאָל פון קעגנערשאַפט צו דער כונטעס הערשאַפט; און מאַנאָליס גלעזאָס, אַ העלד פון דער גריכישער יוגנט, וואָס האָט בעת דער דײַטשישער אָקופּאַציע אַרויפ־געקלעטערט אין מיטן העלן טאָג אויף דעם אַקראָפּאָליס און אַראָפּגעריסן די נאַצי־פאָן.

סערוואַן־שרײַבער האָט געהאַלטן בײַם פליִען קיין אַטען מיט אַ גרופּע געוועזענע ווידערשטאַנד־פירערס, בכדי צו אונטערהאַנדלען מיט די קאָלאָ־נעלן וועגן לעבן פון די אַרעסטירטע.

„ווי אַן אַמעריקאַנער און אַן אַדוואָקאַט, זענען דאָ געוויסע אינטערווענצן וועלכע איר וועט, אָן ספק, קאָנען מאַכן,״ האָט ער אָנגעהויבן.

איך בין ניט געווען זיכער, וואָסערע אינטערווענצן ער האָט בדעה, אָדער וועגן וועלכע פֿאַרבינדונגען ער האָט געטראַכט, אַז איך האָב זיי אין וואַשינג־טאָן, וואָס וואָלטן געקאָנט ברענגען נוצן אין דעם ענין. ס׳איז אָבער געווען אַ ווענדונג, וועלכע כ׳האָב ניט געקאָנט מיט אַ רויִק געמיט אָפּזאָגן. טראַכטנ־דיק אויף צוריק נעם איך אָן, אַז ער האָט געמיינט, אַז אַזוי ווי די אַמעריקאַנער זענען געווען פֿאַרמישט אין אונטערשטיצן זייער רעזשים, וועלן די קאָלאָנעלן אפשר זײַן ווייניקער גענייגט צו איגנאָרירן די ווענדונג פֿון אַן אַמעריקאַנער ווי פֿון אַ פֿראַנצויז.

„אויב איך זאָל אָפּרוקן עטלעכע צוזאַמענטרעפֿן,“ האָב איך געקוקט אויף מײַן קאַלענדאַר, „וואָלט איך געקאָנט פֿליִען ערשט סוף קומענדיקע וואָך.“

„איך פֿאַרשטייט ניט. אַ גרופּע גריכישע סטודענטן איז געקומען צו מיר הײַנט אין דער פֿרי. דער ענין איז דרינגענדיק. מיר האָבן אַן עראָפּלאַן, גרייט אָפּצופֿליִען אין אַנדערטהאַלבן שעה אַרום.“

„אַנדערטהאַלבן שעה! זעט, איך בין געווען אַוועקגעפֿאָרן פֿון לאַנד אויף צוויי וואָכן. בין אָקערשט צוריקגעקומען. כ׳בין נאָך אַפֿילו ניט געווען אין דער היים.“

„איך וועל אײַך קומען נעמען אין אַ שעה אַרום,“ האָט ער געזאָגט מיט אַן אַנטשלאָסנקייט פֿון אַ ניקאָ.

כ׳בין האַסטיק אַוועק אַהיים איבערצופּאַקן מײַן וואַליזקע און געוואַרט אויף אים אונטן. מיר האָבן זיך געגעבן די הענט אויפֿן טראָטואַר פֿאַר מײַן הויז, און ער האָט אַרײַנגעוואָרפֿן מײַן וואַליזקע אין באַגאַזש־קאַסטן. אויפֿן וועג צום „לע בורזשע“־פֿליפֿלאַץ בין איך געזעסן שווײַגנדיק לעבן דעם אַנטשלאָסענעם מאַן, טראַכטנדיק וועגן דעם וואָס איך בין געגאַנגען טאָן, זיך אַרײַנלאָזנדיק אין אַ גריכישער אַוואַנטורע מיט מענטשן, וואָס וועגן זיי און זייערע צילן האָב איך כמעט גאָרנישט ניט געוווּסט. צי איז עס דער אַלטער לאַנדסבערגער שטאַרקער חשק ווידער צו טאָן זאַכן? — האָב איך זיך געחידושט.

אין דעם קליינעם פּריוואַטן עראָפּלאַן האָב איך געטראָפֿן די אַנדערע דרײַ מיטגלידער פֿון דער גרופּע — פֿראַנקרײַכס אָנפֿירנדיקן אַטאָמישן

וויסנשאַפטלער, אַ באַרימטער פּראָפעסאָר פון מעדיצין און אַ שטאַרק דעקאָ־רירטער גענעראַל, איינער פון דע־גאָלס נאָענטסטע מיטאַרבעטער בעת דער מלחמה. איך האָב פאַרשטאַנען, פאַר וואָס זיי האָבן זיך באַטייליקט אין דער מיסיע. אָבער צי האָבן זיי געוווּסט, פאַר וואָס איך בין מסכּים געווען מיט־צופאָרן? זיי האָבן אפשר געקלערט, אַז פאַר מיר איז עס געווען אַן אַרבעט ווי יעדע אַנדערע צו פאַרלייגן אַן עצה און הילף אין אַ פאַרוויקלטער לע־גאַלער און דיפּלאָמאַטישער סיטואַציע.

בעת מיר האָבן געוואַרט אין אונדזער האָטעל אין אַטען אויף אַ טעלעפאָן־קלונג פון דעם פּרעמיער־מיניסטער, קאָלאָנעל פּאַפּאַדאָפּולאָס, האָבן מײַנע קאָמפּאַניאָנען גערעדט לאַקאָניש וועגן דער נאַצי־אָקופּאַציע פון גריכנלאַנד און דעם גריכישן בירגערקריג פון 1947.

„איך נעם אָן," האָט דער פּראָפעסאָר זיך געווענדט צו מיר, „אַז די געשעענישן האָבן אויף אײַך ניט געהאַט קיין גרויסע ווירקונג אין דער ווײַטער אַמעריקע?"

כ'האָב איצט געטאָן אַזוינס, וואָס כ'האָב קיין מאָל פאַר דעם בכּיוון ניט געטאָן: פאַרקאַטשעט דעם אַרבל, זיי זאָלן זען דעם אויסגעטאַטוירטן אוישוויץ־נומער אויף מײַן אָרעם. זיי האָבן אים אָנגעקוקט, ניט קאָנענדיק גלייבן.

סערוואַן־שרײַבער האָט פאַרמאַכט די אויגן און באַלד איבערגעריסן די שטילקייט: „מײַנע הערן, פון דעם מאָמענט אָן זענען מיר אַלע מיטגלידער פון דער גריכישער רעזיסטאַנץ. מיר האָבן אַ סך אַרבעט אויפצוטאָן."

*

מיר האָבן געפירט אונטערהאַנדלונגען טאָג און נאַכט מיט עטלעכע מיט־גלידער פון דער כונטע. ס'איז געווען אַ שטורמישע מיסיע, זי האָט אָבער געהאַט אַ פּעולה. די קאָלאָנעלן זענען צו ערשט געווען האַרטנעקיק: אַלע פיר און דרײַסיק וועלן דערשאָסן ווערן. זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט קיין פײַנדלעכע רעקלאַמע אין דער צײַט, ווען זייערע ביטעס אויף מיליטערישער הילף זענען נאָך ניט באַהאַנדלט געוואָרן דורכן אַמעריקאַנער קאָנגרעס. אַזוי אַרום, הגם קאַפּריזע ווי אַלע טיראַנען, גרויסע אָדער קליינע, האָבן זיי פּלוצעם געביטן די ריכטונג.

טעאַדאָראַקיס, וואָס איז קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז, איז דער ערשטער באַפֿרײַט געוואָרן און מען האָט אים דערלויבט צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. זײַן פֿרוי און צוויי קינדער האָבן אָבער געדאַרפֿט פֿאַרבלײַבן — ערוב־ניקעס, צו פֿאַרזיכערן זײַן שווײַגן.

דאָס איז געווען אַ באַדינג, וועלכן מר האָבן ניט געקאָנט אָננעמען. איך האָב געזען ווי די פֿראַנצויזן האָבן ספּעקולירנדיק מיך געשטודירט. ס'האָט אויסגעזען, אַז די צײַט פֿאַר „אַמעריקאַנער אינטערווענץ" איז געקומען.

סערוואַן־שרײַבערס געדאַנק איז געווען טעלעפֿאָנירן צו זשאַקלין אָנאַסיס. זיכער איז זי ניט אָן פֿרײַנד אין וואַשינגטאָן. און איר נײַער מאַן איז געוויס ניט אָן פֿרײַנד אין אַטען.

מיר האָבן באַקומען אַ פֿאַרבינדונג מיט זשאַקלין אין פּאַריז פּונקט, ווען זי און אַריסטאָטעלעס אָנאַסיס האָבן געהאַלטן בײַם אַרויספֿליִען צו זייער אינדזל סקאָרפּיאָס. זי האָט פֿאַרגעלייגט מיר זאָלן קומען צו זיי אַהין.

אַ ספּעציעלער אַמפֿיביע־עראָפּלאַן האָט אונדז גענומען אין קאָרפֿו און אַראָפּגעלאָזט אין ים־אויסגוס פֿון סקאָרפּיאָס. די לוקסוס־יאַכטשיף „קריסטמעס" איז געווען פֿאַראַנקערט. דאָס באַרימטע פּאָרל האָט אונדז אָפּגעוואַרט אויף דער ברעגדאַמבע, בײַם אַרײַנגאַנג צו זייער מלוכה. אָנאַסיס האָט גענומען מײַנע קאָמפּאַניאָנען מיט אים אין אײן דזשיפּ; זשאַקלין און איך האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין צווייטן.

ווען מיר זענען איצט געווען אַליין, האָט זי מיך געבעטן פֿירן דעם אויטאָ.

איך האָב געקוקט אויף דער לאַנדשאַפֿט. אין דער שײַן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון האָט סקאָרפּיאָס אויסגעזען צו זײַן די אומרעאַלע ראַם פֿון אַבסאָלוטן עגאָיזם, אַ פֿאַראַדיז פֿון דער גריכישער מיטאָלאָגיע.

„דזשעקי," האָב איך געזאָגט, ניט קאָנענדיק זי רופֿן „פֿרוי אָנאַסיס".

כ'האָב זי ניט געזען זינט מײַן פֿריִערדיקער וואַשינגטאָנער צײַט און כ'האָב ניט געקאָנט זיך צוגעווינען זי צו זען אַנדערש ווי זי איז געווען, ווען כ'האָב זי געזען דאָס ערשטע מאָל מיט דזשאָן פֿ. קענעדי אויף דעם קרוינונגס־באַל אין וואַשינגטאָנער אַרסענאַל־זאַל.

אָן גרים, שלעכט פֿאַרקעמט, איז זי נאָך אַלץ געווען איבעראַשנדיק שיין און מאַיעסטעטיש. איך האָב געוווּסט, אַז אין סתּירה צו די רכילותן,

איז זי געווען מער ווי אַ צירונג אין ווײַסן הויז. זי איז געווען אַ פּערזענלעכ־קייט מיט אַן אויטאָריטאַטיווער מיינונג אין ממשותדיקע פּראָבלעמען און אַ ראַטגעבערין פֿאַרן פּרעזידענט, פּאַר באָב קענעדי און טעד קענעדי. האָט מען זיך מיט איר געמוזט רעכענען. זי איז באַלד מסכּים געווען, אַז דער פֿאָרשלאָג צו האַלטן טעאָדאָראַקיסעס משפּחה ווי ערובניקעס איז סקאַנדאַליעז.

„אפשר וואָלט איר אָנגעטעלעפֿאָנירט אין ווײַסן הויז. איר געדענקט נאָך דעם נומער, ניין?" האָב איך געזאָגט און באַלד חרטה געהאַט. „ריטשאַרד ניקסאָן וואָלט געקאָנט שיקן אַ מעלדונג צו די קאָלאָנעלן. אַזוי וואָלט אויך געקאָנט טאָן מעלווין לעירד פֿונעם פּענטאַגאָן. ער שיקט זיי טאָנען מיליטעי־רישע אויסשטאַטונג. וואָלטן זיי זיך צוגעהערט צו אים."

זי האָט אַ בלאָסן שמייכל געטאָן. „איך גלייב ניט, אַז איך האָב נאָך אַ וועלכע ניט איז השפּעה אויף ביידע ערטער, סעם."

„מיר מוזן עפּעס טאָן," האָב איך געזאָגט, ניט באַמיִענדיק זיך אויס־צובאַהאַלטן מײַן אומגעדולד. „ס'איז זייער ניט אָנגענעם פֿאַר אײַך, אַ מאַמע פֿון צוויי קינדער, צו לעבן אין דער מדינה, כּל־זמן טעאָדאָראַקיסעס פֿרוי און זייערע צוויי קינדער איז ניט דערלויבט אַרויסצופֿאָרן."

„זאָרגט ניט, אַרי וועט שוין עפּעס צוטראַכטן."

זי האָט גענומען איר מאַן אין אַ זײַט ווען מיר זענען צוגעקומען צום הויז, און גערעדט צו אים מיט התלהבות. דער גריכישער עושר וואָס האָט אונדז געהאַט באַגריסט אין אַ כּמעט שפּילעוודיקער שטימונג, האָט אויס־געהערט מיט אַן אומעטיק פּנים און געקוועטשט מיט זײַנע מאַסיווע פּלייצעס. זיך משתדל זײַן לטובת פּאָליטישע אַרעסטירטע האָט זיך ניט געפּאַסט צו זײַן אופֿן זען זאַכן. צו פֿיל אַנדערע אינטערעסן זענען בײַ אים געשטאַנען אין קאָן.

געשפּאַנט און אויסדרוקלאָז האָט דזשעקי געוואַרט, אײַנגייענדיק שטי־לערהייט אויף איר מאַנס אויסמײַדנדיקע ענטפֿערס.

איך געדענק דעם קורצן וויזיט ניט צוליב עפּעס, וואָס איז געוואָרן דערגרייכט. „אַרי," האָט זי מיך אינפֿאָרמירט, „האָט געפֿילט, אַז ער דאַרף זײַן נייטראַל אין דעם ענין". צוליבן קוק וואָס כ'האָב געכאַפּט אויף זשאַקלין קענעדי און געזען ווי זי איז נאָכגיביק און מאַכטלאָז, האָט מיך פֿאַרקלעמט

בײַם האַרצן. זי האָט אַ מאָל רעפּרעזענטירט פאַר מיר אַמעריקע. כ׳האָב געדענקט דעם פּרעכטיקן אָוונט־מאָלצײַט אין ווערסײַ, ווען דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אין שפּאַס זיך פאַרגעשטעלט פאַרן גענע־ראַל דע גאָל, ווי דער מאַן פון זשאַקלין קענעדי. איצט איז זי געשטאַנען עלנט און אַנטוישט: פאַרבונדן מיט מאַכט, חתונה געהאַט פאַר מאַכט, ניט קאָנענדיק העלפן אַן אומשולדיקע פרוי מיט אירע צוויי קינדער.

אין אַן אַנדערער צײַט, אויף אַן אַנדער אָרט, האָט מען אויך גאָרנישט ניט געקאָנט פועלן פאַר מײַן מאַמען, פאַר מײַן שוועסטער און מיר.

דער געהיימער טייל פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געשפּילט זײַן ראָלע בײַם ברענגען די קאָלאָנעלן צו דער מאַכט; דער אָפענער טייל פון דער רעגירונג האָט זיי איצט אונטערשטיצט מיט געווער. אַלץ אין נאָמען פון מיליטערישער סאָלידאַריטעט. די עקסיסטענץ, זיכערקייט און גליק פון אַ מאַמען און אירע פּיצלעך קינדער, אַלץ וואָס איז אַבסטראַקט פאָרמולירט, ווי „מענטשנרעכט״, קאָן מען ניט אַנטקעגנשטעלן אַזעלכע אָפּמאַכן.

די גאַנצע קענעדי־קראַפט און חן, וואָס איך האָב געזען אין 1960, איז איצט געווען ווײַט און אָן קיין שום שײַכות. נאָך אַ מאָל, אָבער דאָס מאָל אין אומעט און פאַרלוירנקייט, האָט זשאַקלין רעפּרעזענטירט פאַר מיר אַמעריקע.

צום סוף האָבן מיר דערגרייכט אונדזער ציל אויף אַן אופן, וואָס דערצו האָט מען געדאַרפט די קענטעניש און דרייסטקייט פון אַ סערוואַן־שרײַבער — ניקאָ־קאָמבינאַציע צום אויספּלאַנירן און עס דורכצופירן מיט הצלחה. פרוי טעאָדאָראַקיס מיט אירע צוויי קינדער זענען אַרויסגעשמוגלט געוואָרן פון לאַנד דורך אַ קאָמאַנדאָ־אָנגריף אין אַ געיעג־שיפל איבער די גריכישע און טערקישע וואַסערן, פּרעכטיק אויסגעפירט דורך אַ יונגער פראַנצייזישער פרוי, מאַרי בערנאַדעט רעמבאָ, אַליין אַ מאַמע פון צוויי קינדער. ווען ציוויליזירטע און דיפּלאָמאַטישע מעטאָדן העלפן ניט, מוז מען זיך אומקערן צו פּרימיטיווע אינסטינקטן און צו מעשׂים פון ווידערשטאַנד־קעמפערס.

✶

עס זענען געווען צו יענער צײַט צוויי פונדאַמענטאַל קאָמפּראָמיסלאָזע טיפּן פון רעזשימען אויף דעם אייראָפּעיִשן קאָנטינענט — אַ פּראָגרעסירנ־דיקע פאָרעם פון סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין צפון, וואָס האָט זיך אויסגע־שפּרייט צו די סקאַנדינאַווישע לענדער, און דרײַ אונטערדריקנדיקע דיקטאַ־טורן אין דרום — שפּאַניע מיט גענעראַל פראַנקאָ, פּאָרטוגאַל מיט סאַלאַזאַר און גריכנלאַנד מיט די קאָלאָנעלן בראָש. קיין שום זאַכלעכער דיאַלאָג צווישן די צוויי עקסטרעמען און קיין טריט פאָרויס צו אַן אייראָפּעיִשער איינהייט. אַן איינהייט וואָס זאָל אויסמײַדן אַן איבערחזרונג פון די בלוטיקע קאָשמאַרן פון עָבר, איז ניט געווען מעגלעך, כּל־זמן דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן. אַ סך מענטשן מיט גוטע כּוונות, בתוכם זייער בכּבודיקע אינטע־לעקטואַלן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און אייראָפּע, האָבן אויסגעדריקט זייער קעגנערשאַפט צו די רעזשימען, אָבער מערסטנס נאָר דורך אונטער־שרײַבן זייערע נעמען אויף עלאָקווענטע פּעטיציעס, וואָס זענען לסוף אַרײַנ־געפאַלן אין די אָפּפאַלקוישן פון זייערע אַמבאַסאַדעס אין אויסלאַנד. הגם איך האָב ניט געהאַט קיין מאַנדאַט פון קיינעם און כ׳האָב זיך אין דעם ענין געפונען דורך אַ צופאַל, האָב איך געפילט אַז ס׳איז ניט קיין שלעכטע זאַך פאַר אַן אַמעריקאַנער בירגער צו געבן אַ האַנט אין אַ הומאַניטאַרן אָנשטרענג. דאָס וואָס אַמעריקע האָט געפונען פאַר נייטיק צו גיין אַזוי ווײַט מיט מילי־טערישע און פינאַנסיעלע הילף אויף צו שטיצן אַ קליקע פון ווולגאַרע און עם־הארצדיקע דיקטאַטאָרן בײַם סאַמע מקור פון דער דעמאָקראַטיע, איז געווען שווער צו פאַרשטיין און פאַרדײַען.

ס׳איז געווען קלאָר, אַז די פּלאַנירערס אין וואַשינגטאָן האָבן, שטיצנדיק די קאָלאָנעלן, געגלייבט, אַז מיליטעריש נוצן איז וויכטיקער, ווי רעספּעקט פאַר די עלעמענטאַרסטע מענטשנרעכט און די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַראייניקונג פון אַ דעמאָקראַטישער אייראָפּע.

איז קיין וווּנדער ניט וואָס עס קומען פאַר שמועסן, פולע מיט זאָרג וועגן דעם דעמאָראַליזירטן צושטאַנד פון די נאַטאָ־דיוויזיעס; און אַז אין האָלאַנד האָט אַ יונגער פּאָליטיקער באַקומען אַ בכּבודיקע צאָל אָנהענגערס פאַרן פאָרשלאָג, אַז אין פאַל פון אַ סאָוועטישן אָנגריף זאָל די האָלענדישע

באַפעלקערונג ניט שטעלן קיין ווידערשטאַנד און די האָלענדישע אַרמייען זאָלן אַנידערלייגן זייער געווער.

זעלטן ווען אין דער מאָדערנער געשיכטע זענען די יינגערע מענטשן פון איין מדינה נאָך דער צווייטער געווען — מיט דער איבערגעטריבענער קלאָרקייט פון יוגנט — אַזוי אויסגעהאַלטן אין זייער אָפּגעפרעמדקייט פון דעם, וואָס זיי האָבן געזען ווי אַ געזעלשאַפט וואָס האָט פאַרלוירן איר וועג. אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיי, וויעטניקסטנס, געהאַט זייער מאָמענט פון גלאָריע, ווען זיי האָבן געהאָלפן אויפוועקן די מדינה צו אַ ווידערשטאַנד קעגן דער וויעטנאַמער מלחמה. אין אייראָפּע איז זייער פאַרמעסט משפּיע צו זײַן אויף דער שטעלונג פון זייערע רעגירונגען, צוריקגעשטויסן געוואָרן דורך אַן אָנפירונג וואָס האַלט זיך בײַ דער מיינונג, אַז די יונגע דאַרפן וויסן זייער אָרט.

דאָס אַלץ האָט דערבראַכט צו אַ געפיל פון שוואַכקייט, אומאַנטשלאָסנ־קייט, זעלבסט־צווייפל — אַ געפיל, וועלכן קיין שום צוזאַמענשטעל פון פּראָ־דוקציע־סטאַטיסטיקעס אָדער קאַמף־ראַקעטעס פון נאַטאָ וועלן ניט קאָנען באַזײַטיקן. ס'איז געווען אַזוי ווי אַ זומפּפיבער פון די חורבנס אין די נאָכמלחמהדיקע יאָרן וואָלט נקמה גענומען אין דעם פּראָגרעס, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט און מיט אײַנגערעדטע קרענק פאַרטונקלט ממשותדיקע דער־גרייכונגען.

די פּלאַנירערס אין וואַשינגטאָן האָבן ניט באַגריפן, אַז וואָס פאַר אַ השפּעה דעמאָראַליזאַציע, נאַרקאָטיקס אָדער לאַנגע האָר זאָלן ניט האָבן אויף דער מלחמה־גרייטקייט, זענען זיי מער ווי באַלאַנסירט דורך די ספּקדיקע לאָיאַלקייטן פון די מיזרח־אייראָפּעיִשע דיוויזיעס פון וואַרשעווער פּאַקט.

די רוסן זענען ווײַט פון צו זײַן זיכער, אַז יונגע פּאָליאַקן, טשעכן, אונגאַרן, רומענער אָדער אַפילו מיזרח־דײַטשן, אויב עס זאָל אַ מאָל קומען צו אַ באַוואָפנטן כּוחות־פאַרמעסט, וועלן געהאָרכיק אָנצילן זייער געווער אויפן מערב אַנשטאָט צום מיזרח. אין דער לעצטער מלחמה האָט אַפילו די בעסטיאַ־לישקייט פון די נאַציס ניט אָפּגעהאַלטן געוויסע עטנישע גרופּעס פון פאַרראַט. איך האָב געזען טויזנטער פון זיי אין דײַטשישע אוניפאָרמען.

ביים הײַנטיקן טאָג ווײַזט יעדע רעאַליסטישע אָפּשאַצונג פון דער סאָ־

וועטישער געזעלשאַפט, אַז די רוסן האַלטן ניט בײַם אָנפאַלן אויף מערב־אייראָפּע, אַפילו אויב זיי וואָלטן געקאָנט זײַן זיכער אויף אַ מאַרש אָן ווידערשטאַנד ביזן ענגלישן קאַנאַל; די אָקופּאַציע פון אַ ריזיקן שטח, אַ באַוווינטן דורך פאַרשיידענע פײַנדלעכע פעלקער איז ניט אַזוינס, צו וואָס דער אָנגעשפּאַנטער סאָוועטישער רעזשים שטרעבט. אָבער אַן אויסערלעכער אײַנדרוק פון שוואַכקייט קאָן באַשטימען אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פּונקט אַזוי ווי פּאַקטישע שוואַכקייט, און כּל־זמן מערב־אייראָפּע פילט זיך שוואַך, וועלן גיגאַנטישע מיליטערישע פּראָגראַמען, אונטערגענומענע צו פאַרטיידיקן זי פון אַ סאָוועטישן אָנפאַל, בלײַבן אין קראַפט — אַרויסרופנדיק קעגן־מיטלען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווו יעדע פאַרטיידיקונגס־אַקציע פון מערב ווערט געזען ווי אַ מאָטיוו פון אַגרעסיע. און אַזוי וועט די „בערלינער וואַנט” בלײַבן אויפן אָרט, צו גלײַך מיטן פאַרגליוורונגס־פּונקט צווישן די אַלץ וואַקסנדיקע רוסישע און אַמעריקאַנער אַרסענאַלן פון טויט און דער שוידערלעכער פּחד, אַז דער קאָנטינענט קאָן לײַכט ווערן די צענטראַלע אַרענע פון אַ טערמאָ־נוקלעאַרער מלחמה.

✶

דער גריכישער עפּיזאָד איז געווען מײַן ערשטער פאַרמעסט אין אייראָ־פּעיִשער פּאָליטיק. אַ פּאָר יאָר שפּעטער בין איך ווידער פאַרבעטן געוואָרן קײַן אַטען. די גריכישע קאָלאָנעלן זענען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן. אין דעם אַלטערטימלעכן אַמפיטעאַטער פון „הערָאָדעס אַטיקוס”, צופוסנס פון דעם אַקראָפּאָליס, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּלאַטפאָרמע פאַר אַ דעבאַטע וועגן דער „צוקונפט פון דעמאָקראַטיע”.

מיט מיר זענען געווען פּראָפעסאָר דזשאָן קענעט געלברייט, סין מאַק־ברײַד, גרינדער פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַמנעסטיע”, און מאַריאָ סאָאַרעש, וואָס איז נאָך יאָרן פון געפענקעניש און פײַניקונג אונטער סאַלאַ־זאַרס דיקטאַטור, איצט געווען דער פּרעמיער־מיניסטער פון פּאָרטוגאַל. ענדלעך האָבן פּאָרטוגאַל, גריכנלאַנד און שפּאַניע געוווּנען צוריק זייער פרײַהייט און אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען מיט די אַנדערע אייראָפּעיִשע דעמאָקראַטיעס וועגן זייער אָנשליסן זיך אין „בשותּפותדיקן מאַרק”. דער פּאָרקער צו זעלבסט־הערשונג האָט זיך נאָך אַלעמען ניט באַוועגט לענג־אויס

אַ גאַס מיט אַן איינזײַטיקער ריכטונג. אָבער פון די 155 מדינות וואָס זענען אָפיציעל געווען מיטגלידער פון די פֿאַראייניקטע פעלקער, האָבן נאָר בײַ צוואַנציק נאָך אַלץ פּראַקטיצירט דאָס וואָס וואָלט געקאָנט אָנגערופן ווערן דעמאָקראַטיע. און די דאָזיקע צאָל האָט אויסגעזען צו ווערן אַלץ קלענער. פון אונדזער טראַגישן יאָרהונדערט וואָס דאַרף נאָך געפינען זײַן סאָפאָקלעס, האָט דאָס אוישוויץ־קינד אַרויפגעקוקט מיט יִראת־הכבוד אויף די אָפּגע־קרישלטע זײַלן פון דעם פּאַרטענאָן, פון דער צײַט פון פּעריקלעס, דאָס וויגעלע פון דעמאָקראַטיע. אין 2500 יאָר פון געשיכטע האָט אייראָפּע אויס־געזען ווי זי וואָלט גאָרנישט ניט געלערנט, האָט ער געטראַכט בעתן רעדן צו דער הויך געשעצטער פאַרזאַמלונג. אוישוויץ האָט זי געבראַכט צוריק צו די צײַטן פון די באַרבאַרישע הונען.

אייראָפּע, לאַנד פון מײַן געבוירן, וואָס האָט אויסגעבערענט מײַן פלייש און מײַן נשמה אויפן גאַנצן לעבן, געבענטשט לאַנד פון בילדונג און קולטור, פאַרשאָלטן לאַנד פון פײַער און פינצטערניש, צי מוזסטו שטענדיק דערוועקן די גרעסטע האָפענונגען און זיי אָנטקעגנשטעלן די ביטערסטע אַנטוישונגען? צי דאַרפסטו שטענדיק דורכמאַכן די שטאַרקסטע יסורים אין דעם אייביקן פאַרמעסט צווישן דאָס בעסטע און דאָס ערגסטע? צי וועסטו איצט ווידער פאַרדאַרבן ווערן, ווען דו האָלטסט בײַם דערגרייכן דײַן נאָבלסטע אַמביציע?

דער דורות־אַלטער חלום פון אַ מערב־אייראָפּעיִשער פאַראייניקונג, ערגעץ צווישן דעם גלויבן פון די פּופּציקער און דער אַנטוישונג פון די זיבעציקער יאָרן, האָט אפשר באַקומען אַ פאַטאַלן קלאַפּ. דאָס געפיל פון תכלית און סאָלידאַריטעט וואָס איז געווען נייטיק אויף צו פאַרזען די נײַע סופּער־נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס מיט ממשותדיקער קראַפט, האָט אומעטום גאָר געבראַכט צו אויפלעבנדיקע נאַציאָנאַלע שטרעבן און היימישע חילוקי־דעותן. אַן דער וויזיע פון פּראָגרעס אין דער ריכטונג פון אַן אַלגעמיינער אייראָפּעיִשער פאַראייניקונג איז די אינערלעכע פּאָליטיק אַוועק שלעכט, אָננעמענדיק די פאָרעם פון אַ פּאַניק־מאַכנדיקן שטילשטאַנד צווישן לינקס און רעכטס, אויפגעטרייסלט דאָ און דאָרטן דורך ספּאַזמעס פון אַ כסדר אויפלעבנדיקן טעראָר, פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

האָבנדיק אָבסערווירט די גוטע באַציִונגען וואָס האָבן געהערשט צווישן

פּאָליטיקערס פון קעגנערישע פּאַרטייען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, אין ענגלאַנד, אין אויסטראַליע, האָט מיר פּשוט ווײַ געטאָן צו זען, ווי מיינונגס־פאַרשיידנקייטן אויף דער פּאָליטישער אַרענע שנײַדן דורך דאָס האַרץ פון אייראָפּעיִשע לענדער, פּונקט ווי די מיאוסע שראַם פון דער „בערלין־וואַנט״ שנײַדט איבער דאָס האַרץ פון קאָנטינענט. אין פראַנקרײַך, למשל, האָט עס אויסגעזען כּמעט ווי פאַרועטעריש, ווען צוויי פּאָליטישע קעגנערס, וועמענס דיפערענצן האָבן אויסגעזען פאַר אַ זײַטיקן נאָר ווי אַ פראַגע פון אַקצענטירונג, צו שמועסן פרײַנדלעך אין אַ געזעלשאַפטלעכן ענין.

צום סוף בין איך געקומען צום אויספיר, אַז אַ פאַרפּליכטונג סײַ צום פּאָליטישן לינקס און סײַ צום פּאָליטישן רעכטס קומט צו דער זעלבער זאַך: צוויי פאַרשיידענע וועגן אויף זיך אָנצוהאַלטן אין דער פאַרגאַנגענהייט. פון מײַן זײַט האָב איך אָנגעהאַלטן די בעסטע פּערזענלעכע באַציִונגען מיט פאָרשטייערס פון די פאַרשיידנסטע ריכטונגען פון דער אייראָפּעיִשער דעמאָקראַטישער מיינונג.

יהודית איז אין דער צווישנצײַט אויסגעוויילט געוואָרן פאַר דער פאָרזיצערין פון דירעקטאָרן־ראַט פון אַמעריקאַנער צענטער פאַר סטודענטן און אַרטיסטן, אַ שוין לאַנג עקסיסטירנדיקע אַמעריקאַנער אינסטיטוציע, צום טייל פינאַנסירט דורך דער ראָקפעלער־פונדאַציע, וואָס שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין אַרטיסטישן לעבן פון פּאַריז און אין די קולטור־באַציִונגען צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און אייראָפּע. צוזאַמען האָבן מיר אָנגעהויבן צו עקספּערימענטירן מיט גאַסטליסטעס — ספּעציעל געמישטע מענטשן פון פאַרשידענע לאַגערן, ווען נאָר אַ מיטגליד פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אָדער אַמעריקאַנער סענאַטאָרן זענען געווען אין אונדזער הויז. די פראַנצויזן האָבן גערן אָנגענומען אונדזערע אײַנלאַדונגען און האָבן, זעט אויס, הנאה געהאַט איינער פון אַנדערנס געזעלשאַפט. אין אַ געוויסער מאָס זענען מיר און אונדזערע אָרטיקע געסט באַאַנגען אַ שטילע בשותּפותדיקע פאַרשווערונג: מיר זענען געווען די אַמעריקאַנער וואָס זענען עובר געווען אויף די געזעצן, ניט וויסנדיק עס, און זיי זענען געווען די אוניווערסאַלע פראַנצויזן וואָס זענען געווען צו העפלעך אונדז אָנצוווײַזן אויף דעם. דער קאָלומניסט איוואַן ליוויי האָט געשריבן אין דער וויכטיקסטער זונטיק־צײַטונג, אַז מיטן

אויסנעם פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג איז בײַ פּיסאַרן, זעט אויס, געווען דאָס איינציקע אָרט אין פראַנקרײַך, ווו פּאָליטישע קעגנערס האָבן געהאַלטן פאַר ריכטיק צו רעדן איינער מיטן צווייטן.

✶

כ׳בין זיך מודה, כ׳האָב געהאַט פאַרגעניגן צו זען צוויי געשווירענע שׂונאים, ווי די פּרעמיערן פּיער מענדעס פראַנס און מישעל דעברע שמועסן פרײַנדלעך אין מײַן אויפנעם־זאַל.

וואַלערי זשיסקאַר ד׳עסטען און זשאַן־זשאַק סערוואַן־שרײַבער האָבן יעדערער געשריבן אַ הקדמה צו איינעם פון די צוויי ביכער פון „קאָעקסיס־טענץ און קאָמערץ״, פּובליקירטע אין פראַנקרײַך.

זשיסקאַרן האָב איך גוט געקענט. זײַן משפּחה־פּאַלאַץ אין אָטאַן, אין טאָל פון לואַר, איז געווען זיבן יאָר מײַן זומער־וווינונג. און איך האָב זיך געפילט פּריווילעגירט צו האָבן דעם מעכטיקן פינאַנץ־מיניסטער פאַר אַ שכן און מיטשמועסער וועגן עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראַגן פון טאָג. אונדזער פרײַנדשאַפט איז געווען אַן אויסטערלישע, צווישן צוויי יחידים, וועמענס עבר וואָלט ניט געקאָנט זײַן מער פאַרשיידן. זײַן לעבנס־פילאָסאָפיע איז געקומען פון אַ פײַנעם אינטעלעקט און אַ נסיון וואָס האָט אין תּוך געשטאַמט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. מײַן עבר איז געקומען, דער עיקר, פון אַ פאַרלענגערטער דירעקטער קאָנפראָנטאַציע מיט ברוטאַלקייט און טויט. דאָך, אין אונדזערע פרײַע סוף־וואָכן, אויף די באַצויבערנדיקע ברייטע שטחים פון צענטראַל־פראַנקרײַך, איז בײַ מיר געוואַקסן אַ געפיל פון אַן אינטע־לעקטועלער און אַפילו אַ פּערזענלעכער נאָענטקייט מיט אים.

אין אונדזערע שמועסן, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלן אינטערעס צו מײַנע וואַשינגטאָנער קאָנטאַקטן מיטן קאָנגרעס און מיט דער קענעדי־אַדמיניסטראַציע. כ׳האָב זיך באַקענט מיט זײַנע מיינונגען וועגן דער צוקונפט פון „בשותּפותדיקן מאַרק״, באַציִונגען פון אייראָפּע מיט די פאַראייניקטע שטאַטן און די מיזרח־מערב־פּראָבלעמען וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו מײַן בוך, פון וועלכן אַ גרויסן טייל האָב איך געשריבן אויף זײַן נחלה, ווי ער האָט אויף דעם אָנגעוויזן אין זײַן וואַרעמער הקדמה מיט אַ געפיל פון שטאָלץ.

אין דער צײַט ווען זשיסקאַר ד׳עסטען האָט געהאַט אַ קלאָרן קוק אויף

דער וועלט, האָט מיר דערקענן סערוואַן־שרײַבער, מיט װעמען מײַן באַקאַנט־שאַפֿט איז געווען אַ שפּעטערדיקע, איבערראַשט ווי אַ בליציקער אימפּראָ־וויזאַטאָר פון קאָנצעפּציעס און אידעען. זיי האָבן געהאַט פאַרשיידענע טעמ־פּעראַמענטן. דער ערשטער — אַ ביסל צו פאַרזיכטיק, דער צווייטער — אפשר אַ ביסל צו אימפּולסיוו. נאָך דעם ווי זיי האָבן צוזאַמען געשטודירט אין דער מיוחסדיקער „פּאָליטעכנישער שול", די פראַנצייזישע „מ.ו.ט.", זענען זיי אָװעק פּאָליטיש אויף פאַרשיידענע וועגן. זשיסקאַר האָט זיך פאַר־בונדן מיט גענעראַל דע גאָלס קומען צוריק צו דער מאַכט אין 1958. סערוואַן־שרײַבער, אַ פּילאָט, אַ קעמפער מיט דע גאָלס „פרײַע פראַנצויזן" בעת דער מלחמה, האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם גאָליסטישן סיסטעם פון ביחידותדיקער פּאָזיציע אין צענטער־לינקס. דאָך, האָב איך געטראַכט, זענען פונדאַמענטאַל זייערע האָפענונגען פאַר פראַנקרײַך געווען די זעלבע — אַז זי דאַרף זיך אַרויסרײַסן פון די פריִערדיקע פאַרשטאַרטע פּאָזיציעס און ווערן אַן אמתדיק מאָדערנע דעמאָקראַטיע מיט גרעסערע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּערספּעק־טיוון און אַ סטאַבילער פאַרפליכטונג צו אַן אייראָפּעיִשער פאַראייניקונג.

אויב איך וועל זיי קלאָר מאַכן די אידענטישקייט פון זייערע האָפענונגען, ווי זיי זענען געווען קלאָר פאַר מיר, וואָלט איך געקאָנט טאָן אַ טובה פראַנק־רײַך — אַ מדינה צו וועלכער איך האָב געהאַט שטאַרקע געפילן פון זאָרג און סימפּאַטיע. ס׳איז אַזוי אַרום געווען פאַר מיר אַ קוואַל פון גרויסער סאַטיספאַקציע, ווען זשיסקאַר האָט באַשלאָסן צו קאַנדידירן פאַר אַ פּרעזידענט, אַ פאַרמעסט וועלכן ער האָט קוים געוווּנען, האָט אים סערוואַן־שרײַבער געגעבן זײַן פולע אונטערשטיצונג. מיר איז אויסגעקומען צו שפּילן אַ ראָלע אין שײַכות מיט דעם.

אָנהייב 1974 האָט פּרעזידענט דזשאָרדזש פּאָמפּידו געהאַלטן בײַם סוף פון זײַן געראַנגל מיט דער לייקעמיע. כ׳בין געווען זיכער, אַז זשיסקאַר וועט מעלדן אַז ער שטעלט אַרויס זײַן קאַנדידאַטור אויפן פּרעזידענט־פּאָסטן, ווי נאָר ס׳וועט ווערן פרײַ דער אַמט. סערוואַן־שרײַבער, ווי אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון פּאַרלאַמענט און פירער פון דער צענטראַלער ראַדיקאַל־סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי, וואָלט געקאָנט זײַן אַ דעצידירנדיקער אַלײַרטער, אָדער אַ ביטערער קעגנער פון זשיסקאַרן.

כ׳האָב געקלערט אָפּטימיסטיש און ווי אַ פֿרײַנד. אויב בײדע האָבן געקאָנט געפֿינען אַ בשותּפֿותדיקע שפּראַך, אַרויפֿשטעלנדיק זייערע נעמען אויף די טאָוולען פֿון מײַנע ביכער, פֿאַר וואָס קאָנען זיי ניט געפֿינען אויך אַ בשותּפֿותדיקע פּאָליטישע פּלאַטפֿאָרעם? צום אויספּרובירן מײַן השערה האָט עמעצער געדאַרפֿט נעמען די איניציאַטיוו, ווײַל מיט דיסקאַרן אין דער רעגירונג און סערוואַן־שרײַבער אין דער אָפּאָזיציע, זענען זיי בײדע ניט געווען אין די בעסטע באַציִונגען.

כ׳האָב געבעטן יהודיתן אײַנצולאַדן בײדן אויף אונטערוויט, און זיי האָבן עס אָנגענומען מיט פֿאַרגעניגן. דאָס האָט מען געקאָנט דערקלערן נאָר מיטן כּוח פֿון דער גאַסט־געבערינס חן. דער טעסט איז געמאַכט געוואָרן אין אונדזער היים און אין אַן ערנסטן מייִנונגסבײַט וועגן אַלע וויכטיקע פֿראַגעס, וואָס וואָלטן זיך געקאָנט שאַפֿן אין קומענדיקן פֿאַרמעסט צווישן לינקס און רעכטס, האָבן די צוויי מענטשן ווידער אײַנגעשטעלט די פֿרײַנדלעכע באַציִונ־גען, וואָס האָבן געהערשט צווישן זיי פֿאַר דע גאָלס קומען צו דער מאַכט.

איך וועל נישט זײַן אַזוי פֿאַרריסן און זאָגן, אַז מײַנע באַמיִונגען האָבן עס באַווירקט דעם אויסגאַנג פֿון די פֿראַנצייזישע פּרעזידענט־וואַלן אין 1974. אָבער דאָס איז זיכער: אויב סערוואַן־שרײַבער וואָלט ניט געהאַט געוואָרפֿן זײַן פּאָליטיש געוויכט אויף דער וואָגשאָל, מאָביליזירנדיק די ראַדיקאַלע און די לינקע פֿון די צענטער־גרופּעס, וואָלט דיסקאַר ניט דערגרייכט זײַן זייער באַשרענקטן נצחון פֿון וויניקער ווי איין פּראָצענט; און די סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע קאָאַליציע, אָנגעפֿירט פֿון פֿראַנסואַ מיטעראַן, וועמענס פֿאָרשלאָג צו שליסן מיט זיי אַ בונד האָט סערוואַן־שרײַבער אָפּגע־וואָרפֿן, וואָלט הײַנט געווען ביי דער מאַכט אין האַרץ פֿון מערבֿ־אייראָפּע.

אין די פּאַרלאַמענט־וואַלן פֿון 1978 איז די צוקונפֿט פֿון פֿראַנקרײַך ווידער געהאָנגען אויף אַ האָר און איז דעצידירט געוואָרן אויפֿן סאַמע ראַנד פֿון וויניקער ווי אַ האַלבער פּראָצענט פֿון די שטימען. אויב די לינקע וואָלטן געוווּנען, וואָלטן פֿראַנקרײַך, איטאַליע און אַ סך פֿון דעם רעשט פֿון די אייראָפּעיִשע לענדער מסתּמא זיך באַוועגט צו אַ נאַציאָנאַליזירטער, פֿון דער מדינה רעגולירטער עקאָנאָמיע, און אַוועק ווײַט פֿון אַ פֿרײַער אייראָפּע און פֿאַרבינדונג מיט די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

ד״ר הענרי קיסינדזשער איז געווען איינער פון די געציילטע אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט פּרובירט אַלאַרמירן די עפנטלעכקייט אויף דער סכּנה פונעם אייראָ־קאָמוניזם. און ווײַל כ׳בין געווען געניגט אָפּצושאַצן די דאָזיקע סכּנה, האָב איך זיך געטראָפן מיט אים עטלעכע מאָל אין 1977; צו ערשט — אין די „פּאָקאַנטוקאָ־בערג״, די פּרעכטיקע ראָקפעלער־נחלה אין דעם שטאַט ניו־יאָרק, וווּ ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן זײַנע זכרונות, און דערנאָך — אין מײַן הויז אין פּאַריז.

כ׳האָב אויפגעזאַמלט אַרום קיסינדזשערן פּערזענלעכקייטן, געטרײַע דער קאָנצעפּציע פון אַ פּאַראייניקטער אייראָפּע: פון סימאָן ווײַל, די הויך־געשעצטע פראַנצייזישע געזונטהייט־מיניסטאָרין, וואָס איז זײַענדיק אַ יונג מיידל געווען אינטערנירט מיט מיר אין אוישוויץ, און וואָס איז הײַנט די פּרעזידענטין פון דעם ערשטן אויסגעקליבענעם פּאַרלאַמענט פון אייראָפּע, ביז זשאַק אַטאַלי, דער נאָענסטער ראַטגעבער פון פראַנסואַ מיטעראַן, ווי אויך אַ צאָל מיניסטאָרן און מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט פון רעכטס און לינקס פון פּאָליטישן ספּעקטער. די באַגעגעניש האָט באַוויזן, אַז דער פּאָלי־טישער דיאַלאָג צווישן די קעגנערס איז ניט געווען אין גאַנצן טויט. נאָכן געזעגענען זיך מיט מײַנע געסט האָט קיסינדזשער געזאָגט: „וואָס כ׳האָב הײַנט בײַ נאַכט געהערט, גיט אַ געוויסע האָפענונג, אַז די מדינה וועט ניט אַרײַנפאַלן אין קיין כאַאָס און אַרײַנציִען דעם רעשט פון אייראָפּע אין אים.״

הערנדיק הענרי קיסינדזשער, אַ מענטש וועלכן כ׳האָב באַוווּנדערט, מיט וועמענס מיינונג כ׳בין אָבער אָפט ניט מסכּים געווען, איז מיר קלאָרער געוואָרן די פּערזענלעכע וויזיע, וועלכע איך האָב וועגן אייראָפּע. ס׳איז אי דער קוואַל פון אונדזער ציוויליזאַציע, אי דער מקור פון אונדזער חורבן. זי איז שוין ניט מער דער מעכטיקסטער קאָנטינענט, אָבער פּאַרבלײַבט נאָך אַלץ די צענטראַלע אַקס. פּאַראייניקט, קאָן זי זײַן אַן אמתער און גלײַכער שותּף מיט אַמעריקע אין אַ בשותּפותדיקן אָנשטרענג צו פאַרטיידיקן דאָס, וואָס ס׳איז נאָך געבליבן פון זיכערקייט און וווילטאָג אין דער פרײַער וועלט. צעשפּליטערט, וועט אייראָפּע פּאָרזעצן זיך צו וואַקלען צווישן די מעכטיקע עקסטרעמען פון מלחמה און באַרויִקונג און, מעגלעך, דערפירן נאָך אַ מאָל צו אַ גלאָבאַלער קאַטאַסטראָפע.

דער סוף פון אייראָפּע, ווי אַ וועלטמאַכט, וואָלט געהייסן, אַז כינע און דער רעשט לענדער פון אַזיע וועלן דאַרפן שטיין אַליין, פנים־אל־פנים מיטן סאָוועטישן געווער־אַרסענאַל און זיך געפינען אין אַ באַלאַגערונג־צושטאַנד. דער סוף פון אייראָפּע, ווי אַ צענטער פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער השפעה, וואָלט פאַרוואַנדלט דעם קאָנטינענט פון אַפריקע אין אַ דזשונגל און געמאַכט דעם מיטעלן מיזרח נאָך מער אויסגעשטעלט געטראָפן צו ווערן, ווי דאָס איז איצט. די צעפאַלונג פון אייראָפּעס מאַכט וואָלט געהאַט אַ באַלדיקע און קריטישע אויסווירקונג אויף אַמעריקע, פאַרוואַנדלענדיק זי אין אַ צוריקטרעטנדיקן דעמאָקראַטישן געטאָ אין צושטאַנד פון באַלאַגערונג.

*

אַלץ האָט געוויזן אין דער ריכטונג פון אייראָפּעיִשער אייניקייט און סטאַבילקייט, ווען זשאַן מאָנע איז געווען דער פּיאָניר פון דער דאָזיקער אַספּיראַציע.

דעמאָלט איז דער „גרויסער פּראָיעקט” פון אויסלענדישער פּאָליטיק, וועלכן כ'האָב אין די פריִע זעכציקער יאָרן געהאָלפן פאָרמירן אין וואַשינגטאָן, טראַגיש איבערגעריסן געוואָרן אין נאָמען פון פראַנצייזישן נאַציאָנאַליזם דורך גענעראַל דע גאָל, באַלד ווי ער איז צוריקגעקומען צו דער מאַכט. צוואַנציק יאָר שפּעטער האָבן די ערשטע וואָלן אויף אַן אייראָפּעיִשער סקאַלע אין דער געשיכטע און כסדרדיקע אַרומרייסענישן איבער אַגריקולטור־פּרייזן און נאַציאָנאַלע באַשטייערונגען צום פאַרטנערשאַפט־בודזשעט באַוויזן, אַז פּראָגרעס, אין דער ריכטונג פון פאַראייניקונג, איז אייַנגעהאַמעוועט געוואָרן אויף אַ לענגערער צייַט.

קליינוווקסיק, ניט אייַנדרוקספול אין אויסזען, באַשיידן אין מאַניערן, איז זשאַן מאָנע געווען אין יעדן פּרט אַנדערש ווי דע גאָל — אַ באמת פשרה־זוכערישע נאַציאָנאַלע פיגור. למשל, דעם דראַמאַטישן פּלאַן פאַר אַ פאַראייניקונג צווישן גרויס־בריטאַניע און פראַנקרייַך און זייערע רעלאַטיווע אימפּעריעס, וועלכן ווינסטאָן טשערטשיל האָט געהאַט פאָרגעלייגט דעם פּרעמיער־מיניסטער פּאָל ריינאָ, דעם 16טן יוני 1940, אין טאָג פון דייַטשישן אָנגריף, אים קאָן מען ציִען דירעקט צו מאָנע. צוויי טעג שפּעטער האָט דע גאָל אין זייַן באַרימטער ראַדיאָ־טראַנסמיסיע פון לאָנדאָן גערופן

דאָס פראַנצייזישע פאָלק צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אין יענער צײַט איז ער געווען איינער פון מאַנעס שילער. זיי האָבן זיך צעשיידט, ווײַל מאַנע האָט דערקענט אין גענעראַל די מיקראָבן פון קלאַסישן נאַציאָנאַליזם און איז אַוועק קיין וואַשינגטאָן זיך צו קאָנצענטרירן אויף דעם, וואָס ער האָט געפילט, אַז ס׳איז די דעציזירנדיקע שטרעבונג פון יענער תּקופֿה — אַרײַנצוברענגען אַמעריקע אין דער מלחמה, אָנהייבנדיק מיט אַ שטראָם פון מאַטעריעלער הילף פֿאַר די בריטישע באַוואָפנטע כּוחות.

כאָטש אין אונדזערע שמועסן האָב איך אים קיין מאָל ניט באַוויזן צו איבערצײַגן, אַז עקאָנאָמיש צו אַנטווײַנען פון מאָסקווע די קליינע מיזרח־אייראָפּעיִשע מדינות האָט פונקט אַזאַ הויכע פּריאָריטעט ווי די אינטעגראַציע פון „בשותּפֿותדיקן מאַרק״, איז זשאַן מאָנע געבליבן אין מײַן געדאַנק איינער פון די דערהויבנסטע פיגורן פון אונדזער יאָרהונדערט — די אַנטיטעזע צו שאַרלעמאַן, נאַפּאָלעאָן, היטלער און די אַלע אַנדערע קריגפירער, מיט וועמען אונדזערע געשיכטע־ביכער זענען אָנגעפּיקעוועט.

הײַנט, צוליב די ריזיקע עקאָנאָמישע וואָלקנס וואָס פֿאַרשטעלן דעם האָריזאָנט, איז שווער צו זען, ווי אַזוי די קליינע, צעשפּליטערטע און אָפּגעטיילטע פעלקער פון אייראָפּע — כּמעט אָן נאַפט, אָן באַטײַטיקע מאַטעריעלע רעסורסן, מיט אַלץ מער אײַנגעשרומפּענע עקספּאָרט־מערק, אָן אַ ווירקעוודיקן פאַרטיידיקונגס־סיסטעם — וועלן זײַן ביכולת זיך אַנטקעגנצושטעלן די צוקונפטיקע סכּנות.

אויב אַפילו די אויסערלעכע פאָרמאַליטעטן פון אינטעגראַציע וואָלטן דורכגעפירט געוואָרן איינע נאָך דער אַנדערער לויטן מער־ווייניק פעסט־געשטעלטן פּלאַן, צאַפּט אָפּ דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער שאָוויניזם די לעצטע טראָפּנס בלוט פון דער אייניקייט. פּסיכאָלאָגיש צעטומלט, ניט קאָנענדיק באַנעמען וואָס מיט זיי פּאַסירט, שווער געטראָפן דורכן אויפשטײַג פון נײַע קראַפט־פּאָלוסן אויף אַנדערע קאָנטינענטן, פילן די אייראָפּעער, ווי זיי וואָלטן באַראַבעוועט געוואָרן פון זייער געבוירן־רעכט; און זיי זענען גרייט צו לאָזן אין גאַנג די פאַרשפּאַרטע געפילן פון פּראָטעקציאָניזם, פּאַציפיזם און צוריקצוג.



מײַן טאַטע, דוד,
און מײַן שוועסטער, פֿריידעלע



מײַן מאַמע, עלקע

**מײַן מאַמעס עלטערן**





פעטער מעמל אין זײַן אוניפאָרעם
פון דער פוילישער אַרמיי



פריידעלע גיט די קאַטשקעס עסן



מײַן מאַמע און טאַטע אין טאָג פון זייער חתונה

דער צלם אויף אַ מאַסן־קבר וווּ מײַן טאַטע, גלייב איך, איז באַערדיקט





מײַן שוועסטערקע און איך, קורץ פאַרן אָנהייב פון דער מלחמה

איך, עטלעכע חדשים נאָך דער באַפרײַונג דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי






ניקאָ אויף זײַן מאָטאָציקל



איך אויף מײַן מאָטאָציקל

בענעק אויף זײַן מאָטאָציקל







מומע באַשע און פעטער לעאָ אין פּאַריז

איך און בענעק פאַרן פאַרלאָזן דײַטשלאַנד





פעטער נחמן
אין האָטעל „ראַפּלס", סינגאַפּור





פעטער אלעזר אין זײַן אוניפאָרעם
פון דער אויסטראַלישער אַרמיי



בענעק און דער אונטערפירער אויף זײַן חתונה אין מעלבורן



יהודית און איך



סימאָן ווײַל, פּרעזידענט
פון אײראָפּעיִשן פּאַרלאַמענט,
אויך אַ גראַטעוועטע פון אוישוויץ

מיט מײַן ייִדיש־רעדנדיקן פרײַנד, מאַרק שאַגאַל



מיט מײַן שכן, אַרטור רובינשטיין





מיט זשאַן־זשאַק סערוואַן־שרײַבער און לאה אויפן קאַפּ קאַד

מיט משה דיין אין ירושלים





מיט העגרי קיסינדזשער אין מעקסיקאָ־סיטי



מיט ארמאַנד האַמער אין מאָסקווע

מיט דייוויד ראָקפעלער אין ניו־יאָרק





מיטן פראַנצייזישן פרעזידענט פראַנסואַ מיטעראַן אין פּאַריז

מיט שייך אַכמעד זאַקי יאַמאַני, מײַן קורס־חבר פון האַרוואַרד





יהודית און איך אין אוישוויץ מיטן פרעזידענט פון פראַנקרײַך, זשיסקאַר ד'עסטען,
און דעם מנהיג פון פוילן, עדוואַרד גיערעק

*

ווייניק אַמעריקאַנער ווייסן, ווי אויסגעשטעלט געטראָפֿן צו ווערן, ווי צעטיילט אייראָפּע איז באמת און אויף וויפֿל דער גורל פֿון דער אייראָ־פּעיִשער דעמאָקראַטיע איז פֿאַרבונדן מיט אַמעריקעס אייגענער פֿרײַהייט, און צוליב דעם — אויף וויפֿל דאָס עקאָנאָמישע און פּאָליטישע געזונט פֿון יעדן איינעם איז אָפּהענגיק פֿון אַנדערן.

אויב מערב־אייראָפּע וועט ניט פֿאַרשטיין, אַז צעטיילט דורך די בייזע גײַסטער פֿון נאַציאָנאַליזם און אומצוטרוי לגבי אַמעריקע, וועט זי ניט אויסהאַלטן, איר דעמאָקראַטיע וועט ווידער זינקען און דאָס מאָל — אויף אייביק. די „בערלינער וואַנט" איז דער בולטסטער סימבאָל פֿון זײַן אויס־געשטעלט געטראָפֿן צו ווערן.

די מערב־דײַטשן, איבערפֿלעכלעך באַשולדיקט סײַ אין נעאָ־מיליטאַריזם און סײַ אין נעאָ־פּאַציפֿיזם, מוזן זײַן פֿעסטער פֿאַראַנקערט אין אַן אינטע־גרירטער און אויסגעהאַלטענער אייראָפּעיִשער פּאַרטנערשאַפֿט. אַניט, פֿאַר־כאַפּט פֿון אַ נאַציאָנאַלער סכיזאָפֿרעניע, קאָנען זיי זיך אונטערגעבן צו אַ רוסישן סירענע־ליד פֿון אַ צוגעזאָגטער ווידער־פֿאַראייניקונג מיט די זעכצן מיליאָן פֿון זייערע לאַנדסלײַט אין די מיזרחדיקע פּראָווינצן, געהאַלטענע ווי ערובניקעס פֿאַר נייטראַליטעט.

די דאָזיקע מחשבות און דאגות זענען מיר געקומען אויפֿן געדאַנק, ווען כ'האָב גערעדט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון גאַטאַ־פֿאַרלאַמענטאַריערס אין דײַ־טשישן בונדעסטאַג אין באָן, אין 1972. ס'איז געווען עפּעס סורעאַליסטישס אין דעם אויפֿטריט פֿאַר די פֿאַרשטייערס פֿון פֿאָלק, וואָס אין נאָמען פֿון אַ „הערן־ראַסע", האָבן זיי מיך אַ מאָל געטראַקטירט ווי אַן „אונטערמענטש", אַ באַשטימטן ליקווידירט צו ווערן. ס'איז געווען זייער שווער אײַנצוהאַלטן פֿאַר זיך אַליין די סובטעלע איראָניע פֿון דער געשיכטע. כ'וואָלט זיך גע־ווונטשן, אַז ניקאָ און בענעק זאָלן זײַן איצט מיט מיר, ווײַל בעת כ'האָב גערעדט, האָב איך ניט געקאָנט אויסמײַדן זיך צו דערמאָנען די כּמעט פּרעהיסטאָרישע צײַטן ווען אונדזער איינציקער „דיאַלאָג" מיט אַ פֿריִער־דיקער פֿאַרקערפּערונג פֿון די פֿאַרשטייערס פֿון דער דאָזיקער ראַסע איז געווען אַן איינזײַטיקער אויסגעשריי: „מי־י־י־צען אַראָפּ, מי־י־י־צען אַרויף!"

פערטער טייל

# דער קומענדיקער שטורעם

אָ, מענטשלעכע ראַסע, באַשטימט צו שטײַגן גאָר הויך,
פאַר וואָס פאַלסטו אַזוי לײַכט בײַם לײַכטסטן ווינטל ?
ד אַ נ ט ע

# 13

ווען כ'האָב זיך געהאַט באַפרײַט פון דעם בוך מיט זײַנע אַכציק טעזיסן וועגן קאָעקסיסטענץ און קאָמערץ, האָט זיך מיר זייער געגלוסט אַרויסגיין פון מײַן סכאָלאַסטישער שאָל. איך האָב געטראַכט זיך צו פאַרנעמען מיט עפּעס פון די נײַע זאַכן, וועלכע יהודית האָט אַרײַנגעבראַכט אין מײַן לעבן — מאָדערנע קונסט, עקספּערימענטאַלע מוזיק, אַוואַנגאַרד־טעאַטער. דער דאָזי־קער געדאַנק האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטן.

די וועלט־עקאָנאָמיע איז געווען אין אַ כאַאָס. סחורות, טעכנאָלאָגיע, קאַפּיטאַל און אַרבעט זענען אַריבערגעגאַנגען נאַציאָנאַלע גרענעצן ווי קיין מאָל ניט פֿאַר דעם, און אין ריכטונגען — אָן פּרעצעדענטן. אַ ממשותדיקער האַנדלס־פאַרקער האָט אָנגעהויבן שטראָמען אויך איבער די אידעאָלאָגישע גרענעצן. אַזוי ווי מײַנע אידעען האָבן געהאַט אַ שײַכות צו דער דאָזיקער טענדענץ, בין איך גערופן געוואָרן צו געבן עצות און רעקאָמענדירן קאָ־מערציעלע און פּאָליטישע אָנפירערס. כ'בין אויך פאַרבעטן געוואָרן צו דע־באַטירן וועגן מײַנע מיינונגען מיט קאָרפּאָראַציע־דירעקטאָרן, מיט אַקאַ־דעמיקער און סטודענטן אין גאָר דער וועלט. צו מאָל פלעג איך זיך אַליין פרעגן: מיט וואָס פאַר אַ רעכט, אויפן סמך פון וועלכן מאַנדאַט האָב איך געפירט מײַן איין־מענטש קאָמפּאַניע? נאָך ערגער, כ'האָב זיך געדאַרפט רעכענען מיט בענעקס קריטיק, אַז איך טראָג אויפן קאָפּ צו פיל זאַכן וואָס זענען נישט מײַן עסק. איז עס פשוט געווען אַ פּוסטע אײַנרעדעניש, אַז דערפאַר וואָס כ'האָב זיך געראַטעוועט, איז עס מײַן חוב לגבי מײַנע חברים, וואָס איז געשטאַנען העכער פון די פאַרפליכטונגען צו דער פּראָפעסיע, פרײַנדשאַפט און משפחה? אָדער, האָב איך, אַ געוועזענער פּוילישער ייִד, וואָס האָט אָנגעהויבן דאָס לעבן אין ביאַליסטאָק און עס כמעט ווי געענדיקט אין אוישוויץ, געהאַט אַזוי פיל רעכט ווי, לאָמיר זאָגן, אַ קענעדי אָדער אַ זשיסקאַר, אָדער אַ טרודאָ, אָדער יעדער אַנדער פאָרשטייער פון אַן ערשט־ראַנגיקער ירושה און טראַדיציע, צו זײַן באַאומרויִקט איבער דער צוקונפט

פון דער מענטשלעכער ראַסע? האָט מײַן עולם — די זעקס מיליאָן — קיין שײַכות ניט צום דאָזיקן ענין?

בענעק, ניקאָ, מײַנע חברים, מײַנע ברידער, מיט וועמען כ׳האָב זיך מיט אַלץ געטיילט, אַלץ דורכגעמאַכט, ווי וואָלט איך זיך געוווּנטשן, איר זאָלט מיך באַגלייטן אויף דעם לאַנגן און זיגזאַגיקן וועג! דער טויט האָט מיך אָפּגעזונדערט פון דיר, ניקאָ, נאָך לאַנגע יאָרן, אין וועלכע כ׳האָב ניט געהאַט די דרייסטקייט גענוי אויסצופאָרשן דאָס שטילשווײַגן וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט צווישן אונדז. דאָס לעבן האָט מיך אָפּגעזונדערט פון דיר, בענעק, ווען איך בין אַוועק צו דעם, וואָס כ׳האָב געגלייבט, אַז ס׳איז מײַן באַשטימונג. קוקנדיק אַזוי אויף צוריק, פאַרשטיי איך איצט צום ערשטן מאָל, אַז דאָס וואָס נעמט דיך ווײַט אַוועק און גיט דיר אַ סך, צווינגט דיך אויך אַ סך צו לאָזן הינטער זיך.

מײַנע נײַע פּאָליטישע פרײַנד האָבן אַלץ ווייניקער און ווייניקער געמאַכט אויף מיר אַ רושם, און עמאָציאָנעל האָב איך זיך געפילט אַלץ מער און מער אָפּגעזונדערט פון זיי. אין פאַרגלײַך מיט מײַנע פריִערדיקע חברים, האָבן זיי ניט געהאַט דעם זעלבן אינסטינקט צו דערפילן אַ סכנה, אָדער די רויע רעאַליטעטן פון לעבן. זייערע האָריזאָנטן זענען געווען באַגרענעצט דורך די פאָדערונגען פון די קומענדיקע וואַלן: זיי זענען געווען מער נאָכפאָלגערס, ווי פירערס פון דער עפנטלעכער מיינונג. מײַן אייגענע האָפענונג איז געווען צו שאַפן נײַע שטראָמען פון געדאַנק אין די השפּעהפולע ספערעס. מיט אַ צען יאָר צוריק האָב איך אָנגערעגט פּאָליטישע דיסקוסיעס אין וואַשינגטאָן, און געוויסע פאַרשלאָגן מײַנע האָבן געפונען זייער וועג צו דער אַמעריקאַנער געזעצגעבונג. אויב ס׳איז ווידער פאַראַן אַ געלעגנהייט צו באַווירקן די פּאָליטיק, האָב איך זיך געזאָגט, איז מײַן חוב עס צו טאָן.

איך האָב געזען אין מײַן אַרבעט און אין די אידעען אויף וועלכע זי איז געווען באַזירט, אַ געלעגנהייט צו איבערצײַגן אָנפירערס פונעם האַנדל, פון דער רעגירונג און אַקאַדעמישן לעבן, אַז עקאָנאָמישע אינטעגראַציע קאָן קומען אַנשטאָט פּאָליטישער קאָנפראָנטאַציע, ווי אַ סטאַביליזירנדיקע און קאָנסטרוקטיווע קראַפט אין אינטערנאַציאָנאַלע ענינים. אַלע אַנדערע צוגענג האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן סטעריל. איך האָב געטענהט, אַז די באַהאַנדלונג

פון „אַטאָמישער גלײַכקייט״ ציט אַרײַן אין אומגעהײַערע הוצאות אויף באַוואָפענונג און אין ריזיקעס פון אַ קאַטאַסטראָפע, אָן קיין זיכערקייט־גאַראַנטיע. כ׳האָב געהאַלטן, אַז פֿײַערלעכע דיפּלאָמאַטישע פֿאַרפּליכטונגען פון פעלקער ניט צו פירן קיין מלחמות, זענען אין בעסטן פֿאַל נאָר פּוסטע חלומות, אין ערגסטן פֿאַל — טויט־ברענגענדיקע פֿאַסטקעס. די אידעע, אַז שלום קאָן ווערן פֿאַרזיכערט דורכן פֿאַכען מיט דיפּלאָמאַטישע כּישוף־שטעקעלעך איז אַ געפערלעכע אויגן־פֿאַרבלענדעניש. דער צינישער נאַצי־סאָוועטישער ניט־אָנפֿאַל־פּאַקט פון 1939 איז געווען אַ העסלעכער בײַשפּיל פון דעם מין „שלום״, וועלכן די דיפּלאָמאַטן קאָנען אײַנאָרדענען. אין גאַנצן עפּעס אַנדערש דאַרף פּרובירט ווערן.

די געשעפטסלײַט וועלכע האָבן מיך אַנגאַזשירט, זענען געווען פֿאַר־אינטערעסירט אין מער ווי נאָר מײַן פֿאַכמענישקייט אין די לעגאַלע און אינסטיטוציאָנעלע פּראָבלעמען אין משׂא־ומתן מיט עקאָנאָמיעס, אָנגעפירטע פון דער מדינה. פון צײַט צו צײַט פלעג איך זיך אָנשטויסן אויף פּראַקטישע עקזעקוטיוו־מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעווענדט פון די לויפנדיקע ענינים, ווי קאָנטראַקט־אונטערהאַנדלונגען, צאָלונג־טערמינען און שטרײַטפֿראַגן, כּדי זיך אָפּצוגעבן מיט זאַכן וואָס איך האָב געמיינט, אַז מיט זיי באַשעפֿטיקן זיך דיפּלאָמאַטן און סאָציאָלאָגן.

לאָמיר נעמען די שמועסן וועלכע כ׳האָב געפירט מיט הענרי פֿאָרד II, בעת אַ לאַנגן סוף־וואָך אין זײַן הויז אין „גראָס פּאָינט״, מיטשיגאַן. מיט אַ צײַט צוריק איז ער געווען פֿאַרבעטן זיך צו באַטייליקן אין דער קאָנ־סטרוקציע פון אַ גרויסער אונטערנעמונג פֿאַר לאַסטאויטאָס אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. די אינוועסטיציע וואָלט געמיינט צו זײַן אַ באַנײַונג פון דער ראָלע פון זײַן גרויספֿאַטער אין דער אינדוסטריאַליזאַציע פון רוסלאַנד, אַ ראָלע וואָס זײַן זיידע האָט געהאַט דאָרט אָנגעהויבן אין די 20קער יאָרן מיט דער אינסטאַלירונג פון אַ מאָנטאַזש־ליניע פון אַ פֿאָרד־אויטאָמאָביל. הענרי II האָט געמוזט אויפגעבן דעם פּראָיעקט אונטערן דרוק פון וואַשינגטאָן: דער פּענטאַגאָן, אַרײַנגעקראָכן איבערן קאָפּ אין וויעטנאַם, האָט אויסגעדריקט די מורא, אַז פֿאָרדס לאַסטאויטאָס קאָנען זיך נאָך באַווײַזן אויף דעם טראַקט האָ־שי־מין.

איך האָב דערוואַרט צו הערן פון אים וועגן דער אַנטוישונג אין דעם קורצזיכטיקן וועטאָ פון דער רעגירונג אויף דער וויכטיקער אונטערנעמונג און וועגן דער מעגלעכקייט, אַז זײַנע אייראָפּעיִשע און יאַפּאַנישע קאָנקורענטן וועלן כאַפּן די טראַנסאַקציע פאַר זיך אַליין, און ער האָט עס געטאָן. אָבער ער האָט אויך גערעדט וועגן אַזוינס, וואָס האָט אויסגעזען אים צו ערגערן אַ סך מער: „איר ווייסט, סעם, מיר פלעגן שיקן אונדזערע וועדבירונגס־מענטשן קיין האַרוואַרד, „מ.י.ט.“, — אין די בעסטע אוניווערסיטעטן, אַרום דער גראַדואַציע־צײַט, און זיי פלעגן אָפּשליסן קאָנטראַקטן מיט די אויסגע־צייכנטע סטודענטן. יונגע מענטשן זענען דעמאָלט געווען שטאָלץ צו אַרבעטן פאַר פאָרדן. אַזוי איז געווען אָנגענומען. איצט זאָגן די: „ניין, מיר ווילן פאַר אײַך ניט אַרבעטן. מיר זענען ניט איינשטימיק מיט אײַער ביזנעס־פילאָסאָפיע. אונדז געפעלט ניט, וואָס איר טוט און וואָס איר שטעלט מיט זיך פאָר.“

פאָרד איז געווען איבערראַשנדיק אָפנהאַרציק און אָן קיינע פּרעטענזיעס, און אויסגעזען באמת אַנטוישט. „וווהין גייען מיר? ניט נאָר די אונטער־נעמונג — אונדזער גאַנצע עקאָנאָמיע, אונדזער גאַנצע געזעלשאַפט?“

כ׳האָב זיך אָנגעשטויסן אין אַן ענלעכער פאַרלעגנהייט בעת אַ סך שמועסן מיט דער אָנפירונג פון אַנדערע אינדוסטריעס: אַ מוראדיק פאַלן פון דער מאָראַל, אַ געפיל פון זײַן ניט־יושרדיק, געטאַדלט דורך אַן אָנגע־נומענער עפנטלעכער שטעלונג צו ביזנעס, און ניט נאָר בײַ דער יוגנט. וואָס איז געווען אַזוי שלעכט אין דעם פּראָפיט? וואָס איז געווען שלעכט אין דער אינדיווידועלער איניציאַטיוו? אמת, די אידעאַלן פון אַ פרײַער מאַרק־עקאָנאָמיע האָבן זיך ניט שטענדיק אָפּגעשפּיגלט אין דער קוואַליטעט פון די אויסגעעפנדיקטע אַרטיקלען, אָדער אין דער מדרגה פון דער קאָנקורענץ אין געוויסע אינדוסטריעס. אָבער, מיט אַלע אירע פעלערן, האָט דען ניט פּריוואַטע איניציאַטיוו געבראַכט צו אַ בעסערער און מער סטאַבילער גע־זעלשאַפט, מיט מער סאָציאַלע גערעכטיקייט ווי יעדע אַנדערע איניציאַטיוו־פאָרעם אין מאָדערנע צײַטן? וואָס וואָלט געשען מיט דער געזעלשאַפט, ווען אַ גאַנצער דור פון די יונגע וואָלט אָפּגעוואָרפן דעם עקאָנאָמישן סיסטעם, און די אַמעריקאַנער ביזנעס־לײַט, ווי מאָראַליש באַנקראָטירטע, אָבער אָן עפּעס בעסערס אויף זייער אָרט?

אַן אַנדער עגאָיסטיש־אויפֿציטערנדיקער פֿאַקט פֿון דער נאָכמלחמה־דיקער עקאָנאָמישער וועלט איז געווען דער אַנווער פֿון סוווערעניטעט דורך דער אַמעריקאַנער איניציאַטיוו צו די אונטערנעמונגען פֿון אַמעריקעס שׂונאים בעת דער מלחמה. פֿאָרד, אַזוי ווי זײַנע גרויסע אָרטיקע קאָנקורענטן, דזשע־נעראַל־מאָטאָרס און קרײַזלער, האָבן ניט באַוויזן צו מאַכן קיין באַטײַטיקן טעכנאָלאָגישן דורכבראָך אין די לעצטע פֿינף און צוואַנציק יאָר. די איינציקע נײַע אויפֿטוען וואָס זענען אַרויס פֿון דעטראָיט, זענען געווען ברייטערע קאָנטאַקט־ברעכערס און מער גלאַנציקע רעדעררייפֿן. אין דער זעלבער צײַט האָט די דײַטשישע דערפֿינדערישקייט און ווירקעוודיקייט, וועלכע האָבן מיך שׂיער ניט געקאָסט דאָס לעבן, פֿאַרוואַנדלט פֿאַר דער נאָכמלחמהדיקער וועלט דעם „פֿאָלקסוואַגען“ און זײַן „זשוק“־אויטאָ אין דאָס, וואָס פֿאָרדס מאָדעל “A” איז געווען בעת אַמעריקעס אינדוסטריעלן אויפֿבלי.

אין דער גאַנצער אַמעריקאַנער אינדוסטריע האָבן גענעראַל־דירעקטאָרן, ניט געקוקט אויף זייער שטאַרק געלויבטער שעפֿערישקייט, ניט געפֿונען קיין צײַט, טאַלאַנט אָדער אַ נייגונג, נייטיקע צו פֿאַרגרעסערן די פּערספּעקטיוו פֿון זייער אונטערנעמונג און אײַנהאַלטן איר אינדוסטריעלע אָנפֿירונג. דאָס פֿעלן פֿון אַ וויזיע און אַ נײַע ריכטונג איז מער און מער קענטיק געוואָרן, ווען אַנדערע שעפֿערישע און דערפֿינדערישע פֿעלקער האָבן געמאַכט אַן אַלץ טיפֿערן אַרײַנדרינג אין מאַרק פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, שלאָגנדיק די אַמעריקאַנער אין זייער אייגענער שפּיל.

„דער אַמעריקאַנער אַרויסרוף“, וועלכן זשאַן־שאַק סערוואַן־שרײַבער האָט דעפֿינירט אין די לעצטע זעכציקער יאָרן מיטן שאַרפֿזין פֿון אַ מאָדער־נעם דע טאָקעוויל, איז אויסגעפֿירט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלער ווירקעוו־דיקייט דורך מערב־דײַטשלאַנד און יאַפּאַן. אָנהייבנדיק פֿון בערגלעך מיסט, האָבן די צוויי לענדער געשאַפֿן די בליִענדיקסטע עקאָנאָמיעס אויף דער ערד. ספּעציעל יאַפּאַנס איבערראַשנדיקע פֿעיִקייט צו דערפֿינדן, אָרגאַניזירן, אָנ־פֿירן, קאָמפּיוטעריזירן און אויטאָמאַטיזירן איר אינדוסטריע און אײַנשטעלן נײַע סטאַנדאַרטן פֿון קוואַליטעט און מקחים — האָט איבערראַשט די וועלט מיט איינעם פֿון די וויכטיקסטע פֿענאָמענען פֿון אונדזער צײַט. אין אַ קורצן פּעריאָד איז אַ לאַנד אָן מאַטעריעלע רעסורסן, פֿולשטענדיק באַזיגט אין דער

מלחמה, געוואָרן אַן אינדוסטריעלער און טעכנאָלאָגישער ריז אין גלאָבאַלן מאַשטאַב, וועמענס אומגעהײַערע קראַפט פילט זיך אַלץ מער און מער אויף אַלע מערק. אַנדערע אַזיאַטישע עקאָנאָמיעס האָבן דערפאָלגרײַך נאָכגעקאָפּירט יאַפּאַנס בײַשפּיל.

אַמעריקאַנער און אייראָפּעיִשע אונטערנעמערס קאָנען געפינען אַ שוואַכע טרייסט אין דעם, וואָס די קאָנקורענץ איז אָנגעווענדט געוואָרן צו טראַדיציאָנעלע אינדוסטריעס, ווי טעקסטיל, שיפבוי, שטאָל און עלעקטרישע מכשירים; די אידעע פון מערבדיקער העכערקייט האָט פּאַקטיש ניט געהאַט מער אויף וואָס זיך צו באַזירן. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז עס עקסיסטירט ניט קיין שום צווײַג פון טעכנאָלאָגיע, וואָס זאָל זײַן געשיצט פון באַהערשט צו ווערן דורך די קאָלאָסאַלע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע מאַשינען, געבויטע אין אַזיע, ווי אויך פון די וואָס וועלן געבויט ווערן אין דער געהעריקער צײַט אויך אין אַפריקע און דרום־אַמעריקע.

*

די אַמעריקאַנער אָנפירערס פון דער אינדוסטריע און פינאַנסן, מיט וועמען כ'האָב געהאַט צו טאָן, האָבן זיך געשפּירט אָנגעגריפן אויף נאָך אַן אַנדער פראָנט. אפשר דער ווײַטיקדיקסטער דורכפאַל זייערער איז געקומען אין דער פאָרעם פון געפסלט ווערן דורך זייערע אייגענע זין און טעכטער. גאַנץ אָפט איז דאָס, אויף וואָס די טאַטעס האָבן געהאָפט, בעת די משפחה האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַרום דעם פרישטיקטיש אין די פרימאָרגנס, אויב די קינדער האָבן נאָך געלעבט אין דער היים און האָבן זיך ניט געהאַט איבערגעגעבן צו נאַרקאָטיקס, קולטן, אָדער אַגרעסיווע פּראָטעסט־באַוועגונגען, געווען אַ געשפּאַנטער, שטילער פֿײַער־איבעררײַס.

אין די לעצטע זעכציקער יאָרן האָט דער בונט פון דער יוגנט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן ערדקײַלעך אין אַ קייט־רעאַקציע, וועלכע האָט אויפגעטרייסלט רעגירונגען, פאַרשיידענע איינע פון דער אַנדערער, ווי די פון דער נײַ־ליבעראַלער מעקסיקע, פון דער סאָציאַליסטישער יוגאָסלאַוויע, מערב־אָריענטירטער סענעגאַל, דע גאָלס פראַנקרײַך און בראַנדטס דײַטשלאַנד. אין טשיקאַגאָ האָט די יוגנט פאַרנומען די טראָטואַרן אַנטקעגן דער

„דעמאָקראַטישער פּאַרטיי־קאַנווענץ", פּאַראורטיילט די וויעטנאַם־מלחמה און דעם פּאָליטישן אַנשטאַלט, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר פאַראַנטוואָרטלעך. אין פּראַג האָבן זיי געיאָגט איבער די גאַסן פּאָליטיקערס, וואָס האָבן מיט־געאַרבעט מיט די סאָוועטישע אָקופּאַציע־כּוחות. אין פּאַריז האָבן זיי דער־בראַכט צו אַ גענעראַל־שטרייק און שיִער ניט אַראָפּגעוואָרפן דעם רעזשים.

אומעטום, און ווי קיין מאָל ניט פאַר דעם, האָבן געזעלשאַפטן וואָס האָבן בשעתו געבראַכט צום אימפּעריאַליזם, קאַלאָניאַליזם, צום פאַשיזם, קאָמוניזם און צו דער רעליגיע פון דער אַטאָם־באָמבע, האָבן איצט אויסגעזען צו פאַרלירן יעדע השפּעה אויף יונגע מענטשן. פאַקטיש איז זייער זאָג צו דער גענעראַציע וואָס איז געשטאַנען ביי דער מאַכט, געווען: „איר וועט זיך מיט אונדז קיין מאָל מער ניט וואָרפן. מיר זענען גרייט צו אַקציע. אונדזער שׂונא וועט איר אפשר זיין!"

צי איז עס ניט געווען מעגלעך, אַז די האַסטיקע פאַרשפּרייטונג פון דער מאָדע פון די „נייע לינקע", פון אַן אַלגעמיינער באַשולדיקונג קעגן קאָלעקטיוון קאַפּיטאַליזם, איז געקומען בעיקר פון אַן אַלוועלטלעכן פּחד־געפיל פאַר די אומבאַהערשטע כּוחות: פאַרפעסטיקונג פון דער סביבה, אינ־פלאַציע, איבער־באַפעלקערונג, אויסהונגערונג און די דראָענדיקע אַטאָמי־זאַציע פון אַלע מענטשלעכע לעבנס — אַ פּחד וואָס האָט ליאַרעמדיק געזוכט אַ שׂעיר־לעזאָזל?

איך האָב געטראַכט צי די אָרנטלעכע ביזנעסלייט, וואָלטן ניט געקאָנט זיך באַפרייען פון דער ראָלע צו זיין אַ שׂעיר־לעזאָזל, און פאַרקערפּערערס פון עקספּלואַטאַטאָרן און באַראַבעווערס פון דער וועלט, ווען זיי וואָלטן געווענדט זייער זשעני, זייער ענערגיע און זייערע גרויסע אונטערנעמונגען פאַר דער רעקאָנסטרוקציע פון עקאָנאָמישן לעבן אין די צוריקגעשטאַנענע דרומדיקע און מיזרחדיקע לענדער פון דער וועלט. זינט כ'האָב פאַרלאָזט די טויטלאַגערן, האָב איך זיך ניט אָנגעשטויסן אין קיין מענטש, וואָס אין דער טיפעניש פון זיין האַרץ זאָל ער ניט זיין מער פאַראינטערעסירט מיט דער מיינונג וועגן זיך אַליין, ווי מיט די באַלדיקע פּראַקטישע באַדערפענישן זיינע. ביזנעסלייט האָבן געוויסנס, וועלכע לאָזן זיי ניט צו רו; כ'האָב זיך איבערצייגט, אַז די מערהייט אינדוסטריעלערס און אונטערנעמערס וואָס

האָבן מיך אַנגאַזשירט, זענען געווען נײַגעריק צו אַנאַליזירן מיט מיר די די מאָראַלישע און פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס פון דעם, וואָס וואָלט געקאָנט ווערן זייער נײַע גרענעץ — אַ גלאָבאַלע גרענעץ פון סוף צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

כ׳האָב זיי אָנגעוויזן, אַז אויב אינדוסטריעלער פון מערב וואָלטן געעפנט נײַע מערק אין מיזרח און דרום און געהאָלפן עקספּלואַטירן די נאַטירלעכע אוצרות פון געגנטן, ווי סיביר, כינע, די רײַכע אין רעגנס וועלדער פון אַמאַזאָן, דעם האַלבאינדזל סיני צי דעם אַפריקאַנער קאָנטינענט בכלל, וואָלט דער אויסגעשעפּטער אויסזען פון וועלט־ביזנעס ווידער אויפגעבליט; און ביזנעסלײַט וואָלטן אפשר צוריקגעווונען דעם צוטרוי פון דער אָפּגעפרעמד־טער יוגנט. כ׳האָב געטענהט, אַז דאָס צונויפמישן דעם אידעאַליזם פון דער יוגנט מיט דער ענערגיע פון די אינדוסטריעלע דירעקטאָרן וואָלט געשאַפן אַ סטאַביליזירנדיקן קעגנוואָג צום נײַעם מיליטאַריזם, וואָס האָט זיך צע־שפּרייט איבער ריזיקע שטחים פון דער וועלט. בײַ יעדער געלעגנהייט האָב איך זיך באַמיט אַרויסצוברענגען דעם שטאַנדפּונקט פון אַ נײַער עקאָנאָמי־שער אָרדענונג אין די קרײַזן פון ביזנעס און פּאָליטיק, און אין די אינטע־לעקטועלע קרײַזן, אין וועלכע כ׳האָב זיך באַוועגט. און מיט דעם בין איך געווען אַזוי פאַרנומען, ווי קיין מאָל ניט אין מײַן לעבן, און דאָס האָט מיך געצווונגען צו פאַרנאַכלעסיקן מײַנע אייגענע נאָענטע און טײַערע.

אַזוי ווי מײַנע עפנטלעכע רעפעראַטן, טעלעוויזיע־אויפטריטן און צײַ־טונגס־אַרטיקלען האָבן זיך געמערט, האָט מײַן משפחה רעאַגירט אויף דעם נעגאַטיוו, און איך האָב געליטן אַ קענטיקן אָנווער פון באַגלייבטקייט בײַ מײַן אייגענעם עסטיש. מײַנע קינדער האָבן מיך געטאַדלט פאַרן אָפּלייגן משפחה־וואַקאַציעס און איראָניש גערעדט הינטער מײַן פּלייצע וועגן דעם „מאָדערנעם לוטער, וואָס טשוועקלט צו זײַנע טעזיסן צו דער קאַטעדרע פון שלום״, אָדער „דער כּישוף־פּלייטיסט״, וואָס פירט זײַנע פאַראייניקטע שאַף צו זוכן קאָעקסיסטענץ און רווחים.

צוגעבנדיק מיר מוט צו מײַנע אַקטיוויטעטן און איינצײַטיק האָבנדיק פאַרדראָס צוליב מײַן פאַרנומענקייט, האָט יהודית מיך איצט אין שפּאַס גערופן „גורו״. הגם זי איז נאָך אַלץ אַרומגעפאָרן מיט מיר, ווען נאָר מעגלעך,

צו די ווײַטסטע מקומות אין אַפריקע, אַזיע און דרום־אַמעריקע, האָב איך געפילט, אַז אין איר שפּאַס איז געווען אַ סך אמת. בײַ איין געלעגנהייט האָט זי זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס מיטן עסטרײַכישן קאָנצלער ברונאָ קרײַסקי, פרעגנדיק אים אָן צערעמאָניעס, פאַר וואָס ער, אַ ייִד, איז געווען אַזוי האַרט לגבי גאָלדע מאיר אין דער פראַגע פון דורכלאָזן די ייִדישע פליטים פון רוסלאַנד קיין ישׂראל. וועלנדיק זיך פאַרטיידיקן, האָט דער קאַנצלער, מיט אַ געפיל פון שולד אַרויסגערופן אַ קאַבינעט־מיטגליד מיט אַ פּאַק פּראָטאָקאָלן, כּדי צו ווײַזן דער סקעפּטישער פרוי פּיסאַר (און אַ ניט־גלײַכגילטיקן לעבן־געבליבענעם), וויפל מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן זענען פּאַק־טיש אַריבער דורך ווין.



אין דעם פּעריאָד פון מײַן לעבן איז מײַן גרעסטע סאַטיספאַקציע געקומען פון דיסקוסיעס מיט סטודענטן, ספּעציעל מיט דײַטשישע סטודענטן, בײַ וועמען די פּײַנטשאַפט צו זייערע עלטערן, וועלכע האָבן ניט געקאָנט זיך ריינוואַשן פון זייער פאַרגאַנגענהייט בעתן נאַצי־רעזשים, איז געווען זייער שטאַרק. איך בין צײַטנווײַז אַליין אָנגעגריפן געוואָרן פאַרן אויסדריקן דעם געדאַנק, אַז אינדוסטריע און האַנדל קאָנען זײַן שלום־פאַקטאָרן און ניט סתם עקספּלואַטאַציע. כ׳האָב אָבער געקאָנט לייענען אין די ערנסטע יונגע פּנימער פון די, וועלכע האָבן מיך באַשולדיקט, אַ טיפע אַנטוישונג אין די אידעאָלאָגישע אילוזיעס וואָס האָבן געגעבן ברענשטאָף פאַרן גלויבן פון מײַן דור. אַלע אַזעלכע אידעאָלאָגיעס זענען געווען דיסקרעדיטירט אין זייערע אויגן, מאָראַליש און אינטעלעקטועל.

בדרך כּלל האָב איך געפונען אַ יסוד פאַר סאַטיספאַקציע אינעם פאַקט, וואָס דער נײַער דור האָט אָפּגעוואָרפן די דאָגמעס וואָס האָבן פאַרכּישופט זייערע עלטערן. הײַנטיקע יוגנט איז געשטאַנען אויף דער וואַך צו באַקעמפן פאַרטיק צוגעגרייטע סיסטעמען פון אידעען, ניט וויכטיק פון וואַנען זיי זענען געקומען. כ׳האָב גאַנץ גוט געוווּסט ווהין אַזעלכע אידעען קאָנען פאַר־פירן די יוגנט, ווו זיי האָבן געהאַט געפירט יונגע נאַציס און יונגע קאָמו־ניסטן, און ווו זיי וואָלטן מיך געהאַט פאַרפירט נאָך דער מוח־שוועגקונג, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען בעת דער סאָוועטישער אָקופּאַציע פון מײַן היימשטאָט.

אין דער מאָדערנער וועלט האָט דער מאַרקסיזם, די לעצטע פון די גרויסע אידעאָלאָגיעס, כּמעט נישט געהאַט קיין גרעסערע שײַכות צו דער לייזונג פון די אמתע וועלט־פּראָבלעמען, ווי יעדע אַנדערע פון די אידעאָ־לאָגיעס. מאַרקסיזם אין דער פּראַקטיק איז געווען דער סאָוועטן־פאַרבאַנד, און נאָך די רעוואָלאַציעס פון סאָלזשעניצינען און די אַנדערע סאָוועטישע ליבעראַלן קאָן מען דעם רוסישן מאָדעל מער ניט פאַרטיידיקן; בײַ די יונגע, ווי אויך בײַ די אַלטע, האָט דער מאַרקסיזם אויסגעזען ווי אַן אַכזריותדיקער וועג צו די גולאַגס אָדער צו אַ פּאָליטישן משוגעים־הויז.

ווי איינער וואָס האָט געהאַט איבערגעלעבט די קאָשמאַרן, פאַר וועלכע די יוגנט האָט מורא געהאַט, ווי איינער וואָס האָט געזען זײַנע שול־חברים, זײַן גאַנצע גענעראַציע אומקומען אין פײַער און רויך, האָב איך גערעדט מיט די סטודענטן וועגן דער נייטיקייט ניט נאָר צו צעשטערן נײַערט צו בויען, און וועגן דעם חוב צו מאָביליזירן זייער ענערגיע צו נײַע אַספּיראַציעס. „איר דאַרפט וויסן אַז אין מאָסקווע, פּעקין, האַוואַנאַ און די אַנדערע שטעט, וועלכע אַ סך פון אײַך באַטראַכטן נאָך אַלץ פאַר די גײַסטיקע הויפּטשטעט פון דער וועלט, קעמפן ניט מער די יורשים פון לענינען פאַר דער רעוואָ־לוציע. צו וואָס זיי בענקען, זענען פּאָסטנס פון דירעקטאָרן, טעכניקערס, באַנקירן, פאַרמערס. זייערע העלדן זענען די זעלבע מענטשן, וועלכע איר האָט פײַנט — אייערע אייגענע טאַטעס.”

ווען כרושטשאָוו אָדער ברעזשניעוו האָבן געהאַלטן רעדעס אויפן „רויטן פּלאַץ”, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, אַרויסגעבראַכט די דאָגמעס פון מאַרקסן און לענינען. אָבער איך האָב געוווּסט פון דער ערשטער האַנט, אַז ווען אַ סאָוועטישער דירעקטאָר האָט געדאַרפט דורכפירן אַ פּראָדוקציע־קוואָטע, בויען אַ פאַבריק, זייען קאָרן אָדער עפּעגען אַ קוילנגרוב, זענען די דאָגמעס פון קאָמוניזם געווען זייער ווײַט פון זײַנע מחשבות. זיי האָט אינטערעסירט אַ פּראַגמאַטישער הסכם מיטן מערבדיקן פאַרטנער, וועלכער האָט דער־מעגלעכט אויסצומײַדן די אידעאָלאָגישע „הייליקע שריפטן” און זען, אַז די אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן. דאָס זעלבע האָט געגאָלטן פאַר דעם כינעזישן דירעקטאָר. ער האָט זייער גוט געוווּסט, אַז זײַן שטאָל־פּראָדוקציע וועט ניט וואַקסן, אויב ער וועט זיך שטיצן אויף מאַאָ־טזע־טונגס אַבסורדאַלער דע־

קלאַראַציע בעתן „גרויסן שפרונג פאָרויס״, אַז די מענטשן זאָלן זיך נעמען צו בויען שמעלצאויוונס אויף זייערע הייף.

*

אין נאָמען פון אַמעריקאַנער ביזנעס־פירמעס האָב איך גענומען אָנטייל אין איין אונטערהאַנדלונג נאָך דער אַנדערער. כ׳האָב זיך באַטייליקט אין אָן אַ צאָל צוזאַמענטרעפן, גרויסע און קליינע, אָפיציעלע און אומאָפיציעלע, אָנגעצויגענע און פריינדלעכע, מיטן צוועק צו באַזײַטיקן די שטערונגען פאַר די באַהאַנדלטע פּראָיעקטן — באַמיִענדיק זיך, למשל, צו איבערצייגן אַ הײַפל סאָוועטישע עקאָנאָמישע פּלאַנירערס, אַז אַפילו אויב מאַרקס האָט געשאַפן אַ טעאָריע, אַז ביים קאַפּיטאַליזם באַשטימט די עקאָנאָמישע אונטער־סטרוק־טור די פּאָליטישע אייבער־סטרוקטור, ווער עס זיי פאַרפירן, אויב זיי וועלן אַזעלכע דאָקטרינעס אָנווענדן צו די פאַראייניקטע שטאַטן. ס׳איז דאָ אַ שוועל וועלכן עס קאָנען ניט אַריבערטרעטן אַפילו די אײַנפלוסרײַכסטע אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן, אויב דער קאָנגרעס, די יוגנט און אַנדערע מעכטיקע טיילן פון אַמעריקאַנער פאָלק דריקן אויס זייער קעגנערשאַפט. די פאַראייניקטע שטאַטן זענען פּאָליטיש געפירט געוואָרן דורכן „וואָל־סטריט״ ניט מער, ווי זיי זענען געפירט געוואָרן עקאָנאָמיש דורך וואַשינגטאָן. דער באַשלוס פון קאָנגרעס אָפּהענגיק צו מאַכן די נאָרמאַליזאַציע פון סאָוועטיש־אַמערי־קאַנער האַנדלס־באַציִונגען פון אַ גרעסערער פרײַהייט פון עמיגראַציע פאַר די סאָוועטישע ייִדן, איז געווען אַ גוטער בײַשפּיל פון דעם פאַרשלאָג — אַזאַ, וועלכן די סאָוועטן האָבן געהאַלטן פאַר אוממעגלעך אויסצוגלײַכן מיט זייערע באַליבטע טעאָריעס.

מער נאָך. ווי אַ קאָנסולטאַנט פון דער „רענק־זיראָקס״, האָב איך גע־טענהט צו בריטישע און אַמעריקאַנער עקזעקוטיוון, אַז אין דער צײַט ווען דער פאַרקויף פון פאָטאָקאָפּיע־טעכנאָלאָגיע פאַר די סאָוועטן וואָלט געקאָנט לײַכטער מאַכן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו פירן איר פּראָפּאַגאַנדע, וואָלט עס זיך אויך פאַרענדיקט מיטן פאַרבעסערן די פאַרשפּרייטונג פון דער קעגנערישער „סאַמיזדאַט״־ליטעראַטור פון פּאַסטערנאַק, סאָלזשעניצין און אַנדערע.

כ׳בין געוואָרן פאָרזיצער פון עטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן אין אייראָפּע און אַמעריקע. צו איינער פון זיי, אין ווין, האָב איך פאַרבעטן דעם גרוי־האָריקן פּראָפעסאָר ניקאָלײַ ליובימאָוו, איינעם פון לענינס פער־זענלעכע מיטהעלפערס. באַגריסנדיק אים, האָב איך ציטירט פּושקינען אויף רוסיש. מיט אַ העפלעכן שמייכל האָט ער אָפּגעענטפערט, ציטירנדיק גטעטן אויף דײַטש. אַ געוויש פון פאַרגעניגן איז אַדורך איבער דער קאָנפערענץ, אַחוץ בײַ די אויסדרוקלאָזע און שטײַפע ק.ג.ב.־פונקציאָנערן, וועלכע זענען געווען אַ טייל פון יעדער סאָוועטישער דעלעגאַציע. קלאָר, זיי האָבן געטראַכט, אַז דער אין פּעטערבורג געבוירענער אַלטער באָלשעוויק איז פאַרנאַרט געוואָרן אויף פאַלשע, בורזשואַזע וועגן.

קיין בודאַפּעשט האָב איך פאַרבעטן סענאַטאָר אייב ריביקאָף, דער זייער אײַנפלוסרײַכער פאָרזיצער פון סוב־קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער סענאַט פאַר אויסלענדישן האַנדל און, ניט ווייניקער וויכטיק, דער סנדק פון מײַן ייִנגסטער טאָכטער, לאה. צו פאַרזיכערן, אַז די פירערס פון אונגאַרן און פון רעשט מיזרח־אייראָפּעיִשע לענדער האָבן פאַרשטאַנען, אַז קיין זאַך קאָן ניט אויס־געפירט ווערן אינעם האַנדל אָן דער הסכּמה פון קאָנגרעס, האָב איך געבעטן דעם סענאַטאָר אויפצוקלערן די שטעלונג פון קאָנגרעס אין שײַכות מיטן האַנדל און מענטשנרעכט, און ער האָט עס געניי אַרויסגעבראַכט.



מיט צופרידנקייט האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז וואָס חשובער עס איז דער רעגירונגס־באַאַמטער אָדער דער ביזנעסמענטש, אַלץ מער האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ס׳איז פאַר אונדזער טובה און ניט פאַר אונדזער רעה צו העלפן די מיזרח־לענדער דערגיין צו אַ דערטרעגלעכן לעבנס־סטאַנדאַרט פון זייערע פעלקער, און אַז דאָס איז אַ פערמאַנענטע גאַראַנטיע אויף איינ־צוהאַלטן דעם שלום.

וואָס שייך מײַן פּראָפעסיע, האָב איך געטראַכט, אַז כ׳בין אַרײַן אין דער שפּעפּרישסטער פאַזע פון מײַן לעבן. אין דער אמתן איז עס נאָר געווען די סאַמע אָנגעלאָדנסטע.

ווי דער אַדוואָקאַט פון פאָל אָסטין, דער פאָרזיצער פון קאָקאַ־קאָלאַ,

האָב איך געהאָלפן אין די אונטערהאַנדלונגען אויף צוזשטעלן די לײַכטע געטראַנקען, וועלכע די סטאַליניסטן האָבן געהאַט אַ מאָל געשטעמפּלט ווי דעם סימבאָל פון דער אַמעריקאַניזאַציע פון דער וועלט. מיט מײַן באַטייליקונג האָט וויליאַם העוויט, פון „דזשאָן דיר און קאָ", מסכּים געווען אויף אַן אויסבײַט פון פאַך־קענטעניש פאַר דער קאָנסטרוקציע פון טראַקטאָרן און ערד־איבערטראָגנדיקע מאַשינען. עדגאַר בראָנפמאַן פון „סיגראַם" איז מסכּים געווען צו בײַטן זיך מיט דער הנאה פון אַמעריקאַנער „בורבאָן" און סקאָטישע וויסקי פאַר אמתע רוסישע וואָדקאַ; ראָבערט אַרמסטראָנג פון „רעוולאָן" האָט פאַרגעלייגט אויסצובעסערן די סאָוועטישע קאָסמעטיק־אינדוסטריע און אַזוי אַרום אָפּלאָזן פון צײַמל די שוין לאַנג פאַרנאַכלעסיקטע רוסישע פרוי אויף אַ מענלעכער באַפעלקערונג, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט אונטערן יאָך פון קעמפּעריש פאַראינטערעסירונגען. און לעווי־שטראַוס האָט זיך אונטערגענומען צו העלפן פּראָדוצירן בלויע דזשינסן פאַר אַן אַנטוישטן דור פון דער קאָמוניסטישער יוגנט.

מיט אַרמאַנד האַמער פון „אָקסידענטאַל־פּעטראָלעום" האָב איך זיך באַטייליקט אין אַן אונטערשריפט־צערעמאָניע אין קרעמל, וואָס האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ סיום פון אַן אָפּמאַך צווישן פירערס פון מדינות; ביידע פאַנען, די אַמעריקאַנער און די סאָוועטישע, זענען געהאַנגען אויף דער בינע. האַמערס קאָנסאָרציום האָט געזאָלט העלפן בויען אַמאָניאַק־אונטערנעמונגען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, פאַרפולקומטע מיט רער־ליניעס און פאַרט־באַקוועמלעכקייטן צום עקספּאָרטירן די פּראָדוקציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. פון זייער זײַט וועלן די רוסן קויפן פאָספאַט־קאָמפּאָסט פון פלאָרידאַ־ברעג פאַר זייערע כראָניש אָפּשטייענדיקע מלוכה־פערמעס. ס'איז געווען איינע פון די גרעסטע טראַנסאַקציעס, וועלכע זענען ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן, מיט אַ פאַרויסגעזעענעם אומזאַץ פון צוואַנציק מיליאַרד דאָלאַר, צעשפּרייט אויף צוואַנציק יאָר.

איך בין געוואָרן מער אַמביציעז. אויף דער „דאַרטמוט־קאָנפערענץ" פון 1974, וועלכע איז פאַרגעקומען אין טביליסי, סאָוועטישע גרוזיע, און אויף וועלכער ס'איז בײַגעווען עדוואַרד קענעדי, האָב איך פאַרשאַפט צער אונדזערע סאָוועטישע גאַסטגעבערס מיט נײַע אידעען פון קאָאָפּעראַציע אין

דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די פֿאַראָרעמטע פעלקער. אַזאַ מיטאַרבעט וואָלט געווען אָטעם־פֿאַרכאַפּנדיק. דער סאָוועטישער בלאָק און דער מערב וואָלטן געלערנט די פֿאַרצווייפלטע פעלקער ווי צו „כאַפּן פיש". דער איצ־טיקער עקספּאָרט פון קאָנווענציאָנעל געווער, וואָס ברענגט מאָדערן וואָפן אין דער „דריטער וועלט" בכדי צו געווינען פּאָליטישע השפעה, וואָלט געקאָנט אָפּגעווענדט ווערן אויף דרינגענדיק נייטיקע פעלנער אין די תּחומים פון געזונטהייט, דערציִונג, מעדיצינישע הילף און אַגריקולטור.

אין איינעם וואָלטן מיזרח און מערב געקאָנט ממשותדיק עפּעס טאָן צו פֿאַרמינערן די סכּנות פון איבער־באַפעלקערונג, טריקעניש און הונגער, וואָס באַדראָען אַ האַלבע מענטשהייט. מען וואָלט אויך געקאָנט אָנהייבן זיך פֿאַר־נעמען מיט די גלאָבאַלע סכּנות פון פֿאַרפּעסטיקונג פון די ימען, פון דער אַטמאָספער און דעם רוים, זיך פֿאַרנעמען מיטן מאַנגל אין ענערגיע און רוי־מאַטעריאַלן וואָס באַדראָען אונדז אַלעמען.

ביידע גרויסמאַכטן האָבן אינוועסטירט ריזיקע אוצרות אין דער „דריטער וועלט" אָן דעם, אַז עמעצער זאָל האָבן דערפֿון געוווּנען אַזוינס, וואָס זאָל האָבן אַ דויערנדיקן ווערט. זייער מיטאַרבעט אויף אַ באַזע וואָס כ'האָב באַדינגלעך אָנגערופֿן „טראַנס־אידעאָלאָגישע אונטערנעמונג", וואָלט ניט נאָר געקאָנט זײַן עקאָנאָמיש פון גרויס נוצן פֿאַר אַלע פֿאַראינטערעסירטע, נאָר וואָלט אויך אָפּגעשוואַכט די קאָנקורירנדיקע פּאָליטישע אַרײַמישונג אין די אינערלעכע ענינים פון דער גאַסטגעברישער מדינה, אין וואָס יעדער צד איז באַשולדיקט געוואָרן.

באַטראַכט די אַסואַן־דאַמבע. דאָס אָפּגעבן איר אויפֿבוי איז געווען באַגלייט מיט אַ ספּעקטאַקל פון אַ פּראָפּאַגאַנדע־פֿאַרמעסט צווישן די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן און דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, און די רוסן האָבן געוווּנען. אָבער ווי אַ צוגאָב האָבן זיי געוווּנען די פּריווילעגיע אַרײַנצולייגן בײַ צוואַנציק מיליאַרד דאָלאַר אין מיליטערישער הילף פֿאַר נאַסערס רעזשים, איידער די סאָוועטישע השפעה איז ראַדיקאַל איבערגעהאַקט געוואָרן דורך פּרעזידענט סאַדאַט. ביידע גרויסמאַכטן וואָלטן געהאַט ווייניקער פֿאַרלוירן, און מצרים וואָלט אַ סך מער געוווּנען, ווען דער פּראָיעקט וואָלט דורכגעפֿירט געוואָרן אויף אַ דרײַ־זײַטיקער באַזע.

איך האָב זיך געחידושט אויפן קול: צי האָט דער זעלבער פעלער געדאַרפט איבערגעחזרט ווערן אין אינדיע און באַנגלאַדעש, ווו הונדערטער מיליאָנען מענטשן האָבן זיך קוים דערהאַלטן בײַם לעבן אין באַדינגונגען פון אַ כּסדרדיקן הונגער? ענלעכע פראַגעס וואָלטן געקאָנט שפּעטער געשטעלט ווערן וועגן דער אַמעריקאַנער אַרײַנמישונג אין איראַן, ווו די פּערטע, לויט דער שטאַרקייט אַרמיי אין דער וועלט, באַוואָפנט מיט די מאָדערנסטע געווער־סיסטעמען, וועט זיך אונטערגעבן, כּמעט אָן אַ שאָס אַ רעליגיעזן פאַנאַטיקער מיט אַ טורבאַן אויפן קאָפּ. און אויך די טײַער קאָסטנדיקע אינטערווענץ פון רוסלאַנד אין אַפגאַניסטאַן, וואָס איז געקומען נאָך אַמעריקעס דורכפאַל אין וויעטנאַם. אומפאַרענטפערטע פראַגעס אָן אַ סוף...

יעדער טראַנס־אידעאָלאָגישער צוגאַנג פון דעם מין וועלכן כ׳האָב געהאַט אין זינען, איז געווען אומבאַדינגט אָפּהענגיק פון אַן אידעאָלאָגישן פײַער־איבעררײַס אין די געגנטן ווו, לויט דער אָפיציעלער דאָקטרין פון קרעמל, די קאָמוניסטן זענען מחויב געווען זיך צו שטעלן אויף דער זײַט פון די „כּוחות פון נאַציאָנאַלער באַפרײַונג״ קעגן די „כּוחות פון נעאָ־קאָלאָניאַליזם״. די סאָוועטישע דעלעגאַציע האָט דערשפּירט דעם אמת אין מײַנע באַמערקונגען און איז שטיל געוואָרן. אָבער שפּעטער, אין מאָסקווע, האָט מיר דייוויד ראָקפעלער געזאָגט, אַז ווען ער האָט איבערגעחזרט מײַן פאָרשלאָג פאַרן פּרעמיער־מיניסטער אַלעקסיי קאָסיגין, האָט דער לעצטער, ווײַט פון בלאָס ווערן, פאָרגעלייגט אַ הויך־ראַנגיקע סאָוועטיש־אַמעריקאַנער גרופּע זאָל אויספאָרשן דעם ענין. דער אויסערן־מיניסטער הענרי קיסינדזשער האָט פאַרזיכטיק באַשטעטיקט דעם פאָרשלאָג און ראָקפעלער האָט מיך פאַרבעטן צו זײַן פאָרזיצער פון דער גרופּע. כ׳בין געווען גרייט עס אָנצונעמען, אָבער, ווי כ׳האָב מורא געהאַט, איז עס צו פיל געווען פאַר די סאָוועטן און זיי האָבן געלייגט אַ וועטאָ אויפן פאָרשלאָג, וועלנדיק בעסער אַ נאָכגיביקע אַמעריקאַנער ביזנעס־עקזעקוטיווע; זיי האָבן ניט געוואָלט פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער אַ שפּירעוודיקער פראַגע.

ווען מיר זענען געפלויגן צוריק אַהיים, און מײַנע געדאַנקען זענען געווען צו וואַשינגטאָן און דעם עדות־זאָגן וועגן אַמעריקעס עקאָנאָמישער און האַנדלס־פּאָליטיק, וועגן וואָס כ׳האָב געדאַרפט רעפערירן די קומענדיקע

וואָך פאַר דעם „סוב־קאָמיטעט פון סענאַט וועגן אַנטי־קאַרטעלן און מאָנאָ־פּאָלן", זענען מײַנע אויגן געווען צוגעשמידט צום פענצטער פון ראָקפעלערס קליינעם גאָלפשטראָם־דזשעט. ערגעץ אונטן, מערבדיק פון מינסק, ליגן די רעשטלעך פון מײַן געבוירן־שטאָט. דער אָנדענק פון מײַן אַלטער היים, פון דער משפחה מיט װעלכער איך האָב געהאַט אַזוי װייניק צײַט צו זײַן צוזאַמען, די פאַרשניטענע וועלט פון מײַן קינדהייט, איז געווען אַזוי נאָענט און דאָך — אַזוי פיל אַסטראָנאָמישע ליכטיאָרן ווײַט.

כ'האָב געטראַכט וועגן דעם ווי די רוסישע באַאַמטע האָבן איצט זיך באַצויגן צו דייוויד ראָקפעלערן, מיטן גאַנצן צערעמאָניאַל וואָס קומט אַ ראָש פון אָ מדינה, און איך האָב געדענקט ווי דייווידס משפחה איז געווען פאַר־געשטעלט אין די לערנביכער, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט לייענען אין דער צײַט פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע פון אונדזער שטאָט. מגושמדיקע, אין צילינדערס און מיט ריזיקע קובאַנער ציגאַרן צווישן די ציין, זענען פון די ראָקפעלערס געמאַכט געוואָרן קאַריקאַטורן, ווי די בולטסטע סימבאָלן פון בלוטדאָרשטיקן קאַפּיטאַליזם, די גרעסטע שׂונאים פון דער מענטשהייט... פאַר דער וואָך צײַט פון אונדזער זײַן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז דאָס איינציקע בילד פון דעם פאַרזיצער פון „טשייז מאַנהעטן באַנק", וועלכן „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ" האָבן אויסגעקליבן צו געבן פאַר די לייענערס, געווען אַ שלום־ליבהאָבנדיקער פּאַרטנער פון עקאָנאָמישער קאָאָפּעראַציע. ווי אויס־טערליש און ווי אומעטיק, אַז „שלום־ברענגענדיקע קאָאָפּעראַציע" איז געווען אַ רוסישער און ניט קיין אַמעריקאַנער אויסדרוק...

אַלץ האָט אויסגעזען צו גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ. איך האָב זיך גענומען פרעגן, צי מײַנע קינדער האָבן נישט געהאַט קיין גערעכטע טענה; צי מײַן לעבן איז לעצטנס ניט געוואָרן אָנגעפּילט מיט צו פיל געהויבענע לײַט; צי די פּיסאַר־דאָקטרין וועגן קאָעקסיסטענץ דאַרף זיך ניט אָנהייבן אין דער היים. ס'איז געקומען די צײַט צו האָבן אַן אָפּרו פון מײַנע חסר־דעהדיקע אַקטיוויטעטן, צײַט זיך צוריקצוציִען און אַרײַנטראַכטן זיך; צײַט ווידער אַ מאָל צו באַמיִען זיך צונויפצוברענגען מײַן איצטיקע עקסיסטענץ מיט די צעשמעטערטע שטיקלעך פון מײַן פריִערדיק לעבן.

*

בענעק האָט אונדז באַזוכט. ער האָט זיך איצט פאַרנומען מיט אימפּאָרט־געשעפטן, פאָרנדיק רעגולער קיין אַמעריקע און אייראָפּע. פראַנקרײַך איז שטענדיק געווען די הויפּטסטאַציע אויף זײַנע וואַיאַזשן, ניט נאָר צוליב מיר, נאָר צוליב דעם וואָס זײַן טאָכטער מאַלי האָט חתונה געהאָט מיט אַן אימי־גראַנט פון טוניס, וועמענס משפּחה ס׳האָט זיך באַזעצט אין גרענאָבל און וואָס איז איצט געווען זײַן שותּף אין מעלבורן. בענעק האָט ליב געהאָט צו באַזוכן זײַן גרויסן און וואַרעמען שטאַם — די פּליטים פון צפון־אַפריקע נאָך דער צעפאַלונג פון דער פראַנצייזישער אימפּעריע.

פּאַריז האָט אים אינטערעסירט בכדי זיך גוט צו באַקענען מיט יהודיתן און לאהן. איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשד, אַז דאָס וועט זײַן אַ גרינטלעכער אינספּעקציע־באַזוך; צוליב העפלעכקייט האָט ער צו ערשט אינספּעקטירט אונדזער הויז, קאָנטראָלירט די וואַשמאַשין, די טריקן־מאַשין און אַלע עלעק־טרישע מכשירים.

אײַן אָוונט האָב איך געהערט אַ גערויש אין אונטערשטן עטאַזש נאָך דעם, ווי אַלע זענען אַוועק שלאָפן. כ׳האָב געטראָפן בענעקן שטיין אַן באַוועגונג אַנטקעגן דער טיר פון אָפענעם פריזשידער.

„וואָס איז, בענעק? דו ווילסט אַ קאַווע?" האָב איך געפרעגט.

„ניין, אַ דאַנק, איך בין אויף אַ דיעטע."

„דאָס איז גוט. דאַרשטיק?"

„ניין, איך קוק נאָר."

די סצענע האָט מיר אויסגעזען אַ ביסל אויסטערליש, כ׳האָב אָבער מער ניט גערעדט וועגן דעם. אַ צײַט שפּעטער האָט זײַן זון פּאָול מיר דערקלערט, אַז ווי לאַנג ער געדענקט, האָט בענעק ניט געקאָנט אײַנשלאָפן, איידער ער איז געווען אַרײַן אין קיך צו זען, צי דער פריזשידער איז פול מיט שפּײַז, און אַז פּאָולס מאַמע, בעבקאַ, האָט זיך מיט דעם געמוזט פאַרנעמען יעדן טאָג. דרײַסיק יאָר נאָך דעם ווי דער פיזישער הונגער איז פאַרשוווּנדן, האָט בענעק ניט געקאָנט פּטור ווערן פון דעם פּסיכאָלאָגישן הונגער.

ווען ס׳איז געקומען די צײַט פון אונדזער געוויינטלעכן שפּאַציר, זענען מיר באַגלייט געווען דורך אונדזער נײַעם הונט — אַ האַריקער, ריזיקער

שאַפּנהונט, וועלכן די קינדער האָבן אַ נאָמען געגעבן „מיצווה". („באַלאַ־לייקאַ" האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין קאַליפאָרניע.) כ'בין געווען גרייט אויף גאָר אַנדערע אָנגריפן, אָבער בענעק האָט מיך איבערראַשט.

„מוליאַ, עס גייט דיר גוט, האָסט אַ פײַנע היים."

„איך בין צופרידן, אַז דו באַשטעטיקסט עס. איצט ברענג אַרויס וואָס דו האָסט אין געדאַנק דאָס מאָל?"

„דו לויפסט נאָך אַלץ צו פיל אַרום."

„דיר גופא גייט עס ניט שלעכט, אַרומלויפנדיק."

„מײַן אַרומלויפן איז אַרבעט. אָבער צו וואָס גייסטו מיט זשיסקאַרן קיין אוישוויץ? ער האָט דאָרט אויך משפחה?"

„בענעק, למען־השם... האָסט געלייענט די צײַטונגען? האָסט געהערט וועגן דער פראַנצייזיש־אַראַבישער נאַפט־דיפּלאָמאַטיע און די געפאַר וואָס דאָס שטעלט מיט זיך פאַר פאַר ישׂראל? און ווײַל זשיסקאַר איז אַהין געפאָרן, האָב איך געוואָלט זײַן זיכער, אַז ער וועט זאָגן: ,קיין מאָל ניט מער' — הויך און קלאָר. הויך און קלאָר צו די פּאָליאַקן, צו די רוסן, צו די אַראַבער, צו יעדן איינעם. און איך האָב עס אויך געוואָלט זאָגן, ווײַל צו פיל מענטשן קאָנען זײַן גרייט אויסצובײַטן בלוט אויף נאַפט."

בענעק האָט אויפגעהויבן אַ שטעקל און עס אַ וואָרף געטאָן. „מיצווה" איז געלאָפן נאָך דעם, האָט אָבער ניט געוואָלט עס צוריקברענגען.

„מיינסטו ניט אַ מאָל, אַז איך בין מיט אים אַהין געגאַנגען צוליב פּאָלי־טישע סיבות אָדער צוליב פרײַנדשאַפט? זע, ווען מיר זענען צוריקגעקומען, האָבן יהודית און איך געגעסן אָוונטברויט מיט זײַן גרעסטן שׂונא, פראַנסואַ מיטעראַן. און ער האָט געזאָגט, אַז די יוגנט טאָר מען ניט לאָזן פאַרגעסן און אַז אין אוישוויץ האָט זשיסקאַר גערעדט אין נאָמען פון יעדן איינעם פון אונדז, ווײַט איבער דעם ענגן אינטערעס פון דער פראַנצייזיש־אַראַבישער נאַפט־דיפּלאָמאַטיע און דעם בליענדיקן האַנדל מיט געווער."

„מיצווה" איז געווען ווילד.

„ווערסט אַ מאָל אויסדרעסירן אַ הונט?"

„פאַרגעס עס," האָב איך געלאַכט. „כ'האָב צו פיל אַנדערע זאַכן צו טאָן."

„יאָ, דאָס איז עס, וואָס מיר אַרט..."



די וועלט פון ביזנעס, ווי די וועלט פון דיפּלאָמאַטיע, פירט צונויף אויסטערלישע שידוכים. אין 1939 האָט סטאַלין זיך ניט געוואָקלט צו שליסן אַ בונד מיט היטלערן אויף אומצוברעגנגען פוילן, ווערנדיק דערמיט אַ מיט־שותּף אין אָנהייבן די צווייטע וועלט־מלחמה. אין 1972 האָט דער קרעמל מוותּר געווען אויפן כּבוד און באַגריסט דעם פּרעזידענט ניקסאָן אין מאָסקווע אַ פּאָר שעה נאָך דעם, ווי ער האָט געגעבן אַ באַפעל צו מינירן דעם הײַפאָנג־פּאָרט. אין 1979, ווען זיי האָבן אונטערגעשריבן דעם שלימזלדיקן סאָלט־צוויי־אָפּמאַך אין ווין, האָבן די פּרעזידענטן קאַרטער און ברעזשניעוו זיך געקושט אַנטקעגן די טעלעוויזיע־קאַמערעס; ווייניקער ווי אַ יאָר שפּע־טער, נאָך דער סאָוועטישער אינטערווענץ אין אַפגאַניסטאַן, האָט איינער דעם צווייטן גערופן ליגנער.

מאָסקווע האָט זיך קיין מאָל ניט צוריקגעצויגן פון צושטעלן עלעקטרישע קראַפטסטאַציעס פאַר גריכנלאַנד פון די קאָלאָנעלן, הגם טויזנטער קאָמוניסטן האָבן צו יענער צײַט געשמאַכט אין די תּפֿיסות פון אַטען; דאָס פּראָלעטאַרישע פוילן האָט זיך ניט געוואָקלט צו שיקן קוילן פאַר פראַנקאָס פאַשיסטישער שפּאַניע, בעת קוילן־גרובן־אַרבעטער האָבן געשטרײַקט. און די קאָמוניס־טישע לענדער האָבן אין אַ כאַר געפײַערט די אַריסטאָקראַטן פון קאָרפּאָ־ראַטיוון קאַפּיטאַליזם — פון ראָקפעלערן און ווײַטער — פונקט ווי „ביזנעס איז ביזנעס״ וואָלט געווען אַ מאַרקסיסטישער לאָזונג.

בײַשפּילן פון אַן ענלעכן מאָראַלישן גלײַכגילט האָבן אַן אָרט אויך אויף אונדזער זײַט פון דער אידעאָלאָגישער באַריקאַדע. לאָגיש גענומען, דאַרף די קאָרפּאָראַציע־אונטערנעמונג זיך פירן ווי אַן אומפּערזענלעכע ווירקעוו־דיקע מאַשין, זיך רעכענענדיק בלויז מיט אירע פּראָפיט־פאָדערונגען. מיט פאַרשיידענע מאָסן פון אינטימקייט האָב איך אָבסערווירט די אָפּערירנדיקע מעטאָדן פון אינטערנאַציאָנאַלן ביזנעס; כ׳האָב זיך איבערצײַגט, אַז גאָר אָפט לוינט עס בעסער זיך נאָכצוגעבן צו עקאָנאָמישע באַיקאָטן, דיפּלאָמאַטיש אינספּירירטע דורך אויסלענדישע רעגירונגען, און — אונטערהאַנדלען... כ׳האָב זיך אויך איבערצײַגט, אַז וועגן פאַבריקאַציע און קאָמערציעלע אָפּ־מאַכן איז פּשוטער און אָנגענעמער צו אונטערהאַנדלען מיט אויטאָריטאַטיווע

רעזשימען, ווי מיט דעמאָקראַטישע. ס'ליגט אין דער נאַטור פון אַזעלכע רעזשימען צו גאַראַנטירן דעם ברייטהאַרציקן אינוועסטאָר אַ קלימאַט, פריי פון פּאָליטישן אומרו, פון אַרבעט־שוועריקייטן, יוגנט־אַגיטאַציע, קאָנסומענטן־קריטיק, ניטאָ די שעדלעכקייט פון קאָנקורענץ, ניטאָ די אַרייַנמישונג פון געזעצגעבונג אין שייַכות מיט קאָרופּציע און פאַרדאַרבנקייט, ניטאָ דער איבערגעטריבענער קוראַזש פון די נאַציאָנאַלע געריכטן — אַלץ מעלות וועלכע מ'קאָן ביי די דעמאָקראַטיעס קאָנסטיטוציאָנעל ניט האָבן. כ'האָב אַפילו געהערט דעם הויפּט־אָנפירער פון אַ גרויסער קאָרפּאָראַציע, אַן אָרג־טלעכער, גאָטספאַרכטיקער מענטש און אַ מוסטער פון אַ מאַן און טאַטע, זאָגנדיק האַלב אין שפּאַס: „הייַנט דאַרף מען זייַן געשלאָגן אויפן קאָפּ צו אינוועסטירן אין אַ דעמאָקראַטישער מדינה."

*

די יונגע מענטשן וועלכע קריטיקירן קאָרפּאָראַציעס מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, אָפט מיט גוטע כּוונות, און וועלכע ווילן זיי זאָלן אַרונטערפאַלן אונטער אַ מאַסיווער, אַפילו פולשטענדיקער קאָנטראָל פון דער מדינה, האָבן ניט קיין באַגריף פון די סכּנות וואָס לויערן אין דער פאַרדאָרבנקייט פון באַציִונגען צווישן רעגירונגען און ביזנעס. פאַרבינדונג צווישן די וואָס האָבן עקאָנאָמישע קראַפט, און די וואָס האָבן פּאָליטישע קראַפט, קאָנען פירן, און האָבן שוין געפירט, צו אומזיבערע אָפּמאַכן, אין וועלכע אַלע עטישע ווערטן פאַרשווינדן. כ'האָב געלערנט די דאָזיקע לעקציע יונגערהייט, אין שווערע באַדינגונגען און ס'האָט מיך נאָך מער איבערצייַגט אויף אַ ברוטאַלן אופן דער גאַנג פון אַ דעבאַטע אין 1974 צווישן דעם לאָנדאָנער „טיימס" און עטלעכע אַנדערע אָנפירנדיקע אייראָפּעיִשע צייַטונגען.

מייַן אָפּאָנענט איז געווען טשאַרלז לעווינסאָן, אַ קאַנאַדער עקאָנאָמיסט וואָס פירט אָן מיטן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די כע־מיקערס און איז דער אויטאָר פון בוך „וואָדקאָ — קאָלאַ", וועלכן מען האָט פאַרגעשטעלט ווי אַן אַנטיטעזע צו מייַנע מיינונגען. זייַן אָנגריף האָט געטראָפן אין ציל: „אייַערע קליִענטן," האָט ער געזאָגט, „האָבן מיטגעאַרבעט מיט די ערגסטע רעזשימען. זיי זענען געווען אין פּינאָשעטס טשילי, אין גריכנלאַנד פון די קאָלאָנעלן, אין פראַנקאָס שפּאַניע. הייַנט, ווען זיי שטעלן ניט צו קיין

אויפֿרײַס־מאַטעריאַלן פֿאַרן געברויך אין וויעטנאַם, מאַכן זיי גוטע געשעפֿטן אין קאָמוניסטישן מיזרח. זייערע אַקטיוויטעטן דערמאָנען אין דעם הויכפּונקט פֿון היטלערס דײַטשלאַנד. ווען „אי.ג. פֿאַרבען־געזעלשאַפֿט״ האָט געאַרבעט האַנט בײַ האַנט מיט די נאַציס.״

לעווינסאָן האָט ניט געקאָנט וויסן, אַז דער אָביעקט פֿון זײַן שאַרפֿן פֿאַרוווּרף איז געווען אַ לעבן־געבליבענער פֿון חורבן. כ׳האָב זיך אָפּגעהאַלטן פֿון אויפֿקלערן עס אים, ווײַל מחוץ די פּערזענלעכע מאָמענטן איז דער פּונקט וועלכן ער האָט אַרויסגעבראַכט, געווען זייער אַ וויכטיקער, און כ׳האָב בעסער געוואָלט, אַז די דעבאַטע זאָל אַנגיין ניט אויף קיין עמאָציאָנעלע וועגן. געוויס האָב איך ניט געדאַרפֿט, ער זאָל מיר דערמאָנען פֿאַקטן, וועגן וועלכע כ׳וואָלט געקאָנט עדות זאָגן פֿון מײַן ביטערן פּערזענלעכן נסיון.

*

„אי.ג.־פֿאַרבען״, אַ ריזיקער דײַטשישער כעמישער קאַרטעל, פֿאַרלייגט אָנהייב דעם יאָרהונדערט, האָט געהאַט אַ שטאַרק פֿאַרשפּרייטע נעץ פֿון אָפּטיילונגען אין גאַנץ אייראָפּע און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. זינט דער גרינדונג פֿון דער געזעלשאַפֿט האָבן אירע וויסנשאַפֿטלערס, אַ סך פֿון זיי נאָבעל־פּרײַז־לאַורעאַטן, אײַנגעזאַמלט אַ גוואַלדיקע צאָל אויסערגעוויינטלעכע דערפֿינדונגען אין די תּחומים פֿון פּעטראָכעמיע און פֿאַרמאַציע. די געזעל־שאַפֿט האָט געהאַט טויזנטער פּאַטענטן, רעגיסטרירטע אין דער גאַנצער וועלט, וואָס האָבן אויך דערמעגלעכט צו פֿאַרוואַנדלען קוילן אין סינטעטישן אייל און גומי, צו פּראָדוצירן אויפֿרײַס־שטאָפֿן, שמיר־מאַטעריאַלן, סינטע־טישע געוועבן און אַנדערע פּראָדוקטן, אָן וועלכע דער דײַטשישער מלחמה־אָנשטרענג וואָלט געווען אוממעגלעך. זי האָט אויך אַנטוויקלט גיפֿטיקע גאַזן און פּראָדוצירט דעם „ציקלאָן ב״ — די קריסטאַלן, וועלכע מען האָט געניצט אין די גאַזקאַמערן פֿון טרעבלינקע, מײַדאַנעק און אוישוויץ.

די מאָראַלישע געפֿאַלנקייט פֿון די אויסגעצייכנטע און געשעצטע מענטשן, וועלכע האָבן געשאַפֿן דעם טעכנאָלאָגישן וווּנדער „אי.ג.־פֿאַרבען״, איז אָוועק נאָך אַ סך ווײַטער און איז אַ טעמע, אויף וויפֿל עס גייט מיך אָן, וואָס האָט פֿאַרדינט אַן אינטענסיווע אויספֿאָרשונג.

אין די היטלער־יאָרן האָט זיך אַנטוויקלט אַ פולשטענדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שותפות צווישן דער געזעלשאַפט און דעם רעזשים — די באַזע פון דער מיליטעריש־אינדוסטריעלער מאַשין. דער ערשטער שריט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז געווען צו באַזײַטיקן באַלד אויפן אָרט, ניט געקוקט אויף דעם ווערטפולן בײַשטײַער פון זייער פּראָפעסיאָנעלן וויסן, אַלע ייִדישע וויסנשאַפטלער. אין פוסטריט פון די איבערראַשנדיקע און כסדרדיקע נצחונות פון נאַציזם בליצקריג האָט זיך די געזעלשאַפט געלאָזט אויף אַ פּאָליטיק פון פאַראייניקונגען און דעראָבערונגען: זי האָט פשוט איבערגענומען יעדע באַטײַטיקטע פאַבריק אין די דורך דער ווערמאַכט פאַר־נומענע געביטן. אַן ערנסטע פּראָבלעם האָט זיך געשאַפן אין דער קומענדיקער פאַזע, אָבער די גײַסטרײַכע דירעקטאָרן פון „אי.ג.־פאַרבען", שטענדיק אויף דער הייך פון זייערע פונקציעס, זענען דערגאַנגען צו אַ ניוואָ וואָס האָט ניט געהאַט זײַנס גלײַכן אין געשעפטלעכער עפעקטיווקייט. מלחמה־צײַט זענען די אָרטיקע דײַטשישע אַרבעט־כּוחות געוואָרן גוואַלדיק באַשרענקט דורך די פאָדערונגען פונעם מיליטערישן פראָנט. לאָגיק און ווירקעוודיקייט האָבן דיק־טירט די לייזונג: נײַע ריזיקע פאַבריקן וועלן געבויט ווערן נאָענט צו די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אַזוי האָבן אַ פּאָר מײַל פון אוישוויץ אָפּערירט, מיט אַ גאָר גרויסן רעזערוו פון פאַרקנעכטיקטער און כּמעט אומזיסטער אַרבעט די גרעסטע סינטעטישע נאַפט־ און גומי־אונטערנעמונגען פון דער געזעל־שאַפט. אומענדלעכע קאָלאָנעס פון נעבעכדיקע „אונטערמענטשן" — בענעק, ניקאָ און איך צווישן זיי — זענען אויסגעניצט געוואָרן ביז צו פולער אויס־שעפּונג און טויט, בכדי צו מאַכן די דורך דײַטשלאַנד פאַרנומענע אייראָפּע אומאָפּהענגיק אין נאַפט און גומירייפן צו אויטאָמאָבילן.

די בשותפותדיקע אונטערנעמונג פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט און די עס־עס איז אָנגערופן געוואָרן — די „אי.ג.־אוישוויץ־דיוויזיע". לויט איר דעקלאַרירטער קאָרפּאָראַטיווער פּאָליטיק וועלן „אַלע אינטערנירטע גע־שפּײַזט, באַשיצט און באַהאַנדלט ווערן אויף אַזאַ אופן, כּדי זיי צו עקספּלואַטירן אין דער העכסטער מאָס און בײַ די מינימאַלסטע הוצאות".

לויט די פונקטן פון דער אונטערנעמונג, איז „אי.ג.־פאַרבען" מסכּים געווען צו צאָלן דער עס־עס אַ טעגלעכן אָפּצאָל פון פיר מאַרק פאַר אַ געשולטן

אַרבעטער, צוויי מאַרק פֿאַר אַ שוואַרץ־אַרבעטער און אַנדערטהאַלבן מאַרק פֿאַר אַ קינד־אַרבעטער. ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז די געפֿאַנגענע האָבן גאָרנישט ניט באַקומען.

די געשעפֿטלעכע אָפּמאַכן צווישן דער געזעלשאַפֿט און דעם לאַגער האָבן פֿאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינטלעכע ריי פֿון טראַנסאַקציעס. אָט זענען אויסצוגן פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ פֿון „אי.ג.־פֿאַרבען" מיט דער עס־עס אין אוישוויץ אין 1943, באַגלייטע ווי באַווײַזן פֿון מלחמה־פֿאַרברעכנס אויפֿן נירנבערגער פּראָצעס קעגן די דירעקטאָרן פֿון דער געזעלשאַפֿט:

פֿאַרן צוועק פֿון אונדזערע עקספּערימענטן מיט נײַע שלאָפֿמיטלען ווילן מיר, מ'זאָל אונדז צושטעלן אַ געוויסע צאָל פֿרויען...

מיר האָבן צו דער צײַט באַקומען אײַער פֿאָרשלאָג אָבער מיר פֿילן, אַז 200 מאַרק פֿאַר אַ פֿרוי איז אַן איבערגעטריבענער פּרײַז. מיר האָבן ניט בדעה צו צאָלן מער ווי 170 מאַרק פֿער קאָפּ. אויב איר זענט מסכּים, זענען מיר גרייט אויפֿצונעמען די פֿרויען. מיר דאַרפֿן בערך 150 פֿון זיי...

דעם טראַנספּאָרט פֿון די 150 פֿרויען האָבן מיר פּינקטלעך באַקומען. ניט געקוקט אויף זייער אויסגעדאַרטן צושטאַנד, האָבן מיר זיי געפֿונען פֿאַר פּאַסיק. מיר וועלן אײַך אינפֿאָרמירן אין גאַנג פֿון אונדזערע עקספּערימענטן...

די עקספּערימענטן זענען פֿאַרענדיקט געוואָרן. אַלע סוביעקטן זענען טויט. מיר וועלן אין גיכן זיך שטעלן מיט אײַך אין פֿאַרבינדונג וועגן אַ צוגאָבלעכן טראַנספּאָרט...

כ'האָב געפֿילט דעם פֿולן טעם פֿון דער נײַער עקאָנאָמישער אָרדענונג, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פֿאַר דער וועלט, ניט נאָר ווי אַ פֿאַרקאָנטראַקטירטער שקלאַף אין אוישוויץ, נײַערט אויך ווען כ'האָב געאַרבעט אין דער אונטערערדישער פֿאַבריק נאָענט צו שטוטגאַרט, ניטנדיק מיט אַן אוממענטשלעכן טעמפּאָ, כּמעט אָן שלאָף, די פֿליגלען פֿון עראָפּלאַנען פֿאַר אַן אַנדערן דערהויבענעם מיטגליד פֿון דער דײַטשישער קאָרפּאָראַטיווער אינסטיטוציע. כ'בין דעמאָלט געווען צו יונג צו פֿאַרשטיין, אַז אַ נײַ קאַפּיטל איז געשריבן געוואָרן אין דער עפּישער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט. אין אוראַלטע צײַטן

האָט דער בעל־הבית באַהאַנדלט זײַן שקלאַף ווי אַ ווערטפולן באַוועגלעכן פאַרמעגן, ווי אַן ערשטקלאַסיקע אַרבעט־חיה, אַ פאַרמעגן וואָס דאַרף מיט אײַנזעעניש באַהאַנדלט ווערן צוליב זײַנע נוצן־ברענגענדיקע פּאָטענצן. לויט דער נײַער קאָמבינאַציע פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם און געשעפטלעכער אונ־טערנעמונג, איז אַ מענטש געווען אַ ווערטיקער רוי־מאַטעריאַל, וועלכן מען קאָן פאַרשווענדן אָן דער קלענסטער ריזיקע עפּעס אָנצוווערן. דער מענטש, פון וועמען די גאַנצע לעבנסקראַפט איז אַרויסגעזויגן געוואָרן, איז באַהאַנדלט געוואָרן מיטן „ציקלאָן ב״־גאַז אַזוי, אַז מען זאָל נאָך פון אים אַרויסקריגן זײַנע צווייטראַנגיקע פּראָדוקטן: גאָלדענע ציין פאַר דער רײַכסבאַנק, האָר אויף מאַטראַצן, פעטס אויף זייף און הויט אויף אַבאַזשורן.

ווען כ׳האָב ווידער איבערגעטראַכט וועגן מײַנע פריִערדיקע איבער־לעבונגען אין שאָטן פון דער „אי.ג.־פאַרבען״, האָבן זיך מיר געשטעלט אַ ריי פּײַנלעכע פראַגעס. כ׳האָב אויך געדענקט דעם איראָנישן פאַקט, אַז ניקאָ, בענעק און איך זענען געווען פאַרשפּאַרט אין דער לאַנדסבערגער תּפיסה צוזאַמען מיטן קאָרפּאָראַטיוון ראָש פון דער קרופּ־אימפּעריע, וועלכן מען האָט געהאַלטן ווי אַ נאַצישן מלחמה־פאַרברעכער. ווי אַזוי האָבן געקאָנט הויך־ראַנגיקע פּראָפעסיאָנעלע דירעקטאָרן ווערן ענטוזיאַסטישע מיטשותּפים פון דעם אַכזריותדיקסטן פאַרברעכן אין דער געשיכטע, מיטשותּפים, צום סוף געבראַכטע צום מישפּט אין נירענבערג? די פּייניקנדיקסטע פראַגע איז גע־ווען: צי האָב איך, דער געוועזענער שקלאַף, הײַנט אַ פּאַוואָריזירטער ראַט־געבער פון אינטערנאַציאָנאַלע קאָרפּאָראַטיווע אונטערנעמונגען, געהאָלפן און דערמוטיקט דעם אוממאָראַלישן פלירט פון דער מאָדערנער אָנפירונג מיט מאָראַליש פאַרדאָרבענע, אַנטי־דעמאָקראַטישע רעזשימען? איז דאָס דער רעזולטאַט צו וועלכן די האַרוואַרד־טעזע, אויף וועלכער כ׳האָב געאַרבעט אַזוי תּמימותדיק, אַזוי וויסנשאַפטלעך, אַזוי אומעמאָציאָנעל, האָט מיך געבראַכט? איך קאָן זיך קוים פאָרשטעלן, אַז אַפילו אין צײַטן פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער בהלה זאָלן דירעקטאָרן ווידער דערפירט ווערן צו דעם סאָרט פּסיכאָטישער אויפפירונג, פון וועלכער די לעגענדע פון „אי.ג.־פאַרבען״, קרופּ און די אַנדערע געאַכפּערטע נעמען פון דער דײַטשישער קאָרפּאָראַטי־ווער אינסטיטוציע האָבן געגעבן אַזאַ גלענצנדיקן בײַשפּיל.

טעראָריסטיש איז דער חוב פון פּאָליטיקער אויפצובויען אַ פעסטן סקעלעט פון רעגירונגס־אינסטיטוציעס צום אַריבערפירן די דינאַמישע ענערגיע פון דער אינדוסטריע פאַרן ווויל פון דער געזעלשאַפט, האַמעוועדיק פאַרשווענ־דונגען וואָס באַגלייטן דעם פרײַען עקאָנאָמישן פּראָצעס. אָבער אין דעם יאָרהונדערט זענען ביזנעס וואָס נוצן ענערגיש אויס די נײַע און שטאַרק אַנטוויקלטע טעכנאָלאָגיע פון דער וועלט, געוואָרן זייער מעכטיק; פון דער אַנדערער זײַט האָבן פּאָליטיקערס און פּאָליטישע סטרוקטורן געהאַלטן זיך בײַ דער פאַרגאַנגענהייט, אַנווענדנדיק צו ערנסטע פּראָבלעמען פאַרעלטערטע לייזונגען.

די מערהייט פון די הײַנטיקע פּאָליטישע פירערס, ניט געקוקט אויף די ריזיקע אַרמייען מיט וועלכע זיי פירן אָן, זענען מאַכטלאָז; אין אַלגעמיין פאַלן זיי מיאוס דורך באַמיִענדיק זיך צו הערשן. ניט קענענדיק אָדער ניט פילנדיק די נײַע און אמתע וועלט־פּראָבלעמען, רעאַגירן זיי נאָר אויף מאָ־מענטאַלע ענדערונגען פון דער עפנטלעכער מיינונג און אויף קאַפּריזן פון דער טעלע־קאָמוניקאַציע.

די וויכטיקסטע באַדערפעניש איז אין דערפינדערישע אידעען, וואָס זאָלן איבערקומען דעם גוואַלדיקן דורכפאַל פון דער הײַנטצײַטיקער וועלט־דיפּלאָמאַטיע צו שמידן אַ בשותפותדיקן פּאָליטישן ווילן — צו פאַרנעמען זיך קאָנסטרוקטיוו מיט דעם גיכן אינטערנאַציאָנאַליזירן די עקאָנאָמיע פון דער וועלט, אַן עקאָנאָמיע וואָס מײַדט אויס די השגחה פון דער סוווערענער קאָנטראָל.

אין 1971 האָב איך אויף דער רעדאַקציע־זײַט פון „וואָל־סטריט־זשור־נאַל" פאַרגליכן דעם מאָדערנעם קאָנפליקט צווישן נאַציאָנאַלע מדינות און מולטי־נאַציאָנאַלע אונטערנעמונגען צו אַ קאַמף, וואָס איז פאַרגעקומען אין ענגלאַנד אין צוועלפטן יאָרהונדערט. דער אויסגאַנג פון דעם קאַמף צווישן דער רוימישער קירך, אַן אמתדיקע מולטי־נאַציאָנאַלע קראַפט, פערזאָניפי־צירט דורך טאָמאַס אַ. בעקעט, אַרצי־בישאָף פון קענטערבערי, און די קרוין פון ענגלאַנד, אַ באמתדיקע נאַציאָנאַלע קראַפט, פערזאָניפיצירט דורך הענרי דעם צווייטן פּלאַנטאַגענעט, האָט זיך געענדיקט מיט דעם מאָרד אין דער קאַטעדראַלע. הײַנט, אין ליבעראַלן מערב, קאָנען פּאָליטיקערס וואָס ווייסן

בעסער ווי צו פאַרטיליקן אײדער בויען, ווידער ברענגען צו אַ מאָרד. אין קאָמוניסטישן מיזרח איז דער מאָרד שוין באַגאַנגען געוואָרן. יעדע שעפע־רישקייט אין אַגריקולטור, אינדוסטריע און קאָמערץ ליגט אויסגעצויגן פאַר אַ בלינדער און ברוטאַלער פּאָליטישער מאַשין.

דער פּראָפעסיאָנעלער דירעקטאָר פון דער מאָדערנער קאָרפּאָראַציע איז ניט מער און ניט ווייניקער פליִסיק, אַגרעסיוו אָדער מאָראַליש, ווי זײַנע פאָרגייערס, וועלכע האָבן מיט פופציק יאָר צוריק געבראַכט אַ שפע פון ווילטאָג דעם פאָלק, אָבער אין אייראָפּע האָט עס בײַגעשטײַערט צו דעם אויסראָט פון אַ פאָלק. אָבער הײַנט אָפּערירט ער גלאָבאַל, אין אַ פוסטן חלל, פאַר וועלכן דער פּאָליטיקער האָט פאַרפעלט צוצוגרייטן וועלכע ניט איז עפעקטיווע, נאַציאָנאַלע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע געזעצן, וואָס זאָלן קאַנאַ־ליזירן זײַן שעפערישקייט פאַרן וויל פון דער מענטשהייט און פאַרקלענערן די נייגונג צו קאָרופּציע.

איך ווייס וואָס עס באַטײַט צו לעבן אין אַ סביבה אָן קיין געזעצן. ס׳איז דעסטרוקטיוו פאַר זיך אַליין, ווי פאַר אַנדערע. אין דער לײַכטזיניקער אַנאַר־כיע פון לאַנדסבערג האָבן ניקאָ, בענעק און איך, קוים זיך האָבנדיק געראַ־טעוועט פון אומקום, כּמעט אַליין זיך אומגעבראַכט.

# 14

ס'איז געווען נאַכט, ווען כ'האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אין מאָסקווע. דערוואַרט האָב איך אַ וואָך פון שווערע אונטערהאַנדלונגען.

געוויינטלעך קאָן מען וויסן, ווי וויכטיק די סאָוועטן שאַצן אָפּ די קומענדיקע אונטערהאַנדלונגען לויט דעם, צי זיי רעזערווירן פאַר איַיך דעם פּראַכטפולן אַלטן האָטעל „נאַציאָנאַל”, אַנטקעגן דעם „רויטן פּלאַץ”, אָדער אין אַ נײַערן אָבער פּשוטערן האָטעל, ווײַטער פון צענטער. די נאַכט בין איך איַינגעשטאַנען אין „נאַציאָנאַל”, אין טייל פון בנין וואָס לענין האָט געהאַט געניצט פאַר זײַן ביוראָ אין די טעג פון נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די ברייטע פענצטער זענען אַרויס צום קרעמל.

ניט קאָנענדיק שלאָפן (לויט דער ניו־יאָרקער צײַט איז נאָך אַלץ געווען טאָג) בין איך אַרויס פון בעט אַ שטיק פאַרן פרימאָרגן און געשטאַנען בײַם פענצטער. מאָסקווע איז געווען טויט שטיל. אַנטקעגן מיר האָבן אינעם האַלב־ליכט פון אַראָפּגעלאָזטן הימל, די פאַרשפּיצטע טורעמס און קופּאָלן פון צאַר, קאָמיסאַר און פאָרזיצער אויסגעזען מאַיעסטעטיש און געוואָרפן טונקעלע שאָטנס איבער דעם פּלאַץ. די הימלישע סצענע האָט אויסגעדריקט דעם סוד און כּוח פון אייביקן רוסלאַנד.

אין משך פון דער צײַט האָב איך געהאַט אַ סך לעבעדיקע אײַנדרוקן פון מאָסקווע. אין דער געזעלשאַפט פון קאַבינעט־מיטגלידער פון די פאַראייניקטע שטאַטן און אָנפירנדיקע אַמעריקאַנער ביזנעסלײַט, בין איך אַפילו געווען אונטערגעהאַלטן דורכן פאָרזיצער לעאָניד ברעזשניעוו בכבודו־ובעצמו אויף באַנקעטן אין זאַלן, איבערפולטע מיט אַרכאַישער פּראַכט. אויפנאַמעס פון אַזאַ פאַרנעם קאָן מען זיך גאָרניט פאָרשטעלן אין וואַשינגטאָן, לאָנדאָן אָדער פּאַריז.

די געסט גייען אַרײַן אין קרעמל־פּאַלאַץ דורך די צענטראַלע טרעפּ און לאָזן זיך צום ריזיקן זאַל פון הייליקן געאָרגי, ווו אויף די ווײַסע מאַרמאָר־

ווענט זענען מיט גאָלדענע אותיות אויסגעקריצט די נעמען פון רוסלאַנדס גרעסטע העלדן, געפאַלענע אין קאַמף. צוזאַמען, דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און זײַנע קאַפּיטאַליסטישע געסט עסן רויִק אַ מאָלצייט אין דער באַפּוצטער מיט צירונג פּאַצעטן־קאַמער, וואָס איז דעקאָרירט פון וואַנט צו וואַנט מיט מאָטיוון פון דער רוסישער אָרטאָדאָקסישער קירך.

אָבסערווירנדיק ברעזשניעוון און זײַנע חברים, וואָס זענען געזעסן אויפן פאַן פון אַלטע אילומינירטע איקאָנעס, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַפרײַען פון טראַכטן וועגן לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס פרעסקאָ „די לעצטע סעודה".

אין דעם אימפעריאַלן גלאַנץ מישן פירערס פון דער פאַרטיי און רע־גירונג, ווײַן, גוטע וווּנטשן און באַרימערײַען אין אַן אַלאַרמירנדיקער דע־מאָנסטראַציע פון אויטאָקראַטישן גײַסט. איין מאָל, בײַם אָנהייב פון צוזאַמענ־קום, טרינקענדיק לחיים פאַרן געזונט פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע, זענען מיר אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דער „קודש־קדשים" אין וועלכן ס'איז פאָרגעקומען די סעודה, איז געבויט געוואָרן דורך איוואַן דעם גרויזאַמען, צוויי יאָר פאַר דעם ווי קאָלומבוס האָט אַנטדעקט די נײַע וועלט. יעדע באַוועגונג און יעדער וואָרט האָט געשטראַלט מיט פאַרריסענעם שטאָלץ און מאַכט. דאָס איז געווען די מיינונג וואָס זיי האָבן געהאַט וועגן זיך, און אַזוי האָבן זיי געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן זיי זען.

שנייקרישטאָלן זענען געפאַלן פון אַ שטויבענדיק קלאָרן מאָסקווער הימל, ווען איך האָב געטראַכט וועגן די אַלע אײַנדרוקן.

פּלוצעם האָט זיך עפּעס אונטן גענומען באַוועגן. אַ מין ריזיקער מאָנ־סטערפיש האָט גענומען אָנפילן די גאַס, ווי אין אַ חלום. כ'האָב ממש געריבן מײַנע אויגן. פאַמעלעך, שטילערהייט האָט דער אומגעהײַער זיך באַוועגט אויף אַ וויכן טעפּיך פון שניי, און אַזוי ווי ער וואָלט וועלן אַדורכגיין אומ־באַמערקט. הינטער אים איז געקומען אַן אַנדערער, גענוי ווי ער, און אַ דריטער. זיי זענען אַרויסגעשווומען פון דער פינצטערניש מיט זייער געפער־לעכער סימעטריע, פול מיט פאַראַכטונג פאַר דער מענטשלעכער ראַסע, בעת אַ פאַרטויבנדיקער רעש האָט אויפגעטרייסלט מײַן צימער.

אַוודאי! כ'בין געווען אָנגעקומען ערב דעם יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־

רעוואָלוציע. קאָלאָסאַלע לאַסטאויטאָס מיט די מאָדערנסטע טערמאָנוקלעאַרע ראַקעטעס זענען געווען אויסגעשטעלט אין אַ פּאָזיציע אויף אַ זײַטיקער גאַס צום פּאַראַד אויפֿן „רויטן פּלאַץ", וועלכער וועט פֿאַרקומען אין אַ פּאָר שעה אַרום. דער טײַוולאָנישער נאַכט־ספּעקטאַקל פֿון אונטן איז געווען די ענד־גילטיקע פֿײַערלעכע רעפּעטיציע פֿאַר אַ טראַדיציאָנעלן יאָר־יערלעכן טעאַ־טער־ספּעקטאַקל, וועלכן געוויסע פּעלדמאַרשאַלן, דעקאָרירטע מיט דער ברייטער האַנט, וועלן פֿאַרשטעלן שפּעטער, פֿאַר אַ געשפּאַנטער וועלט. די פֿאַרשטעלונג וועט אויסדריקן די געווינטלעכע לאָזונגען וועגן כּוח פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע קיינער וועט ניט מנצח זײַן.

אין עלטער צווישן צען און צוועלף האָב איך געקוקט אויף סטאַלינס טאַנקען, וואָס האָבן זיך באַוועגט צו מערב און היטלערס פּאַנצערס, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויף מיזרח. אָבער קיין זאַך פֿון דעם וואָס כ'האָב דעמאָלט און שפּעטער געזען, האָט זיך ניט געקאָנט פֿאַרגלײַכן מיטן אײַנדרוק, וועלכן די אינטערקאָנטינענטאַלע באַליסטישע ראַקעטעס, גרעסער ווי די וועלכע כ'האָב זיך ווען ניט איז פֿאַרגעשטעלט, האָבן געמאַכט אויף מיר. אָנגעפּילטע מיט גיהנום־פֿײַער, האָבן זיי זיך באַוועגט לענג־אויס דער אַלטער וואַנט, פֿאַרבײַ מײַן פֿענצטער.

עטלעכע יאָר פֿאַר דעם האָט אַן אַנדער צונויפֿטרעף מיט דער אַרמיי שטאַרק געווירקט אויף מיר. כ'בין דעמאָלט געפֿלויגן פֿון ניו־יאָרק קיין וואַשינגטאָן אויף אַ באַגעגעניש מיטן אויסערן־מיניסטער, וויליאַם ראָדזשערס, ווען אין מײַן עראָפּלאַן איז קאַליע געוואָרן דער דרוקסיסטעם. דער פּילאָט האָט געמאַכט אַ נויטלאַנדונג אין „מאַקגייערס פֿליבאַזע" אין ניו־דזשערסי, איינער פֿון די נערוון־צענטערס פֿון דער „סטראַטעגישער לופֿט־אָנפֿירונג". זייענדיק נײַגעריק צו וויסן ווי דער ריזיקער קאָמפּלעקס האָט אויסגעזען, האָב איך געשפּאַצירט אַרום דער באַזע, בעת דער עראָפּלאַן איז פֿאַרריכט געוואָרן. כ'בין ניט אַרײַן אין קיין פֿאַרווערטע זאָנעס, כ'האָב אָבער געזען גענוג אויף צו האָבן אַ באַגריף וועגן דעם אָרט.

דער לאַגער איז באַשטאַנען פֿון גאָר אַ סך אין רייען געאָרדנטע מאַגאַ־זינען, אַדמיניסטראַטיווע בנינים און וווינונגס־קוואַרטאַלן, באַשטימטע אויף... אָפּצוואַרטן. זײַן גאַנצע אײַנוווינערשאַפֿט פֿון אָפֿיצירן און מאָביליזירטע

מענטשן האָבן כּמעט ניט געטאָן מער, ווי זיך אַרומגעדרייט איבערן פּלאַץ, געטרונקען ביר אָדער קאָקאַ־קאָלאַ געזען אַלטע פילמען אויף דער טעלע־וויזיע אָדער געשפּילט פוטבאָל. אַנדערע זענען סתּם געזעסן און געוואַרט. אין דעם הויפּט־עסצימער וווהין מען האָט מיך אַרײַנגעפירט עפּעס צו טרינקען, זענען געזעסן קאָלאָנעלן אין גענעראַלן און געוואַרט יעדן טאָג פון חודש, יעדן חודש פון יאָר. אויף וואָס ? אין דער גוטער לופט, אונטער דעם אומשולדיק קלאָרן הימל האָט די פראַגע אויסגעזען ווי ניט צוגעפּאַסט, ווי ניט אויפן אָרט און ניט צו פאַרענטפערן.

ס'איז געווען סורעאַליסטיש, אָדער, גיכער, לעכערלעך דער קאָנטראַסט צווישן דער טעוואָלאָגישער טעכנאָלאָגיע אויף דער סטראַטעגישער לופט־באַזע — איינע פון אַ הונדערט אַזעלכע איבערן גאַנצן לאַנד, און אויף די אונטער־וואַסער־שיפן און עראָפּלאַנען־טרעגערס אַרום דער וועלט, גרייט אַרויסצו־שפּרינגען פון אונטער דער ערד, אָדער פון דער טיפעניש פון ים צום ענד־גילטיקן אַקט פון דער נוקלעאַרער עפּאָכע — און דער לאַנגווײַליקער, דער־דריקנדיקער עקסיסטענץ פון די זאָרגעוודיק אויסגעווײלטע, גוט געשולטע מענטשן, וועמענס עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג איז געווען צו זײַן גרייט אויס־צופירן דעם ענדגילטיקן אַקט אין איין אויגנבליק, אָן קיין קשיות און געהאָר־כיק, ווי נאָר מ'וועט זיי הייסן ערגעץ ווו אַזוי צו טאָן. ניט ווײַט פון זיי האָבן די ראַקעטעס געשוועבט אין זייערע סילאָס. די צילן זענען געווען אײַנגעפּלאַנירט אין קאָמפּיוטערס. אַלץ איז געווען גרייט צו אַן אויטאָמאַטישן אויפרײַס.

אויף וואָס יעדער איינער פון די מענטשן האָט, זעט אויס, געוואַרט, איז געווען דער יום־הדין, אָדער דער טאָג פון אַריבערגיין אויף פּענסיע. יעדער איינער פון זיי איז געווען דערדריקט דורכן לאַנגווײַל פון אייביקן וואַרטן, אין איין גרוילפולער רגע וועלכע כ'האָב האַסטיק אַוועקגעשאַרט אין אַ זײַט, איז מיר אויסגעקומען, אַז דער סיגנאַל צו וועלכן אַלץ איז געווען צוגעגרייט און נאָך וועלכן אַלץ וועט זײַן געענדיקט, וואָלט געקומען כּמעט ווי אַ פאַרלײַכטערונג.

אויך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זענען לעבנס, מוחות, קאַריערעס און די געווער־סיסטעמען מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַשעפטיקט, געהאַלטן געוואָרן

אין גרייטקייט פאַרן זעלבן אַלאַרם. זייערע טעג זענען געװען פּונקט אַזעלכע אומעטיקע, פּונקט אַזעלכע לאַנגװײַליקע װי די, װאָס פון זייערע אַמעריקאַנער קאָלעגן. אויך זיי זענען צוגעגרייט געװאָרן צום אויספירן בלינדערהייט און אַן װאָקלעניש דעם זעלבן העכסטן באַפעל, שטרעבנדיק צום זעלבן תּכלית — די „פינאַלע לייזונג״ — די „ענדלייזונג״ פון אונדזער צײַט.

אין אַן אַנדערער צײַט און אָרט האָט אַן אַנדער לייטענאַנט־קאָלאָנעל אויסגעפירט זײַנע פליכטן מיט אַן אַבסאָלוטער געהאָרכיקייט, אַן צו שטעלן פראַגעס. ער איז געװען די פאַרקערפּערונג פון דעם אוממענטשלעכן קליינעם שרײַפעלע אין דער מאַשין; ער איז געװען די באַנאַליטעט פון רישעות. איז עס מעגלעך, אַז אומבאַװוסטזיניק זיצט אַן אייכמאַן אין יעדן איינעם פון אונדז?

פוןביידע זײַטן ערדקײַלעך, און װוּ נאָר מדינות שטאַלצירן מיט זייער אַטאָמישער מאַכט, איז אַל דאָס מעגלעכע געטאָן געװאָרן, כּדי מענטשן זאָלן ניט טראַכטן װעגן דעם זינען פון זייער לעבן. מ׳האָט זיי געלערנט ניט צו פרעגן פאַר װאָס זיי זענען דאָרטן, אָדער װאָס געװען מען דערװאַרט פון זיי, אַחוץ געהאָרכיקייט פון אַ גולם. װײַל װער פון זיי װאָלט ניט אַראָפּ פון זינען, אויב די ענטפערס אויף די פאַרװערטע פראַגעס װאָלטן אים גוט אַרײַן אין קאָפּ?



מיר לעבן אין תּוך פון זיך אַליין, צװישן מורא און האָפענונג — אַ מורא פאַר אַ נוקלעאַרער פאַרטיליקונג װעלכע מיר באַהאַלטן גוט אויס פון זיך, װײַל מיר װייסן ניט װי זיך צו פאַרמעסטן מיט דעם, און אַ האָפענונג אויף אַ רעטונג װעלכע מיר האָבן ניט קיין העזה צו קאָנטראָלירן, טאָמער דערװיסן מיר זיך װי אומזיכער זי איז. די אומזיכערקייט האָט קיין מאָל אַזוי שאַרף ניט געדריקט אויף מיר, װי דורך דער קאָנפראָנטאַציע פון די צװיי סצענעס, איינע לעבן דער אַנדערער — די נאַכט־ראַקעטעס פון מאָסקװע און די װאַכע־דיקייט צום יום־הדין אין מאַקגייר.

איך קאָן ניט אָנהויבן מיט אַזאַ גרויסן פאַרנעם אויסגעקליגלט געװער, אַזוי גוט צוגעפּאַסט צו די קאַפּריזן פון פּאָליטישן קריזיס און די כּלומרשטע כּוונות פון דעם פּאָטענציעלן שׂונא, און ניט האָבן סוף־כּל־סוף קיין אויפרײַס.

קוקנדיק אויף דעם היינטיקן וואָפן־געיעג קאָן מען זאָגן, ניט אָפּוויכנדיק
ווייט פון דער מעטע, אַז דאָס זענען די מאָטאָרן פון פאַרטיליקונג, וואָס פירן
אָן און טרייבן די מענטשהייט, און ניט פאַרקערט. ראָבערט מאַקנאַמאַראָס
וואָרענונג קעגן דעם „שגעונדיקן אימפעט" פון דער געווער־פּראָדוקציע אין
איינעם פון זיינע לעצטע באַריכטן, ווי דער מיניסטער פאַר פאַרטיידיקונג
אין מיטן די זעכציקער יאָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין נביאיש. די
דאָזיקע אומרייניקע מאָטאָרן האָבן אָוועקגעזעצט ביים רודער די גרויסע
קעגנאַנאַנדיקע אומפּאַרשטייעניש, באַקאַנט אונטערן נאָמען — די קאַלטע
מלחמה.

די וואָרצלען פון קאָנפליקט האָבן געדינט פאַר אַ טעמע פון אַ דעבאַטע
צווישן די קאָנווענציאָנעלע און די „רעוויזיאָניסטישע" היסטאָריקערס שוין
מער ווי אַ צענדליק יאָר. איך וויל ניט פאַרמינערן דעם באַטייט פון אַ דעבאַטע
צווישן געלערנטע, ווען איך זאָג, אַז האָבנדיק דורכגעמאַכט די סאָוועטישע
הערשאַפט סיי בעת אַ נצחון, סיי בעת אַ מפּלה, און האָבנדיק געאַרבעט אין
די צענטערס פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג און ביזנעס־אינסטיטוציעס,
בין איך פעסט איבערצייגט, אַז די באַשלוסן, אָנגענומענע אין וואַשינגטאָן
און אין מאָסקווע זיך צו מאָביליזירן צו אַן אומענדלעכן פּאָליטישן געראַנגל,
איז געווען לכתחילה פאַרביידע, דער פּועל־יוצא פון אַ פאַלשער השגה
וועגן דער שטרעבונג פונעם צד־שכנגד. די גוואַלדיקע פיזישע קראַפט וואָס
האָט דורכגעריסן די שטערונגען אין צענטראַל־אייראָפּע ביים סוף פון דער
צווייטער וועלט־מלחמה, טרומייטערנדיק וועגן איר קעמפערישקייט אין סטאַ־
ליניסטישן סטיל, איז אין וואַשינגטאָן פאַלש אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ
מיליטערישע דראָונג פאַר גאַנץ אייראָפּע; מאָסקוועס כוונה און מעגלעכקייט
צו יענער צייט איז פאַקטיש געווען צו שאַפן אויף דעם מיזרח־פאַס פון
קאָנטינענט אַ זיכערקייט־זאָנע קעגן ווייטערדיקע אינוואַזיעס. די פאָדערונג
פון אַמעריקע, אַז די סאָוועטן זאָלן זיך צוריקציִען פון מיזרח־אייראָפּע איז
אין מאָסקווע פאַלש אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ פּאָליטיש־מיליטערישע
אָפּענסיווע מיטן מיין אונטערצוגראָבן דעם סאָוועטישן רעזשים. פון דער
אַנדערער זייט איז די עיקרדיקע סיבה פון דער פאָדערונג געווען די מורא
פון די אַמעריקאַנער, אַז „נאָכגיביקייט" וועט דערמוטיקן די קאָמוניסטן אויס־

צושפרייטן זייער הערשאַפט נאָך ווײַטער און וועט גורם זײַן אַ ווײַטערדיקע מלחמה.

נעמענדיק אין באַטראַכט די געשיכטע פון די פסדרדיקע אינוואַזיעס אויף רוסלאַנד פון מיזרח און מערב, דורך די מאָנגאָלן פון טשינגיס־כאַן, פוילישע פאַנען, דײַטשישע ריטערס, נאַפּאָלעאָנס גרויסער אַרמיי, און די לעצטע און אַזוי געפערלעכע — די נאַציס, קאָן מען דען באַשולדיקן די רוסן פאַר זײַער אַנטשלאָסנקייט צו פאַרזיכערן, אַז דאָס וועט „קיין מאָל מער" ניט געשען?

נעמענדיק אין באַטראַכט די לעקציעס פון דער ענגליש־פראַנצייזישער נאָכגיביקייט לגבי היטלערן, וואָס האָבן געלייגט אַ שטעמפּל אויפן באַוווּסטזײַן פון אַ גאַנצן אַמעריקאַנער דור, קאָן מען דען פאַרוואַרפן די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרן באַשלוס „קיין מאָל ניט מער" צו פּרוּוון דערגרייכן אַ שלום דורך נאָכגעבן אַ טאָטאַליטאַרן אַגרעסאָר? דער קלאַנג פון „קיין מאָל ניט מער" און דער נדר פון בײדע — ווער קאָן עס פאַרשטיין בעסער ווי אַ ייִד און אַזאַ וואָס האָט דורכגעלעבט דעם חורבן?

די ערשטע אומשטימיקייטן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דאָגמעס און האָבן אָנגענומען הויט און ביינער אין דער מיליטערישער פּאָליטיק, וואָס זעט אויס צו זײַן אומדורכדרינגלעך פאַר אַ נײַער פּאָליטישער אָפּשאַצונג. זעט די לאַגע בײַם הײַנטיקן טאָג! די פאַראייניקטע שטאַטן און דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן בײדע געװנוג ראַקעטעס אויף דער יבשה, ים און אין חלל צו פאַרטיליקן איינער דעם אַנדערן אַ סך מאָל; קיינער פון זיי האָט זיך ביט צופרידנגעשטעלט בלויז מיטן פאַרשטאַרקן זײַן נוקלעאַרע פויסט. די לאָגיק וואָס הערשט אין די פּלאַנירער־קרײַזן פון פּענטאַגאָן איז, אַז אַ דערגרייכטער דורך די סאָוועטן טעכנאָלאָגישער פאָרשפּרונג וועט זיי געבן די מעגלעכקייט מיט איין קלאַפּ צו פאַרטיליקן אַלע אַמעריקאַנער ראַקעטעס אויף דער יבשה, אָדער צו קאָנען אויסשטיין יעדן אַמעריקאַנער קעגנקלאַפּ, מיט די נאָך געגוג איבערגעבליבענע ראַקעטעס, בכדי אַרויסצוגײן מיט אַ נצחון. לויט דער לאָגיק איז עס אומבאַדינגט נייטיק, אַז די טעכנאָלאָגישע איבערהאַנט זאָל בלײַבן בײַ די פאַראייניקטע שטאַטן.

די טעאָריע פון „ערשטן קלאַפּ" — און מיר קאָנען אָננעמען, אַז ענלעכע

טעאָריעס ווערן געשאַפן אין מאָסקווע — האָט דערבראַכט צו אַ גאַנצער ריי אויסבעסערונגען, אַריינגערעכנט קאַלקולאַציעס פון „ווי וויַט" די סאָוועטן קאָנען זיך פילן פעיִק צו פּראָוואָצירן אַ „קאָנווענציאָנעלע" מלחמה, אָדער אַפילו אַ „נידעריק־נאָכגיביקע" נוקלעאַרע מלחמה, אָן צו פיל ריזיקע פון אַן אַמעריקאַנער אָפּצאָלונג אין אַ פולער מאָס.

איך זאָג ניט, אַז יעדע איינע פון די נוקלעאַרע אָפּציעס האָט ניט אַ געוויסע לאָגיק. אָבער צוזאַמען גענומען זענען זיי חסר־דעה. ווער קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז אַ פאַראַנטוואָרטלעכער סאָוועטישער פירער — סיידן ער איז איבערצייגט, אַז זיין מדינה שטייט פּנים־אל־פּנים פאַר אַ פולשטענדיקער פאַרטיליקונג — וועט אָנהייבן אַן אָנגריף וואָס וועט, אומאָפּהענגיק פון אויס־גאַנג — זיין פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ריזיקע פאַר זיין מדינה, און געוויס מיט אַ טאָטאַלן אומברענג פון דעם היסטאָרישן צענטער און אַ דערוסיפי־קאַציע פון דער מולטי־נאַציאָנאַלער באַפעלקערונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אויב די מיסטעריעזע לאָגיק וועט גיין אַ טריט וויַטער, האָט יעדערער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז אַ מלחמה צווישן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַמע־ריקע קאָן געפירט ווערן אויף אַ געוויסן „דערלאָזלעכן" נוקלעאַרן ראַנד — אפשר דורך אַ מין „דזשענטעלמענישער" גייסטיקער טעלעפּאַטיע צווישן מאָסקווע און וואַשינגטאָן — אַזאַ איינער האָט פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט מיט דער וואָר. פאַר איינעם וואָס איז שוין געווען אַן עדות פון דער ערשטער וויסנשאַפטלעך אָרגאַניזירטער פאַרטיליקונג פון דער מענטשהייט, איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַ פּינקטלעכערע באַצייכענונג פון משוגעת. ס'איז דער קאָשמאַר פון אַן אומבאַגרענעצטן קרעמאַטאָריום, אַ טויזנט היראָשימאָס צוזאַמענגענומען.

די מענטשן צאָלן זייערע שטייערן, וואַרפן אַ בליק אויף די גרויסע דימענסיעס פון די ערלעכע פאַרטיידיקונג־בודזשעטן, וועלכע שלינגען איין די פאָנדן, נייטיקע פאַר אַנדערע דרינגענדיקע צוועקן, און גייען אָן מיט זייערע עסקים האָפנדיק, אַז די אַלע מיליאַרדן וועלן נישט אָנגעווענדט ווערן פאַר אומקום־צוועקן קעגן זיי. און דאָך קאָן נאָר די קראַפט פון דער עפנט־לעכער מיינונג איבעררייסן דעם דאָזיקן פאַרכישופטן קרייז. מיר קאָנען נישט דערוואַרטן פון די מיליטער־לייט, אין מיזרח און אין מערב, זיי זאָלן

פון זייער אייגענער איניציאַטיוו אויפגעבן דעם וואָפן־געיעג. און די ציווילע מאַכט איז ניט פעיִק צו קומען מיט נײַע אידעען און פּאָליטישן מוט, וואָס פאָדערן זיך פאַר אַ ראַדיקאַלער ענדערונג פון דער ריכטונג, אין וועלכער די אינטערנאַציאָנאַלע ענינים אַנטוויקלען זיך.

די יאָרן פון סאָוועטיש־אַמעריקאַנער אונטערהאַנדלונגען וועגן באַגרע־נעצן דאָס סטראַטעגישע געווער האָבן דערגרייכט ניט מער ווי צאָלנמעסיקע באַשרענקונגען. מיליטערישע בודזשעטן זענען אָבער נאָך געגוג הויך, כּדי צו דערמעגלעכן כּסדרדיקע באַוואָפענונגען אויף ביידע זײַטן. און די איראָניע פון דער סיטואַציע גייט נאָך ווײַטער. אונטערהאַנדלונגען האָבן געדינט פאַר די מיליטערישע פּלאַנירערס פון ביידע רעגירונגען ווי אַן אינסטרומענט צו מאַסקירן די קוואַליטאַטיווע אויסבעסערונגען אין זייערע אַרסענאַלן אונטער דער געבענטשטער טענה פון „געווער־קאָנטראָל”.

אַ געשעעניש וואָס איז פאָרגעקומען בײַם אָנהייב פון דער קענעדי־אַדמיניסטראַציע, אילוסטרירט דעם אופן, ווי אַזוי די צו מערסט פאַרפירע־רישע סכּנות פערמענטירן אין ביידע לענדער. קורץ נאָכן נאָמינירן ראָבערט מאַקנאַמאַראַן פאַרן פאַרטיידיקונג־מיניסטער, האָט דער נײַער פּרעזידענט געפאָדערט אַ באַריכט וועגן דעם, ווי אַזוי ער וועט קאָנען האַלטן זײַן צוזאָג פאַר די וויילערס צו באַזײַטיקן די נאָמינאַלע היגטערשטעליקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין נוקלעאַרע ראַקעטעס אין פאַרגלײַך מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד. קענעדי האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די באַרימטע „ראַקעטן־אָפּגעשטאַנענקייט” האָט קיין מאָל פאַקטיש ניט עקסיסטירט, און אַז מיט די 500 צווישן־קאָנינענטאַלע ראַקעטעס האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן ווײַט איבערגעשטיגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין זעלבן באַריכט האָט קענעדי געלייענט, אַז דער פאַראייניקטער הויפּטשטאַב האָט אין די אינטערעסן פון נאַציאָנאַלער זיכערקייט געפאָדערט אַ מאַסיווע פאַר־גרעסערונג פונעם ראַקעטן־כּוח, ביז צו דרײַ טויזנט איינהייטן. מאַקנאַמאַראַ אַליין האָט רעקאָמענדירט די צאָל צו פאַרגרעסערן ביז 900. „אָבער פאַר וואָס,” האָט דער פּרעזידענט זיך געחידושט, „זאָלן מיר פאַרשווענדן אַן אוצר אויף אַ צוגאָב פון 400 ראַקעטעס, אויב מיר האָבן שוין גענוג צו פאַרטיליקן דעם ראַטן־פאַרבאַנד עטלעכע מאָל ?”

„די פּראָבלעם," האָט געטענהט מאַקנאַמאַראַ מיט פאַרביטערונג, „איז ניט די לאָגיק פון אונדזער קאָנפליקט מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד. ניין הונדערט ראַקעטעס איז דער מינימום, וואָס וועט אונדז דערמעגלעכן צו לעבן בשלום מיט אונדזערע אייגענע מיליטער־לײַט."

ענלעכע אונטערהאַנדלונגען גייען זיכער אָן אין קרעמל, אויסמײַדנדיק יעדע קאָנסטרוקטיווע איניציאַטיוו אין דער ריכטונג פון געווער־קאָנטראָל.

*

בעת דעם קובאַנער ראַקעטן־קריזיס האָט די וועלט אַרײַנגעקוקט אין אַ פײַערדיקן גיהנום. דער ריח פון סולפער איז באַזײַטיקט געוואָרן ווען די רוסן, דעמאָלט, קענטיק, אַ סך שוואַכער אין סטראַטעגישע מעגלעכקייטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן זיך צוריקגעצויגן. די דערנידעריקנדיקע לעקציע האָט געשטויסן די רוסן צו אַ פאַרשטאַרקטן געווער־געיעג; זיי קאָנען ניט זײַן אויסגעשטעלט אויף צוריקציִען זיך אַזוי לײַכט אַ צווייטן מאָל, ווי דער קריזיס פון 1979 איבער דער בריגאַדע פון דער סאָוועטישער אַרמיי אין קובאַ און דער קריזיס פון 1980 אין אַפגאַניסטאַן האָבן געוויזן. אַ נוקלעאַרער סאָוועטישער אַטאַק איז זיכער זעלבסט־צעשטערעריש, אַפילו חסר־דעהדיק, ער בלײַבט ווי אַ גראַטעסקע מעגלעכקייט פאַר די סאָוועטן, אויב זיי וועלן צוגעדריקט ווערן דורך נאַטאָ פון איין זײַט און אַ מיליאַרד כינעזער מיט נוקלעאַרע באַליסטישע ראַקעטעס פון אַ מיטעלער דיסטאַנץ — פון דער צווייטער זײַט. די מער פאַרביסענע רוסישע גענעראַלן און אידעאָלאָגן אין זייער שגעון־פּחד פאַר אַ באַנײַטער אינוואַזיע פון מיזרח אָדער פון מערב וואָלטן דעמאָלט געקאָנט פאָדערן פון זייער רעגירונג צו טאָן עפּעס „כל־זמן ס'איז נאָך דאָ צײַט". לאָמיר אָננעמען דאָס ערגסטע און קיין מאָל ניט אויפהערן שטיין אויף דער וואַך. ס'איז אָבער ניט אין אונדזערע אינטערעסן צו איבערטרײַבן מיט אַזעלכע סכּנות.

פון נײַע קאָנפראָנטאַציעס מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן שווערער זײַן זיך צוריקצוציִען, באַזונדערש נאָך דעם דערנידערנדיקן פיאַסקאָ פון דעם דורכגעפאַלענעם אָנגריף צו באַפרײַען די ערובניקעס אין טעהעראַן. אָן דעם ווילן דערצו וואָלט יעדער גרויסער קריזיס

צווישן די צוויי לענדער גיך געקאָנט פאַרלירן די שליטה פון יעדן צד און וואָלט געבראַכט צו אַן אומקאָנטראָלירטער באַוואָפנטער קאָנפראָנטאַציע. צו דער דאָזיקער סכּנה דאַרף מען צוגעבן די כּסדרדיקע שפּאַנונגען אין אַזיע, אין מיטעלן מיזרח און אַפריקע, וווּ דער פּרעסטיזש פון די גרויסמאַכטן וואָס האָבן צוגעשטעלט פאַר זייערע אונטערשטיצטע מדינות קאָנווענציאָנעל געווער, שטייט אין קאָן. דיפּלאָמאַטיע ווי זי ווערט לעצטנס פּראַקטיצירט, גיט זיך ניט אָפּ מיטן רעדוצירן שפּאַנונגען, נײַערט סטאַרעט זיך, אַז דער געווער־האַנדל זאָל בליִען. פאַר געוויסע מדינות־צושטעלערס איז עס אַ מיטל פּטור צו ווערן פון פאַרעלטערט געווער און צווינגען אַ קויפער וואָס איז שוין באַוואָפנט איבערן קאָפּ, צו ווערן פּאָליטיש אָפּהענגיק פון ווײַטער־דיקע צושטעלונגען. פאַר אַנדערע מדינות איז עס אַ מיטל אײַנצוהאַלטן אויף שטעלעס הונדערטער טויזנטער. דער דאָזיקער כּישוף־קרײַז איז אָפּט אַ מוסטער פון אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל, וואָס וועט אין גיכן באַהערשן אַלע אַנדערע זאַכן — די ווירטשאַפט פונעם טויט.

געוויס זענען פאַראַן גוטע סיבות פאַרן עקספּאָרט־געיעג פון געווער: ס'איז אַ מיטל צו פאַרגרעסערן די פּאָליטישע השפּעה און קאָנקורירן אין די ריווח־ברענגנדיקע עקספּאָרט־מערק פון דער וועלט. אָבער נעמענדיק אַלץ אין באַטראַכט, זענען זיי פאָרט חסר־דעה. די אָנהויפונג פון אויסגע־קליגלט געווער אין געגנטן, באַהערשטע פון שפּאַנונגען, קאָן קוים אויסמײַדן צו שטעלן אין סכּנה די אינטערעסן פון די גרויסמאַכטן און ברענגען זיי צו אַ געפערלעכן צוזאַמענשטויס. וואָס פאַר אַ באַטײַט קאָנען שוין האָבן אַלע אַנדערע סיבות, אויב זיי פאַרגרעסערן די ריזיקע פון אַ דריטער וועלט־מלחמה?

יעדער דיקטאַטאָרל, יעדע טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע קאָן זיך אײַנ־שאַפן מאָדערן געווער, אויב נאָר זיי געפינען די מיטלען צו באַצאָלן פאַר דעם. און אַזוי ווי אומגעשטילטע אַפּעטיטן צו דערוווערבן געווער גייען אויפן חשבון פון דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג, ווערן די אָרעמע לענדער נאָך אָרעמער און ריזיקע געביטן אויף דער וועלט ווערן פאַרוואַנדלט אין פּולווער־פעסלעך. דער גאַנצער פּלאַנעט ווערט טראַנספאָרמירט אין אַ שאָכברעט פאַר אַ פּאָטענציעלן קאָנפליקט אין אַן אומגעהײַערן מאַשטאַב.

די גרויסמאַכטן שטעלן אויס זייערע סאַמע געפערלעכסטע פיגורן אויף אַלע סטראַטעגישע קוואַדראַטן: באַזירטע באַליסטישע ראַקעטעס מיט פילצאָליקע, אין פאַרשיידענע ריכטונגען געצילטע נוקלעאַרע דעטאָנאַטאָרן־קעפּ אויף דער יבשה און אונטערוואַסער־שיפן; שווערע באָמבאַרדירערס מיט ים־ראַקעטעס וואָס ווערן צוגעצויגן דורך זיך אַליין צו די באַשטימטע צילן; בינטל־באָמבעס וואָס ווערן געקערעוועט דורך טעלעוויזיע און לייזער־שטראַלן; העליקאָפּטערס מיט אַ מוראדיקער פײַערקראַפט. דער אינוועגטאַר איז אָן אַ סוף. די קומענ־דיקע סטאַדיע אין דעם וואָפן־געיעג איז אַ סיסטעם פון סאַטעליטן מיט נוקלעאַרע לאַדונגען, וואָס קרײַזן פּערמאַנענט אין חלל, און קעגן־סאַטעליטן, באַשטימטע זיי צו פאַרטיליקן. די אַלץ וואַקסנדיקע פּראָדוקציע־הוצאות פונעם וואָפן קאָנען ברענגען צו אַ פאַטאַלן עקאָנאָמישן בלוטשטורץ בײַ ביידע גרויסמאַכטן.

אַפילו די הויך־פּערפעקציאָנירטע געווער־סיסטעמען וועלכע קאָנען אַ ליאַדע מינוט אויפרײַסן דורך אַ טעות אין אויסרעכענונג, אַ פּראָוואָקאַציע, אָדער צוליב אַ דעפעקט אין אַ קאָמפּיוטער, אויב ניט געמאַכט בכיוון, האַלטן בײַ ווערן פאַרעלטערט, ווען נײַע פאַרטיליקונג־מיטלען קומען אַראָפּ פון ציי‎כנטיש: קינסטלעך אַרויסגערופענע „נאַטירלעכע" קאַטאַסטראָפעס — רי־זיקע שטורעמס וואָס פאַרפלייצן גרויסע שטחים און דערטרינקען זייער באַפעלקערונג; קלימאַטישע ענדערונגען וואָס ברענגען טריקענישן און הונ־גער; „נײַע און אויסגעבעסערטע" פאַרסמונג־כעמיקאַלן און „נערוונגאַז", פון וועלכע אַ קליינע דאָזע באַטײַט טויט פון מיליאָנען. די פריִערדיקע קאַפּיטלען פון דעם בוך זאָגן געגנוג עדות, אַז די פּראָדוקציע און אַנווענדונג פון אַזאַ וואָפן לייגן זיך אויפן שׂכל.

וויסנשאַפט, וואָס האָט געדאַרפט ברענגען האָפענונג פאַר דער מענטש־הייט, האָט אַנשטאָט דעם געבראַכט טעראָר. די צו מערסט טאַלאַנטירטע הײַנטצײַטיקע פאַרשערס און טעכניקערס אין אַמעריקע, רוסלאַנד, פראַנקרײַך, ענגלאַנד, ישׂראל און אַנדערע אַנטוויקלטע לענדער, גרויסע און קליינע, פאַר־שווענדן זייערע ווערטפולע כּוחות אויף די נעגאַטיווסטע אַקטיוויטעטן — פּראָדוקציע פון געווער, בשעת אַנדערע דרינגענדיקע לאָקאַלע און וועלט־פּראָבלעמען לאָזט מען טליִען אויף אַ קליין פײַערל.



אַלץ זעט אויס אײַנגעשטעלט אויף דער אַפּאָקאַליפּסע. ס׳איז ווי אַן אוישוויץ־פיבער וואָלט געהאַט אָנגעכאַפּט די מענטשהייט, שטופּנדיק זי, אָן קיין מעגלעכקייט זיך קעגנצושטעלן, צום אָפּגרונט ; אַן אוישוויץ־אידעאָ־לאָגיע כאַראַקטעריזירט דורך אַ האַסטיקער דעוואַלואַציע פון פונדאַמענטאַלן מענטשנרעכט — דאָס רעכט צו לעבן. די קאָמבינאַציע פון הויכער טעכנאָ־לאָגיע און גרויסער אַכזריות, וועלכע כ׳האָב דאָ ניט לאַנג צוריק געזען אויסגעפּירט אויף אַן עקספּערימענטאַלן אופן, ווײַזט, אַז דער מענטש איז פעיִק אויסצוניצן סײַ אידעאָלאָגישע מאָטיוון און סײַ וויסנשאַפטלעכע מיטלען פאַר אַ פולשטענדיקער פאַרטיליקונג.

כ׳וועל ניט האָבן פאַרענדיקט דאָס וואָס כ׳האָב געוואָלט אויסרעכענען, אויב כ׳וועל ניט אויסדריקן מײַן פּראָטעסט־געפיל קעגן דעם פּאַסיוון צו־שטימען פון די מענטשן, אומעטום, צו אַ גורל וואָס קאָן אומברענגען די וועלט פון אונדזערע קינדער, אויב עס וועט בכלל ניט אומברענגען אונדזער גאַנצע וועלט.

פון וואַנען, אויב ניט פון אוישוויץ, קאָן קומען די וואָרענונג, אַז מיר זענען פעיִק צו פאַרוואַנדלען אונדזער פּלאַנעט אין אַ קרעמאַטאָריע ? פון וואַנען, אויב ניט פון דעם בלוטיקסטן רציחה־אָרט פון אַלע צײַטן קאָן קומען די האָפענונג, אַז קאָעקסיסטענץ צווישן די „געשוואָרענע שונאים פון דער געשיכטע״ איז מעגלעך.

אויב איך דערלויב זיך אַרויסצורופן דעם סימבאָל פון אוישוויץ איז עס דערפאַר, ווײַל איך פיל אַ שווערע אַחריות צו זאָגן דאָס, וואָס איך קלער אין דער דעבאַטע וועגן יום־הדין, וואָס גייט איצט אָן אין דער וועלט ; צו רעדן וועגן דעם צו מײַנע חברים אַמעריקאַנער, ווי אויך צו די רוסן, צו מײַנע חברים ייִדן, און אויך צו די אַראַבער, צו מײַנע חברים, ווײַסע, ווי אויך צו די, וועמענס פאַרב פון דער הויט איז אַן אַנדערע. די געשעענישן וואָס האָבן מיך געבראַכט קיין אוישוויץ, האָבן מיך געלערנט וועגן די סכּנות פון שוואַכקייט און ניט־צוגעגרייטקייט, וואָס רעגן אָן אָנגרײַפערס און די זעלבסטמערדערישע נייגונג פון דעמאָקראַטיעס צו אונטערשאַצן די פראַגע פון זייער זיכערקייט. צוליב דעם טענה איך ניט וועגן אַנטוואָפענונג

אָדער אַ באַלדיקן און איינזײַטיקן אָפּשטעלן די געווער־פּראָדוקציע. אַזאַ טענה וואָלט ניט געווען רעאַליסטיש אין אַ צײַט פון אַ גלאָבאַלער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, ווען די וואָפן־אינדוסטריע אין דער ברייטער וועלט באַטרעפט מער ווי 500 מיליאַרד דאָלאַר אין פאַרקויף און שאַפט מער ווי פופציק מיליאָן אַרבעט־פּאָסטנס. אָבער דאָס וואָס זעט אויס צו זײַן שׂכלדיק און דרינגענדיק, איז די נייטיקייט צו אַנטוויקלען, אַנטקעגן דער מעגלעכער אַטאָמישער פאַרטיליקונג פון מענטשלעכן מין, אין גאַנצן אַ נײַעם באַנעם פון דער סכּנה און אַן אַלטערנאַטיוון וועג צו בויען דעם שלום אַזוי, אַז דאָס האָמעווען דעם חסר־דעהדיקן וואָפן־געיעג זאָל זיך לכל־הפּחות אָנהייבן.

מ׳קאָן ניט איבערלעבן דאָס וואָס איך האָב איבערגעלעבט, און אָפּוואַרפן, אַפילו אין מאָמענטן פון גרעסטן פּעסימיזם, די פּערספּעקטיוו פון אַ געזונ־טער צוקונפט פון די מענטשן, ווי אַ פּוסטע פאַנטאַזיע. מײַן טראַכטן איז אומפאַרמײַדלעך אָנגערעגט דורך דער נייטיקייט פון אַ קלאָרן און האָפע־נונגספולן אויסקוק אויף די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון אונדזער צײַט.

מײַן איבערצײַגונג איז געווען און איז, אַז די איינציקע שווערד וואָס איז פעיִק צו פאַרטיידיקן די מענטשהייט פון דער סכּנה זיך אַליין צו פאַר־טיליקן, איז די צענטראַלע אינטערנאַציאָנאַלע שטרײַטפראַגע, וואָס שטייט אין שפּיץ פון אַלע אַנדערע פּראָבלעמען — בהדרגהדיק צו פאַרבײַטן, סײַ דורכן מיזרח, סײַ דורכן מערב, זייערע מיליטערישע פּראָדוקציע־מעגלעכ־קייטן אויף דער טעטיקייט, וואָס זאָל פאַרלײַכטערן די אויפרײַסערישע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אין יעדערנס לאַגער און דעם פאַר־צווייפלטן מצב פון דער „דריטער וועלט”. אַניט קאָנען ביידע לאַגערן דער־לעבן דעם מאָמענט, ווען זייערע ציוויליזאַציעס וועלן ווערן אָפּגעמעקט פון דער ערד־אייבערפלאַך, ציוויליזאַציעס וואָס האָבן בשותּפותדיקע רעליגיעזע, עטנישע און קולטור־מקורות.

אַן ערשטראַנגיקע קעגנערשאַפט צו יעדן אָנשטרענג צו צענעמען די אידעאָלאָגישע באַזעס פון דעם געווער־געיעג, איז די פּאָזיציע, אַז אונדזער זיכערקייט ליגט ניט אין מאַכן אַ סוף מיט דעם, נאָר, פּונקט פאַרקערט, אין פאַרשנעלערן זײַן טעמפּאָ. דאָס איז די מיינונג פון די וואָס טענהן, אַז

נעמענדיק אין באַטראַכט אונדזער עקאָנאָמישע און טעכנאָלאָגישע סופּעריאָ־ריטעט קאָנען מיר איבערשטײַגן און אַ סך ווײַטער אָוועקגיין פון די רוסן אין דער שגעונדיקער קאָנקורענץ צו שאַפן אַלץ מער קאָמפּליצירטע געווער־סיסטעמען, ביז זיי וועלן משלים זײַן צו בלײַבן אין אַ צווייטראַנגיקער פּאָזיציע. איינס נאָך דעם אַנדערן וועלן זיי זיך אויסשעפּן ביז צום באַנקראָט, ווײַל זייערע קוואַליטאַטיוו נידעריקערע פּראָדוקציע־מיטלען מאַכן זייערע באַוואָפענונגען דרײַ אָדער פיר מאָל טײַערער פון אונדזערע. דאָס איז אַ מיינונג וועלכע קאָן נאָר אונטערשטיצט ווערן דורך אַ בייזוויליקער איגנאָ־ראַנץ פון דעם היסטאָריש צוגעגעבענעם ברענשטאָף צום סאָוועטישן שגעון ווענן פּאַרטיידיקונג. איך האָב געזען סימפּטאָמען פון אָט דעם שגעון אויף דעם קיִעווער צוזאַמענטרעף אין יולי 1971, אין טאָג פון עולה־רגל זײַן צו דעם מאַסן־קבר אין באַבי־יאַר. קיינער פון אונדזערע סאָוועטישע גאַסט־געבערס, אַפילו ניט געאָרגי אַרבאַטאָוו, דער גרעסטער עקספּערט פון קרעמל אין אַמעריקאַנער ענינים, האָט ניט געקאָנט זיך באַהערשן פון דער בהלה אין מיטן פון איינער פון אונדזערע זיצונגען, ווען די ידיעה איז געקומען, אַז הענרי קיסינדזשער האָט פאַרענדיקט זײַן ערשטע געהיימע שליחות אין פּעקין.

די גאַנצע נאַציאָנאַלע פּראָדוקציע פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט אפשר ניט זײַן קיין סך מער ווי אַ העלפט פון דער פּראָדוקציע פון אַמעריקע, אָבער ס׳איז גענוג גרויס צו דערמעגלעכן די סאָוועטן אָנצוגיין מיט דעם נוקלעאַרן וואָפן־געיעג. אויף דעם ווײַזט קלאָר די פּראַקטיק פון די לעצטע דרײַ צענדליק יאָר. אויב עס קומט צו דער דעציזיע — פּאַרטיידיקונג אָדער קאָנסומענט־באַדערפעניש, וועלן די הערשערס פון קרעמל זיך ניט וואַקלען מקריב צו זײַן דעם קאָנסומענט און וועלן ניט האָבן וואָס מורא צו האָבן, אַז צוליב דעם וועט זייער רעזשים אויפרײַסן פון אינעווייניק. פאַר אַ פאָלק וואָס האָט געהאַט צוואַנציק מיליאָן טויטע אין דער לעצטער מלחמה, איז מאָרען זיך צוליבן נוצן פון דער פאַרטיידיקונג גאָרניט אַזוי שווער. וואָס פאַר אַ באַטײַט די רעטאָרישע דילעמע „באָמבעס אָדער פּוטער״ זאָל ניט האָבן אין מערב, האָט עס אַ קנאַפּע השפּעה אויף דער אין עָבר בלוט־דורכגעווייקטער רוסלאַנד.

אַן אַנטשיידנדיקע פראַגע וועלכע כ׳האָב ניט געקאַנט און ניט געוואָלט אויסמײַדן, איז דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער באַציִונג מיטן מיזרח און דאָס אַוועקנעמען פון די בירגער די ציווילע פרײַהייטן דאָרטן. דאָס איז אַ פראַגע וואָס צווינגט אַ סך אַדורכצוטראַכטן פאַר אײנעם, וואָס האָט געהאַט אויסצושטיין דעם ערגסטן מין פון אונטערדריקונג. שוין מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק בין איך געקומען צום אויספיר, אַז די אײנציקע און די צו מערסט וויכטיקע אַקציע, וועלכע קאָן אָנגענומען ווערן אין נאָמען פון די אַקטיוויסטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר מענטשנרעכט און אין נאָמען פון דער אומפאַר־גלײַכלעך גרעסערער עליטע פון די אַרבעטער אין פאַבריקן, אינדוסטריעלע דירעקטאָרן, אַגריקולטור־עקספּערטן, סטודענטן, דערציִערס, וויסנשאַפטלערס, שרײַבערס און אַרטיסטן, וואָס זענען זייערע פּאָטענציעלע פאַרבינדעטע, ווײַל אויך זיי לײַדן פון דעם שווערן רעזשים, וואָס פאַרמישפּט רוסלאַנד צו בלײַבן אויף אײביק עקאָנאָמיש הינטערשטעליק לגבי דעם מערב — איז געווען צו דערמוטיקן די אײַנשליסונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אין דעם וועלטמאַרק.

אַפילו אַ באָלשעוויק פון דער אַלטער גוואַרדיע ווי אַנאַסטאַס מיקאָיאַן, לאַנגיאָריקער מיניסטער פון אויסלענדישן האַנדל און שפּעטער פאָרזיצער פון פּרעזידיום פון העכסטן סאָוועט, האָט אָנערקענט די שטאַרקע נייטיקייט פון אַ פאַרשפּרייטן סאָוועטישן האַנדלס־אויסטויש. אין אַ פּריוואַטן שמועס אין קרעמל, אין 1973, האָט ער מיט אַן איבערראַשנדיקער אָפנהאַרציקייט מיר געזאָגט, אַז רוסלאַנד האָט ניט קיין אַנדער ברירה, ווי צו פאַרקויפן אַמעריקע גרויסע קוואַנטומס פון סיבירער נאַטירלעכן גאַז און נאַפט ווי אַ בײַט אויף פּראָדוקטן, וואָס וועלן קאָמפּענסירן רוסלאַנדס אָפּגעשטאַנענקייט אין דער אַגריקולטור און טעכנאָלאָגיע. „אויב מיר זענען גרייט אײַך צושטעלן אַ טייל פון נאַטירלעכן אוצר,״ האָט ער געזאָגט אויף רוסיש מיט אַ טיפן אַרמענישן אַקצענט, „איז עס ניט צוליב אונדזער גוטהאַרציקייט, ווײַל די ענערגיע־פּראָבלעמען מיט וועלכע איר ראַנגלט זיך הײַנט, וועלן זײַן אונדזערע מאָרגן. אונדזערע קינדער און אייניקלעך וועלן אונדז ניט מוחל זײַן, אויב מיר וועלן זיך באַגיין לײַכטזיניק מיט אונדזערע נאַטירלעכע אוצרות, ווײַל דער טאָג וועט קומען ווען זיי וועלן אַליין דאַרפן דעם גאַנצן נאַפט און גאַז, וועלכע זיי וועלן נאָר געפינען, צו וואַרעמען און באַלײַכטן אונדזערע שטעט.״

דערנאָך האָט ער צוגעגעבן מיט אַן אָנשטעל פון דורכגעטריבענער בייגעווי־דיקייט, וועלכע האָט אים געהאָלפן איבערצולעבן סטאַלינס אַכזריותדיקע רייניקונגען: „אָבער מיר נייטיקן זיך אין אײַער טעכנישער אויסשטאַטונג און אײַער פאַך־קענטעניש, און כּמעט יעדן יאָר נייטיקן מיר זיך אין אײַער תּבֿואה צו שפּײַזן אונדזער פֿאָלק. דערפֿאַר מוזן מיר פֿאַרקויפֿן, צי מיר ווילן עס יאָ אָדער ניט, כּדי צו קאָנען באַצאָלן פֿאַר די סחורות וועלכע מיר מוזן בײַ אײַך קויפֿן.״

די גוואַלדיקע העכערקייט פון דער אַמעריקאַנער אַגריקולטור און טעכ־נאָלאָגיע רופט אַרויס קינאה בײַ דעם אויפוואַקסנדיקן דור פון אַנטוישטע סאָוועטישע און מיזרח־אייראָפּעיִשע פּלאַנירערס. כ׳האָב באַמערקט די כּמעט היפּנאָטישע ווירקונג אויף די מענטשן פון אַודיאָ־וויזועלע פֿאָרשטעלונגען פון אַמעריקאַנער עקספּערטן וועגן דעם, ווי אַזוי ציטרוספרוכט וואַקסט אין די זומפּן פון פלאָרידע, ווי אַזוי שמינקע ווערט פֿאַבריצירט אין די אינ־דוסטריעלע צענטערס פון ניו־דזשערסי און ווי אַזוי טראַקטאָרן אָפּערירן אין דער וויסטעניש פון אָקלאַהאָמאַ; כ׳האָב געזען מענטשן, איבערצייגטע דורך דעם פּראָצעס פון שאַפן, גלײַכגילטיקע צו די דאָגמאַטישע פּרעטענזיעס פון דעם מאַרקסיזם־לעניניזם, וואָס האָבן באַוויזן, אַז דער הומאַניזם פון דעם פּראָצעס קאָן, אויב ער זאָל האָבן אַ געלעגנהייט, אַריבערגיין אידעאָ־לאָגישע גרענעצן עפעקטיווער ווי אַרמייען, קלויסטערס אָדער דיפּלאָמאַטן.

ווי אַ סך יונגע אַמעריקאַנער וועלכע פילן, אַז זייער מדינה קאָן זיך ניט דערלויבן צו זײַן אַ שטענדיקער זשאַנדאַרם אין אויסלאַנד און צו גלײַך ווי געהעריק זיך אָפּגעבן מיט די דרינגענדיקע ניט־מיליטערישע פּראָבלעמען, פֿאַרנאַכלעסיקטע אין דער היים, האָבן אַ סך יונגע רוסן, מענער און פרויען, באַזונדערש די וואָס האָבן ניט קיין אײַנגעקריצטע אין זייערע נשמות שראַמען פון צוויי וועלט־מלחמות, פּײַנט צו זען ווי זייערע טײַערסטע רעסורסן ווערן פֿאַרשווענדט אויף אַ פּערמאַנענטער מלחמה־עקאָנאָמיע, און ווי זייערע בעסטע מוחות ווערן כּסדר אונטערדריקט. זיי זענען באַזאָרגט מיטן פעלן פון וווינונגען, אומעפעקטיווער אַרבעט און שטאַרק פֿאַרשפרייטן אַלקאָהאָליזם. מ׳קאָן זיכער אָננעמען, אַז אַ סך פון זיי ווילן ניט אויף אייביק מקריב זײַן אויפן מזבח פון אַן אַלט־געבאַקענער אידעאָלאָגיע די האָפענונג אויף מער

פרײַהייט און אַ העכערן לעבן־סטאַנדאַרט, און ווילן ניט לעבן אין דער סכּנה פון אַן אַפּאָקאַליפּטישן פאַרמעסט מיטן מערב. איך האָב שטענדיק געפילט, אַז אונדזער אינטערעס איז געווען צו דערמוטיקן די מענטשן, ניט באַטראַכטן זיי ווי באַזיווע בעלי־חלומות און דערמיט זיי שטופּן צוריק אין די אָרעמס פון די פּראָפעסיאָנעלע אידעאָלאָגן, וואָס זענען שטענדיק גרייט מחמיר צו זײַן אין נאָמען פון אינערלעכער און אויסערלעכער זיכער־קייט. ווײַל די פּראַגמאַטיסטן צווישן זיי ווייסן, אַז כּדי זייער מדינה זאָל קאָנען איבערקומען איר כראָנישע אָפּגעשטאַנענקייט אין דער אַגריקולטור, אינדוסטריע און טעכנאָלאָגיע, מוז זי אָנהייבן מיט אַן אינערלעכער ליבע־ראַליזאַציע. ווי שטאַרק די סאָוועטישע אַרמיי זאָל ניט זײַן, וועט דער ראַטן־פאַרבאַנד מוזן, כּדי צו באַקעמפן זײַנע שווערע פּראָבלעמען, עקספּערימענטירן מיט נײַע קאָנצעפּציעס פון פאָרשונג, פּראָדוקציע, אָנפירערשאַפט און סחורות־פאַרטיילונג. אַזאַ עקספּערימענטירונג קאָן ברענגען רעזולטאַטן נאָר אין אַ קלימאַט פון גרעסערער פרײַהייט פון אויסדרוק, ווײַל אויב די אינטעלעקטועלע סביבה איז אַזאַ, אַז אַזעלכע שרײַבערס ווי סאָלזשעניצין קאָנען ניט שרײַבן, מוזיקערס, ווי ראָסטראָפּאָוויטש קאָנען ניט שפּילן, און וויסנשאַפטלערס ווי סאַכאַראָוו קאָנען ניט אַרבעטן אָדער רעדן, דעמאָלט קאָן דער דערפינדער ניט מאַכן קיין נײַע דערפינדונגען, דער טעכניקער קאָן ניט באַנײַען און דער פאַרוואַלטער קאָן ניט פאַרוואַלטן. עס קאָן ניט זײַן קיין פולער מענטש־לעכער פּראָגרעס, אויב מוחות און אידעען האָבן ניט די מעגלעכקייט זיך צו קאָנפראָנטירן. טאַקע געוויי דערפאַר וואָס דער דריטער רײַך האָט ניט געהאַט קיין אָרט אין זײַנע גרענעצן פאַר אַזעלכע ווי טאָמאַס מאַן, ווילי בראַנדט און אַלבערט אײַנשטיין, איז ער געוואָרן די גרויזאַמע און צום סוף זעלבסטמערדערישע געזעלשאַפט, וואָס כ׳האָב, לײדער, אַזוי גוט געקענט.

סײַ אין מיזרח און סײַ אין מערב וועלן אָן ספק גענעראַלן, באַהאַנגענע מיט מעדאַלן, ניט אויפהערן צו שטיין הינטער די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע דירעקטאָרן, שטענדיק גרייט פונאַנדערצובלאָזן חלוקי־דעותן ביז צו קריזיסן און קאָנפראָנטאַציעס. אויב די וואָס זוכן אַ וועג אויסצומײַדן די אַפּאָקאַליפּסע, פאַרלירן דעם מוט און גיבן זיך אונטער, וועט יעדע וויזיע פון אַ בעסערער צוקונפט זײַן אַ פאַנטאַזיע, און אַפילו דאָס דאָזיקע בוך פון עדות־זאָגן וועגן

אַן אַנדער עפּיזאָד פון דער געשיכטע, ווען די גענעראַלן, באַהאָנגענע מיט מעדאַלן, האָבן געהאַט די אייבערהאַנט, איז אַ פּוסטער פּאַרמעסט.

מיר קאָנען ניט זײַן זיכער, אַז ענגערע קאָנטאַקטן, אַפּילו אויף דעם ברייטסטן פראָנט, וואָלטן געקאָנט הומאַניזירן דעם סאָוועטן־פּאַרבאַנד. מיר קאָנען אָבער זאָגן, אַז אַזוי ווי פּאָליטישער דרוק האָט ניט געווירקט און מיליטערישער כּוח קאָן ניט ווירקן, איז אונדזער בעסטע האָפענונג אונטער־צוהאַלטן יענע עלעמענטן און יענע באַוועגונגען אין רוסלאַנד, וועמענס אינ־טערעסן אין אָפּגעבן זיך מיט דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און אין אויס־מײַדן אַ נוקלעאַרע קאַטאַסטראָפע קומען זיך צונויף מיט אונדזערע אייגענע אינטערעסן. אָן ספק מוזן מיר זיך קעגנשטעלן דעם סאָוועטישן עקספּאַנסיאָ־ניזם, כּדי צו פאַרטיידיקן זיך אַליין און אונדזערע פרײַנד. אָבער גלײַכצײַטיק מוזן מיר מיטן שׂכל־הישר געפינען אַן אַנדער וועג.

קיין זאַך קאָן אונדז אַזוי ניט אויפוועקן פון היפּנאָטישן שלאָף פון אַ קאַלטער מלחמה, ווי די באַהעפטונג פון ביידע צעקריגטע העלפטן פון דער אינדוסטריעלער וועלט. אין אַ מער ראַציאָנעלער אַטמאָספער קאָנען נאָך רוסלאַנד און אַמעריקע האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַנײַען זייער עקסיסטענץ ווי צוויי נאָרמאַלע פעלקער, אַנשטאָט צו זײַן צוויי פאַקטאָרן אין אַ קאָנפליקט, וואָס ס'איז ניט קלאָר פון וואַנען ער נעמט זיך, און וואָס צוליבן פאַלן פון דעצידירטקייט שפּילט ער זיך מיטן קיום פון דער מענטשהייט.

ניט געקוקט אויף דעם אויסערלעכן ווידעראַנאַנד, פּילן אַמעריקע און רוסלאַנד אַ פּאַראַדאָקסאַלע קרובהשאַפט. איך זע עס ווי אַ קרובהשאַפט פון פּאַרנעם. די פּאַראייניקטע שטאַטן און דער סאָוועטן־פּאַרבאַנד זענען ניט קיין געוויינטלעכע מדינות. דאָס זענען קאָנטינענטן. יעדע איינע האָט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 250 מיליאָן מענטשן, האָט ריזיקע מאַטעריעלע רעסורסן, אַ פאַרשיידנקייט פון קלימאַטן, אומענדלעכע ים־ברעגן, מעכטיקע טײַכן. יעדע איינע איז אַ רעוואָלוציאָנער פון אָפּשטאַם, פעדעראַל אין אַדמי־ניסטראַטיווער סטרוקטור, פילפאַכיק עטניש.

דער סאָוועטן־פּאַרבאַנד שטייט הײַנט פאַרן הויפּט־פּאַרמעסט צו אַנט־וויקלען אַ ווירקעוודיקע סיסטעם פון מאַסן־פּראָדוקציע און איר געהעריקע פאַרטיילונג, בכדי צו באַשפּײַזן און באַקליידן אַ גרויסע, לאַנג לײַדנדיקע

באַפּעלקערונג, צעשפּרייט איבער אַ קאָנטינענט. די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן געוויזן, ווי דער דאָזיקער פּאַרמעסט קאָן ווערן אויסגעפּירט. אין איצטיקן מאָמענט האָט אַמעריקעס היסטאָרישע דערגרייכונג אַ וויכטיקן באַטײַט פּאַר רוסלאַנדס היסטאָרישער באַדערפעניש. וואָס איך לייג פּאָר, איז ניט קיין מיטל צו צעשטערן אָדער צו איבערצײַגן, אַז איין געזעלשאַפט זאָל גיין אין די וועגן פון דער צווייטער, נײַערט גיכער — אַ ראַציאָנעלע פאָרמל פאַר קאָעקסיסטענץ און מיטאַרבעט, וואָס וואָלט דערמעגלעכט ביידע צדדים צו דערגרייכן דעם שפּיץ פון זייער פּאָטענציעלער ענלעכקייט און צו סטאַבי־ליזירן אַן אַלץ מער כאַאָטישע וועלט, וואָס קײַקלט זיך צום ראַנד פון נוקלעאַרן אָפּגרונט.

אויב ניט דער אַ וועג, טאָ וואָס פאַר אַן אַנדערער איז פאַראַן? דער אַנדערער איז אין בעסטן פאַל די כּסדרדיקע פאַרוואַנדלונג פון ביידע געזעלשאַפטן אין גיגאַנטישע און קעגנערישע אַרסענאַלן פון טויט, באַ־הערשטע דורך קריגערישע „מעטאַל־עסערס" און די וואַקסנדיקע מוראדיקע סכּנה פון אַ אַן אויפהער פאַרגרעסערטן אויוון — פאַרברענטע שטעט און פאַרברענטע פּראָווינצן אין די פלאַמען פון נוקלעאַרן גיהנום, מיליאָנען פאַרפוילטע קערפּערס, צענדליקע מיליאָנען פון ניט קיין טויטע, ניט קיין לעבעדיקע, אַ ראַדיאָאַקטיווע פאַרסמונג און עפּידעמיעס צו פאַרענדיקן די מלאָכה.

*

„אָבער, מוליאַ, ווייסט, דײַנע אידעען וועגן ענגערע קאָנטאַקטן מיט די רוסן, און די כינעזער, און די אַראַבער... דאָס אַלץ איז גאַנץ ספקדיק." איך וואָלט ניט געוועזן געטרײַ דעם שטרענגסטן סאָקראַטישן מעטאָד, וואָס איז אײַנגעפלאַנצט געוואָרן אין מיר אין האַרוואַרד, אויב איך וואָלט ניט מודה געווען, אַז בענעקס פראַגעס האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין סאַמע תּוך פון מײַנע געדאַנקען. בענעק איז אָבער ניט געווען שפּירעוודיק צום סאָקראַטישן מעטאָד... ער איז געווען לויטער אינסטינקט און אינטויציע, ווי איך בין עס געווען. געווען טעג ווען מיר האָבן איינער פאַרן אַנדערן אַרויסגעהויבן אַרגומענטן צום איבערלעבן, און האַבנדיק איבערגעלעבט, אַרויסגעהויבן אַרגומענטן ממשיך צו זײַן צו לעבן. מײַנע אַרגומענטן זענען

איצט געוועזן פאַר אים צו אינטעלעקטועל. ער האָט געוואָלט אומאָפּהענגיק באַווײַזן, אַז אויב מײַנע אידעען זאָלן אײַנגעפירט ווערן אין לעבן, וועלן די רוי־מאַטעריאַלן פון מיזרח, געשיקטע צום מערב־מאַרק, ניט ווערן אויסגעאַרבעט דורכן זעלבן מין הילפלאָזע שקלאַפן־אַרבעטער, ווי מיר זענען אַמאָל געווען, — אין פאַרוואָרפענע אַרבעט־לאַגערן אין סיביר, אָדער אידעאָלאָגיש איבערדערצויִערישע צענטערס אין כינע. כ׳האָב אים ניט געקאָנט צושטעלן אַזעלכע באַווײַזן, פונקט ווי איך האָב אים ניט געקאָנט פאַרזיכערן, אַז די וועלכע האָרעווען בײַם פּראָדוצירן עקספּאָרט־סחורות אין די נעבעכדיקע סלאַמס־געגנטן פון סאַן־פּאַולאָ, איסלאַמאַבאַד אָדער לאַגאָס, האָבן געלעבט אויף אַ העכערן ניוואָ פון שקלאַפן; אָדער, אַז אין די צינגרובן פון באָליוויע, אין די טעפּיכער־פאַבריקן פון טערקײַ און אין די שפּילצײַג־פאַבריקן פון מאַראָקאָ האָבן ניט טאָג און נאַכט געאַרבעט אויך יונגע קינדער. איך האָב נאָר געקאָנט פּרובירן אים איבערצײַגן, אַז אַחוץ אַן אַטאָמישער מלחמה וועלכע ער האָט געהאַלטן, אַזוי ווי איך, פאַר איבער אונדזער השׂגה, הגם מעגלעך, איז אַ פאַרפליכטונג צו באַזײַטיקן די היסטעריע פון די אַנגייענדיקע פאַרמעסטן צווישן אַמעריקאַנער און רוסן, אינדיער און פּאַקיסטאַנער, אַראַבער און ייִדן, און אַלע אַנדערע געשוווירענע שׂונאים, — געווען די איינציקע האָפענונג. אויב ניט, איז די גאַנצע וועלט געווען אין אַ סכּנה פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ ריזיקן אַרבעט־לאַגער, אָדער קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָדער גאַזקאַמער.

*

הגם מיר האָבן זיך קיין מאָל ניט געטראָפן, פיל איך אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין. ער — פון זײַנע יאָרן אין סטאַלינישן „גולאַג״, און איך — פון מײַנע יאָרן אין די נאַצישע טויטלאַגערן, טיילן זיך מיט אַ וויסן וועגן מענטשלעכער גסיסה, וועגן מענטשלעכן שגעון, וואָס גייט אָן אַפילו הײַנט אויף אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדערן אופן, און קאָן ווידער אײַנשלינגען די וועלט. אָבער די פילאָסאָפיע וואָס ער האָט אויסגעקריסטאַליזירט פון זײַנע לײַדן, קאָן ניט זײַן מײַנע. סאָלזשעניצין, אויב איך פאַרשטיי אים ריכטיק, האָט געהאַט פאַראורטיילט דעם מערבדיקן ליבעראַליזם פונקט אַזוי, ווי די מאַרקסיסטיש־לעניניסטישע רעוואָלוציע. ער

ווינטשט זיך אַ גײַסטיקן ווידערגעבורט פון זײַן לאַנד, באַזירט אויף די רעליגיעזע יסודות פון „אמתן רוסלאַנד“, וואָס קאָן נאָר געפונען ווערן אין זײַן עָבר. ער וויל גאָר פשוט, אַז דער מערב מיט זײַנע דעמאָקראַטישע פאַרקריפּלונגען און סאָציאַליסטישער אַפּיקורסות זאָל איזאָלירן דעם סאָ־וועטישן רעזשים, כּדי אַזוי אַרום צו פאַרשנעלערן זײַן מפּלה. אַן אויסגע־ברייטערטע מיזרח־מערב באַציִונג איז, נאַטירלעך, איינע פון די לעצטע זאַכן, צו וועלכע ער איז גענייגט.

זײַן קאָנצעפּציע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינטערעסאַנטן אויפלעב פון דעם סלאַוואָפילישן גײַסט, און עס אַפּעלירט צו אַ באַדײַטנדיקער צאָל מענטשן אינעווייניק און אויסנווייניק פון דער אַנטי־סאָוועטישער באַוועגונג. אָבער דאָס איז אַ וויזיע וועלכע גיט ניט, לויט מײַן מיינונג, קיין סך האָפענונג. נאָך איידער אַ גײַסטיקע ווידעראויפלעבונג פון רוסלאַנד קאָן פאָרקומען, וואָלט אַ סאָוועטישע סיסטעם, אַרײַנגעכאַפּט אין קלעם פון מערבדיקע עקאָ־נאָמישע סאַנקציעס און אין אַ מאַנגל פון שפּײַז, געלט און טעכנאָלאָגיע, געקאָנט שאַפן געווג שפּאַנונג צו צערײַסן די וועלט אויף שטיקער. הגם איך פיל זיך נאָענט צו סאָלזשעניצינען, אַ קרבן, ווי איך, פון אונטערדריקונג וואָס האָט אַזוי בילדעריש עדות געזאָגט אויף דער רישעות, גלייב איך ניט, אַז זײַן שטעלונג לייגט פאָר קאָנסטרוקטיווע לייזונגען. ער איז צו פיל וויזיאָנער, צו פיל אַ מענטש אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. אינטעלעקטועל פיל איך זיך נעענטער צו אַנדריי סאַכאַראָוון, דעם רויִקן און הומאַניטאַרן אַטאָם־וויסנשאַפטלער און „טאַטע“ פון דער סאָוועטישער הידראָגען־באָמבע, וואָס האָט אַזוי מוטיק זיך אַרויסגעזאָגט פאַרן וואָפן־קאָנטראָל און מענטשנרעכט. ווען סאַכאַראָוו האָט אַרויסגעלאָזט זײַן באַרימטן מאַניפעסט פון 1968 — „פּראָגרעס, פרידלעכע קאָעקסיסטענץ און אינטעלעקטועלע פרײַהייט“, רופנ־דיק צו אַ גלאָבאַלער מיטאַרבעט צווישן מיזרח און מערב און וואַרטנדיק אויף אַן עווענטועלער דערנענטערונג פון די צוויי סיסטעמען, וועלכע וועט פאַרמאָגן דאָס בעסטע פון ביידע, בין איך געווען דערמוטיקט. אָבער אַרום 1973, ווען זײַנע אַפּעלן פאַר אינערלעכע רעפאָרמען האָבן אים אויסגעשטעלט פאַר די אָפיציעלע אַטאַקן פון דער מאַכט, האָט זײַן שטעלונג גענומען זיך ענדערן, און ער האָט אויסגעזען צו זײַן קעגן יעדן אָפּמאַך וואָס זאָל צושטעלן

מאָסקווע מערבדיקע סחורות, סײַדן פאַרן פרײַז פון התחײַבותן צו פאַר־גרעסערן די מענטשנרעכט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער האָט אויסגעזען צו האָבן פאַרלוירן די האָפענונג אויף רעפאָרמען, וועלכע זאָלן קומען פון אַן אינערלעכן דרוק און איז געקומען צום אויספיר, אַז דאָס איינציקע ווירקזוו־דיקע מיטל פאַר אינערלעכער ליבעראַליזאַציע ליגט אין דער פעיִקייט פונעם מערב, באַזונדערש פון אַמעריקע, צו גאַראַנטירן אָדער צוריקצויִען די עקאָ־נאָמישע מיטאַרבעט, אין וועלכער ס'איז געווען פאַראינטערעסירט דער סאָוועטישער רעזשים.

איך האָב ניט געהאַלטן, אַז דער דרוק וועט האָבן אַ פּעולה. ערשטנס, איז די פּאָליטיק פון אַנטשפּאַנונג נאָך פאַקטיש ניט געווען אין גאַנג, דער ניווֹאָ פון האַנדל צווישן די צוויי לענדער איז נאָך געווען אַ מינימאַלער און ניט גענוג צו דערמוטיקן אָדער אַרויסרופן צוריקגעהאַלטנקייט בײַ דער הערשנדיקער סאָוועטישער אָנפירונג; דאָס געוועב פון באַציִונגען וועלכע זיי וואָלטן געהאַלטן פאַר צו טײַער צו צעשטערן, איז נאָך דערווײַלע ניט געשאַפן געוואָרן, דאָס גלײַכגעוויכט צווישן זייערע באַדערפענישן און דער מורא פאַרן מערב איז אויך געווען צו דעליקאַט. דירעקטע און אָפענע פאָדע־רונג פאַר ברייטערע מענטשנרעכט, אָפּהענגיק פון ספּעציפישע טראַנסאַק־ציעס, אין אָנבליק פון די פיל זאָרגן — אינערלעכע און אויסערלעכע, וואָס האָבן געדריקט אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָלט אָן ספק באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אומדערטרעגלעכע אַרײַנמישונג אין זייערע אינערלעכע ענינים. יעדע ענלעכע פאָדערונג וועט אָפּגעוואָרפן ווערן מיטן זעלבן שפּירעוודיקן שטאָלצ־געפיל, ווי ס'איז געווען דעם צאַרס ענטפער אויף יעדן אמתן אָדער אײַנ־גערעדטן אָנגריף אויף רוסלאַנדס כּבוד.

איינצײַטיק, אָן אַ קלאָרערן באַגריף פון אַנדריי סאַכאַראָווס באַוואָרענישן, האָב איך זיך געפילט אומבאַקוועם, ווי אַ פאַרטיידיקער פון שלום דורך עקאָנאָמישער צוזאַמענאַרבעט צווישן מיזרח און מערב. ס'איז געוואָרן אַ באַרוּיִקנדיקע פראַגע פון געוויסן: צי איז די קאָעקסיסטענץ צו וועלכער כ'האָב געשטרעבט, געווען געבויט אויף די פּלייצעס פון די אונטערדריקטע? צי האָב איך, דער דערפאַרענער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרמיטלער, פאַרגעסן מײַן ערשטע דערפאָלגרײַכע אונטערהאַנדלונג מיט אַ טאָטאַליטאַרער מאַכט

— דער באַוואָפנטער עס־עס־וועכטער פון יענער זײַט שטעכלדראָט: די פלאַש וואַסער — צו ערשט, מײַן טאַטנס גאָלדענער זייגער — דערנאָך. כ׳האָב געפילט, אַז ס׳איז געווען אַ געוויסע מאָראַלישע שוועל, וועלכע מײַן לעבנס־נסיון און מײַן חוב צום עָבר האָבן מיר ניט דערלויבט לײַכט אַריבער־צוטרעטן.

ווייסנדיק בעסער ווי אַ סך אַנדערע, וואָס די צווייטע וועלט־מלחמה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, האָב איך באַשלאָסן צו ברענגען מײַן דילעמע, פּערזענלעך און דירעקט, צו סאַכאַראָוון — אַ מענטש וואָס האָט געוווּסט בעסער פון אַ סך אַנדערע, ווי אַזוי די דריטע וועלט־מלחמה וועט אויסזען. אין אַן אָפענעם ברייוו וואָס אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן האָבן אים איבער־געגעבן אין מאָסקווע, און וואָס איז פּובליקירט געוואָרן אין די צענטראַלע צײַטונגען אויפן מערב, האָב איך געשטעלט אַ רייע פראַגן: צי האָט ער אויפ־געגעבן די האָפענונג אויף אַן אמתער און דויערנדיקער אָנטשפּאַנונג? צי האָט ער געטראַכט וועגן אַ מין אולטימאַטום פון מערב צו דער סאָוועטישער רעגירונג: בײַט צו ערשט אײַער סיסטעם און דאַן וועלן מיר רעדן וועגן קאָעקסיסטענץ?

דער ענטפער איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן דורך זײַן פרוי, יעלענאַ באָנער אויף צו מאָרגנס, ווידער דורכן מעדיום פון דער וועלט־פּרעסע: „איך בין אַן קיין שום תּנאָים קעגן אולטימאַטום פון יעדן מין אין באַציִונגען צווישן מדינות... איך בין פאַר אַ בהדרגהדיקער אויסבעסערונג פון דער סאָוועטישער מדינה אין דער ראַם פון דעם עקסיסטירנדיקן רעזשים... די סכּנה פון אַ נוקלעראַרער מלחמה איז די עיקרדיקע זאָרג פון דער גאַנצער מענטשהייט... איך אונטערשטיץ אויך די פאַרשטאַרקונג פון עקאָנאָמישע, ווייסנשאַפטלעכע און קולטור־פאַרבינדונגען צווישן מיזרח און מערב.“

סאַכאַראָווס ענטפער האָט באַרויִקט מײַנע ערגסטע חשדים. אָבער הגם איך בין געווען עמאָציאָנעל און אינטעלעקטועל אויף זײַן זײַט, האָב איך ניט געהאַט קיין אילוזיעס וועגן דעם פאַרנעם פון אונדזער הסכּמה. אויב אַפילו ער איז נאָך אַלץ געווען פאַר עקאָנאָמישער מיטאַרבעט פון מערב מיטן ראַטן־פאַרבאַנד, האָט ער אָבער אַרויסגעשטעלט אַזעלכע באַדינגונגען, אַז איך בין געווען זיכער אין דעם, אַז זיי וועלן מאַכן אומפּראַקטיש די גאַנצע

אונטערנעמונג. אין בעסטן פֿאַל וועט עס פֿאָדערן פֿון מערב אַ פֿײַן צוגעפּאַסטע, זייער אויסגעקליגלטע דיפּלאָמאַטיע לויטן פּרינציפּ פֿון „מערן און שטעקן". קיין מדינה, קיין גרופּע מדינות, בפֿרט נאָך דער צונויפֿפֿאַל פֿון שטאַרק קאָנקורירנדיקע אינדוסטריעלע פֿעלקער וואָס שאַפֿן די אַליאַנס, נאַטאָ, איז ניט פֿעיִק צו אָפּערירן מיט אַזאַ פֿײַנקייט אויפֿן קערפּער פֿון אַן אויסלענדישער גרויסמאַכט. די רעגירונג פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן וואָס וועט זײַן די הויפּט־אַגענטור פֿון אַזאַ קאַמפּאַניע, איז בכלל ניט צוגעפּאַסט פֿאַר דער מאַקיאַוועלישער אויפֿגאַבע. און איך זאָג עס מיט אַ געפֿיל פֿון שטאָלץ מיטן דעצענטראַליזירטן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן פּראָצעס, אין וואָס ס'ליגט די גאונות פֿון אַמעריקאַנער סיסטעם. וואַשינגטאָנס פֿאַרמעסטן ביז איצט צו האַלטן אין צוואַנג די סאָוועטישע רעגירונג דורך אַן אָפֿענעם עקאָנאָמישן דרוק, האָבן גאָרנישט ניט געגעבן, און דאָס, ניט נאָר אין שײַכות מיט אירע אינטערווענצן אין צענטראַל־אַזיע און מיזרח־אייראָפּע, נײַערט אין אַן אַנדער פֿראַגע פֿון דער גרעסטער וויכטיקייט פֿאַר מיר — ייִדישע עמיגראַציע פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

ס'איז אויסטערליש, וואָס מײַן בריוואויסטויש מיט סאַכאַראָוון האָט געבראַכט אַן אומגעריכטע באַשטעטיקונג פֿון סאָלזשעניצינען. כ'האָב געהאַט אָנגעהויבן מײַן אָפֿענעם בריוו מיט אַ דעקלאַראַציע, אַז בײַ מיר „שטייט פֿרײַהייט פֿון מענטש העכער ווי דער גאַנצער האַנדל פֿון דער וועלט". ציטירנדיק דעם דאָזיקן געדאַנק האָט סאָלזשעניצין געשריבן, אַז צווישן די אָנהענגערס פֿון אַ קאָמערציעלער דערנענטערונג מיטן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, „איז פּיסאַר איינער פֿון די וויניקע וואָס זעען קלאָר". מיך האָט אָנגעפֿילט טיפֿע דאַנקשאַפֿט זײַן דאָזיקע אונטערשטיצונג. און הגם כ'האָב געוווּסט, אַז מיר האָבן פֿאַרשיידענע מיינונגען וועגן די מיטלען וואָס דאַרפֿן אָנגעווענדט ווערן, האָב איך געזען אין זײַנע ווערטער אַ באַשטעטיקונג פֿון דעם וואָס כ'האָב געפֿילט, אַז ס'איז אונדזערער אַ ניט קיין אָפּגערעדטער פֿאַקט אויף אַ טיפֿערן ניוואָ פֿון אַ פֿאַרפּליכטונג לגבי מענטשלעכער ווערדע און פֿרײַהייט.

# 15

אונדזער לימוזין איז האַסטיק געפאָרן לענג־אויס דעם ברעג פון ים־המלח צום ריזיקן מצדה־פעלדז. מיר האָבן זיך דערנענטערט פון דער ריכטונג פון ירושלים און די בערג פון יהודה — מיט זייערע זעקס מיליאָן נײַ־געפלאַנצטעביימער, יעדער איינער — אַ לעבעדיקע מצבה פאַר די זעקס מיליאָן, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן.

יעקב, אונדזער שאָפער־וועגווײַזער, אַ וועטעראַן פון די ישׂראל־אַראַבישע מלחמות פון 1948, 1956, 1967 און 1973, האָט איבערגעדערציילט פאַר די קינדער די מיט בלוט דורכגעווייקטע געשיכטע פון דער אַלטער פעסטונג — אַ הייליקער סימבאָל פון פרײַהייט און ווידערשטאַנד.

„נאָענט צו טויזנט ייִדישע מענער, פרויען און קינדער, באַוואָפנט מיט ניט קיין סך מער ווי זייער מוט און זייער אמונה, האָבן אויף אָט דעם פעלדז געשטעלט אַ לעצטן העלדישן ווידערשטאַנד דער אַנגרײַפערישער אַרמיי פון פופצן טויזנט רוימער.״

„צי זענען די רוימער געווען ווי די נאַציס?״

„נישט געווען, אַלעקסאַנדראַ,״ האָט געענטפערט פעטער אלעזר פון דעם הינטערשטן זיצפּלאַץ.

מײַן אויסטראַלישער פעטער האָט בשעתו געהאָלפן מיך צוריקברענגען צום לעבן פון דעם אַש פון מאָדערנעם חורבן, וואָס האָט פאַרטיליקט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, האָט אויסגעקליבן אויסצולעבן זײַנע לעצטע יאָרן אין ישׂראל. איצט האָט ער אויף אַ וווּנדערלעכן אופן פאַרטראַכטן די אַלע ייִדעס און באָבעס, פעטערס, מומעס און קוזינס, וועלכע מײַנע קינדער וועלן קיין מאָל ניט האָבן. זײַן בעסטער צײַטפאַרטרײַב איז געווען צו דיסקוטירן מיט העלענען — מיט אַ מינימום פון רעליגיעזער אָדער ציוניסטישער התלהבות, וועגן דעם תּנך, וועגן דער געשיכטע פון גלות און דער מאָדערנער וויזיע פון ישׂראל. אין גיכן וועלן די ייִנגערע אויך זײַן גרייט, אָבער צי ווען

ער האָבן צײַט צו געבן זיי אַ באַגריף פון די נביאים — ישעיהו, יחזקאל, ירמיהו — די חכמים פון דער תורה און דעם תלמוד, פון דער קבלה און דעם מדרש?

דער זעלבער מענטש וואָס האָט, ווען איך בין אָנגעקומען אין מעלבורן, געהאָלפן מיך איבערבויען, לערנענדיק מיך אַריטמעטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע, דעם העברעיִשן אלף־בית, באַרויִקנדיק מײַן געמיט מיט דער דיסציפּלין פון דער שאָכשפּיל, האָט געוואָלט זײַן זיכער, אַז אויך מײַנע קינדער וועלן ווערן געגנערט מיט דער עטיק פון זייערע זיידעס און באָבעס.

„נאָך זיבן לאַנגע חדשים פון באַלאַגערונג, ווען די לעגיאָנערן האָבן לסוף דערגרייכט די פעסטונג, האָבן אַלע קעגן־אָנגריפן אויפגעהערט. יעדער בנין אין דער פעסטונג איז געשטאַנען אין פלאַמען; יעדער פאַרטיידיקער איז געווען טויט.״

האַלטנדיק לאהן אויף זײַנע קני, מיט אַ שטים, אַ זיך שטיקנדיקע מיט באַהערשטער עמאָציע, האָט מײַן פעטער גערעדט, אַזוי ווי דער אַמאָליקער חורבן פון מצדה וואָס האָט פאַרענדיקט דעם ייִדישן אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער הערשאַפט מיט אַן אָנווער פון אַ האַלבן מיליאָן לעבנס, וואָלט געשען ערשט נעכטן.

„ווויסנדיק, אַז די פעסטונגען וועלן מער ניט אויסהאַלטן האָט דער פירער פון די קנאָים, אלעזר, צונויפגעזאַמלט אַלעמען און זיך צו זיי געווענדט מיט ווערטער, וועלכע וואָלטן געקאָנט קומען פון די וואַרשעווער און ביאַליסטאָקער געטאָ־קעמפערס: ‚גאָט האָט מיט אונדז געטאָן אַ חסד — געגעבן אַ געלעגנהייט צו שטאַרבן אין פרײַהייט. ...אונדזערע הענט קאָנען נאָך האַלטן אונדזערע שווערדן. לאָמיר אָוועקגיין פון דער וועלט גרויסמוטיק, ניט ווי שקלאַפן, נאָר ווי פרײַע מענטשן, מיט אונדזערע פרויען און אונדזערע קינדער לעבן אונדז׳...״

אַ פאָרמאַציע פון פאַנטאָם־עראָפּלאַנען מיט שײַנענדיקע מגן־דודס אויף זייערע פליגלען, האָט אײַנגעשטילט אלעזרס ווערטער, אַנפליִענדיק איבערן מידבר פון דער ריכטונג פון רמת־הגולן און דעם גליל.

„די משפחות האָבן וויינענדיק זיך געטוליעט איינע צו דער אַנדערער, זיך געקושט צום לעצטן מאָל. יעדער מאַן, אַזוי ווי זײַן אָרעם וואָלט געהערט

צו אַ פרעמדן, האָט דערהרגעט זײַנע טײַערסטע און זיך אָװעקגעלייגט לעבן זיי. צען מענטשן וואָס אויף זיי איז אויסגעפאַלן דער גורל האָבן דערהרגעט די אַלע אַנדערע. דעמאָלט האָט מען ווידער דורך אַ גורל אויסגעקליבן דעם לעצטן, וואָס וועט דערהרגענען די אַנדערע נײַן און דערנאָך — זיך אַליין. ווען פײַער און רויך האָבן אַרומגעכאַפּט מצדה, זענען נײַן הונדערט און זעכציק קעמפּפערס געלעגן צוזאַמענגעפּרעסט אין דער לעצטער אַרומאַרעמונג פון פאַרן טויט.״

דער פעטער האָט געקוקט אויף זײַן אַמעריקאַנער פּלימעניק, זײַן אַמערי־קאַנער פרוי, זייערע אַמעריקאַנער קינדער. ער איז געווען צופרידן. כ׳האָב כּמעט געקאָנט לייענען זײַנע געדאַנקען: „יאָ, די וועלט האָט זיך אַ סך געענדערט; אָבער זײַן מאַמע, מײַן שוועסטער, וואָלט זיך גוט געפילט אין דער אַ משפּחה, אין אָט דעם נס.״

זאָרג האָט צונויפגעצויגן זײַנע ברעמען. „מוליאַ איז אַזוי אַרײַנגעטאָן אין אַנדערע קולטורן, אַזוי אַרײַנגעטאָן אין די פּראָבלעמען פון דער וועלט. צי פילט ער ניט קיין באַדערפעניש זיך אומצוקערן צו די קוואַלן פון תּנך, צו די געזעצן פון משה רבנו, אויף וועלכע ייִדישקייט, די קריסטלעכע רעליגיע און דער איסלאַם זענען באַזירט? אפשר איז זײַן אייגענע דערפאַרונג געווען תּנכיש גענוג, אַ מאָדערן זײַטל פון דער הגדה. ער איז אַ קוואַל פאַר זיך. אַזוי פיל פון עָבר לעבט אין אים צו גלײַך מיטן הווה. אָבער די קינדער, צי וועט דער עָבר לעבן אין זיי, און אין זייערע קינדער, אָדער היטלער וועט האָבן באַוויזן אומצוברענגען נאָך אַ ייִדישע משפּחה? גאָט, היטלערס אויס־געשטרעקטער אָרעם איז נאָך אַלץ אַזוי גרויס, אַזוי אומענדלעך גרויס...״

ווען מיר זענען אָנגעקומען צום קאַבעל־וואַגאָן, וואָס דאַרף אונדז אַרויפ־נעמען צו די רויִנען פון מצדה, ווו יעדער אויסגעגראָבענער שטיין קלאָגט אויפן בראָך כּמעט צוואַנציק יאָרהונדערטער, האָט אַנטאָני וואָס איז דאָ ניט לאַנג געוואָרן בר־מיצווה, געגעבן צו וויסן מיט אַ שטילער אַנטשלאָסנקייט, אַז ער׳ט אַרויפקלעטערן צו פוס. אין דער ברענענדיקער מידבר־היץ האָבן מיר אים אָבסערווירט צו ערשט פון דער ערד, דערנאָך פון קאַבעל־וואַגאָן און צום סוף — פון די פּאַרפּעסטיקונגען, ווי ער האָט עקשנותדיק געמאַכט זײַן וועג אויף דער משופּעדיקער פעלדזנוואַנט. איין גרופּע נאָך דער אַנדערער

פון יוגנטלעכע סאַבּרעס, אימיגראַנטן און טוריסטן, אַשכּנזים און ספרדים, ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך פון דער גאַנצער וועלט, ניט קיין סך עלטערע פון אים, אַנדערע מיט מאַשין־געווער אויף די פּלייצעס, האָבן זיך פאַרהאַלטן צו דריקן אים די האַנט, אָדער פאַרלייגן וואַסער פון זייערע פלעשלעך.

ס׳איז געווען עפּעס אַזוינס, ווי די קינדער וואָלטן זיך באַהאָפטן מיט אַ ניט קיין אַרויסגערעדטן נדר, וואָס איז געקומען פון דורות — פון דער קנעכטשאַפט אין מצרים, פון דער געפאַנגענשאַפט אין בבל און דער רוימי־שער באַהערשונג, פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און די רוסישע פּאָגראָ־מען, פון די נאַצישע גאַזאויוונס און די אַלע אַנדערע חורבנס פון דער געשיכטע — גרויסע און קלענערע. ניט מער אוישוויץ! ניט מער מצדה!

✶

דאָס ערשטע מאָל האָב איך געטראָפן משה דַיָנען אין פּאַריז, קורץ נאָך ישׂראלס שטורמישן נצחון פון 1967. וואָס ס׳האָט קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו איבעראַשן וועגן אים, איז זײַן מעסיקייט, אַפילו ליבשאַפט, מיט וועלכער ער רעדט וועגן די פּאַלעסטינער, צווישן וועמען ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן. זײַן פילעוודיקייט צו די מענטשלעכע טראַגעדיעס וואָס האָבן אַזוי געטראָפן די געגנט, זאָגט עדות אויף דער געשטאַלט פון דעם דרייסטן שלאַכטפעלד־קאָמאַנדיר, געשאַפן דורך דער פּאָפּולערער פאָלקס־לעגענדע נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגעפירט מיט דעם געפּאַנצערטן אָנגריף צום סועץ־קאַנאַל אין דער סיני־קאַמפּאַניע פון 1956, צוגעבנדיק אַ נײַ קאַפּיטל אין דער כראָניק פון מיליטערישער סטראַטעגיע.

כ׳בין געווען צו שטאַרק איבערצײַגט אין די באַגרענעצונגען פון יעדער פּאָליטיק, אַ באַזירטער אויפן כּוח פון געווער, צו קלערן, אַז אַ מיליטערישער נצחון וועט אַ מאָל ברענגען אַ דויערנדיקן שלום, און כ׳האָב עס אים געזאָגט. מיר זענען געזעסן אויף דער טעראַסע פון זײַן היים, לעבן תּל־אָביב, צווישן אַן אויסערגעוויינטלעכער קאָלעקציע פון מיצרישע מומיעס, קלאַסישע קאָלאָ־נעס און אַנדערע גאָר אַלטע עקספּאָנאַטן, אויסגעגראָבענע מיט זײַנע אייגענע הענט פון די וויסטעגישן און בערג פון יהודה און שומרון.

„איר ווייסט, גענעראַל,״ האָב איך געזאָגט אַ ביסל זיך וואַקלענדיק, ווי מען מוז, ווען מען גיט אַן עצה די וואָס גיבן בלוט, „זיכערע גרענעצן

קאָנען ניט באַצייכנט ווערן דורך די טראַדיציעס פון תּנך, אויך ניט גאַראַנ־טירט דורך מיליטערישער קראַפט. די איינציקע זיכערע גרענעצן זענען אין געדאַנק. מיר מוזן אָנהייבן מיטן אַרויסנעמען דעם סם פון די שולביכער."

פון די ווײַטע ווינקלען פון זיין פּרדס, האָב איך געקאָנט באַמערקן יונגע ישׂראלדיקע וואָכלײַט מיט מאַשין־געווער. אין זײַן פּריוואַטער פעסטונג האָט דער מענטש וואָס האָט פאַרלוירן אַן אויג אין אַ שלאַכט און געלעבט זיבנט זײַן קינדהייט אין אַ צושטאַנד פון כסדרדיקן מיליטערישן אַלאַרעם, האָט פאַר מיר זיך פאַרטרויט, אַז פאַר דער גאַנצער צײַט פון זײַן לעבן האָט ער זיך געהאַט באַמיט פאַרצושטעלן די קאָנטורן פון אַ היפּאָטעטישן שלום מיט די אַראַבער.

איך האָב געטראַכט, אַז איך האָב געהאַט דעם ענטפער פאַר אים. מײַן קאָנצעפּציע פון קאָעקסיסטענץ און קאָמערץ דאַרף האָבן אַ געלעגנהייט אויס־געפּרובירט צו ווערן אין דעם טייל פון דער וועלט, צו ערשט צווישן ישׂראל און מצרים. פאַנטאַזיע, וועט איר זאָגן? פאַר די לעצטע הונדערט יאָר האָבן פראַנקרײַך און דײַטשלאַנד אומברחמנותדיק אַטאַקירט איינע די צווייטע דרײַ מאָל. צי זענען די הײַנטיקע פראַנצויזן און דײַטשן געגנעטיש אַנדערש פון זייערע עלטערן? מסתּמא ניט. אָבער ווען סחורות, אַרבעט און קאַפּיטאַל גייען אַריבער זייערע אָפענע גרענעצן מיט אַ וואַקסנדיקער קראַפט, איז זייער ווילטאָג געוואָרן אַזוי אומצערײַסלעך צוזאַמענגעבונדן, אַז אַן אָנגריף פון איין מדינה אויף איר אַנטאַגאָניסטין פון נעכטן וואָלט געווען אַזוי ווי אַרײַנשטעכן זיך אין אייגענעם קערפּער."

„איר רײַסט זיך אין אָפענע טירן," האָט ער געשמייכלט. „איך וויל אײַך זאָגן, אַז כ'האָב אָנגעווענדט אײַער טעאָריע איידער כ'האָב ווען עס איז געהערט פון איר. ווען כ'האָב געעפנט די אַלענבי־בריק איבערן ירדן־טײַך, כּדי צו דערלויבן אַ פרײַע באַוועגונג פון סחורות און מענטשן צווישן די אַראַבישע און ישׂראלדיקע טיילן פון ארץ־ישׂראל. כ'האָב שטענדיק געטראַכט אַז דאָס איז דער בעסטער אופן צו באַרויִקן דעם ים פון ברוטאַלקייט אין אונדזער טייל פון דער וועלט. מיר מוזן אָנהייבן אײַנשטעלן אַ באַציִונג, געמאַכט פון דעם געזונטן געוועב פון מענטשלעכע קאָנטאַקטן — אַ געוועב וואָס קומט פון אַרבעט, און האַנדל, און לעבן צוזאַמען."

דערנאָך האָט ער צוגעגעבן מיט אַ דורכגעטריבענעם שמייכל: „איר ווייסט, איך בין געווען אַ מאָל אַ פּאַרמער, דערנאָך אַ מיניסטער פון אַגרי־קולטור, און דאָס איז געווען מער צופרידנשטעלנדיק ווי זײַן דער שעף פון גענעראַל־שטאַב. איך גלייב, למשל, אַז פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם אינדוסטריעלן פישפאַנג־פּאָטענציאַל פון דער געגנט, וואָס האָט אַ באַקוועמען צוטריט צום מיטללענדישן ים פון איין זײַט און צום אינדישן אָקעאַן פון דער צווייטער, דאַרף מען געבן אַ וויכטיקע פּריאָריטעט.״



אין לויף פון דער געשיכטע זענען בײַ די אַרומיקע פעלקער יידן געווען פאַררעכנט פאַר אַ פאָלק פון קרעמערס, פּראָצענטניקעס און ביכער־ווערעם, וואָס גיבן אַוועק יעדע פרײַע מינוט צו לערנען תורה. הײַנט, אין זייער הײמלאַנד, זענען זיי געוואָרן אַ פאָלק פון פּאַרמערס מיט אַן אייגענעם ווילן, און פון זעלנערס אויס נויט, לויט דער אַלטער טראַדיציע פון יונגן דור — דער פּאָסטעך און קעמפער. אָט די אומוואַנדלונג וואָס האָט ניט איר גלײַכן, פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, דער אויפשטײַג פון נײַעם ייִד פונעם אַש פון פּאַרטיליקטן פאָלק, איז פאַרגעקומען אין משך פון איין איינציקן דור. דערצו האָט געבראַכט די מאַרטירערשאַפט פון די געטאָס און די לאַגערן. אַנידער־צולייגן דעם קאָפּ אָן קיין שוץ אויפן שײַטער־הויפן פון דער געשיכטע און האָפן, אַז עפּעס אַ פרעמדע מאַכט, רעגירט דורך אירע אייגענע אינטערעסן, וועט קומען, אויס רחמנות, דיך ראַטעווען — וואָלט נאָך דעם אַלעם געווען אַ קרימינעלער שגעון, אַ מין טויבקייט און בלינדקייט צו די בולטע לעקציעס פון עבר.

כ׳האָב זיך אָפּט געחידושט, ווי אַזוי די וועטעראַנען פון דער נאַצי־ווערמאַכט און דער עס־עס דערקלערן די סטראַטעגישע געניאַלקייט פון די ישׂראלדיקע אָפיצירן און די געשיקטקייט און גבורה פון די ישׂראלדיקע דזשעט־פּליערס און טאַנק־מאַנשאַפטן — די זעלבע יידן וואָס קוים צוויי צענדליק יאָר צוריק זענען געפירט געוואָרן צו דער שחיטה אין טרעבלינקע און באַבי־יאַר.

דער פולער פּאַרנעם פון דער מעטאַמאָרפאָזע איז געוואָרן אַרויסגעבראַכט

אין אַ ביטער־זיסן עפּיזאָד, וועלכן ס׳האָט מיר דערציילט גענעראַל עזר ווייצמאַן קורץ נאָך דער זעקסטעגיקער מלחמה, אין וועלכער ער האָט פּול־שטענדיק צעקלאַפּט די אַראַבישע לופט־כּוחות. ווייצמאַן רעדט ייִדיש און אפשר דערפאַר קוקט ער אויפן לעבן מיט אַ גרעסערן חוש פאַר הומאָר, ווי די מערהייט סאַברעס. ייִדיש שפּיגלט אָפּ אַן אייגנאַרטיקן מין געלעכטער דורך טרערן, וואָס האָט געמאַכט דאָס ייִדישע לעבן אין גלות אַ ביסל לײַכטער איבערצוטראָגן.

אין מיטן פון די 60ער יאָרן האָט ווייצמאַן, ווי דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון ישׂראלס לופט־כּוחות, געמאַכט אַן אינספּעקציע־וויזיט אין אַ וויכטיקער מערב־דײַטשישער לופטבאַזע לעבן מינכן, עטלעכע מײַל פון אָרט, וווּ ניקאָ, בענעק און איך זענען אַנטלאָפן פון די עס־עס־וועכטערס, בעת אַן אָנפאַלי פון אַמעריקאַנער באָמבאַרדירערס. אַרײַנגייענדיק אין עסצימער פון די העכערע אָפיצירן צום אָוונטברויט, איז ער געוואָרן דערשטוינט צו הערן אַ קורצן באַפעל: „אַכטונג! דער הער גענעראַל!" די דײַטשישע אָפיצירן האָבן זיך ווי איין מענטש אַ שטעל געטאָן אויף אַכטונג. דער ייִדישער גענעראַל, אַ וועטעראַן פון לופטקאַמפן אין ענגלישע „ספּיטפײַערס" און אין פאַרכאַפּטע דײַטשישע „מעסערשמיטס", פון דער ישׂראל־אַוויאַציע אין 1948, האָט זיך אַרומגעקוקט; דער טיק־טאַק פון די קנאַפּל, די שטײַפע האַלטונג — אַלץ האָט אויסגעזען דאָס זעלבע, נאָר די אוניפאָרמען זענען געווען אַנדערע. זײַנע בלויע אויגן האָבן זיך פאַרגליווערט אויף אַ לאַנגער רגע. ניט פאַר־ראַטנדיק מיט זײַן שמייכל קיין אָנדײַט אויף אַ נצחון, האָט ער רויִק געגעבן אַ באַפעל: „שטייט פרײַ!"

מענטשן ווי דיין און ווייצמאַן, וואָס האָבן מלחמה, האָבן זיך גענומען צו מיליטערישע ענינים, און מענטשן ווי בענעק און איך, וואָס זענען אַוועק אויף אַנדערע וועגן, שטעלן פאָר צוויי זײַטן פון זעלבן גורל, דער גורל פון אַ פאָלק, געפורעמט דורך הונדערטער יאָרן לייד און רדיפות. די יעניקע פון אונדז וואָס האָבן זיך געפּײַניקט אין די נאַצישע טויטפאַבריקן, האָבן צוגעשטעלט אַ צוגאָב־באַרעכטיקונג, אויב ס׳איז נאָך געווען נייטיק, פאַר דער עקסיסטענץ פון אַזעלכע מענטשן ווי זיי אין לאַנד פון אונדזערע אָבות; מענטשן וואָס האָבן פעסט באַשלאָסן צו גאַראַנטירן די ייִדן, וווּ נאָר זיי זענען באַדראָט,

אַן אָרט פון רעטונג און האָפענונג; מענטשן וואָס האָבן געבראַכט אייכמאַנען קיין ירושלים צו ווערן געמישפּט.

צײַטנווײַז האָב איך זיך געפרעגט, צי מײַן קינדערשער חלום צו ווערן אַ גענעראַל אין דער רויטער אַרמיי, וואָלט ניט באַדאַרפט, לויט דער לאָגיק און דעם חוב, איבערגעטראָגן ווערן צום דינסט פון ישׂראל. די פראַגע האָט מיך געפּייניקט אין 1948, ווען די נײַ געבוירענע ייִדישע מדינה איז געווען אויפן ראַנד פון אומקום. זי פּײַניקט מיך הײַנט, ווען אַ באָמבע רײַסט אויף אויפן שוועל פון אַ שול, נאָענט צו מײַן הויז אין פּאַריז. אויב דאָס ייִדישע פאָלק וואָלט ווידער געווען באַדראָט פון אַ מאַסן־אויסמאָרד, וואָלט איך געווען ניט ווייניקער גרייט צו קעמפן און שטאַרבן פאַר ישׂראל, ווי פאַר אַמעריקע. זאָל זײַן וואָס עס זאָל ניט זײַן, דער אומגעקאָנטראָלירטער אימ־פּולס וואָס האָט מיך געשטויסן, נאָך דעם ווי כ׳האָב זיך געהאַט אַ נאָמען געגעבן „גערהאַרד״, צו פאַרלאָזן די „זיכערע״ אַרישע קאָלאָנע און זיך אומקערן צו ניקאָן און בענעקן אויפן טויטנמאַרש קיין דאַכאַו, וועט בלײַבן מיט מיר אויף אייביק.

כ׳האָב זיך ניט געפילט באַדראָט פונעם אַנטיסעמיטיזם זינט דעם סוף פון דער מלחמה. און כ׳האָב אויך ניט מורא פאַר נאָך אַזאַ חורבן ווי דער לעצטער. דער אײַנגעבוירענער כּוח צו זײַן גרייט צו קעמפן און שטאַרבן, ווען ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה, איז דאָס לעצטע מעכטיקסטע געווער. דאָס קומענדיקע מאָל, אַזוי ווי מיט שמשון הגיבור אין טעמפּל, וועלן די קרבנות אומקומען צוזאַמען מיט דעם וואָס וועט בלײַבן פון דער ייִדיש־קריסטלעכער ציוויליזאַציע. אַנטיסעמיטיזם, צי עס דערשײַנט אין אַ מדינה ווי פראַנקרײַך וואָס האָט אַ סך ייִדן, אָדער ווי פּוילן, וווּ עס זענען כּמעט קיין ייִדן ניטאָ, איז אַ טערמאָמעטער אָפּצומעסטן די היץ פון דער קראַנקייט, פון וועלכער אַ געזעלשאַפט ווערט פון צײַט צו צײַט אַרומגעכאַפּט. איך ווייס פון נסיון, אַז ווען עס הערשט אַ שאַרפער עקאָנאָמישער קריזיס, קאָן אַ טיפער פּאָליטישער קריזיס ניט זײַן ווײַט הינטערשטעליק. ישׂראל און די ייִדן זענען, ווי שטענדיק, די ערשטע קאַנדידאַטן פאַר דער ראָל פון שׂעיר־לעזאזל, באַזונדערש איצט, ווען דער איסלאַם שטײַגט אַזוי הויך און אַזוי פיל שעצן דעם אַראַבישן נאַפט מער ווי בלוט.

די דאָזיקע סכּנות זענען אומאויפהערלעך. אָבער ווען זענען זיי ניט געווען? איך בין רויִק און גלייב באמונה שלמה אין קיום פון ישׂראל און פון יידישן פאָלק. וואָס פאַר אַן אַנדער פאָלק האָט דורכגעמאַכט אַזעלכע שווערע קלעפּ אויף זיין גוף און נשמה, און עקסיסטירט ווייטער? ווער וואָלט געקאָנט נביאות זאָגן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, נאָכן חורבן בית־שני, אַז אַ קרעפטיקע יידישע קהילה וועט בליִען אין דער מיטל־עלטערלעכער שפּאַניע, אַרום טאָלעדאָ און קאָרדאָוואַ, און אַז שפּעטער וועט דער עפּיצענטער פון יידישער קולטור זיך איבעררוקן קיין מערב־אייראָפּע, מיזרח־אייראָפּע און רוסלאַנד און פון דאָרטן — קיין אַמעריקע, זיך אומקערנדיק, סוף־כּל־סוף, צו דער ניי־געבוירענער מדינת־ישׂראל?

ניט געקוקט אויף — און אפשר טאַקע צוליב — זייערעליידן זינט גאָר אַלטע ציטן, האָבן יידן דערלעבט צו שטיין ביי די קברים פון אַלע טיראַנישע אימפּעריעס, וואָס האָבן זיי אונטערדריקט. אין אוישוויץ האָבן טייכן בלוט פאַרזיגלט דעם נדר פון יידן אָנצוהאַלטן זייער קיום אויף אייביק. ס׳איז אַ מוליאַ־בענעק־פּאַקט אויסצוהאַלטן דעם ווילן צו לעבן.

*

„אויב אַלע אַראַבער וואָלטן געווען ווי איר."

„אויב אַלע יידן וואָלטן געווען ווי איר."

די וואַרעמע, פריינדלעכע שמועסן, וועלכע כ׳פלעג האָבן מיטן שייך זאַקי יאַמאַני, אין האַרוואַרד מיט 25 יאָר צוריק, און מיט אַ סך אַנדערע פריינד, אַראַבער און יידן, קלינגען מיר אין די אויערן ווי צעבראָכענע גראַמאָפאָן־פּלאַטעס. מיר זענען אַזוי ווי מסכּים געווען, אַז ס׳איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי קאָמפּראָמיסלאָזע שׂונאים. בלויז די היסטאָרישע באַציִונגען און פּאָליטישע פאַרוויקלונגען פאַרשאַרפן שפּאַנונגען און עמאָציעס.

צי איז באמת ניטאָ געגנוג זאַמד אין מיטעלן מיזרח צום אויפנעמען אַ פּאָר מיליאָן יידישע און ארץ־ישׂראלדיקע פּליטים פון די קאַטאַקליזמען פון דער געשיכטע אין דער היים פון זייערע אור־עלטערן? וואָסער קללה ליגט אַזוי שווער אויף די אָפּשטאַמיקע פון יצחק און ישמעאל, וואָס האַלטן ביזן היינטיקן טאָג אברהמען פאַרן טאַטן פון זייערע טאַטעס?

ס׳איז היסטאָריש פאַלש, אַז אַראַבער און יידן זענען געשוווירענע

שׂונאים פון אייביק אָן. בדרך־כּלל האָבן דער יודאַיזם און דער איסלאַם מער געלעבט בשלום, ווי מיטן קריסטנטום אָדער מיט יעדער אַנדערער רעליגיע. ניט געקוקט אויף זייער רעליגיעזן אונטערשייד האָט די פּראָדוק־טיווע האַרמאָניע אין וועלכער זיי האָבן געלעבט טויזנטער יאָרן, זינט דער גרויסער תּקופה פון אַלעקסאַנדריע ביז צו דער גאָלדענער עפּאָכע אין שפּאַניע, דערבראַכט צו גרויסע דערפינדונגען אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָ־נאָמיע, מעדיצין און קאָמערץ.

„מײַנע פרײַנד, די שׂונאים," איז דאָס געפיל, וועלכן אַ סך ייִדן און אַראַבער פילן איינער צום אַנדערן.

איז עס באמת אַן אוטאָפּיע צו האָפן, אַז אַ באַנײַטער מוסטער פון צו־זאַמענלעבן און האַנדל וועט העלפן אַוועקצונעמען זייער מאָמענטאַלע שׂינאה און באַזײַטיקן די פּאָס מיטן אויפרײַס־מאַטעריאַל פון מיטעלן מיזרח? שוין מער ווי דרײַ צענדליק יאָר, ווי בײדע פעלקער צאָלן אַ הויכן פּרײַז אין מענטשלעכע לעבנס און מאַטעריעלע רעסורסן. זייערע באַוואָפנטע קאָנפליקטן און עקאָנאָמישע באָיקאָטן האָבן גאָרנישט ניט געלייזט. ביידע צדדים זענען געבליבן אויסגעשטעלט אויף די פּאָליטישע קאַפּריזן פון די גרויסמאַכטן, אין דער צײַט ווען רוינירנדיקע פּאַרטיידיקונג־בודזשעטן, אַ צעבושעוועטע אינפלאַציע האָבן פאַרגרעסערט די אָרעמקייט פון זייערע פעלקער, ביז פּרעז־זידענט אַנוואַר סאַדאַטס מוטיקע נסיעה קיין ירושלים האָט געבראַכט אַ שטראַל פון האָפענונג, אַז זיי וועלן ווידער לעבן און אַרבעטן צוזאַמען. די ייִדישע כעמיקערס, מעדיקערס, טעכניקערס און אינזשענירן, וואָס זענען געקומען פון דער גאַנצער וועלט צו ישׂראלס ברעגן, האָבן געגעבן דעם לאַנד אַ וויסנשאַפטלעכן און טעכנאָלאָגישן פּאָטענציאַל, אויסער יעדער פּראָפּאָרץ צו זײַן קליינער באַפעלקערונג, אַ פּאָטענציאַל וואָס צייכנט זיך אויס מיט דער זעלטענער קענטעניש פון קאָמפּיוטיזירטער מידבר־אַגריקולטור, פאָרשונג פון וויסטעגנישן מיט נײַע מעטאָדן פון אויסניצן זון־ענערגיע, לאַנד־איריגאַציע און פאַרזיסן ים־וואַסער. דאָס איז די דימענסיע פון מענטשלעכער שאַפעריש־קייט, מער ווי דער כּוח פון געווער וואָס ווענדט אָפּ די יונגע מוחות און טאַלאַנטן פון דער גוט באַהערשטער מלחמה־קונסט צו דער קונסט פון פאַר־זיכערן דעם שלום און דעם קיום פון ישׂראל לדור דורות.

שמעון פּרס וואָס איז זינט יאָרן געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר ישׂראלס געווער־איינשאַפונגען, און וועמען כ׳האָב צו ערשט געהאַלטן פאַר אַ „שפּאַר־בער״, האָט מיר געצייכנט זײַן אַטעם־פאַרכאַפּנדיקע אַמביציע אַנצווענדן דעם פּאָטענציאַל פון מיליטערישע הוצאות פאַר דער אַנטוויקלונג פון פריד־לעכע סחורות און אידעען פאַר אַ פּראָספּערירנדיקן בשותּפותדיקן מאַרק, אויסגעשפּרייטן איבער דער גאַנצער געגנט. „דאָס וועט אונדז דערמעגלעכן אײַנצושטעלן אַן אָרגאַנישע קאָעקסיסטענץ מיט די אַראַבער אַ סך מער, ווי זיך האַלטן בײַ די גרויסע שטחים וועלכע מיר האָבן פאַרנומען אין קאַמף,״ האָט ער דערקלערט. „און ס׳וועט געבן ישׂראל די מעגלעכקייט צו פאַרניצן די מיטלען פאַרן קיבוץ־גלויות און ספּעציעל — פאַר די סאָוועטישע ייִדן...״

*

און וואָס איז טאַקע בנוגע די סאָוועטישע ייִדן? דערמאַנענדיק אירע באַגעגענישן מיט מיר, דעם קיבוץ־גלויות אין אוישוויץ, האָט גאָלדע מאיר געזען אין זייער אומקער קיין ישׂראל די העכסטע פּריאָריטעט, אַ געבונדענע מיטן הויפּטצוועק פון אויפשטעלן די מדינה און פון איר, גאָלדע מאירס, לעבן. ווי אַ רעזולטאַט פון מײַנע רירנדיקע צונויפטרעפן מיט איר, דעם פּרעמיער־מיניסטער פון ישׂראל, אָנהייב די 70ער יאָרן, איז מיר אויסגעקומען זיך צו פאַרמעסטן מיט אָט דער פּײַנלעכער פּראָבלעם אין אַ סך פאַלן, און איין מאָל, בעת אַן אויפטריט מיט מיינונגס־פאַרשיידנקייטן וואָס האָט זיך געצויגן אַ גאַנצן טאָג, לויט דער פאַרבעטונג פון דער לייטונג פון ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס. ס׳איז געווען אַן איינשטימיקייט לגבי דעם פונדאַמענטאַלן צוועק — פרײַהייט פון עמיגראַציע פאַר די ייִדן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָבער ניט אַלע חשובע ייִדישע פירערס, וואָס זענען געקומען מיך הערן, האָבן אָפּגעשאַצט מײַן אָפנהאַרציקייט: ווי אַזוי צו פאַרזיכערן, אַז די יציאה פון די ייִדן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָל ווערן געפירט אין אַ קאָנסטרוקטיווער ריכטונג. דער קיום פון ייִדישן פאָלק וועט ניט ווערן פאַרזיכערט מיטן דערמעגלעכן אַ ליטעראַטור־פּראָפעסאָר פון לענינגראַד און אַן אינזשעניר פון תּל־אָביב צו ווערן שאָפערן פון טעקסיס אין טשיקאַגאָ. בײַ דער געלעגנ־הייט — און בײַ אַנדערע געלעגנהייטן — זענען מיר אַדורך אין מוח אַ סך ענלעכע, פאַרהוילענע מחשבות...

דער גאָרדישער קנופּ פון די רוסישע ייִדן און דער סאָוועטיש־אַמעריקאַנער האַנדל, צו וועלכן מײַן עמאַציאָנעלער אויסבראָך אין קיִעוו און מײַן עולה רגל זײַן קיין באַבי־יאַר האָבן בײַגעשטײַערט, האָט קיין מאָל ניט געדאַרפט זײַן געבונדן איינס מיטן אַנדערן. דאָס רעכט צו פאַרלאָזן אַ מדינה איז אַ יסוד פון דער מערב־ציוויליזאַציע, אָבער ניט אין דער צענטראַליזירטער רוסישער מדינה און אונטער סטאַלינען, ווו דאָס איז געווען דער סינאָנים פון בגידה. כ'בין געווען איבערראַשט ווען דער פאַרבאָט איז אין די 60ער יאָרן געוואָרן אַ ביסל פאַרלײַכטערט, כּדי צו דערלויבן אַ קליינע ייִדישע עמיגראַציע פון מיזרח־אייראָפּע. דאָס, און די נאָכפאָלגנדיקע עמיגראַציע פון עטנישע דײַטשן, קאָן צוגערעכנט ווערן צום קרעדיט פון דער פּאָליטיק פון דעסטאַליניזאַציע און פון דער אָפּשוואַכונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּאַנונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צײַט פון כרושטשאָוון און פּרעזידענט אײַזענהאַוער און איז אָנגעגאַנגען, ניט געקוקט אויף די קריזיסן אין צווישנצײַט. און דאָס איז אַ בולטע אָפּלייקענונג פון דער טענה אין מערב וואָס האָבן געהאַלטן, אַז קאָמוניזם איז אַ ביאָלאָגישער צושטאַנד און אַז די מיזרח־לענדער קאָנען זיך קיין מאָל ניט ענדערן.

אין די פריִע 70ער יאָרן, ווען קאָנטאַקטן האָבן זיך גענומען אויסשפּרייטן איבער דער מיזרח־גרענעץ, האָט זיך געפילט אין רוסלאַנד און אין אַנדערע טיילן פון דער קאָמוניסטישער וועלט, פון פּוילן ביז כינע, אַן אַטמאָספער פון אָפּגעשוואַכטע שפּאַנונגען, אויפרודערונג און מיינונגס־פאַרשיידנקייטן פון אַ סאָרט, וועלכן מען האָט ניט געזען דאָרטן זינט די ערשטע טעג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

ס'איז צו באַדויערן, וואָס די שוואַכע אָבער צוזאָגנדיקע אַנטוויקלונגען אין מיזרח האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט מיט דער דזשעקסאָן־וואַניק־אויסבעסערונג פון 1974, וועלכע האָט פאָרמעל געמאַכט אָפּהענגיק די נאָרמאַליזאַציע פון אַמעריקאַנער האַנדל מיט רוסלאַנד פון אַ פרײַערער עמיגראַציע פון סאָוועטישע ייִדן. איך פאַרשטיי, אַז די פּלאַנירערס פון דער אויסבעסערונג אין קאָנגרעס האָבן געהאַנדלט לויט די בעסטע הומאַניטאַרע מאָטיוון. איך ווייס, אַז ווי אַ יונגער אָפיציר איז סענאַטאָר הענרי דזשעקסאָן געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט געזען דעם בערגען־בעלזען קאָנצענטראַציע־לאַגער

נאָך זײַן באַפרײַונג דורך די ענגלענדער; און קיינער ווייסט ניט בעסער פון מיר, ווי אַזאַ פאַקט קאָן ווירקן אויף אַ מענטשנס גײַסטיקער אײַנשטעלונג אין שפּעטערדיקע יאָרן.

שפּירנדיק זיך געטראָפן דורך דעם וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ באַליידיקנדיקער אַרײַנמישונג אין זײַנע אינערלעכע ענינים, האָט דער קרעמל באַשלאָסן זיך צו באַגיין אָן די קאָמערציעלע פּריווילעגיעס, פון וועלכע עס געניסן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אַנדערע האַנדל־פּאַרטנערן. ער האָט מבטל געמאַכט דעם סאָוועטיש־אַמעריקאַנער אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין 1972. דער באַלדיקער פּועל־יוצא איז געווען — ווייניקער האַנדל און ווייניקער עמיגראַציע.

ווען אַלע האָפענונגען אויף אַ נײַער תּקופה אין סאָוועטיש־אַמעריקאַנער האַנדל האָבן גענומען אויסגיין צוליבן צונויפפלעכט פון די קאָנגרעס־באַשרענקונגען, פון פּרעזידענט קאַרטערס פּוסטן טאַדלען דעם סאָוועטישן פּוגע זיין די מענטשנרעכט, און דעם, ווי ס'זעט אויס, ניט קאָנען בײַשטיין דעם יצר־הרע פון וועלן שפּילן אויף דער „כינע־קאָרט", איז די נייגונג אין מאָסקווע צו מער טאָלעראַנטע פּאָזיציעס אַוועק אין דער פאַרקערטער ריכטונג. די ווידערשטאַנד־קאַנוווּלסיע אויף אונדזער זײַט האָט אַרויסגערופן אַן ענלעכע קאַנוווּלסיע פון זייער צד.

אין אַלע צײַטן זענען מינדערהייט־גרופּן, באַזונדערש די ייִדן, געווען צווישן די ערשטע קרבנות פון ערנסטע אינטערנאַציאָנאַלע שפּאַנונגען. בלויז דאָס אָפּשוואַכן שפּאַנונגען האָט דערמעגלעכט בײַ 300,000 ייִדן צו פאַרלאָזן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, און אַן ענלעכע צאָל פּערזאָנען — צו פאַרלאָזן מיזרח־אייראָפּע אין די 70קער יאָרן.

נאָך טויזנטער פּאָדערן וויזעס צו עמיגרירן קיין ישׂראל. איך וואָלט אָן ספק געווען איינער פון זיי הײַנט, ווען איך וואָלט, אַזוי ווי מײַנע קוזינס, געוואָרן דורך די רוסן פאַרשיקט קיין סיביר אַנשטאָט קיין מײַדאַנעק דורך די דײַטשן; אָדער אויב בענעק און איך וואָלטן געווען אַוועק צוריק קיין ביאַליסטאָק נאָך דער באַפרײַונג דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי לעבן מינכען.

פון צײַט צו צײַט האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין מענטשן, צו וועלכע איך האָב געקאָנט אַזוי לײַכט פאַררעכנט ווערן. זייענדיק אין מאָסקווע,

פלעגן איך און יהודית, ווען כ'האָב זיך נאָר געקאָנט באַפרײַען פון די אָפּי־ציעלע קרײַזן, זיך באַגעגענען מיט רוסישע ייִדן, אונטערגרונט־קינסטלערס און ניט־קאָנפאָרמיסטישע אינטעלעקטואַלן. צו מאָל פלעגן די דאָזיקע צונויפטרעפן פאָרקומען אין בית־מדרש אָדער אין אַ באַשיידענער דירה, אין וועלכער ס'איז געווען אויסגעשטעלט אַן איבערראַשנדיקע קאָלעקציע פון רוסישער קונסט פון אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט. בילדער פון שאַגאַל, מאַלעוויטש, קאַנדינסקי, טאַטלין, ליסיצקי א״אַנד, זענען ענג געהאָנגען אויף די ווענט און טירן פונעם אויפנעם־צימער, באָדצימער, פון דער קיך און שלאָפצימער, און אַלע — שטראַלנדיקע, שענסטע באַווײַזן פון דעם אָפּטימיזם וואָס האָט געהערשט אין די אַוואַנגאַרד־אידעען פון מאָלערײַ, ליטעראַטור, טעאַטער און פילם אין דער נײַער רעוואָלוציאָנערער מדינה, איידער זי איז געוואָרן אונטערדריקט דורך סטאַלינס קאָנסערוואַטיזם.

געאָרגי קאָסטאַקיס, הײַנט אַן עמיגראַנט אין מערב, אָבער דעמאָלט — דער זעלטענער זאַמלער, האָט עס געמאַכט פאַר זײַן לעבנס־מיסיע: אין אומגלייבלעך שווערע באַדינגונגען צו ראַטעווען פאַר די צוקונפטיקע דורות די בעסטע מוסטערן פון די אידעאָלאָגיש פאַרמישפּטע אוצרות. ער האָט דערציילט ווי אַזוי בעת דער מלחמה, נאָך דעם ווי נאַצי־באָמבאַרדירונגען האָבן צעשמעטערט די שויבן, פלעגן מאָסקווער אײַנוווינערס פאַרשטעלן די פענצטער קעגן שניי און קעלט מיט מאָלערײַען אויף האָלץ אָדער לײַוונט. פאַר אַ לעבל ברויט אָדער אַ שטיקל ווורשט האָט קאָסטאַקיס געקאָנט זיך אײַנשאַפן וואָסערע מײַסטערווערק זײַן גלוסטיק האַרץ און געניט אויג האָבן נאָר געקאָנט געפינען. אין מיסטעריעזע באַהעלטענישן אין מאָסקווע פלעגן מיר הערן רעציטאַציעס פון פאַרבאָטענער פּאָעזיע און מוזיק, און זיך באַגײַסטערט מיטן רירנדיקן באַווײַז פון איבערלעבן און רעטונג, וואָס איז געהאָנגען אַרום אונדז.

אין דער רירנדיקער סביבה פלעג איך לערנען, אָפּט אויף ייִדיש, אַ שפּראַך ניט גאָר צוטריטלעך פאַר דער ק.ג.ב. און וואָס שאַפט אַ באַלדיקן צוטרוי צווישן ייִדן, אומאָפּהענגיק פון זייער אָפּשטאַם און איבערצײַגונג, און אָפילו אויב זיי האָבן זיך קיין מאָל פריִער ניט באַגעגנט, ווי אַזוי דאָס לעבן אין רוסלאַנד האָט באמת אויסגעזען און פאַר וואָס זיי האָבן געוואָלט

עס פאַרלאָזן. דאַרטן פלעג איך ממש באַוווּנדערן דעם נס, וואָס אַזאַ מוטיקע און וויטאַלע קהילה האָט באַוויזן צו דעמאָנסטרירן איר אידענטיטעט נאָך מער ווי זעקס צענדליק יאָר זינט דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. די קעגנצאַנאַנדן פון די ראַציאָנעלע און עמאָציאָנעלע אַספּעקטן פון האַנדל און דער עמיגראַציע־פראַגע, וועלכע איך טראָג אין זיך, איז געוואָרן בולט אַרויסגעבראַכט אין אַ דיאַלאָג מיטן סענאַטאָר עדוואַרד קענעדי פאַר אַ קאָנגרעס־קאָמיטעט. מיר האָבן זיך פונקט געהאַט צוריקגעקערט פון דער דאַרטמוט־קאָנפערענץ אין טיפליס, (און פון אַ געהיימען וויזיט אין קאָסטאַ־קיסעס פאַרבאָרגענעם מוזיי).

סענאַטאָר קענעדי: הער פיסאַר, אין וואָס פאַר אַ מאָס, מיינט איר, דאַרף פּאָליטיק און עטיק הערשן אין אונדזערע באַשלוסן וועגן קאָמערץ?

סאַמועל פיסאַר: סענאַטאָר, אײַער פראַגע ברענגט אַרויס שווערע פאַר מיר מאָראַלישע פּראָבלעמען... אַרײַנגערעכנט די עמיגראַציע־פראַגע... בעת מײַן יורי־שטודיום האָט מען מיר אַרײַנגעהאַקט אין קאָפּ, אַז קיין לאַנד טאָר זיך ניט אַרײַנמישן אין די אינערלעכע ענינים פון אַן אַנדער לאַנד. דער טשאַרטער פון פעלקערבונד היט שטרענג אָפּ דעם דאָזיקן פּרינציפּ, און אונדזער אונטערשריפט ווי אַ פאָלק פיגורירט אויף אים. אָבער דער סאָוועטן־פאַרבאַנד לאָדט אויך אײַן אונדזער ביזנעסוועלט, אונדזער אַרבעטער־באַוועגונג, אונדזערע אינטעלעקטואַלן און גרופּעס פון אונדזערע מינדערהייטן צו פאַרשטאַרקן די באַציִונגען מיט זיי. אונדזער עפנטלעכע מיינונג האָט אירע לעגיטימע עמאָציעס און זאָרגן, און דאָס קאָלטע אינטערנאַציאָנאַלע געזעץ איז אויף דעם ניט גילטיק. מײַנע אייגענע געפילן, געפילן פון אַ מענטש און ניט פון אַן אַדוואָקאַט, זאָגן מיר אונטער, אַז פאַרנעמענדיק זיך מיט די פּראָבלעמען, נייטיקן מיר זיך אין מער ברייטהאַרציקייט פון דער סאָוועטישער זײַט.

ווען כ׳האָב אַזוי געענטפערט דעם סענאַטאָר קענעדי, בין איך געווען צעריסן אין צווייען — מײַן געדאַנק און מײַן האַרץ. מײַן געדאַנק האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז קיין זאַך איז ניט וויכטיקער פאַר דער לייזונג פון געוויסע, צו מערסט קריטישע וועלט־פּראָבלעמען, ווי אַן אמתע אויסברייטערונג פון מענטשלעכע און קאָמערציעלע קאָנטאַקטן צווישן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און

די פּאַראַייניקטע שטאַטן. מײַן האַרץ האָט מיר באַפֿוילן ניט צו זאָגן אַזוינס, וואָס וואָלט געקאָנט שטאַרקן די יעניקע אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, וואָס האָבן אונטערדריקט פֿרײַהייט און אָפּגעהאַלטן ייִדן פֿון עמיגרירן אין לאַנד פֿון זייער אויסקלײַב.

אַ סך מאָל האָב איך זיך געראַנגלט מיט דער אַ דילעמע: כ׳בין געקומען צום אויספֿיר, אַז דער ענטפֿער וועלכן כ׳האָב געגעבן דעם קאָנגרעס פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, איז ניט געווען פּולקום, און אַז מײַן האַרץ האָט פֿאַרשטיקט די טענות פֿון מײַן געדאַנק.

מער ברייטהאַרציקייט פֿון דער סאָוועטישער זײַט, געוויס, אָבער אויך מער באַשיידנקייט פֿון אונדזער זײַט. דער גוט געמייגטער דרוק דורכן האַנדל איז ניט געווען דער בעסטער אופֿן צו פֿאַרזיכערן אַן אויסוואַנדערונג פֿון סאָוועטישע ייִדן קיין ישׂראל און צו דערמוטיקן די אַספּיראַציעס פֿון אַנדערע קעגנערס פֿונעם סאָוועטן־רעזשים. זיי זענען אויך ניט געווען דער בעסטער אופֿן צו האַמעווען די סאָוועטישע מיליטער־לײַט. וואָס שייך דעם קאָמערציעלן אָפּמאַך פֿון 1972, ווי אויך דעם סאָלט־צוויי־אָפּמאַך פֿון 1979, האָבן די פּלאַנירערס פֿון דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק כּסדר געהאַלטן איין פֿוס אויפֿן אַקצעלעראַטאָר און דעם צווייטן — אויפֿן טאָרמאָז.

די מערבדיקע השפּעה קאָן שפּילן אַ ליבעראַליזירנדיקע און אָפּהאַלטנ־דיקע ראָלע נאָר דעמאָלט, ווען זי ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ נאַטירלעכער, ניט דעמאָנסטראַטיווער צוזאַמענאַרבעט מיט אַ קעגנער פֿאַר אַ באַטײַטיקן קעגנזײַטיק־עקאָנאָמישן נוצן. די פֿאַרגעקומענע ייִדישע עמיגראַציע אין די פֿריִע 70קער יאָרן איז געווען אַן אָנהייב אין דער גוטער ריכטונג, אין פֿאַר־גלײַך מיט די הערמעטיש פֿאַרזיגלטע גרענעצן פֿון דער גרױלפּולער סטאַלין־עפּאָכע. קיין זאַך קאָן ניט אַזוי פֿאַרזיגלען די גרענעצן פֿון דאָס נײַ, ווי אַ צוריקקער צו דער קאַלטער מלחמה.

# 16

כ׳האָב געענדיקט די לעקציע און אַראָפּ פון דער בינע. די אַפּלאָדיסמענטן זענען מיר געווען אָנגענעם, די אָפּרופן — דערמוטיקנדיק, אָבער כ׳בין ניט געווען צופרידן מיט זיך. אָט האָב איך זיך באַטייליקט אין נאָך אַן אינטער־נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, אַזוי ווי אין קיאָטאָ, אַבידזשאַן און ריאָ־דע־זשאַנייראָ.

דאָס מאָל איז עס פאָרגעקומען אין שטאָקהאָלם. דער גאַסטגעבער — דער נאָבעל־פאָנד — האָט ניט געקאָנט זײַן מער בכּבֿודיק, די טעמע: מענטש, מקורות און די צוקונפט — איז געווען ביז גאָר וויכטיק. די באַטייליקטע — וויסנשאַפטלער, געלערנטע און פּאָליטישע פירער פון דער גאַנצער וועלט — האָבן ניט געקאָנט זײַן מער דערהויבן. און די גאַסטפרײַנדלעכקייט פון שוועדישן פּאַרלאַמענט און פון קעניג קאַרל־גוסטאַוו האָט ניט געקאָנט זײַן מער מלכותדיק.

אָבער ווען איך בין געזעסן אין דעם באַראָנשאַפט־זאַל פון האָסעלבי־שלאָס און זיך צוגעהערט צו די גלענצנדיקע רייד וואָס זענען געלייענט געוואָרן פון פּאַפּיר, איינס נאָכן אַנדערן, איז אַ מידקייט אויף מיר אַרויף פון די מאָנאָטאָנע ווערטער.

ווי אַבסטראַקט איז דאָס אַלץ געווען, ווי אומשולדיק און אָפּגעריסן פון דער גרויליקער וואָר, פון וועלכער די אַלע פּראָבלעמען זענען אויסגעוואָקסן. מיר זענען געווען אין אַ זאַל פון זשעסטן. די דעפיניציעס זענען געווען אַרומנעמענדיקע, די אַרגומענטאַציע — אַ געשליפענע, אָבער די אַלגעמיינע משמעות האָט אויסגעזען ווי אַן אינטעלעקטועלער צערעמאָניאַל פון שדים־פאַרטרײַבונג. דער סעמינאַר וועט זיך ענדיקן און, ווי אַ סך אַנדערע פאַר אים, וועט ער ווערן אײַנגעהילט אין וואָרט־רעקאָרדן — ווי אַלטע שמות אויף אַ שענקל. ווידער, האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין מיט אַ טאָן פון

פאַרוואָרף, וועט דאָס געוויסן פון דער אינטעלעקטועלער עליטע פילן אַ פאַרלײַכטערונג. אָבער אין אַלע עקן פון דער וועלט ווו קינדער האָבן געלעבט און זענען געשטאָרבן מיט געשוואָלענע בײַכער, ווו מענטשן זענען אַלץ מער געוואָרן אויפגערייצט און מער פאַרצווייפלט, און אפשר פאַרמאַכט זייערע אויגן, מורא האָבנדיק פאַר דעם וואָס זיי וואָלטן געזען, וועט אַלץ אָנגיין ווי פריִער.

און וואָס איז וועגן מײַנע אייגענע ווערטער? ווען כ'האָב אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז די פּראָבלעמען וועלכע מיר באַהאַנדלען, גייען אַריבער גרענעצן און אידעאָלאָגיעס, צוליב וואָס איך האָב באַקומען פון פּרעמיער־מיניסטער אָלאַף פּאַלמע די באַצייכנונג „נאַכנאַציאָנאַלער מאַן“, — צי זענען זיי געווען ווייניקער צערעמאָניעל, ווי די ווערטער פון די וואָס האָבן גערעדט פאַר מיר?

דו ביסט געוואָרן ווי איינער פון זיי, איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, ווען מײַנע ליפן האָבן געלייענט פון פּאַפּיר אין מײַן האַנט. דו האָסט אַדאָפּטירט זייער שפּראַך, די אינערלעכע טערמינאָלאָגיע זייערע וואָס איז אויסן אויסצומײַדן יעדן אַקאַדעמישן ווידערשטאַנד, זיך רעכענענדיק מיט דער לעצטער מאָדע און דעם הויפּטשטראָם פון דער הײַנטצײַטיקער מחשבה. דײַנע רייד וועלן ניט רירן די הערשערס און ניט ווירקן אויף די באַהערשטע. דאָס וועט זיי ניט אַרויסברענגען פון דער רוטין, וועט זיי ניט צווינגען צו זען זאַכן אַנדערש, וואָס איז די איינציקע האָפענונג אויסצומײַדן דעם אַראָפּגליטשן זיך צום אָפּגרונט. און דאָס וועט ניט באַרעכטיקן דײַן איבערלעבן דעם חורבן.

כ'האָב געטראַכט וועגן בענעקן און וועגן דעם, ווי זײַן ביאַליסטאָקער אָפּן לשון האָט געבראַכט צו אַ פאַרווײַלערישן ציטער אַרום עסטיש מיט די גוטע מאַניערן פון די אַריסטאָקראַטן אין אַטהאַן, און זיך געפרעגט: ווען האָב איך עס פאַרלוירן אָט די אייגנשאַפט?

עפּעס האָט זיך אין מיר געענומען בונטעווען. אַנשטאָט צו ניצן מײַן רמזים־שפּראַך, צי וואָלט איך זיך ניט געקאָנט אָנגעמען מיט כּוח און מוט צו רעדן אָפענע דיבורים, אויסדריקן מײַן זאָרג וועגן אַ צוקונפט, וואָס האָט מיך אַ שלײַדער געטאָן פינף און דרײַסיק יאָר צוריק אין דער פאַרגאַנגענהייט

און געגעבן צו פילן אין מײַנע געלענקען, ווי אַ רעוומאַטיזם־וויטיק, דעם אָנקום פון שלעכטע צײַטן?

איך האָב געוואָלט מחיה־מתים זײַן דעם יונגן קנאָפּלאָך־מאַשיניסט וואָס איז געווען פּעיק צו אַנטדעקן אידעען און טאָן מעשׂים, וואָס זענען געווען בכּוח צו פאַרטרײַבן דעם ייִאוש און באַזיגן דעם טויט. כ׳האָב געוואָלט זאָגן די פאַרזאַמלטע, אַז אין גרונט גענומען איז דאָס נאַקעטע לעבן אַן אומ־אויפהערלעכער קאַמף בײַצושטיין נסיונות, אַ כּסדרדיקער פאַרמעסט איבער־צוקומען סכּנות, באַליידיקונג, לײַדן און וויטיק.

נייך, הונגער קאָן ניט ווערן אָפּגעשוואַכט דורך ברענגען פאַקטן און ציפערן וועגן אַן אָנקומענדיקן מאַנגל אין תּבֿואה.

יאָ, הינטער די פּראָבלעמען פון איבערבאַפעלקערונג, סביבה־פאַרפּעס־טיקונג, ענערגיע־מאַנגל און עקאָנאָמישן כאַאָס, באַהאַלטן זיך אַ האַרבע וואָר און טויט־סכּנות, וועלכע די קאָנווענציאָנעלע רעטאָריק רירט אַפילו ניט אָן.

יאָ, מוטערס, ייִדישע און ניט־ייִדישע, מוז מען וואָרענען, אַז נײַע קאַ־טאַקליזמען פון אַלע מינים קאָנען ווידער אײַנשלינגען זייערע זין און טעכטער.

נייך, מען טאָר ניט צעשטערן אָט די פאַרזאַמלונג פון געלערנטע, וואָס האָבן גוטע כּוונות. אָבער וואָס פאַר אַן אַנדערע אוידיטאָריע האָב איך געהאַט?

און אויב אַפילו איך וואָלט געקאָנט, און אויב אַפילו אַלע גוטע מענטשן וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט, וואָלטן געקאָנט געפינען אַ וועג צו דערהייבן אונדזער דיסקוסיע צו אַ הייך, אין וועלכער אונדזערע שטימען וועלן ווערן געהערט, צי וועט עס האָבן אַ ווירקונג? אַזוי פיל זאַכן זענען שלעכט אַוועק אין מערבֿ ווי אין מיזרח און אויף דער גאַנצער דריטער וועלט.

✶

כ׳האָב געטראַכט וועגן דער דערהייבונג וואָס אונדזערע דעמאָקראַטיעס האָבן דערגרייכט אין די פריִע 60ער יאָרן. און איצט? וואָס איז געשען מיטן אַמעריקאַנער זעלבסטצוטרוי? שווער געטראָפן דורך די אומנייטיקע יסורים פון וויעטנאַם און דער דראַמע פון די ערובניקעס אין איראַן, צעפרעסן דורך דעם אַראַבישן נאַפט־עמבאַרגאָ, געבראָכן דורכן פאַלן פון דאָלאַר — דעם פעלדז, אויף וועלכן די אַלע אַנדערע פלענער זענען געבויט געוואָרן.

צי געדענקט איר דעם גלויבן פון מערב־אייראָפּע אין זיך, אין דעם בשותפותדיקן מאַרק און אין אַטלאַנטישן בונד? געפאַלן ביי זיך צוליב די אַמעריקאַנער געשעענישן און צוליב אירע אייגענע נאַציאָנאַלע ריסערייען, צעשטערט דורך אינפלאַציע, אַרבעטלאָזיקייט און טעראָריזם — דערבראַכט צו אַן ערגערן מצב פון אַמעריקע.

און קאָמוניזם? די קאָמוניסטישע רעזשימען האָבן מיט דעם ענערגיע־קריזיס ניט געקאָנט אַ סך בעסער זיך אַן עצה געבן ווי די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

זיי אויך, אין רוסלאַנד, כינע, מיזרח־אייראָפּע — זענען געטראָפן געוואָרן דורך אינפלאַציע, עקאָנאָמישער צוריקגעשטאַנענקייט און דעם אָנווער פון צוטרוי אין דער סטאַבילקייט פון זייער סיסטעם.

און וואָס איז מיט די דערהייבענע דערוואַרטונגען פון די יונגע? אין איין מדינה נאָך דער אַנדערער האָבן זייערע אויפשטאַנדן קעגן דעספּאָטיזם בלויז אינסטאַלירט אַנדערע דעספּאָטן. די נעכט פון אונדזער יוגנט זענען געוואָרן באַאומרויִקט דורך דער שליטה פון טעראָר און ברוטאַלקייט: בייזע גייסטער, ווי וויעטנאַם, ערשט דאָ לעצטנס באַוווּנדערט ווי „אַ שטאָלץ און מוטיק קליין פאָלק וואָס קעמפט קעגן אימפּעריאַליזם און קאָלאָניאַליזם", איצט — אויפגעציטערט דורך אַ מיאוסן מיליטאַריזם; און די ריזיקע מענטש־לעכע טראַגעדיע אין קאַמבאָדיע, ווו רעשטלעך פון אַ פאָלק שטאַרבט פון הונגער און קראַנקייטן, בעת די וועלט, פונקט אַזוי ווי מיט קרוב צו פערציק יאָר צוריק, איז זי געשטאַנען אַנמאַכטיק און מיט פאַרלייגטע הענט.

אין מערב האָט זיך די יוגנט געלאָזן אויף גוואַלד־מעשׂים, אָדער איז אַריינגעפאַלן אין יִאוש, אָדער זיך געווענדט צו אַ ווולגאַרן קאַריעריזם, וואָס האָט נקמה גענומען אין זייערע אַלטע אידעאַלן. אין דער סאָוועטישער אימ־פּעריע איז די יוגנט געוואָרן אונטערדריקט מיט שאַרפע מיטלען פון אַן אַלטגעבאַקענער און אומפּראָדוקטיווער אידעאָלאָגישער אָרטאָדאָקסיע. אין דער „דריטער וועלט" איז די יוגנט געווען אָנמאַכטיק קעגן אַן אַלגעמיינער אַראָפּגידערונג צו טיראַניי, שטילשטאַנד און ריסערייען.

ביז צו אַ מדרגה וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכן אין מאָדערנע צייטן, איז געווען די נייגונג אין מערב זיך אַריינצולאָזן אין פּריוואַטע ענינים און

פּאַרוויילונגען. אַ צופעליקער אַרטיקל וועגן דער נוקלעאַרער וואָפן־פּראָ־בלעם אויף דער רעדאַקציע־זײַט פון „ניו־יאָרק טײַמס"; אַ צופעליקע טע־לעוויזיע דאָקומענטאַציע וועגן געגנטן פון דער וועלט, ווו די פּראָבלעם איז אַפילו ניט געווען קיין נאָפט נאָר דאָס עלעמענטאַרע פעלן פון ברענהאָלץ אויף אָנצוואַרעמען אַ נעבעכדיקן ווינאַרט אָדער אויף אָפּצוקאָכן אַ בישטיקן מאָלצײַט, ווו די פּראָבלעם איז ניט געווען אינפלאַציע, נאָר דאָס פעלן פון אַ גענוגנדיקער גערעטעניש אויסצומײַדן הונגער. אָבער פאַר דער מערהייט פון אונדז זענען די אַלע זאַכן געווען איבעריק צו קלערן וועגן זיי.

עמעצער האָט אויסגערעכנט, אַז מער ווי פופצן מיליאָן מענטשן גייען אויס פון הונגער יעדן יאָר. די השערות פאַר די קומענדיקע טעלעכע צענדליק יאָר זענען פילפאַכיק גרעסערע. און די גאַנצע צײַט האָבן די אינטעלעקטואַלן, איך בתוכם, אַרויסגעוויזן אויף קאָנפערענצן און סעמינאַרן אין די עלעגאַנטע גאַסטגעבערישע שטעט אויף דער גאַנצער וועלט אונדזער אומווירקעוודיקייט.



די געשעענישן פון די 70ער יאָרן זענען געווען גענוג צו צעשטערן די פאַלשע אילוזיעס פון דער אינדוסטריעלער וועלט. צוויי מענטשן האָבן געהאָט אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויף דער לבנה. די אויסערגעוויינטלעכע לעבנסקראַפט און שעפערישקייט פון אונדזער ציוויליזאַציע, די אומבאַגרענעצטע מעגלעכ־קייטן פון דער וויסנשאַפט און דער טעכנאָלאָגיע האָבן אונדז פאַרשיכּורט. פאַרן מערב־מענטש איז קיין זאַך ניט געווען אוממעגלעך. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט אונדז דער נאַפט־עמבאַרגאָ געגעבן אַ ביטערע לעקציע וועגן דער אָפּהענגיקייט פון אונדזער געצערטלטן אופן לעבן. ווען איך האָב געזען די אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיעס, ווי זיי קריכן אויף אַלע פיר פאַרן לעצטן טראָפּן נאַפט, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם פאַרצווייפלטן געראַנגל פון האַלב חסר־דעהדיקע מענטשן, וואָס האָבן געקעמפט איבער מײַן פלעשל וואַסער לעבן די בהמות־וואַגאָנען אין מײַדאַנעק, און ווי זיי האָבן זיך גע־שטעלט אויף די קני צו לעקן מיט זייערע אויסגעטריקנטע צינגער די פײַכטע ערד.

אין דער צײַט ווען עקאָנאָמיסטן און פּאָליטיקער האָבן אומעטום זיך

געריסן די האָר צוליב דעם אינדוסטריעלן ענערגיע־קריזיס, האָט קיינער, ווײַזט אויס, ניט געדענקט אַז דער גאַפּט־געברויך פון דער שטאָט ניו־יאָרק אַליין איז געווען מער ווי פון גאַנץ אינדיע, מיט אירע 700 מיליאָן מענטשן.

וועלכע מדינה, ווי מעכטיק זי זאָל ניט זײַן, קאָן האָפן צו שטיין אין אַ זײַט, אין אַ פולשטענדיקער אָפּגעזונדערטקייט פון די פּאַרמעסטן וואָס קומען פאָר אין דער וועלט? גאָר אַ סך גלאָבאַלע פּראָבלעמען פאָדערן אַן אײַליקע קאָלעקטיווע פּלאַנירונג און אַ בשותּפותדיקע אַקציע, כּדי זיי צו לייזן. אָבער די נאַציאָנאַלע אינטערעסן הערן ניט אויף אַרײַנצוטראָגן צע־שפּליטערונג, און די אַ מאָל באַרימטע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס ווײַזן כּסדר אַרויס זייער אימפּאָטענץ מיטן פעלן פון אַ בשותּפותדיקן פּאָליטישן ווילן.

איך בין אַדורך די ליסטע פון אויבן אַראָפּ:

די וועלט־קאָנפערענץ פון די פּאַראייניקטע פעלקער וועגן דער עקס־פּלאָזיע פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין בוקאַרעשט, האָט גאָרנישט ניט דערגרייכט. אַפילו ווען זיי זינקען אַלץ טיפער אין אָרעמקייט, גלייבן נאָך אַ סך פעלקער, אַז זייער כּבוד און כּוח איז אין פּראָפּאָרץ צו דער גרייס פון זייער באַפעלקערונג. די פּאָליטישע פירערס פון אַלזשיר גייען אַן מיטן לאָזונג: „נײַן מיליאָן אײַנוווינערס אין 1962; דרײַסיק מיליאָן — ביזן יאָר 2000". אויף דעם עראָדראָם פון באָמביי דערמאָנט אַ ריזיקער פּלאַקאַט דעם אויפגעציטערטן אָנגעקומענעם: „אַ באַפעלקערט פאָלק איז אַ שטאַרק פאָלק".

די וועלט־קאָנפערענץ וועגן עקאָלאָגיע, אײַנגעאָרדנט אין שטאָקהאָלם, — פּאַקטיש אַ טויטער אות. כּדי אויסצומײַדן דעם איבערגעטריבענעם פּרײַז פון נאַפּט, אײַלן מיר זיך בויען נוקלעאַרע אונטערנעמונגען, ניט געקוקט אויף דער אומגעהײַערער סכּנה פאַר דער סביבה. אַן ענערגיע־קריזיס וועלכן מיר פאַרשאַרפן דורך פאַרשווענדונג און לוקסוס, לאָזט אונדז ניט איבער קיין אַנדער ברירה. די עלעקטרע־איבעררײַסן וואָס האָבן געשאַפן אַ כאַאָס אין ניו־יאָרק, אין 1965 און 1977, זענען כּמעט טאָג־טעגלעכע דערשײַנונגען אין טעהעראַן און קאַיר. די פאַרקער־פאַרשטאָפּונגען וואָס שטעלן אָפּ אַלע אויטאָס אין טאָקיאָ אין די נאָכמיטאָג־שעהען, קומען פאָר, פּונקט אַזוי, אַ

פּאָר שעה פריִער אָדער שפּעטער אויף די אַלעען פון קאַסאַבלאַנקאַ און בוענאָס־אײַרעס.

וואַרשע איז אויסגעגלײַכט געוואָרן מיט דער ערד. הירָאָשימאַ איז פּאַר־טיליקט געוואָרן דורך דער אַטאָם־באָמבע. לאָנדאָן איז געוואָרן האַלב־צע־שטערט דורך לופט־באָמבאַרדירונגען. ראָטערדאַם, דרעזדן און בודאַפּעשט ליגן אין רויִנען. שטעט וועלכע מ׳וואָלט געקאָנט צוריקבררענגען צו באַקוועמע סאָציאַלע דימענסיעס, האָבן אַנשטאָט דעם זיך פאַרוואַנדלט אין פאַרזעענישן פון אַ ווילדער אויסשפּרייטונג, פאַרשטאָפּונג און פאַרפּעסטיקונג.

די וועלט־קאָנפערענץ וועגן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון אָרעמע לענדער וואָס איז פאָרגעקומען אין נײַראָבי — אַ הונדערט פײַערלעכע דרשות וועגן איבערגעבן פאַך־קענטענישן — האָט גאָרנישט ניט געגעבן. דער איינציקער האַנדל וועלכן ס׳איז כּדאַי צו דערמאָנען, און וואָס אַנטוויקלט זיך אין לענדער, איז דער אויסבײַט פון רוישטאָפּן אויף קריגס־עראָפּלאַנען, טאַנקען און מאַשין־געווער. הגם די פּאַרמל, אויף דער סקאַלע פון אַ מאָדער־נעם מאַרשאַל־פּלאַן, אַרויסצונעמען ריזיקע טיילן פון זייער באַפעלקערונג פון דחקות עקסיסטירט: די פאָרגעשריטענע טעכנאָלאָגיע פון אַמעריקע, מערב־אייראָפּע און יאַפּאַן; די קאָלאָסאַלע קאַפּיטאַל־מקורות פון די נאַפט רײַכע אַראַבישע מדינות; און די ריזיקע, הונגעריקע מערק פון דער „דריטער וועלט״.

די וועלט־קאָנפערענץ פאַר באַשפּייזונג, אין רוים, — אַ מיאוסער דורכ־פאַל. איר אָפּהילכנדיקע דערקלערונג, אַז אַרום 1985 וועט קיין קינד ניט גיין אין בעט אַרײַן הונגעריק, איז געווען אַ פּוסטער אָפּקלאַנג פון דער דעקלאַ־ראַציע פון פעלקערבונד מיט פופציק יאָר צוריק: „דאָס הונגעריקע קינד וועט באַקומען שפּײַז, דאָס קראַנקע קינד וועט באַקומען מעדיצינישע באַ־האַנדלונג״. צווישן אָט די צוויי געשעענישן זענען מער ווי אַ מיליאָן ייִדישע קינדער אומגעבראַכט געוואָרן אין די גאַזקאַמערן און אין די מעדיצינישע עקספּערימענט־באַראַקן, אַרײַנרעכענענדיק די שטאַרבנדיקע יוגנטלעכע, מיט וועלכע איך בין געווען אינטערנירט אין אוישוויץ, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן דורך אַ צינישער פאַרטיילונג פון ווײַסברויט און מילך. מיליאָנען אַנדערע קינדער שטאַרבן פון ניט־דערנערונג, יאָר נאָך יאָר, אין דער צײַט ווען

געזעצגעבונגען באַשטימען סובסידיעס פאַר פאַרמערס ווי אַן אָנרעגונג קעגן פאַרזיי פון צוגאָב־פעלד־פּראָדוקטן.

די וועלט־קאָנפערענץ וועגן ים־געזעץ, אין קאַראַקאַס, — אַן אומענדלעכע פלוידערײַ וועגן די אוצרות פון די אָקעאַנען, ווי די בשותּפותדיקע ירושה פון דער מענטשהייט. אַלע פאַרמעסטן צוצופּאַסן די קאָנקורירנדיקע אינטערעסן פון די, וואָס האָבן יאָ דעם נייטיקן קאַפּיטאַל און טעכנאָלאָגיע אויסצונוצן די רעסורסן פון די ימען, און פון די, וואָס האָבן ניט, האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל.

די „אַמאָקאָ קאַדיז" איז אַרויף אויף אַ זאַמדבאַנק לעבן ברעג פון „בריטאַניע" און האָט אַרײַנגעגאָסן 220,000 טאָן רויען נאַפט אין ים אַרײַן, באַשטעטיקנדיק אַזוי אַרום דעם מענטשנס פעיִקייט אויף אַן אומזיניקן אומברענג. די קומענדיקע נאַפט־מגפה וועט מסתמא קומען פון אַ 400,000 טאָן סופּער־טאַנקער, צי ווי אין דער קאַטאַסטראָפע פון ים־אויסגאָס פון מעקסיקע, פון איינער פון די צוואַנציק טויזנט ברינעמער, בײַ די ים־ברעגן, וועלכע פונקציאָנירן איצט אויף דער גאַנצער וועלט. אויסער דער טויט־ברענגענדיקער פּראָבלעם פון פאַרפעסטיקונג, וואַרפן אַזעלכע קאַטאַסטראָפעס נאָך אַ מאָל אַ ליכט אויף דער לעגאַלער טאַקטיק, וואָס דערמעגלעכט שיף־מאַגנאַטן און נאַפט־געזעלשאַפטן צו אָפּערירן אָן קיין קאָנטראָל פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכער אינטערנאַציאָנאַלער אויטאָריטעט און אויסער יעדן ווירקעוודיקן סיסטעם פון אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ. אַ שיף מיט אַ ליבעַרישער פאָן, געהערנדיק צו אַ פּאַנאַמער געזעלשאַפט וועמענס בעל־הבית איז אַ ליכטנשטיינער פירמע, און וועמענס קאַפּיטאַל אָן בירגערשאַפט פירט דורך אַ דיסטאַנץ־קאָנטראָל פון אַ ביוראָ אין אַטען אָדער אָסלאָ, איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קיינעם.

*

די דורכפאַלן פון פּאָליטישער אָנפירונג, נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער, פּאַסן גוט צום מאָראַלישן באַנקראָט פון די „פאַראייניקטע פעלקער". די לעצטע באַשלוסן פון אונעסקאָ און די „פאַראייניקטע פעלקער", טאַדלענדיק ישׂראל, און מיט אַן אָנדײַט, אַז אַלע ייִדן זענען פאַשיסטן, זענען געוואָרן פאַר מיר אַ ביטערער סימבאָל פון אַ באַנקראָט און מער וויפל כ׳האָב

געקאָנט פאַרטראָגן. כ'האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצוזאָגן אין דער פראַגע אין גאַנג פון אַן עפנטלעכער דעבאַטע, אין פאַריז, מיט דעם הויפּט־דירעקטאָר פון אונעסקאָ, אַמאַדו אַמבאַו, פון סענעגאַל, און דעם פּרעמיער־מיניסטער פון לוקסעמבורג, גאַסטאָן טאָרן, וואָס איז דעמאָלט געווען דער פּרעזידענט פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די „פאַראייניקטע פעלקער" און איז איצט דער נײַ־אויסגעוויילטער פּרעזידענט פון דער אייראָפּעיִשער קאָמיסיע. צוויי צענדליק יאָר נאָך מײַן רעזיגנאַציע פון אָט די אָרגאַניזאַציעס, בין איך געווען דערשטוינט פון דער האַרבקייט פון מײַנע אייגענע ווערטער (הגם מײַנע פּײַלן זענען געווען געצילט, פאַרשטייט זיך, ניט אין די צוויי מענטשן פּערזענלעך, נאָר אין די אָמטן וועלכע זיי האָבן צו יענער צײַט פאַרנומען.)

„איר, הער הויפּט־דירעקטאָר, בין איך זיכער, קאָנט ניט זײַן שטאָלץ מיט דער דעמאַגאָגיע, וואָס האָט לעצטנס געפּעלשט די נאָבעלע צילן פון אײַער אָרגאַניזאַציע אויף די געביטן פון דערציִונג, וויסנשאַפט און קולטור. און איר, הער פּרעמיער־מיניסטער, האָט ניט געקאָנט פירן דעם פאָרזיץ מיט פרייד, אין דעם בין איך פּונקט אַזוי זיכער, אויף דער סקאַנדאַליעזער פּײַערלעכער פאַרזאַמלונג פון די ,פאַראייניקטע פעלקער'."

די געשיכטע וועט דערווײַזן, אַז אין אַ צײַט ווען די וועלט איז געווען באַדראָט פון הונגער, פאַרפּעסטיקונג, אָרעמקייט און אַ פאַרשנעלערטן וואָפן־געיעג, איז דער איינציקער באַשלוס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער פּײַערלעכער פאַרזאַמלונג פון די „פאַראייניקטע פעלקער", געווען אַ שענד־לעכער, פּחדנותדיקער בילבול אויפן ייִדישן פאָלק.

די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס וואָס זענען געווען דער ברענפּונקט פון מײַן פּראָפעסיאָנעלן לעבן ווי אַ יונגער אַדוואָקאַט, האָבן מיך געשטעמפּלט ווי אַ ראַסיסט, אין איינעם מיטן פאָלק וואָס האָט געליטן פון דעם ראַסיזם מער ווי יעדער אַנדער פאָלק אין דער וועלט־געשיכטע.

אָט די ברוטאַלע אויפטרייסלונג, קומענדיק אין די פוסטריט פון געמיינע פּסעוודאָ־געלערנטע פּרוּוון באַשטעטיקן די טעזע, אַז דער חורבן איז גאָר קיין מאָל ניט פאָרגעקומען, אַז ער איז ניט מער ווי אַ ריזיקער שווינדל, פּונקט ווי מײַן מאַמע, מײַן טאַטע, מײַן שוועסטער, מײַנע שול־חברים וואָלטן

גאָר קיין מאָל ניט עקסיסטירט, — האָט מיך באַוויגן ווידער צו זוכן דעם זינען פון מײַן בלײַבן לעבן. ס'איז געווען אַלץ שווערער און שווערער צו פאַרטרײַבן דעם טרויעריקן, דעם פּײַניקנדיקן געדאַנק, אַז ניט געקוקט אויף מײַן אַנטיפּאַטיע צום נאַציאָנאַליזם, האָב איך קיין רעכט ניט געהאַט זיך אָפּצוגעבן מיט אַנדערע אינטערעסן, אין אַ צײַט פון אַ וואַקסנדיקער סכּנה פאַר מײַן פאָלק; כ'האָב ניט געטאָרט זיך פאַרנעמען מיט אוניווערסאַלע פּראָבלעמען; און איצט איז אפשר דער איינציקער אויספיר וועלכן כ'מעג מאַכן אויפן סמך פון מײַן פּערזענלעכן נסיון, אַז מיר מוזן זײַן באַוואָפנט. און אפשר איז טאַקע נאָך אַלעמען ניטאָ קיין וועג צו אַנטלויפן פון דער מענטאַליטעט פון די געטאָס און לאַגערן. אפשר האָב איך אויך געדאַרפט דערשטיקן אין זיך אַלע אָנשטרענגונגען פון געדאַנק, עקספּערימענטאַציע און באַנײַונג, און צוריקציִען זיך אַזוי ווי די, וואָס שרײַען „הײַל היטלער", „זאָל לעבן סטאַלין", אָדער „אַללאַה אַכבאַר", צו די פונדאַמענטאַלע דאָגמעס פונעם גלויבן פון מײַנע אָבות, אויב מיר זאָרגן אַליין ניט פאַר זיך, ווער וועט פאַר אונדז זאָרגן?

די רוימישע קירך? זי איז באמת אַ פּילנאַציאָנאַלע קראַפט. אָבער צי איז זי ניט געשטרויכלט געוואָרן, בעת זי האָט ניט אויסגעניצט איר גײַסטיקע אויטאָריטעט אויף צו אינפילטרירן אַ טראָפּן פון מאָראַלישער סאָלידאַריטעט, וואָס איז נייטיק געווען פאַר אַ ווירקעוודיקער גלאָבאַלער אַקציע? אירע דיפּלאָמאַטיש אויסגעדריקטע קול־קוראס וועגן ברענענדיקע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען זענען געווען טויטע אותיות, ווי דער עלעגאַנטער לאַטײַן אין וועלכן זיין זענען געשריבן געוואָרן.

אין לויף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער פּויפּס פּיוס דער 12טער געהאַט אַ מאָראַלישן חוב, לויט די געבאָטן פון זײַן אייגענעם גלויבן, צו לאָזן הערן זײַן שטים דורך דער מעכטיקער ראַדיאָ־סטאַנציע פון וואַטיקאַן קעגן דער נאַצי־פאַרטיליקונג פון די אייראָפּעיִשע ייִדן. ווי דער אַפּאָסטאָלישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין האָט ער געוווּסט דעם אמת, איידער ווײַסער רויך פון קוימען פון דער סיסטין־קאַפּעלע האָט געמאָלדן וועגן זײַן אויסקלײַב צו זײַן גאָטס פאַרטרעטער אויף דער ערד.

ווו איז געווען דער פלאַמפײַערדיקער פּויפּסטלעכער קול־קורא, וואָס האָט

געקאָנט אַרויסרופן אַ קריזיס פון געוויסן בײַ די קאַטאָליקן פון דײַטשישן פאָלק און דער דײַטשישער אַרמיי?

זײַן הייליקייט איז געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט אַ פּאַרמעסט, וועלכן די געשיכטע רעזערווירט נאָר איין מאָל אין צוויי טויזנט יאָר — אַרויפנעמען דעם קרייץ אויף זײַן פּלייצע און לאָזן וויסן די געפּײַניקטע סקעלעטן הינטער די שטעכלדראָטן: „איך קום זיך אָנשליסן צו אײַך; מײַן אָרט אויף דער וועלט איז מיט אײַך". דעם פּאַרמעסט האָט ער ניט אָנגענומען, אָנהאַלטנדיק אַ טויב דיפּלאָמאַטיש שטילשווײַגן, דאָס שטילשווײַגן פון אַ גלײַכגילטיקן פּויפּס.

איצט קומט יאָהאַן־פּאַולוס דער צווייטער פון אַ לאַנד, אויף וועמענס לעבעדיקן קערפּער איז געמאַכט געוואָרן די וווּנד פון אוישוויץ. ער איז געבוירן און אויפגעוואַקסן אין דער נאָענט פון אָט דער וווּנד, און זײַן פאַרנעמען דעם טראָן פון הייליקן פּעטרוס איז ניט געווען אָן אַ שײַכות צו זײַן אָפּשטאַם. אַז ער האָט געפילט די וואָג פון דער שײַכות, איז געוואָרן קלאָר, ווען ער האָט אויסגעקליבן די ירושה פון אוישוויץ פאַר דער טעמע פון זײַן עפענונג־רעדע אין די „פאַראייניקטע פעלקער", אין ניו־יאָרק, און ווען ער האָט געפירט די ריזיקע מאַסן בעת זײַן עולה רגל זײַן צום אָרט פון טויטלאַגער אין 1979, אָנרופנדיק עס די גאָלגאָטאַ פון דער מאָדערנער וועלט.

איך געהער ניט צו זײַן עדה, אָבער וויסנדיק וואָס ער האָט געזען און געפילט אין זײַן יוגנט, אויב אַפילו פון דער אַנדערער זײַט פון די שטעכל־דראָטן, גיט עס מיר די האָפענונג, אַז ער וועט האָבן דעם מאָראַלישן מוט, און ניט נאָר די דיפּלאָמאַטישע געשיקטקייט, צו העלפן אַנטוויקלען אַ נײַעם גלאָבאַלן געוויסן אין אַ וועלט, וואָס גליטשט זיך אין דער ריכטונג פון אַ קאַטאַסטראָפע.

*

אין משך פון הונדערטער יאָרן האָט דער מערבֿ באַהערשט אַ פּאַסיווע וועלט כּמעט אָן אַ שיעור פון שולדגעפיל. די טעג פון חסד זענען אויס צו זײַן געענדיקט. קאָמוניזם, איסלאַם און אַ שטורמישע „דריטע וועלט" וואַרפן אָפּ די מערבֿ־ציוויליזאַציע ווי די ירושה פון דעם רײַכן.

די הויכע מאָראַלישע ווערטן וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן ווי זעלבסט־

פאַרשטענדלעך אין דער פאַרהעלטענישמעסיקער באַקוועמלעכקייט פון דער לעצטער תקופה און זענען פאַרגעלייגט געוואָרן ווי אַ מאָדעל פאַר מער „צוריקגעשטאַנענע" געזעלשאַפטן, זענען געווען פּראָדוקטן פון קורצזיכטיקייט. אין אַ סביבה וווּ מענטשן אָן אַ צאָל זענען נאָך אַלץ באַראַבעוועט פון רעכט אויף אַרבעט, רעכט אויף געזונט, רעכט אויף דערציִונג און אַפילו רעכט אויף שפּײַז, האָבן ניט די דאָזיקע ווערטן די זעלבע פּריאָריטעט. די, וועמען עס פעלן די פונדאַמענטאַלע לעבנס־באַדערפענישן, זענען גרייט אויפצוגעבן זייער פרײַהייט און זייערע ציווילע רעכט פאַר אַ ביסן ברויט, אויב דאָס וועט זיי העלפן צו פאַרלענגערן זייער נישטיקע עקסיסטענץ אויף נאָך איין טאָג. דאָס איז דער נאַקעטער אמת וועלכן כ'האָב געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן.

מיליאָנען וואָס האָבן גאָרנישט, הונגעריקע, אויפגערעגטע, באַוואָפנטע, געטריבן דורך אַ נאַציאָנאַליסטישן אָדער רעליגיעזן פאַנאַטיזם און אונטערשטיצט דורך נײַע צענטערס פון פינאַנסיעלער און פּאָליטישער קראַפט, פּראָקלאַמירן זייער סוווערעניטעט איבער די נאַטירלעכע אוצרות פון זייער ערד און פאָדערן אָן אָרט אונטער דער זון. זיי ציטערן אויף, הייבן אָן צו לערנען, הייבן אָן צו דערפינדן, צו בויען און צו ענדערן אַלע אונדזערע ביז איצטיקע באַגריפן וועגן דעם, וואָס מיר זאָלן קלערן און ווי מיר זאָלן רעאַגירן. מיר, מענטשן פון דער פּראָגרעסיווער מערב־וועלט, האָבן קוים אָנגעהויבן צו באַגרײַפן די משמעות פון דעם אַלעמען. אויב אונדזערע עקאָנאָמיעס זאָלן ווײַטער זיך באַוועגן אויפן פריִערדיקן טראַקט, זענען זיי אויסגעשטעלט אַראָפּצוזינקען איינע נאָך דער צווייטער.

אַ סך אינדוסטריעס הייבן שוין אָן אויסצוּוואַנדערן פון אייראָפּע, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַרבעטלאָזע. פאַרשטייט זיך, אַז די אינדוסטריעס זוכן ערטער וווּ עס זענען דאָ אַ סך רוי־מאַטעריאַלן, וווּ אַרבעטקראַפט איז ביליקער און מער דיסציפּלינירט, וווּ אינוועסטיציע־קאַפּיטאַל איז לײַכטער צו באַקומען און וווּ דער פּאָליטישער קלימאַט איז מער סטאַביליזירט און גינציקער. אונטער אַ דרוק צו באַלאַנסירן זייערע חשבונות פון אויסלענדישן האַנדל וועלן די אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיעס פאַרקויפן גאַנצע פאַבריקן יעדן קויפער, וואָס וועט קאָנען פאַר זיי באַצאָלן מיט מזומן אָדער מיט רוי־מאַטעריאַלן. די

פאַבריקן ווילן פּראָדוצירן אַרטיקלען, וועלכע מיר האָבן געוויינטלעך עקס־פּאָרטירט. מיט דער צײַט וועלן זיי פאַרפלייצן אונדזערע מערק מיט זייערע, אַ סך ביליקערע אויסאַרבעטונגען. אָט די אַליין־אומברענגונג פון אונדזער אינדוסטריעלערווירטשאַפט איז עפּעס אַזוינס, וואָס מיר קאָנען ניט אויס־מײַדן. ווײַל אויב איין מדינה זאָל זיך אָפּזאָגן צו פאַרקויפן, וועט עס אַן אַנדערע טאָן אויף איר אָרט, מיט דער האָפענונג צו פאַרקלענערן די אַרבעט־לאָזיקייט, אויב אַפילו צוליב דעם זאָל איר צוקונפט ווערן פאַרמשכּונט.

די כאַאָטישע כּוחות וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער אינטער־נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע, האָבן באַקומען אַ מעכטיקע אָנרעגונג אין דער אומסטאַבילקייט פון די וואַלוטעס. הונדערטער מיליאַרדן פון אייראָ־דאָלאַרן, פּעטראָ־דאָלאַרן און אַנדערע עקזאָטישע איינהייטן פון חשבונות פאַרפלייצן די וועלט אָן קיין השגחה אָדער קאָנטראָל. די עיקרדיקע אַראַבישע נאַפט־פּראָדוצענטן, וועלכע קאָנען ניט געפינען קיין זיכערע לאַנג־טערמיניקע אינ־וועסטיציעס, זענען אַלץ מער גענייגט צו האַלטן זייער פאַרמעגן — די טרײַב־קראַפט פון אונדזערע אינדוסטריעס — אין דער ערד. זיי פילן, און דאָס איז פאַרשטענדלעך, אַז זייערע קינדער וועלן זיי ניט מוחל זײַן פאַרן פאַרוואַנדלען זייער פאַרמעגן אין ווערטלאָזע פּאַפּיר־וואַלוטעס, ווי די ווערטלאָזע מיליאָנען וועלכע כ׳האָב געזען אויף מײַן טאַטנס קאָרטן־טישל אין פאַרמלחמהדיקן ביאַליסטאָק.

אָט די וואַלוטעס ווערן מאַניפּולירט לויט דער ריי דורך אַ נײַער ראַסע ספּעקולאַטאָרן, וועמענס מאָטיוון זענען זייער צווייפלדיקע. זיי זענען אין גרעסטן טייל דירעקטאָרן וואָס מוזן פאַרויסזען די וואַקלענישן פון געלט־מאַרק, ביז צום באַרבאַרישן איבערבלײַב פון זוכן אַ רעטונג אין גאָלד, כּדי צו באַלאַנסירן זייערע געשעפטן, אַניט קאָנען אויפטרייסלענדיקע אַבידות ברענגען זייערע אונטערנעמונגען צו ליקווידאַציע.

די וואַקסנדיקע חובות פון די זיך אַנטוויקלענדיקע מדינות דערגרייכן אויך צו אַלאַרמירנדיקע פּראָפּאָרצן. אויב געוויסע פון אָט די מדינות זאָלן עפנטלעך דערקלערן, אַז זיי קאָנען מער ניט דעקן זייערע חובות, אַ פאַקט וואָס איז שוין אין אַ סך פאַלן געשען, וועט די גאַנצע מערבדיקע באַנק־סיסטעם זײַן אין דער סכּנה פון צוזאַמענבראָך.

ס׳איז ניט ריכטיק, ווי אַנדערע טענהן, אַז די נײַע אינדוסטריאַליזירטע געגנטן אין דער וועלט, מיט זייער מאַסיווער באַפעלקערונג, זענען אַנגאַזשירט אין אַן עקאָנאָמישן אַנגריף אויף די ביז איצט פּראָספּערירנדיקע פעלקער. די וועלכע זאָגן אַזוי, האָבן ניט געזען די אמתע פּראָבלעמען און האָבן דערפאַר ניט קיין מעגלעכקייט זיי בײַצוקומען. דער „אַנגריף״ פון אַזעלכע מדינות איז ניט מער ווי אַ קאָנקורענץ־פּאַרמעסט, אויסגעפירט לויט די געזעצן פון אַ שפּיל וואָס מיר האָבן אַליין באַשטימט; ס׳איז נאָר דאָס וואָס די הײַנטיקע „אַנגרײַפערס״ זענען בעסער אין דער שפּיל, ווי מיר זענען.

דאָס מאָל וועלן די אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיעס ניט קאָנען זיך צוריקציִען הינטער שיצנדיקע טאַריף־ווענט, ווײַל דער נאַקעטער אמת איז, אַז זיי דאַרפן דעם וועלטמאַרק מער, ווי דער וועלטמאַרק דאַרף זיי. צו פאַרגעסן אַז די פאַרדינסטן פון אונדזער איבערפלוס־עקספּאָרט דערמעגלעכן אונדז אויפצוהאַלטן אַרבעט־פּלעצער, וועלכע וואָלטן אין אַנדערע אומשטאַנדן פאַרשוווּנדן, איז אַלץ איינס ווי זיך צוגרייטן אויף כאַראַקירי.

די איינציקע ריכטיקע פאַרטיידיקונג קעגן דער וואַקסנדיקער קאָנקורענץ פון אַנדערע קאָנטינענטן איז אַ באַשטענדיקער פּראָצעס פון צופּאַסונג און דערפינדערישקייט. אויף דער עקאָנאָמישער פלאַך פאָדערט עס אַ כסדרדיקע באַנײַונג פון אונדזערע וויסנשאַפט־באַזירטע אינדוסטריעס, אַ ראַציאָנאַליזירונג פון די סיסטעמען פון אונדזער אָנפירונג, פּראָדוקציע און אָפּזאַץ; מ׳דאַרף קומען צום אויספיר, אַז פון איצט אָן מוזן אונדזערע טעטיקייטן אַוועקגיין פון דער טראַדיציאָנעלער פיזישער אַרבעט און זיך קאָנצענטרירן אויף די באַמיִונגען, וואָס זענען אַ שעפערישע פרוכט פון געדאַנק. אויף דער פּאָליטישער פלאַך פאָדערט עס אַ געוויסע מאָס פון פאַראייניקונג פון אונדזערע געזעלשאַפטן, כּדי צו פאַרזיכערן אַ גערעכטערע פאַרטיילונג — פון עשירות וואָס וועט פאַרמינערט ווערן, אָבער אויך פון שפּאָרעוודיקייט וואָס וועט זיך פאַרשפּרייטן. אויף דער פּערזענלעכער פלאַך מיינט עס אַ גרייטקייט זיך צו באַגיין אָן געוויסע באַקוועמלעכקייטן, אַ גרייטקייט צו דערלויבן דעם נאַטירלעכן טערמאָסטאַט פון מענטשלעכן קערפּער צו קאָמפּענסירן — וואָס איז אַגב זײַן פונקציע — טעמפּעראַטורן אין הײַזער און ביוראָען וואָס וועלן זײַן עטלעכע גראַד נידעריקער אין ווינטער און העכער אין זומער, כּדי אויס־

צומיידן אָפּהענגיקייט פון אויסלענדישע צושטעלערס און אַ מעגלעכע קאַ־טאַסטראָפע אויפן לעבנס־וויכטיקן ענערגיע־פראָנט. אויף אַלע פלאַכן איז עס פאַרבונדן מיט אַ פעיִקייט צו דערזען צו דער צייט די סכנה, און מיט אַ ווילן צו טאָן עפּעס פאַר דעם און ניט נאָך דעם, ווי די פערל־האַרבאָרס פון דער געשיכטע קומען אויף אונדז.

✶

אונדזער אמתער שׂונא איז די אומפעיִקייט צו באַנעמען, אַז דאָס לעבן איז ניט קיין אומאויפהערלעכער יום־טוב, נאָר אַ כּסדרדיקער וויטיקדיקער און געפערלעכער געראַנגל פאַרן קיום. ס'איז די אומפעיִקייט פּטור צו ווערן פון די קאָנווענציאָנעלע השׂגות, וועלכע שטאַמען פון אַ וועלט וואָס עקסיס־טירט ניט מער. ס'איז די אומפעיִקייט צו אַנטוויקלען אַ בשותּפותדיקן ווילן צו פאַרנעמען זיך מיט אַ קנויל פּראָבלעמען, וועלכע זענען גלייכצייטיק לאָקאַלע און גלאָבאַלע און וועלכע גייען אָן אַלע לענדער, כּמעט אָן אונטער־שייד. אָט דער שׂונא וועלכן כ'האָב דערקענט אין מיינע קינדער יאָרן, זיצט אין אונדז.

דער קיום — דאָס איז דער געראַנגל אויפן עקאָנאָמישן געביט, ווו קיין זאַך קאָן מען מער ניט דערגרייכן מיטן כּוח פון געווער. אָפּזאָגנדיק די ניי אויפגעקומענע מדינות אויף אַנדערע קאָנטינענטן אַ יושרדיקע פאַרטיילונג פון די אוצרות פון דער וועלט, פאַרוואַנדלען מיר זיי אין אַ פיינדלעכן און געפערלעכן המון. דער איינציקער אויסוועג איז אַרונטערפאַלן אונטער זייער הערשונג, אָדער זיי ליקווידירן, אפשר לויט די מעטאָדן, איינגעפירטע דורך היטלערן.

עס זענען נאָך אַלץ דאָ אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז דאָס האָבן רוזוועלט און טשערטשיל אונטערגעגראָבן די מערב־וועלט. פאַרטיליקנדיק דעם דריטן רייך מיט זיין אידעאָלאָגיע פון אַרישער העכערקייט, האָבן זיי געבראַכט אויף דער ווייסער ראַסע אַלע אומגליקן פון דעקאָלאָניזאַציע. אַנדערע האַלטן, אַז שלום איז ניט שטענדיק דער אידעאַלער מצב און אַז די געשיכטע פון דער וועלט איז געווען און מוז ווייטער זיין אַ געשיכטע פון מלחמות. די וועלכע גייען אָן מיט זייער גלויבן, אַז די מערבדיקע געזעלשאַפט, די אַזוי גערופענע העכסטע פאָרעם פון ציוויליזאַציע, איז געשיצט פון אַראָפּזינקען צו אַזאַ

מענטאַליטעט און מאָראַל, האָבן אַ קורצן זכּרון. ווען זיי טאַדלען די אַכזריות פֿון אידי אַמין דאָדאָ לגבי די ערובניקעס אין ענטעבע און דעם קיסר באָקאַ־סאַס שחיטה פֿון שולקינדער אין באַנגוי, ווי די נידעריקסטע פֿאָרעם פֿון באַרבאַריזם, שאַצן זיי מיט צוויי מאָסן. אין דער וועלט וואָס איך האָב געקענט, וואָלטן די צוויי מדינה־פֿירערס געקאָנט דערגיין בלויז צו ווערן דורכשניט־לעכע עס־עס־וועכטער אָדער קאַפּאָס, ניט מער. זייערע אידעען און מעשׂים האָבן וואָרצלען אין דער שטאָלצער געשיכטע פֿון אייראָפּע. די טויטלאַגערן זענען ניט געווען קיין שאַפֿונג פֿון עפּעס אַן אָפּגעשטאַנענעם שבט, וואָס איז סתּם משוגע געוואָרן. גראָד פֿאַרקערט, זיי זענען געווען אַן אויסגערעכנטע, קאַלטבלוטיקע אַנטדעקונג אין מיטן פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דורך איינע פֿון די קרוין־פּערל פֿון דער מערבֿדיקער קולטור, נאָך דעם ווי זי איז באַהערשט געוואָרן דורך גאַלאָפּירנדיקע און עקסטרעמע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע געשעענישן.

די זיך טרינקענדיקע דעמאָקראַטישע וועלט — מיט מערבֿ־אייראָפּע אויפֿן ערשטן אָרט — איז היינט באַדראָט פֿון זעלבן עקאָנאָמישן צוזאַמענ־בראָך, וואָס האָט מיט פֿינף צענדליק יאָר צוריק צעשטערט די דייטשישע ווײַמאַר־רעפּובליק אונטערן קלאַנג פֿון די שטיוול אין נאַצישן גענדזן־מאַרש. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן די נאַציס די אַלע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס האָבן צעפּרעסן די פֿרײַע מדינות פֿון אינעווייניק, געלייזט דורך באַוואָ־פֿענונג, מאָביליזאַציע, דעפּאָרטאַציע פֿון קעגנערס אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן און צום סוף — די מאַסן־פֿאַרטיליקונג פֿון מענטשן־לעבנס.

אָט די סכּנות, און אויך די ניט ווייניקער קלאָרע סכּנה מצד אַ מעכטיקער סאָוועטישער אַרמיי, מוזן מיר באַזײַטיקן פֿאַר יעדן פּרײַז.

*

דאָס ערשטע מאָל לעבן מיר אין אַן עפּאָכע, ווען די קריזיסן זענען צו גרויס אין צאָל, מען זאָל זיי קאָנען ציילן, און ווען עס עקסיסטירן די מיטלען צו פֿאַרטיליקן דעם גאַנצן פּלאַנעט. ס'איז אָבער ניט דאָס ערשטע מאָל, ווי די מענטשהייט איז גערופֿן געוואָרן זיך אַנטקעגנצושטעלן די כּוחות פֿון דאָס אומבאַוווּסטע און פֿונעם אַבסורד. אויב דער מענטש האָט איבער־

געלעבט ביז איצט, איז עס נאָר אַ דאַנק זײַן אינטעליגענץ, זײַן מוט און זײַן אָנשטרענג.

דער ערשטער תּנאַי פון איבערלעבן אין אָנבליק פון אַ טויט־סכּנה איז קלאָרקייט פון געדאַנק. כּדי אויסצומײַדן אַ חורבן אין וועלט־מאַשטאַב, איז דרינגענדיק נייטיק אַ באַוווסטזײַן, אַז די מענטשהייט איז אַרײַן אין אַ נײַער היסטאָרישער פּאַזע — די בשותּפותדיקע סכּנה קעגן וועלכער זי שטייט פון איצט אָן און אויף ווײַטער, פאַרטונקלט די אונטערשיידן וואָס צעטיילן זי נאָך; דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם, רעליגיעזער פאַנאַטיזם, ראַסן־פאַר־אורטייל און אידעאָלאָגישע דאָגמעס, וועלכע דערבּרענגען דעם מענטש צו קעמפן קעגן דעם מענטש און באַראַבעווען אים פון זײַן פעיִקייט אָנצונעמען דעם פאַרמעסט פון קאַמף פאַרן קיום.

מײַן לעבנס־נסיון — אי פערזענלעך, אי פּראָפעסיאָנעל — זאָגט מיר, אַז קאָנסטרוקטיוו קאָן גאָרניט ווערן אונטערגענומען אויף אַ גלאָבאַלער פלאַך, אויב מען געפינט ניט קיין מיטל צו באַזײַטיקן די פונדאַמענטאַלע און ניט־געמינערטע פײַנדשאַפט צווישן די אַזוי גערופענע „טראַדיציאָנעלע שׂונאים", אָנהייבנדיק מיט מיזרח און מערב, אַ פײַנדשאַפט, וועלכע פאַרשאַרפט שפּאַ־נונגען אומעטום און וואַרפט אונדז אַרײַן אַלץ טיפער אין אַ קעסלגרוב פון אַ באַוואָפנטער קאָנפראָנטאַציע, פּאָליטישן טעראָריזם, סאָציאַלער אַנאַרכיע און עקאָנאָמישער מלחמה מיט די טעכנאָלאָגישע סאָרטן פון נײַעם וואָפן: נאַפט, תּבואה, טעכנאָלאָגיע און געלט.

די קעגנזײַטיקע פּאָלוסן פונעם גערעַנגל — אַמעריקע און רוסלאַנד — האָבן אַ קענטיקע שרעק, פון וועלכער דער צווייטער צד קאָן באַפרײַען, האָבן באַדערפעניש, וועלכע דער צווייטער קאָן באַפרידיקן. יעדער איינער פון זיי שטייט אין גלאָבאַלע סכּנות, וועלכע ער קאָן ניט איינער אַליין בײַקומען אָדער קאָנטראָלירן. ביידע זענען פאַראַליזירט דורך טײַערע און אימפּאָטענטע געאָפּאָליטישע מלחמה־שפּילן — זיי האָבן באַוויזן אײַנצושטעלן אַן אומ־זיכערע כּוחות־עקוויוואַלענץ, וואָס ווערט גיך פאַרוואַנדלט אין אַן עקווי־וואַלענץ פון שוואַכקייט — אין דער צײַט ווען דער רעשט פון דער וועלט צעפאַלט זיך אין אַ טומלדיקן, הפקרדיקן פאַרמעסט פון כאַפּן וואָס עס לאָזט זיך.

ניט געקוקט אויף דער גיגאַנטישער מיליטערישער מאַכט, איז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד דורכגעלעכערט פון שוואַכקייטן: דער אומרו פון די צאָל־רײַכע עטנישע גרופּעס, די אומבאַגלייבטקייט אין זײַנע מיזרח־אייראָפּעיִשע פאַרבינדעטע, די אויסגעשטעלטקייט פון דער ניט־באַפעלקערטער סיבירער זײַט צו כינע, דער מאַוימדיקער דורכפאַל פון זײַן אַגריקולטור, די אָפּגעשטאַנענקייט פון זײַן ניט־מיליטערישער אינדוסטריע און טעכנאָלאָגיע, די פאַרביטערונג פון זײַנע קאָנסומענטן, דער אומרו פון זײַנע אינטעלעקטואַלן, די שווערע האַנט פון זײַן ביוראָקראַטיע וועלכע דערשטיקט אומעטום יעדע שאַפערישקייט, און צום סוף — דער רוב פון זײַנע ענערגיעס איז קאָנאַליזירט פאַר איין סטערילן צוועק: קעגנשטעלן זיך אַמעריקע אין נאָמען פון אַ גוססער אידעאָלאָגיע.

די טראַגעדיע דערפון, ווי אַזוי אַמעריקע — די הערשנדיקע מיליטעריש און עקאָנאָמישע מאַכט פון דעם יאָרהונדערט — איז געוואָרן דערבראַכט צו אַ פאַקטישער אימפּאָטענץ אין משך פון צוויי צענדליק יאָר, איז נאָך שווערער צו באַגרײַפן. כ'געדענק, ווי איך בין געשטאַנען אַנטקעגן דעם קאַפּיטאָל, אין אַ ווינטערדיקן טאָג פון יאַנואַר 1961, און זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון דזשאָן פ. קענעדיס עפענונג־רעדע, און בין געווען באַהערשט פון טויזנטער עמאָציעס, פול מיט טויזנטער האָפענונגען. דאָ איז געשטאַנען אַ יונגער און קרעפטיקער נײַער פירער, אַ סימבאָל פון אַן אויפשטײַגנדיקן דור, וואָס וועט באַזײַטיקן די אַלטע גוואַרדיע אין איינעם מיט אירע „טאַבוס״, איינער וואָס וועט דערמוטיקן נײַע ענערגיעס און טאַלאַנטן. דאָ איז געווען אַן אַמעריקע, וועמענס גרויסקייט ליגט אין איר אייגנדיקער פעיִקייט אויסצוגעפינען און זיך צופּאַסן צו ענדערונגען. אָט דער ווײַטער און דערהויבענער סימבאָל פון קראַפט און גערעכטיקייט, וואָס וועט קאָנען געבן יעדן יחיד דאָס געפיל, אַז ער איז פּערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זײַן גורל און פאַרן גורל פון זײַן לאַנד. אָט די אַמעריקע האָט אויסגעזען צו זײַן אומבאַרירט. דעמאָלט האָבן פאַר מײַנע דערשטוינטע אויגן זיך אַנטפּלעקט די אַוואַנטורע פון „ים־אויסגוס פון חזירים״, דער זומפּיקער באָדן אין אינדאָ־כינע און דער פאַרעקשנטער ביוראָקראַטישער ווידערשטאַנד צו יעדער באַנײַטער פּאָליטיק. דער טראַגישער מאָרד האָט ניט געלאָזט קיין צײַט צו פאַרריכטן דעם

טראַקט. און ס׳איז אַרויף אַ נײַע ריי פון פּרעזידענטן וואָס האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון אימפּעראַטאָרן, אין דער צײַט ווען דאָס פאָלק האָט זיך געניײיטיקט אין פאַסטעכער.

*

ווען די סכּנות אויף דער פרײַער וועלט האָבן שווער געדריקט אויף מײַן האַרץ און מוח, האָט מײַן פערזענלעכער אינסטינקט פאַר איבערלעבן, וואָס האָט מיר אַזוי גוט געדינט אין עבר, ווידער זיך אויפגעוועקט. בלוט און האָפענונג, האָב איך געטראַכט.

און געווי אין זעלבן מאָמענט איז אַ גרויסער טייל פון מיר, פון מײַן עבר — פאַרשווונדן אויף אייביק.

בענעק איז ניטאָ מער...

ווען יהודית האָט מיר אָנגעטעלעפאָנירט אין מײַן ניו־יאָרקער ביוראָ, זיך פאַרהיקענדיק בײַ די ווערטער, וועגן אַ טעלעפאָנישער ידיעה פון מעלבורן, אַז עפּעס אומפאַרמײַדלעכס האָט פּאַסירט, האָט זי מיך צוגעגרייט צום קלאַפּ, ווײַל זי האָט געוווּסט, אַז ער איז געווען דער לעצטער.

דער געדאַנק, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועל איך שטאַרבן, האָט מיך געלאָזן גאַנץ גלײַכגילטיק. צו לאַנג בין איך געווען אין ענגן קאָנטאַקט מיטן טויט, אַז איך זאָל פאַר אים מורא האָבן. וואָס כ׳האָב קיין מאָל ניט געקאָנט נעמען אָן גרויל איז דאָס אומברחמנותדיקע אָוועקגיין איינציקווײַז פון די וואָס זענען מיר געווען טײַער. מײַן באָבע איז צוגענומען געוואָרן אין אַ געוויסער נאַכט, מיט איר זון מעמל וואָס האָט ניט געוואָלט לאָזן זי אַליין שטאַרבן. מײַן טאַטע, אומבייגעוודיק אין זײַן באַשלוס אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם שׂונא ביזן סוף, האָט מיך געהאַט אַרומגענומען אין איין פרימאָרגן און איז קיין מאָל ניט צוריקגעקומען.

מײַן מאַמע, דריקנדיק די האַנט פון מײַן שוועסטערקע, איז אַוועק אויף אייביק אין דער ווײַטעניש.

מײַן פעטער נחמן איז געשטאַרבן רויִק אין מײַנע אָרעמס, איידער כ׳האָב געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַנײַען דעם אומגעלומפּערטן שמועס וועגן גורל פון אונדזער משפּחה, וועלכן מיר האָבן געהאַט אָנגעהויבן אין סינגאַפּור.

ניקאָ איז געוואָרן אַוועקגעריסן, ווי נאָר כ׳האָב אים צוריק אָפּגעפונען

נאָך אַ צעשיידונג פון צען לאַנגע יאָר. און איצט — בענעק, מײַן לעצטער ברודער, מײַן לעצטער וועגווײַזער; בענעק וואָס האָט זיך באַמיט מיך צוריק־צוברענגען צו זיך פון דער גרויסער, ברייטער וועלט פון הצלחה, ווען ער האָט אַרײַנגעשטעקט זײַן פינגער אין מײַן ברוסט און מיך געוואָרנט מיט אַ שטאַרקער אויטאָריטעט: „פאַרגעס ניט, אַז די פאַרגאַנגענהייט איז די וויכטיקסטע זאַך וואָס לעבט אין דיר."

בענעק, ווי ניקאָ, ווי נחמן, איז געשטאָרבן פון אַ שווערן האַרץ־אַטאַק אין עלטער פון אַכט און פערציק יאָר.

כ'האָב געכאַפּט דעם קומענדיקן עראָפּלאַן קיין מערב. זעקס און דרײַסיק פלי־שעהען. אָן אַ צאָל אָפּהאַלט־פּונקטן: אַטלאַנטאַ, סאַן־פראַנציסקאָ, האָנאָ־לולו, פידזשי, סידניי, מעלבורן. כ'האָב געוווּסט, אַז די נסיעה קיין אויסטראַליע האָט באַצייכנט נאָך אַ ווענדפּונקט אין מײַן לעבן, ווי די פון לאָנדאָן מיט דרײַסיק יאָר צוריק. דעמאָלט האָב איך זיך אָפּגעקערט פון לאַנדסבערג, פּאַריז און אייראָפּע, און געוואָרט, אַז בענעק און ניקאָ זאָלן נאָכקומען. דאָס מאָל איז דער קרײַז פאַרענדיקט. מיט זיי צוזאַמען האָב איך געהאַט געלערנט איבערצולעבן; איצט האָבן זיי נאָר איבערגעלעבט ווי זכרונות אין געדאַנק פון אַ מענטש, וואָס איז אַליין געווען כמעט אַכט און פערציק יאָר אַלט, אַ מענטש וואָס האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער האָט שוין געלעבט אַ טויזנט יאָר, און פון דעסטוועגן איז נאָך אַלץ געבליבן געמאַכט צו ווערן, אָדער וויניקסטנס צו ווערן געפּרובירט.

פון פליפלאַץ בין איך געפאָרן צום בית־עלמין. בעבקאָ, זײַן אַלמנה, מאַלי און פּאַול, זײַנע קינדער, האָבן געוואָרט, אַרומגערינגלט מיט פרײַנד און באַקאַנטע, וועלכע זענען געקומען קובר זײַן בענעקן, און וועלכע האָבן געוווּסט, אַז בענעק קאָן ניט קומען צו קבורה אָן מוליען.

געקוקט האָב איך אויף די פּנימער — אַלע אימיגראַנטן אָדער קינדער פון אימיגראַנטן, מערסטנס פון ביאַליסטאָק. מיט געדולד האָבן זיי אויפגעבויט פאַר זיך נײַע לעבנס אין אַ וואַרעמען לאַנד, וואָס האָט זיי שיין אויפגענומען. אין זייערע הערצער איז געווען דער אומדערטרעגלעכער ווייטיק פון זאָגן דעם לעצטן „שלום" צו אַ גערעאַטעוועטן, אַ גערעטעוועטער וואָס איז שוין געווען געשטאָרבן זעקס מיליאָן מאָל צוזאַמען מיט זײַנע ברידער און שוועס־

טער אין טרעבלינקע, אין מײַדאַנעק, אין אוישוויץ. אַ בונד פון בלוט האָט מיך פאַראייניקט מיט אים, דאָס בלוט פון חורבן, דאָס בלוט פון האָפענונג. ווען איך בין געווען הונגעריק, איז ער געווען הונגעריק. ווען מען האָט מיך געשלאָגן, האָט ער געפילט דעם ווייטיק אויף זײַן אייגענער הויט. בעת מיר האָבן זיך געראַטעוועט פון די תּלינים, זענען מיר געווען איינער לעבן צווייטן אונטערן האָגל פון קוילן. בעת מיר האָבן געגישטערט אין די רוינען פון אייראָפּע, איז עס געווען צוזאַמען. בעת מיר האָבן נאָך אַ מאָל אויסגעפונען, אויף דעם נײַעם קאָנטינענט, אַז לעבן האָט געהאַט אַ זינען, איז עס ווידער געווען צוזאַמען.

ווי אַזוי האָב איך געקאָנט גלייבן, אַז מיר זענען אומשטאַרביק — די פאַרקערפּערונג פון מענטש וואָס קומט ניט אום — און אַז אין אַ געוויסן טאָג, אין גוטן עלטער, וועלן מיר זיצן אין פאָטעלן אויף אַ שטילער וועראַנדע און ווידער דורכלעבן אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט זינט דעם טאָג, ווען מיר האָבן טיף אין גיהנום געפונען איינער דעם אַנדערן מיט אָפּגעראַזירטע קעפּ און אײַנגעזונקענע אויגן? איצט ווייס איך, אַז דאָס איז ניט געווען באַשערט.

כ׳בין געקומען פון דעם צווייטן עק וועלט אים ברענגען צו קבורה. און כ׳האָב געוואָרפן דעם ערשטן רידל ערד אויף זײַן קבר, בעת זײַן זון האָט געזאָגט קדיש, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איך באַגראָב אַ טייל פון זיך אַליין. דער טייל וואָס בלײַבט, איז דער, וואָס מיר איז געלאָזן געוואָרן עפּעס צו טאָן אויף דער וועלט. כ׳האָב נאָר אַ שטיקל באַגריף פון דעם וואָס דאָס קאָן זײַן, אָבער איך ווייס, אַז ס׳איז געבונדן מיט דער שליחות, מיט וועלכער מײַן מאַמע האָט מיר אָנגעטרויט, ווען זי האָט מיר געגעבן דאָס לעבן אַ צווייט מאָל פאַרן גיין שטאַרבן. איך ווייס, אַז דאָס איז געבונדן מיט דעם הייליקן באַפעל, וועלכן מיליאָנען קדושים האָבן געגעבן צו די ווייניקע וואָס האָבן איבערגעלעבט — קיין מאָל ניט מער!

דער דאָזיקער באַפעל לעבט הײַנט אין מיר. ס׳איז דער באַפעל צו טאָן וואָס איך קאָן אין דעם געראַנגל פאַר אַ נצחון פון האָפענונג איבער שׂינאה, פאַרטיליקונג און טויט, כּוחות וועלכע קאָנען ווידער, אויב מ׳גיט ניט אַכטונג, טרײַבן די מענטשהייט צו משוגעת.

צו דיר, בענעק, זאָג איך, אַז די האָפענונג וואָס האָט געטליִעט אין

אונדזער בלוט — דײַן האָפענונג — לעבט ווײַטער! ווי עס לעבט די האָפענונג פון די אַלע, וואָס צוליב דרך־ארץ פאַר פרײַהייט און לעבן, האָסן זיי אַלע קרייצפאָרערס, אַלע פאַנאַטיקערס, אַלע טיראַנען, אַלע פאַלשע פעסטונגען פון גלײַכגילט און מאַכט.

כ׳וועל אויסדריקן די האָפענונג צו דער וועלט. כ׳וועל איבערגעבן דאָס וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אויף אונדזער לײַב און אין אונדזערע נשמות! אונדזער צוואה — דײַנע, ניקאָס און מײַנע: אַז אַ מענטש קאָן אויפשטיין פון דעם אַש און שוועבן ווי אַ פעניקס, אויב ער האָט מוט ניט אַרײַנצופאַלן אין ייִאוש און זיך פאַרמעסטן מיט זײַן גורל. בענעק, איך וועל דיך צוריק־ברענגען צום לעבן, ווי דו האָסט מיך צוריקגעבראַכט אַזוי אָפט אין אונדזער עבר. כ׳וועל אָנצינדן אַ ליכט אין דער פינצטערניש!

כ׳קער זיך אום צו דער אַרבעט.

עפילאָג

# האָפענונג

זאָג מיר, זון, ווער וועט ענדערן דעם מענטש,
ווער וועט אים ראַטעווען פון זיך אַליין ?
זאָג מיר, זון, ווער וועט זיך אָננעמען פאַר אים ?
אלי וויזעל

אין אַ רויִקן זומערטאָג האָט מיך די געשיכטע אַרײַנגעצויגן אין אַ קעסל־גרוב פון האָמערישע דימענסיעס און מיך אַרויסגעוואָרפן, צעשטיקלט און צעבּרעקלט, ווײַט, זייער ווײַט פון מײַנע געבוירן־וואָרצלען. זינט דעמאָלט האָב איך געלעבט און זיך אַנטוויקלט אין פאַרשיידענע ערטער און פאַרשיידענע קולטורן. ווען איך טראַכט ווידער וועגן מײַן קינדהייט, וועגן דעם אַנאָנימען סקעלעט, אַ פאַרמישפּטן צו אַרבעטן ביז אויסשעפּונג און דערנאָך אומגעבראַכט ווערן, דאַכט זיך מיר צו מאָל, אַז מײַן קינדהייט געהערט צו אַן אַנדערן. קיינער פון די וואָס זעען מיך הײַנט, קאָן זיך ניט פאָרשטעלן מײַן עָבר. אַן אַדוואָקאַט, אַ שרײַבער, קאָנסולטאַנט פון רעגירונגען און געזעלשאַפטן — אויף מיר זענען ניט קענטיק קיין אויסערלעכע שראַמען, פיזישע צי פּסיכאָלאָגישע, פון דעם וואָס איך האָב דורכגעמאַכט. מײַן שטים איז געמאָסטן, מײַנע קאָסטיומען זענען גוט צוגעשניטן, און מײַנע מאַניערן שפּיגלען אָפּ אַ נאַטירלעכע לײַכטקייט און יִישוב־הדעת אין דער גוט באַזאָרגטער סביבה, אין וועלכער איך געפין זיך איצט.

דאָס איז אויפן אייבערפלאַך. טיף אין מיר איז דאָ ווייניק ענלעכקייט צו די, וואָס רינגלען מיך אַרום. דאָס וואָס כ׳האָב באַוויזן זיך אַרויסצודרייען פון די אַכזריותדיקע מאָנסטערס און די גרויליקע געשעענישן, וואָס האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען ווי איך, דאָס וואָס כ׳האָב זיך געדאַרפט פאַרמעסטן מיט פּײַן, הונגער, קראַנקייטן און מיטן טויט אַליין, האָט שטאַרק געווירקט אויף מײַן קוק אויף זאַכן און אויך פאַרלײַכטערט מײַן לעבן: עגמת־נפשן און קאָמפּליקאַציעס וואָס דריקן אַ סך פון מײַנע באַקאַנטע, זעען בײַ מיר אויס ווייניקער טראַגיש. ווען מײַן מאַמע האָט מיך אָפּגעשטויסן פון זיך צו אַ ברוטאַלער וועלט, האָפנדיק דערמיט מיר צו געבן אַ שאַנס צו בלײַבן לעבן, האָב איך עס מיט דער צײַט אויסגעטײַטשט ווי אַ הייליקע שליחות — אויסצולעבן מײַן אייגן לעבן און זיך באַמיִען צו געבן אַ זין די לעבנס פון די, וואָס זענען אַזוי אומברחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן.

נאָך דער מלחמה, אַפילו אין דער צײַט פון ערשטן פּרק פון אומגעצוימ־טער פרײַהייט צווישן די אַשן פון אייראָפּע, האָב איך געפילט, אַז מײַן העכסטער חוב איז צו דינען ווי אַ פלאַנץ פון אַ לעבעדיקן געוועב צווישן אַ משפחה, וואָס איז פּראַקטיש אָפּגעמעקט געוואָרן, און די נאָך לעבן געבלי־בענע צווײַגן, צעשפּרייטע איבער דער וועלט, צווײַגן וואָס האָבן אויסגע־שטרעקט צו מיר זייערע אָרעמס מיט ליבע און וואַרעמקייט, ווי אַ טייל פון אַ פּראָצעס פון באַנײַונג, וואָס האָט געהאָלפן מײַן פאָלק אויפצוהאַלטן זײַן קיום זינט די צײַטן פון משה רבנו.

ס'איז קיין ספק ניט געווען בנוגע דעם וועג, וועלכן איך האָב געדאַרפט גיין: דעם לאַנגן, שווערן וועג צום פיזישן און גײַסטיקן ווידערגעבורט. דאָס איז געווען דער איינציקער ענטפער, די אמתע נקמה, זאָל זײַן אַפילו נאָר פון איין מענטש, אינעם אָרגאַניזירטן מאַסנמאָרד.

כ'האָב קיין מאָל ניט געהאַט דעם קלענסטן ווונטש צו פאַרברענען די וועלט, אויס כּעס און פּראָטעסט איבער מײַן גורל, ווי אויך ניט צו יאָמערן עפּנטלעך אויף די טויטע. פאַרקערט, ווי איינער פון די ווייניקע וואָס האָט זיך געראַטעוועט, האָב איך געפילט אַ התחײַבות צו פאַרנעמען מײַן אָרט אין דער ציוויליזירטער מענטשלעכער געזעלשאַפט און בײַשטייערן וואָס איך קאָן פאַר גערעכטיקייט און שלום, כּדי די אַכזריותן פון וועלכע כ'בין געווען אַן עדות, זאָלן חלילה זיך ניט איבערחזרן אין אַ נײַער, ניט קיין פאַרויסגעזעענער פאָרעם.

דער שׂכל האָט דיקטירט, אַז ס'וועט זײַן גלײַכער ניט אויפצוּוועקן די יסורים און פּיין פון עָבר, ווען כ'האָב דערגרייכט די סאַטיספאַקציע פון אַ פול און שעפעריש לעבן. זינט יאָרן האָב איך זיך בײַ דעם געהאַלטן זאָגנדיק זיך, אַז כ'האָב באַקומען מײַן טייל פון גליק און זיכערקייט, ווי יעדער איינער, און אפשר אַפילו אַ ביסל מער.

ווען איך בין פאַרויסגעגאַנגען אין מײַנע שטודיעס, זיך פאַראינטערע־סירט מיט פילאָסאָפיע, מיט ליטעראַטור און קונסט און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דערצויגענעם און טראַכטנדיקן מענטש, האָב איך אַנגעהויבן גלייבן, אַז די טינט פון אַ געלערנטן לערנט מער ווי דאָס בלוט פון קדוש. ווען איך שרײַב דעם בוך, בין איך אין דעם ניט מער אַזוי זיכער.

הײַנט פיל איך, אַז די אינסטינקטן און די אינטויִציע פון אַ בענעק, אַ ניקאָ און אַ מוליאַ, דורכמאַכנדיק צוזאַמען דעם וועג פון דער קנעכטשאַפט פון אוישוויץ און דער נאָכמלחמהדיקער אַנאַרכיע פון לאַנדסבערג, גיבן אַ ווערטפולערן אַרײַנבליק אין דער איצטיקער וועלט, ווי די גאַנצע געלערנט־קייט פון דעם אויסגעקליגלטן, באַלאַנסירטן מאָדערנעם מענטש, וואָס איך בין געוואָרן — איך, דער לעבן־געבליבענער פון די לעבן־געבליבענע.



סתּם איבערדערציילן די אַכזריותדיקע געשעענישן פון מײַן יוגנט האָט קיין מאָל צו מיר ניט אַפּעלירט. איך גלייב אויך ניט אין דעם ווערט פון פּערזענלעכע זכרונות ווי אַ וועגווײַזער פאַר אַנדערע. אָבער ווען איך דערמאָן זיך אין די טעג, אין וועלכע אַ געמיש פון לאָזונגען און באָמבעס האָט צעשטערט מײַן גליקלעכע קינדהייט, ווען איך זע ווי די מענטשהייט לאָזט זיך ווידער אַרײַן אין אַ העסלעכן קאָלעקטיוון שגעון, פיל איך, אַז אָדער איך מוז ווערן אין גאַנצן שטום, אָדער איך מוז לאָזן וויסן דער וועלט מײַן דרינגענדיקע וואָרענונג פאַר די גרוילן, וואָס דראָען אומצובר‌ענגען אונדזער אייגענע צוקונפט און די צוקונפט פון אונדזערע קינדער.

דעריבער האָב איך באַשלאָסן אויפצודעקן און פּובליקירן אַ טייל פון די אויספירן וואָס זענען געווען פאַרבאָרגן אין די שטראָמען בלוט און האָפע־נונג, וואָס האָבן געהאַט פאַרפלייצט מײַן לעבן. כ'האָב געוואָלט אויפקלערן, פאַר וויפל מענטשן ס'איז נאָר מעגלעך, ווי אַזוי ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק האָט אַ שטאָלצע ציוויליזאַציע פיזיש און מאָראַליש זיך צוזאַמענגעבראָכן פאַר מײַנע אויגן — די אויגן פון אַ קינד — און האָט געלאָזן נאָך זיך בלויז גרויל, לייד און חורבן. כ'האָב געוואָלט דערציילן אַלץ און אָן קיין שום באַפּוצונג, ווי אַזוי איך האָב געלעבט, געפילט און געטראַכט; געוואָלט איבערגעבן אַלץ וואָס האָט מיך שפּעטער באַשעפטיקט, ווען איין ווירקלעכ־קייט נאָך דער אַנדערער האָט געלייגט איר שטעמפּל אויף מײַן גוף און מײַן נשמה און געמאַכט פון מיר דאָס, וואָס איך בין, וואָס איך טראַכט און פיל הײַנט, און ווי איך זע די צוקונפט.

כ'האָב געוואָלט זיך אָפּטרייסלען פון דעם עלעגאַנטן סטיל פון אַ רעדנער

אויף אַ וויכטיקן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, געוואָלט אָוועקוואַרפן דעם געלערנטן זשאַרגאָן פון אַן עקספּערט, רעפערירנדיק וועגן לעגאַלע, עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע טעמעס פון זײַן קאָמפּעטענץ, באַפּוצט מיטן וויסן און קענטעניש פון די בעסטע דענקערס אין דער וועלט.

אויב איך האָב געוואָלט, מען זאָל זיך צוהערן צו מײַן וואָרענונג, האָב איך געדאַרפט אָפּזוכן מײַן אייגענע שטים, ניט דווקא די שטים פון דעם געלערנטן פון מעלבורן, האַרוואַרד און דער סאָרבאָנע, ניט דווקא די שטים פון אינטערנאַציאָנאַלן אַדוואָקאַט, וואָס האָט פּראַקטיצירט אין די פינקלענדיקע הויפּטשטעט פון די קאָרטעלן, נאָר די שטים וואָס בענעק האָט מורא געהאַט, אַז כ׳האָב זי פאַרלוירן, ווען כ׳האָב געלאָזן נײַע וואָרצלען אין סאָציאַלע סביבות, ווו קיין זאַך איז קיין מאָל ניט גראָדליניק, ווו די געזעצן פון גוטע מאַנירן פאָדערן, אַז אַלץ זאָל ווערן געזאָגט אין פאַרשטיקטע, סטעריליזירטע טענער, ווו דער דיאַלאָג איז געוויינטלעך ווײַט פון די טיף אינערלעכע שטראָמען פון אייגעמס עמאָציאָנעלן לעבן. ווײַל אויב אַפילו די פאַרשיידענע אידענטישקייטן וואָס זענען געוואָרן אָנגעוואָרפן אויף מיר, האָבן ניט צעשפּליטערט מײַן נשמה, האָב איך זיך פון דעסטוועגן אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז איך האָב זיך צו פיל געמישט אין די קולטיווירטע וועלטן פון אויסגעאיידלטע בריטישע דזשענטעלמענער, שאַרפזיניקע פראַנצייזישע אַריסטאָקראַטן און דינאַמישע אַמעריקאַנער געשעפטסלייט און פּאָליטיקערס. כ׳האָב געלאָזט דעם „אונטערמענטש״ פון ביאַליסטאָק צו ווײַט הינטער זיך. ווען כ׳האָב געטראַכט וועגן צוריקקריגן די אינערלעכע שטים מײַנע, האָב איך זיך געחידושט: צי וועט זי זײַן ווי דאָס ריטשען פון זעכצניאָריקן אַרעסטאַנט, דערזעענדיק צום ערשטן מאָל דעם ווײַסן שטערן פון פרײַהייט? אָדער ווי דאָס ריטשען פון רוסישן מלחמה־געפאַנגענעם, וואָס האָט אָפּגעזאָגט זיך אונטערצוגעבן זײַן גורל אויף דער תליה? אָדער ווי דאָס געשריי פון קליינעם יינגל אין אָנבליק פון לאַנגן פּיצוג, וואָס האָט אין זײַן באַליידיקטער אומשולד געהאַט די העזה אויפצוהייבן זײַן פויסט צום הימל און לעסטערן גאָט?

אויב איך האָב געוואָלט מען זאָל מיך אויסהערן, האָב איך געדאַרפט נאָך טאָן דאָס וואָס בענעק האָט מיך געבעטן פאַר זײַן אַוועקגיין פון דער וועלט:

זיך פֿאַרהאַלטן, אַרײַנטראַכטן זיך, אַליין זיך איבערעקזאַמענירן, און פֿאַר־אייניקן אין מיר מײַן עבֿר און מײַן איצטיקייט. כ׳האָב געדאַרפֿט זיך אָפּשטעלן, טראַכטן און ערשט דעמאָלט איבערגעבן אונדזער געשיכטע די וואָס ווילן הערן, ווי אַ בעטלער אונטער אַ גלײַכגילטיקן הימל מיט אַן אויסגעשטרעקט טעפּעלע, בעטנדיק אַ מטבע פֿון אויפֿמערקזאַמקייט. כ׳האָב עס געדאַרפֿט דערציילן ניט זײַענדיק באַאומרויִקט וועגן דעם, וואָס עס וואָלט אַנטפּלעקט אָדער ווי עס פּאַסט זיך אַרײַן אין דער סכעמע פֿון מײַן איצטיק לעבן, האָפֿנ־דיק, אַז ווען מײַן דערציילונג וועט זײַן געענדיקט, וועט עס האָבן אַ זינען פֿאַרן לעבן פֿון די וואָס וועלן עס לייענען. האָפֿנדיק אויך, אַז עס וועט קלאָרער מאַכן פֿאַר מיר געוויסע אמתן, וועלכע כ׳האָב געדאַרפֿט טיפֿער אײַנזאַפּן, אויב דער נס פֿון מײַן איבערלעבן און פֿון מײַן אויסלייז זאָל ממשיך זײַן זיך צו צײַטיקן אין מיר.

*

ווען איך זאָג, אַז מיר בויען אַ גלאָבאַלן אוישוויץ פֿאַר דער צוקונפֿט, ווייס איך, אַז ס׳איז אַ מעטאַפֿאָר — איך האָב ניט קיין מורא פֿאַר אַן איבער־חזרונג פֿון דער מאַסן־רציחה, וואָס ס׳האָט אויסגעפֿירט היטלער קעגן די ייִדן און אַנדערע „נידעריקע" ראַסעס. כ׳זע אויך ניט פֿאַר קיין טערמאָ־נוקלעאַרן חורבן, וואָס זאָל אומפֿראַמיידלעך מאַכן אַש און פֿאַרעך פֿון אונדזער פּלאַנעט.

די בייזע גײַסטער וואָס באַאומרויִקן מיך זענען מער באַלדיקע, מער קאָנ־קרעטע. דאָס זענען דער אויסדרוק פֿון אומרו אין די שטימען פֿון מענטשן, ווען זיי רעדן וועגן דער זיכערקייט פֿון זייערע שטעלעס, וועגן אָנווער פֿון זייערע אָפּשפּאָרונגען — דעם פּרײַז פֿון זייער געזונט־פֿאַרזאָרגונג און זייערע קינדערס דערציִונג; דאָס זענען די טראַגעדיעס וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין דער טעגלעכער פּרעסע: די שחיטה אין קאַמבאָדיע, די אומרוען אין סאַלוואָ־דאָר, דער טעראָריזם אין אירלאַנד, די גוואַלד־מעשׂים אין איראַן, וועלכע צעפֿלאַקערן די פֿלאַמען פֿון איסלאַם. דאָס זענען די בכּיוונדיקע ליקווידאַציע פֿון אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ, דער אַרויף און אַראָפּ צווישן אַנטשפּאַנונג און קאַלטער מלחמה, דאָס גייִעג נאָך געווער, דער ייִאוש פֿון לויפֿנדיקע פּליטים. דאָס זענען די אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון פּאָליטיקערס פּנים־אל־פּנים

מיט אומרוען, מיטן אָנווער פון צוטרוי אין דער פעיִקייט פון דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס צו קאָנען באַהערשן די לאַגע.

ווען איך טראַכט וועגן דער אומאויפהערלעכער אָנזאַמלונג פון אומגליקן, ציטער איך צו מערסט, אַז די זעלבע בלינדקייט, דער גלײַכגילט און די אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט וועלכע האָבן דערבראַכט צום צוזאַמענבראָך פון דער וועלט פון מײַנע עלטערן, זאָלן אונדז ווידער ניט פאַרכאַפּן אויף עפּעס אַן אומגעריכטן ניט־פאָרויסגעזעענעם אופן. ווײַל די טויטלאַגערן זענען געווען ניט נאָר סימבאָלן פון אַ ברוטאַלער מלחמה, נײַערט אויך פון אַ פּאַמעלעכער קאַפּיטולאַציע פון פרײַהייט צו טיראַנײַ און אַ סימבאָל פון אַ לאַנגן יסורים־וועג וואָס איז דערנאָך געקומען.

אַלץ מער און מער בין איך פאַרפאָלגט דורך דער וויזיע וואָס האָט מיך באַהערשט, ווען כ׳האָב ווידער באַזוכט אוישוויץ קורץ נאָך דער יום־כּיפּור־מלחמה און דעם אַראַבישן נאַפט־עמבאַרגאָ, וואָס האָט מיט אַזאַ אומגעריכטער און דראַמאַטישער קראַפט דעמאָנסטרירט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אויסגעשטעלטקייט פון די דעמאָקראַטיעס.

שטייענדיק מיט איין פוס אויף יענער וועלט און מיט דער אַנדערער אויף דער, האָב איך געזען פאַר זיך רייען פון קרבנות אין פּאַסקעוואַטע שמאַטעס און הילצערנע שיך, אויסגעשטעלטע אויף אַכטונג בעת אַן אַפּעל, מיט די היטלען אַראָפּ, אויף צו ווערן טאַטויִרט, געציילט, סעלעקציאָנירט און געמאַכט „אומשעדלעך״. כ׳האָב זיי געזען ווי שׂעיר־לעזאָזלס פון יעדן דור, ווען נאָר דעמאַגאָגישע פירערס האָבן געדאַרפט אַליביס כּדי צו פאַרענטפערן זייערע דורכפאַלן, און ווען עקסטרעמיסטן און פאַנאַטיקערס האָבן דערפילט, אַז די צײַט איז רײַף פאַר טאָטאַליטאַריזם. ייִדן — אין דער ערשטער ריי, ווי שטענדיק, דערנאָך די אַנדערע — רעליגיעזע מינאָריטעטן, עטנישע גרופּעס, פּאָליטישע קעגנערס, אימיגראַנטן, מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, אינטעלעקטואַלן, אַרטיסטן, די אַלע וואָס דענקען אַנדערש, די אַלע וואָס זאָגן זיך אָפּ צו „פאָלגן דעם פירער״ מיט פאַרמאַכטע אויגן און אויטאָמאַטיש.

פאַר מיר איז די וויזיע ניט קיין פאַנטאַזיע. כ׳האָב זי געזען אין רעאַלן לעבן, אין מײַן אייגענעם עָבר. איך ווייס, אַז דאָס עקסיסטירט הײַנט אין

געוויסע פלעצער, און איך האַלט עס פאַר אַ נאַטירלעכע זאַך וואָס דאַרף קומען, ווען כאַאָס, פּחד, אומבאַהאָלפנקייט, טעראָר און צום סוף שגעון, נעמען די איבערהאַנט.

✶

די היינטצייטיקע סימפּטאָמען זענען אויף אַזוי פיל ממשותדיקער, אויף וויפל די ברענענדיקע פּראָגעס פון היינט קאָן מען ניט פאַרגלייכן מיט די פון פערציק יאָר צוריק: אויב אונדזערע פּאָליטישע פּלאַנירערס ווען זיך לאָזן פירן לויט דער פּראַקטיק פון עבר, באַגייען זיי פאַטאַלע פעלערן.

אין אייראָפּע פון די 30קער יאָרן זענען די הויפּט־סכנות געוועזן קלאָרע. אַ געניי אידענטיפיצירטער פאַרדאָרבענער שונא האָט געזוכט צו פאַרשקלאַפן די ציוויליזירטע וועלט אָדער זי אומברענגען. דאָס געפיל פון תּכלית, די מיטלען וואָס מען האָט געדאַרפט אָננעמען, כּדי זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם שונא, זענען אויך געווען קלאָרע. די ערשטע זאַך וואָס האָט זיך געפאָדערט, איז געווען — מוט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, און עס צו טאָן אין דער צייט. היינט זענען די סכנות אין גאַנצן אַנדערע — מער קאָמפּליצירטע, מער אוניווערסאַלע, מער איבערגעקליגלטע. מוט אַנטקעגן דעם „שונא" איז געוואָרן אַ מער סובטעלער עלעמענט, ווייל מיר קאָנען ניט מער דראָען צו ליקווידירן אַ פיינדלעכע וועלטמאַכט, ניט זייענדיק גלייכצייטיק אויסגעשטעלט אַליין צו ווערן ליקווידירט. מער ווי דאָס, די שונאים זענען פיל־פּאַניקע: זיי זענען אומעטום און אין ערגעץ ניט. ס'איז שווער זיי צו לאָקאַליזירן, שווער זיך קעגנצושטעלן און שווער זיי צו באַזיגן. דער אופן ווי אַזוי מיר וועלן זיך אַן עצה געבן מיט די שונאים, וועט באַשטימען, צי אונדזערע קינדער און אייניקלעך וועלן לעבן ווי פרייע מענטשן אָדער ווי שקלאַפן.

✶

פאַר דער מלחמה, ווען מיין מאַמע האָט מתפּלל געווען פאַר אונדזער אויסלייז, פלעגט זי אַ זיפץ טאָן: „גאָט בענטש אַמעריקע"; זי האָט אויס־געדריקט אַן אינסטינקטיווע איבערצייגונג, אַז אויב אַפילו אייראָפּע וועט זיך צוזאַמענברעכן, וועט זי געראַטעוועט ווערן דורך די פאַראייניקטע שטאַטן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַן איבערצייגונג מיט אַ גוטן יסוד. איך בין

איר לעבעדיקער באַוויַיז. אַמעריקע איז באמת געווען אַ מעכטיקע, ברייט־האַרציקע, גרייט און פעיִק צו צעשמעטערן די שונאים פון פריַיהייט, ווו נאָר זיי האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ. אַן ענלעכע איבערציַיגונג האָט געבראַכט אין מיַין ביוראָ, דאָ ניט לאַנג צוריק, דעם פאַרזאָרגטן אייראָפּעיִשן בירגער וואָס האָט געהאָפט, אַז איך וועל קאָנען קריגן אַ וויזע פאַר אים און זיַין משפּחה צו קומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן „אין פאַל ווען...". זינט דורות איז פאַר אַ באַדראָטער און איבערגעשראָקענער מענטשהייט אַמעריקע געווען דער סימבאָל פון דער לעצטער שיף, דער לעצטער רעטונג, דעם לעצטן מיטל.

דער הויכער געפּאַנצערטער נעגער, וואָס איז אַריבער אַן אָקעאַן און אויסגעקעמפט זיַין וועג איבער אַ האַלבן קאָנטינענט, כּדי אַריַינצושלעפּן אַ סקעלעט פון אַ יינגל אין זיַין טאַנק — צו דער געבערמוטער פון פריַיהייט, — האָט ניט מער ניט דעם ווילן און ניט די מיטלען עס ווידער צו טאָן. צוויי מאָל אין דעם יאָרהונדערט האָט אַמעריקע געשיקט איר יוגנט קיין אייראָפּע און דריַי מאָל קיין אַזיע, כּדי צו באַוואָרענען די וועלט־דעמאָקראַטיע... היַינט קאָן מען אויף אַמעריקע זיך מער ניט פאַרלאָזן, זי זאָל ראַטעווען די צעטומלטע, אויפגערעגטע וועלט, ווו אַ ברודער הרגעט אַ ברודער; אַמעריקע אַליין בלוטיקט פון אירע טיפע ווונדן.

די מעכטיקע, פאַרמעגלעכע אַמעריקע, וועמענס מענטשנמוט און ברייט־האַרציקייט האָט אויסגעזען צו זיַין אומבאַגרענעצט, וועמענס סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס האָבן געשטראַלט מיט בטחון און סטאַבילקייט איבער דער גאַנצער וועלט, איז אַליין אין אַ קלעם. זי איז באַאומרויִקט, ווי די מערהייט אַנדערע פעלקער, פון גוואַלדיקע אינערלעכע פּראָבלעמען — אינפלאַציע, אַרבעטלאָזיקייט. אַן אָפּגעשוואַכטע עקאָנאָמיע, אַ פאַלנדיקע פּראָדוקטיוויטעט, באַנקראָט און גוואַלד־מעשׂים אין אירע שטעט.

די זעלבע אַמעריקע וואָס איז געווען דער שומר פון דער גאַנצער מענטשהייט, אַ גרייטע צו העלפן אַנדערע מיט אַ מאַרשאַל־פּלאַן אין ציַיט פון שלום, מיט אַ „באַרג און דינג"־פּראָגראַם אין ציַיט פון מלחמה, מיט די בלוט פון אירע אייגענע זין כּדי צו פאַרטיידיקן די פריַיהייט פון אַנדערע; די אַמעריקע וואָס האָט מיך געראַטעוועט, מיך אַדאָפּטירט, מיך דערצויגן און מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט אָנצורירן געוויסע שפּיצן פון דער ערד;

די אַמעריקע וואָס אויב זי האָט נאָר געהאַט באַשלאָסן, האָט געקאָנט אַלץ מאַכן, אַפילו אַרויפזעצן אַ מענטש אויף דער לבנה, איז איצט אײַנגעזונקען אין אירע אייגענע ספקות.

וויפל מענטשן רופן נאָך אַלץ אין דער פינצטער: „אַמעריקע, ביסטו נאָך אַלץ דאָ? אַמעריקע, ביסטו נאָך אַלץ דאָ?" און אַמעריקע וואָס איז אַליין ניט מיט אַלעמען, וואָס קאָן ניט אויספירן אירע מאָראַלישע התחייבותן אין אויסלאַנד, לאָזט איבער אַ פאַריתומטע וועלט, אומגעשיצט און אויס־געשטעלט אויף לאַגערן און גולאַגס.

*

מיר שטייען בײַ דער שוועל פון אַ כאַאָטישער, צעטומלטער וועלט, וועלכע קיין איינציקע מאַכט קאָן מער ניט קאָנטראָלירן עקאָנאָמיש, פּאָליטיש אָדער מיליטעריש. אַ וועלט, אין וועלכער איין קריזיס קומט נאָכן צווייטן, ווי צײַטבאָמבעס. אַמעריקאַנער וועלכע האָבן קיין מאָל ניט געהאַט קיין אויסערלעכן שונא אויף זייער ערד, וועלכע האָבן קיין מאָל ניט געהאַט דורכגעמאַכט די גרוילן פון דעספּאָטיזם, פּאַר וועמען שפּאָרעוודיקייט, מאַנגל, פּאָרציעס־פאַרטיילונג, זענען באַגריפן וואָס קלינגען ווי אַפּיקורסות, האָבן קיין השגה ניט ווי אַזוי אַזאַ וועלט קאָן אויסזען. און ווי איז צו דעם פּאָליטיקער, וואָס פאַרמאַסקירט דעם אמת צוליב אַ וואַל־קאַמפּאַניע, מחמת ער קאָן גורם זײַן צו אַ קאַטאַסטראָפע, און דאָס מאָל צו אַזאַ, פון וועלכער ס'איז ניטאָ קיין רעטונג.

לויטן איצטיקן גאַנג איז די וועלט, וואָס דערוואַרט אונדז, אַזאַ, אין וועלכער פרײַהייט און ווילטאָג וועלן זײַן זעלטענע, קורץ־דויערנדיקע לוקסוסן. ס'איז אַ וועלט וואָס איז ניט גרייט אויפצונעמען דעם גוואַלדיקן צוווּקס פון דער באַפעלקערונג, אַ וועלט אין וועלכער ענערגיע, רוי־מאַטעריאַלן און שפּײַז־פּראָדוקטן וועלן ניט באַפרידיקן די שטײַגנדיקע פאָדערונג; אין וועלכע טאַטעס און זין וועלן גנבענען דאָס ברויט איינער פון צווייטנס מויל; אין וועלכער יחידים און פעלקער וועלן זיך דאַרפן ראַנגלען, כּדי ניט צו ווערן „מוזלמענער", באַשטימטע צו ווערן קלאַסיפיצירט דורך די קאַלטע און אומפערסאָנעלע קריטעריעס פון עקאָנאָמישער סעלעקציע; אַ וועלט, אין וועלכע די ווייניק געבליבענע דעמאָקראַטישע מדינות וועלן זײַן קינדער

אָן מאָמעס; אין וועלכער קאָנווענציאָנעלע פּאָליטיקערס וועלן פּנים־אל־פּנים מיט איבערוועגנדיקע פּראָבלעמען אויסזען ווי ייִנגלעך אין ניט קיין פּאַסיקע לאַנגע הויזן; אין וועלכער די באַשעפטיקסטע אינדוסטריעס וועלן זײַן די וואָס פּראָדוצירן שטעכלדראָט; אין וועלכער די פּרײַנדשאַפט פון אַ בענעק אָדער אַ ניקאָ, פון אַן אַלײַזרטן, קליין צי גרויס, וואָס טיילט זיך מיט די זעלבע ווערטן און אינטערעסן, וועט זײַן אַן אומפאַרבײַטלעכער מקור פון קראַפט.

איך קען אַזאַ סאָרט וועלט און איך האַלט, אַז איך ווייס וואָס איז נייטיק, כּדי זיך אויסצולייזן פון איר. כ׳בין געשטאַנען פאַר אירע צעעפנטע טירן און געלערנט — קיין מאָל ניט צו פאַרגעסן, אַז כּל־זמן מיר זענען נאָך ניט אַרײַן אין גאַזקאַמער, האָט נאָך דער מענטשלעכער גײַסט אַן אויסקוק ווידער צו געפינען אַ ווערדיקע צוקונפט פאַר פרײַע מענטשן.

דער אָנשטרענג מוז זיך לכתחילה אָנהייבן מיט אַ באַשלוס אויפצוּוועקן דעם אינסטינקטיוון, לײַדנשאַפטלעכן, חיִישן ווילן איבערצולעבן — דער ווילן וואָס איז שטענדיק געווען פונדאַמענטאַל פאַרן לעבן, אָבער וועלכן אונדזערע עליטיסטישע, צוועקלאָזיקע און שיִצנדיקע געזעלשאַפטן, האָבן כּמעט פאַרלוירן אין דעם פאַרהעלטנישמעסיק קורצן פעריאָד פון זייער אויפשטײַג.

דער דאָזיקער אָנשטרענג מוז זיך אָנהייבן מיט אַן אַנטשלאָסנקייט צו באַזײַטיקן אַלע שטאַמפּן, אַלע געוווינהייטן, פּאַסיקע פאַר אַנדערע צײַטן און וואָס אַצינד האָמעווען זיי אונדזערע באַוועגונגען; ער קאָן זיך נאָר אָנהייבן, ווען מיר אַנטוויקלען נײַע מוסקלען צו באַפרײַען די כּוחות פון אײַנפאַלערישקייט און שאַפערישקייט — דער נייטיקער אַדרענאַלין פאַר אונדזער קיום, פּונקט ווי מײַנע חברים און איך, צוגעדריקטע צו דער וואַנט, האָבן געמוזט אַנטוויקלען נײַע מוסקלען פון געדאַנק, פון דער פּסיכיק, פון דער נערוון־סיסטעם, בכדי צו אַנטדעקן די קענטעניש פון איבערלעבן אין יעדן פּיבער פון אונדזער גוף און נשמה, יעדן טאָג און יעדע נאַכט.

דאָס געראַנגל פאַרן קיום קאָן ניט ווערן אָנגעטרויט צו דעם אָדער יענעם, פון דער השגחה געבענטשטן פירער. דאָס געראַנגל קאָן פּונקט אַזוי ניט ווערן איבערגעלאָזן צו אַ פּאָליטישער פּלאַטפאָרמע, אָדער אַן עקאָנאָמישער פּראָגראַם, אָדער אַ דיפּלאָמאַטישער דאָקטרין, ווי צום וואַרטן אויף אַ נס; דאָס איז דער וועג צו קנעכטשאַפט.

דאָס געראַנגל פאַרן קיום און פרײַהייט מוז ווערן אָנגעהויבן אין זיך אַליין. אַ טאָטאַלער אָנשטרענגנ איז נייטיק, כּדי יעדע צעל, יעדער אָרגאַניזם זאָל אַרבעטן שאַפעריש, מיט דער פולער קראַפט אין יעדן הויז, יעדן דאָרף, יעדער שטאָט, יעדער געגנט בכדי דער קערפּער פון אַ פאָלק זאָל פונקציאָנירן פאַר אַ בשותּפותדיקן ציל.

ס'איז נייטיק אַ מענטאַליטעט, אין וועלכער די רעגירונג ווערט ניט באַטראַכט ווי אַ גוטמוטיקער מלאך, אָדער ווי אַ באַוואָפנטער וועכטער פון דער אַנדערער זײַט שטעכלדראָט. ס'איז נייטיק אַ פעיִקייט צו פאַרשטיין די טראַגישע, היפּאָקריטישע און די ניט־פאָרויסגעזעענע דימענסיעס פון דער געשיכטע, צו באַנעמען און באַלד צו רעאַגירן אויף די ערשטע דערשײַנונגען פון דער טויט־סכּנה, ווי מאַסקירט זיי זאָלן ניט זײַן, איידער מען דערשפּירט דעם שוועבל־ריח פון די אויפרײַסנדיקע באָמבעס אָדער דעם געשטאַנק פון ברענענדיקן פלייש.

ס'איז נייטיק אַ שטעלונג, אין וועלכער דער מוח ווייסט וואָס ער וויל, בכדי ער זאָל זיך ניט וואַקלען צווישן פּאַסיווקייט און איבערגעטריבענער רעאַקציע, אין וועלכער יעדער גראַם ענערגיע איז אײַנגעהיט און ניט פאַרתּכלעוועט. ס'איז נייטיק אַ פעיִקייט צו זײַן קריטיש צו אייגענע שוואַכקייטן און אַ ווידערשטאַנדהאַפטיקייט צו זאָרגלאָזיקייט און פּאַניק; ס'איז נייטיק אַ צופּאַסונג־פעיִקייט, אין וועלכער מען איז גרייט צו אַרבעטן ווי אַ קנאָפּלאָך־מאַכער און אַ געלערנטער, צו פאַרקויפן ערשטקלאַסיקע טעכנאָלאָגיעס און אויסבײַטן געניצטע קאָווע; ס'איז נייטיק אַ צושטאַנד, אין וועלכן יעדער איינער איז וויליק זיך צו לערנען כאַפּן פיש פאַר זיך אַליין.

ס'פאָדערט זיך אַ גרייטקייט צו מאָביליזירן, בײַ יעדן טראָט, די לעבנס־וויכטיקע עלאַסטישע שטאַנדהאַפטיקייט אין לעבן און קעגנשטעלן זיך דעם שׂונא, וואָס דראָט פון אויסנווייניק און דעם פאַרבאָרגענעם שׂונא, — די קראַנקייט וואָס צעפרעסט דײַן קערפּער פון אינעווייניק. מען דאַרף זײַן אימון צו קאָנען זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני און קראַצן דעם דיל מיט די נעגל, בכדי זיך אַרויסצודרייען פון די דעספּאָטן, וועלכע ווילן דיך אָוועקפירן צו אומקום. ס'פאָדערט זיך אַ מדרגה פון סאָציאַלער האַרמאָניע אויף צו פאַר־זיכערן, אַז דאָס נישטיקע שטיקל גרויע ברויט וועט יושרדיק פאַרטיילט ווערן.

דער צוריקקער צו אַ וועלט פון סטאַביליטעט און זיכערקייט מוז זיך אָנהייבן בײַ די סאַמע וואָרצלען, מיט אַ צוטרוי צום אינטעלעקט פון מענטש אַנשטאָט צו די דאָגמעס פון אַ פּאַרטיי, אַ קלויסטער אָדער אַ מדינה; געזעצן, באַשטימטע דורך אַן אויטאָריטעט וואָס קאָן כּלומרשט קיין טעות ניט מאַכן, ווערן אָפּגעווישט בײַ דער ערשטער אויפטרייסלונג פון ברוטאַליטעט.

מיר מוזן אָנהייבן מיט אײַנשטעלן אַ נײַעם מין באַציִונג צווישן דורות, באַזירט אויפן שׂכל־הישר און דרך־ארץ, און ניט אויף היעראַרכיע; אויף אַ רעאַליסטישער, ניט־סענטימענטאַלער אָפּשאַצונג פון זיך בײַטנדיקע, פאַר־בײַגייענדיקע צײַטן, און ניט דעם נאַיִוון ווונטש צוצוגרייטן אַ פּאַרטיקע עקסיסטענץ פאַר אונדזערע קינדער; אַ באַציִונג, באַזירט אויף דער הנחה, אַז מען קאָן אָנגעטרויען די יונגע די אַחריות צו באַשטימען, בײַ וועלכע געירשנטע ווערטן זיך צו האַלטן און וועלכע אָפּצוואַרפן, וועלכע פּענער סאַלוטירן, וועמען האַלטן פאַר אַ קעגנער און וועמען — פאַר אַ פרײַנד. בקיצור — אַ באַציִונג, באַזירט אויפן צוטרוי צו יונגע מענטשן, ווען ס׳קומט זייער צײַט צו לעבן און שאַפן, ווי ס׳האָבן זייערע עלטערן געהאַט צו זיך, ווען זייער צײַט איז געווען צו צעשטערן און שטאַרבן אויף די רומפולע פעלדער פון דער געשיכטע. מחמת אַ געזעלשאַפט וואָס באַווײַזט ניט צוצופּאַסן די לײַדנשאַפטן און דעם ענטוזיאַזם פון איר יוגנט מיט דעם נסיון און דער אַחריות פון אירע החלטה־פורעמערס, איז אַ געזעלשאַפט וואָס מוז אונטערגיין.



איידער די סאָוועטן און די נאַציס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין מײַן היימ־שטאָט, בין איך געווען אַ יִינגל ווי אַלע אַנדערע אין דער שול. כ׳האָב געלערנט די זעלבע לימודים און געשפּילט זיך אין די זעלבע שפּילן. ווען דער קאַטאַקליזם וואָס האָט געענדערט דעם גאַנג פון דער געשיכטע און דעפאָרמירט מײַן אייגענעם גורל, וואָלט געוואָרן אויסגעמיטן, וואָלט איך הײַנט, כּמעט אויף געוויס, געפירט אַ נאָרמאַל לעבן צווישן מײַן אייגן פאָלק און אין אַ וועלט, וועלכע יצחק באַשעוויס־זינגער האָט אַזוי בולט געשילדערט און וועלכע היטלער און סטאַלין האָבן אַזוי גרונטיק צעשטערט.

אין אַ געוויסער מאָס האָב איך געהאַט מזל, וואָס מיר איז אויסגעקומען

אַזוי יונג צו פירן מײַן דועל מיטן גורל. דאָס האָט מיך געצווונגען צו אַנטוויק־לען אַזעלכע פיזישע און גײַסטיקע אייגנשאַפטן, וואָס האָבן מיך געשטויסן אויסצוניצן אין דער פולסטער מאָס מײַנע אברים, מײַנע לונגען, מײַנע נערוון, מײַן מוח; צו מאַכן מײַנע אייגענע דעציזיעס, אָננעמען מײַנע אייגענע באַ־שלוסן. גאָרנישט ניט לאָזן פאַרן צופאַל; געפינען אין זיך די רעסורסן, וועגן וועלכע איך וואָלט קיין מאָל ניט געחלומט, אַז כ׳פאַרמאָג זיי.

איינע פון די איבעראַשנדיקסטע לעקציעס, באַקומענע פונעם דזשונגל וואָס האָט אויף מיר געוואָרט בײַם סוף פון מײַן נסיעה אין דעם בהמות־וואַגאָן, וואָס האָט מיך אַרויסגעריסן פון מײַן היים, איז דאָס, אַז דער מענטש איז געבענטשט מיט אַ וווּנדערלעכער, אומענדלעכער פעיִקייט צו לײַדן, צו דערפינדן און זוכן אַ ישועה אַפילו אין די סאַמע ערגסטע באַדינגונגען, אויב נאָר ער באַהערשט זײַן ווילן. הונגער, וויטיק און שרעק האָבן קיין מאָל אין מיר ניט אויפגעטרייסלט דעם דאָזיקן גלויבן.

אַלץ וואָס כ׳האָב אויפגעקליבן פון דעם שמעלצאויוון פון רעאַלן לעבן, אַלץ וואָס איך ווייס וועגן דעם אומברענג פון פעלקער און דעם נצחון פון מענטש, לערנט מיך, אַז כּל־זמן עס פולסירט אין אונדז אַ האָפענונג, אַזוי ווי בלוט, איז אַן אויסלייז מעגלעך, ווי דער עצם איבערלעבן — פאַר אַ געזעלשאַפט, פאַר אַ פאָלק, פאַר אַ יחיד, אַפילו פאַר אַ קינד אַן עלטערן, אַן מיטלען, אַן דערציִונג, אַן געזונט, אַפילו אין באַדינגונגען וואָס פלעפן דעם מוח.

די שוואַכע פונקען פונעם לעבן, וועלכן דאָס קינד האָט באַוויזן אויפ־צוהאַלטן אין די גיהנומס פון דעם באַרבאַרישן יאָרהונדערט, האָבן זיך צעפלאַקערט אין אַ פלאַם, וואָס קאָן מער ניט אויסגעלאָשן ווערן. נײַע און גליקלעכע לעבנס זענען אַצינד פאַרזאַמלט אַרום דעם פלאַם און לעבן פאַר מיר אויף יעדן טאָג מײַנע טײַערסטע, וואָס זענען מיט מיר געשטאַנען אַרום דעם פײַער, וועלכן מײַן טאַטע האָט פונאַנדערגעפירט אין אונדזער משפּחה־היים צום לעצטן מאָל — אינעם אַזוי ווײַטן און דאָך נאָענטן עבר.

# אינהאַלט